Altnayland

# אַלְטְנַיילַאנְד

## ראמאן

פון טהעאדאר הערצל.

אויב איהר ווילט
איז דאס ניט קיין בבא מעשה.

איבערזעצט פון ד"ר אים. על.


היברו פאבלישינג קאמפאני.

50-52 עלדרידזש סט., ניו־יארק.

# אײנלײטונג

## פון דר. שמריהו לעװין.

---

דאָס װעט בלײבען אַן אײביגער סוד, מען װעט קײנמאָהל ניט װיסען, אין װאָס בעשטעהט די קראַפט פון דעם העלד. אומזיסט װעט מען זיך בעמי-הען צו אַנאַליזירען זײנע אײנצעלנע אײגענשאַפטען און מעלות און צו ער-קלעהרען דורך זײ די אַנציהונגס־קראַפט, װאָס דער העלד האָט בעזעסען. ניט די אײנצעלנע מעלות אױך ניט זײער סך־הכל פעראורזאַכען די גרױסע השפעה, װאָס דער העלד האָט אױף זײן סביבה. זײן גבורה בעשטעהט אין דער קאָמבי-נאַציאָן פון די אײגענשאַפטען, אין זײער צוזאַמענזעצונג, אין זײער האַר-מאָנישער געשטאַלטונג. און דאָס קען מען נאָר אונמיטעלבאַר פיהלען, מען קען דאָס ניט ערקלעהרען.

דער קױלענשטאָף איז צושטרױט אין דער נאַטור אין פערשיעדענע פאָר-מען, אין פערשיעדענע פערבינדונגען. דורך כחות, װעלכע זײנען נאָך פאַר אונז א געהײמנים, קאָנצענטרירט זיך אָפטמאָהל דער קאָהלענשטאָף טיעף פערבאָרגען אונטער דער ערד, ער פערדיכטעט זיך, קריסטאַליזירט זיך און װערט אַ דימאַנט. דאָס גאָלד איז צושטרױט אין פערשיעדענע ערטער. אָפט-מאָהל װי פײנע דינע אָדערען אין אַנדערע מינעראַלען, אָפטמאָהל װי אַ פײנע שטױב װאָס בעדעקט די אונצעהליגע מיליאָרדען פון זאַנד-קערענדליך. עס טרעפט אָבער, אַז די נאַטור אַלײן מאַכט די ארבײט פון גאָלדזוכער און בע-שענקט אונז מיט אַ פאַרטיגען שטיק גאָלד. די נאַטור װיל אונז װײזען, װי מען קען אױסנוצען איהרע רײכטהימער.

פונקען פון גבורה, שפּליטער פון העלדענטהום זײנען צוזעעט אי-בער די גאַנצע מענשליכע געזעלשאַפט. דורך אַ פּראָצעס װעלכען מיר קענען ניט, קאָנצענטרירען זיך אָפטמאָהל די צושטרױטע פונקען אין אײן פונקט, און דיעזער פונקט, װערט אַ ברען־פונקט פאַר אַ גאַנצע סביבה, פאַר אַ

גאנצע תקופה. דער העלד קען דעריבער ניט בעטראכט ווערען ווי א רשות־היחיד. ווארום ער האט די יניקה פון רשות־הרבים. ער איז דער פּרט, וואס האט אין זיך איינגעזויגען דעם כלל, ער ברויכט זיך ניט אנצושטרענגען, כדי צו לעבען פאר דעם כלל, ער איז דער כלל, ער טראגט איהם אין זיך, ער פיהלט איהם, ער איז זיין אטהעם, ער איז זיין דופק.

די צוויי פערשיעדנע ריכטונגען אין דער אויפפאסונג פון דער געשיכטע: וועד שפּיעלט אין איהר די הויפּט־ראליע, די מאסע, די דורכשניטס־מאסע אדער דער העלד דער „וואס איז פון זיין אקסלען און אויבען העכער פאר דאס גאנצע פאלק" — איך גלויב אז די גאנצע פּלוגתא בערוהט אויף א טעות. די געשיכטע האט ניט קיין צוויי בעזונדערע לייטער. דער העלד איז מעהר ניט ווי דער שליח צבור פון דער מאסע. דער חזן זאגט די ברכה און דער קהל ענטפערט אמן. ווייל דער קהל האט איהם דאך אליין געשיקט.

אדער מען קען דעם העלד פערגלייכען מיט דעם „זוכה בגורל". אויף איין חלק פאלט אוים דער גרויסער געווינס. אבער דער גרויסער געווינס איז דאך נאר מעגליך ווען טויזענדער טראגען צוזאמען זייערע פּרוטות. אהן די פּרוטות איז ניטא קיין געווינס, ניטא קיין זוכה בגורל.

אויף דעם גבור פון „אלט ניילאנד" דעם אונפערגעסליכען טהעאדאר הערצל, קען מען ניט פערשטעהען אלס איינצעל־ערשיינונג, מען קען איהם ניט ארויסרייסען פון דעם גאנצען צוזאמענהאנג פון דעם אידישען לעבען אין דער לעצטער תקופה און בעטראכטען איהם גאנץ זעלבסטשטענדיג. די צו־שטרויטע פונקען פון דעם פאלקס־ווילען צו פרייהייט האבען זיך אין איהם קאנצענטרירט, א פאלקס־דראנג האט איהם געצוואונגען ער זאל ווערען א העלד.

ער איז געוועזען איינער פון די גליקליכע, פון די אויסערוועהלטע. ער האט בעזעסען אלע מעלות וואס א מענש דארף האבען, כדי זוכה צו זיין, אז די שכינה זאל קענען אויף איהם רוהען. ער איז געוועזען שעהן, קלוג, געבילדעט און פארנעהם, און וואו ער האט זיך נאר בעוויזען האט ער גע־בראכט מיט זיך די יום־טוב'דיגע שטימונג.

הערצל איז א פּראדוקט פון דעם אידישען פאלקס־ווילען, און דעריבער האט ער געשאפען דאס גרעסטע ווערק, אין וועלכער דער אמת'ער אונגעפעלש־

טער אידישער פאָלקס־װילען האָט געפונען זײן העכסטען אױסדרוק: ער האָט געשאַפען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן און דעם ציוניסטישען קאָנגרעס.

מיר װילען ניט פערקלענערען די פערדינסטען פון די גבורים, װעלכע האָבען נאָך פאַר הערצל אױפגעהױבען הויך די אידישע נאַציאָנאַלע פאָהן, אָבער מיר מוזען מודה זײן, אז הערצל איז געװען דער ערסטער, װעמען עס האָט זיך אײנגעגעבען צו שאַפען די ציוניסטישע װ ע ל ט־אָרגאַניזאַציאָן און געבען איהר א פעסטע פערפאַסונג.

און די פון הערצל געשאַפענע אָרגאַניזאַציאָן האָט בעװיזען אײנפאַך װאונדער. מען מוז נאָר פערגלײכען די אידישע יוגענד אין די מערב־לענדער מיט צװאַנציג יאָהר צוריק און הײנט. דאָס אידישע לעבען האָט בעקומען א נײעם שװאונג, עס האָבען זיך געמעלדעט נײע כחות, פון װעלכע מען האָט נאָך מיט צװאַנציג יאָהר צוריק ניט גע׳חלומ׳ט.

צו פריה איז דער שעפפער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן אָב־געריסען געװאָרען פון זײן װערק, אָבער װי אַלע גרױסע העלדען לעבט ער אין זײן װערק.

און זײן װערק איז פעסט, און זײן װערק װעט אױסהאַלטען יעדען שטורם, װאָרום אין איהם איז קאָנצענטרירט דער װילען פון אונצעהליגע דורות.

ניו־יאָרק, חנוכה, תרע״ה.

# I.

דאָקטאָר פריעדריך לעװענבערג איז געזעסען שטארק אומעטיג ביי'ן רונדען מארמאָרטיש פון א קאפעהויז. דאָס איז געװען א אלט, בעקװעם קאפעהויז אויף דעם אָלזערגרונד אין װיען. ער איז שוין זייט יאָהרען א שטענדיגער גאסט אין איהם, שוין אלס סטודענט פלעגט ער דאָרט אהין צו געהען. אלע טאָג א זייגער פינף נאָכמיטאג פלעגט ער זיך פינקטליך װיא א טרייער בעאמטער בעװייזען אין אריינגאנג פון קאפעהויז. דער בלאססער קראנקער קעלנער בעגריסט איהם דענס־מאָלט. לעװענבערג פערנייגט זיך מיט א קאלטער פריינדליכקייט פאר דיא בלאסע קאסירערין, מיט װעלכער ער האָט קיינמאָל ניט אויסגערעדט א װארט. ער זעצט זיך ביי'ן רונדען לעזע־טיש, טרינקט זיין שעלכען קאפע און לעזט דורך אלע צייטונגען, װאָס דער קעלנער טראָגט איהם צו מיט גרויס הכנעה. און, אז ער װערט פארטיג מיט דיא טאגעס־צייטונגען, מיט דיא װאָכען בלעטער, װיץ־בלעטער און דיא פאך־צייטונגען, װאָס דויערט ניט װייניגער װיא א שעה אָנ־דער־האלבען,—לאָזט ער זיך אריין אין א שמועס מיט א אלטען בעקאנטען, אָדער ער חלום'ט מיט אָפענע אויגען א איינזאמען חלום.

אין די פריהערדיגע צייטען, א מאָל, פלעגען זיך די חלומות אויסגיסען אין װערטער; היינט זיינען זיי שוין ריינע חלומות געװאָרען. דען דיא צוויי גוטע פריינד זיינע, װעלכע האָבען יאהרען לאנג אזוי מחיה'דיג זיס צובטל'ט מיט איהם דיא אָבענדען אין קאפעהויז, זיינען מיט א פאָר מאָנאטען צוריק געשטאָרבען.ביידע זיינען זיי געװען עלטער פאר איהם. עס איז טאקי אָנגעקומען דיא רייד פון איינעם פון זיי, היינריך, װעלכער האָט איהם געשריעבען אין דעם געזעגען־בריף, איידער ער האָט זיך א קול אין קאָפּ געשאָסען: װער עס האָט נאָר א ידיעה אין צייטרעכנונג האָט געמעגט פערשטעהן, אז מיר האָבען פריהער װיא דוא געמוזט פערצװייפעלט װערען. דער אנדערער חבר, אָסװאלד, איז קיין בראזיליען געגאנ־גען, װאוער האָט זיך מתעסק געװען צו גרינדען א קאָלאָניע פאר יודען; דאָס געלע פיבער האָט איהם געחאפּט און ער איז געבליעבען אין בראזיליען אויף אייביג.

דעריבער איז עס געקומען דערצו, דאָס פריעדריך לעװענבערג איז זייט איי־ניגע מאָנאטען געבליעבען איינער אליין ביי'ן אלטען טיש, און װען ער פלעגט

פארטיג ווערען מיט דיא הויפענס צייטונגען, חלומ'ט ער וויא אין א לייכטען דרעמיל, און זוכט זיך ניט אריינצולאָזען אין א שמועס מיט בעקאנטע און קאפע־געסט. ער איז שוין מיעד געוואָרען נייע בעקאנטשאפטען צו מאכען, אקוראט וויא ער וואָלט ניט געווען 23 יאהר אלט, נאָר א זקן, וועלכער האָט זיך שוין ניט איינ־מאָל געמוזט אָבגעזעגענען פון אלטע ליעבע פריינד. אָט זיצט ער און קוקט מיט פערגליווערטע אויגען אויף דעם דינעם רויך וואָס לעגט זיך וויא א שלייער אין דיא ווייטע ווינקלען פון קאפעהויז. ארום ביליארד־טיש זיינען געשטאנען יונגע לייט מיט לאנגע שטעקענס מוכן ומזומן צו מאכען א גאנג, צו שטויסען איינע פון דיא ווייסע קוילען אויף'ן גרינעם טוך. אלע האָבען זייא געהאט א פרייליכען פנים, האָטש זייער מצב איז ניט געווען בעסער פאר זיין אייגענעם. דאָס זיינען געווען יונגע דאָקטוירים, אדוואָקאטען, אָקאָרסט פון נאָדעל ארויס, גענענדיגטע טעכניקער. דיא אוניווערזיטעט האָבען זיי גענענדיגט, אָבער עס איז ניט געווען א שטאָך ארבייט. דאָס רוב פון זיי איז בעשטאנען פון יודען, און בשעת מען פלעגט ניט שפיעלען אין ביליארד אָדער אין קאָרטען, פלעגט מען זיך בעקלאָגען אויף דיא שווערע צייט, אז מען קען זיך צו קיין זאך ניט דערשלאָגען. דערווייל פער־טרייבט מען די „בייזע צייט" מיט קאָרטענשפיל און ביליארד־פארטייען. לעווענ־בערג בעדויערט זייא און איז א ביסעל מקנא דיא פוסטקייט פון דיא יונגע לייט.

דאָס זיינען, אָפען גערעדט, א נייער מין קבצנים, וואָס זיינען געפאלען אלס קרבן צוליעב דיא אנזיכטען אין יודענטהום מיט א יאהר 20—30 צוריק. דענ־מאָלסט האָבען דיא עלטערן געלעבט אין א ביטערען טעות,, אז דיא קינדער מו־זען זיך נעהמען צו נייע פאכער, צו נייע בעשעפטיגונגען. נור ניט מאכען פון זיי קיין סוחרים ! און דעם יונגען דור האָט מען קופעסווייז געשטופט אין דיא אוני־ווערזיטעטען, פון וואנען עס נעהמען זיך דאָקטוירים, יוריסטען, און העכערע בע־אמטע. דער סוף איז געווען, דאָס אויף'ן לעבענס־מארק האָבען זיך בעוויזען צו פיעל „דיפלאָמירטע", עס איז שווער געוואָרען צו קריעגען עפעס א בעשעפטי־גונג. פון איינפאכען לעבען האָט מען דיא קינדער אָבגעוואָהנט. דיא שטעלען וועלכע עס פלעגען זיך נאָך געפינען פאר זייערע קריסטליכע קאָלעגען האָט מען פאר זייא פערשפארט, און זיי זיינען געלעגען אויף'ן מארק. מען קען זאָגען וויא א איבערפליסיגע סחורה, וואָס קיינער נעהמט דאָס ניט אין דער האנד. דערביי האָבען זיי געקראָגען דיא גאוה פון גענענדיגטע, דיא חיובים פון מענשען וואָס זיינען געוואָהנט צו א בלאנק־ווייסען קראגען און צו לאקירטע שיך און וואָס טראָגען אויף זיך עטליכע וואָלוועלע טיטלען. א סך פון זיי קוקען ארויס מיט דיא

אױיגען אױף „א כלה מיט א גרױסען נדן“, האָפען צו װערען א עבד כנעני בײ א רײכען שװעהר, װאָס גיט אױף חיונה. א אנדער טהײל װארפט זיך אױף קדוש השם אױף אלערלײא פערדעכטיגע עסקים, פיהרען א מיאוסע קאָנקורענציע מיט זײערע קאָלעגען פון געבילדעטען פאך. און מען האָט דערלעבט צו זעהן א משונה'דיג בילד, דאָס מענשען, װאָס װילען ניט זײן קײן סוחרים, װערען הענדלער מיט'ן דאָקטאָר־דיפּלאָם און בוזעם־קעשענע. מאכען געשעפטען מיט געהײמע קראנקהײטען, אָדער ארבײטען אָב צוליעב רוח מיאוסע אדװאָקאטסקע שטיקלעך. אנדערע װײטער װערען פאר נױט צײטונגס-שרײבער און מאכען שאכער מאכער מיט כלל־אינטערעסען, און א פיערטער טהײל טאנצט ארום אױף פּאָליטישע אסיפות, פאָלקס־מיטינגען, שנאָרט ארום מיט אָפּגעדראָשענע קלינגענדע פראזען, אום בעקאנטער צו װערען בײ א געװיסער פּאָליטישער פּארטײ, פון װעלכער ער װעט אפשר אמאָל קענען נוצען האָבען.

לעװענבערג האָט ניט געװאָלט געהען אין דיא װעגען װעלכע עס האָבען אױסגעקליבען דאָס רוב פון זײנע אוניװערזיטעטס־חברים.

— „דוא טױגסט ניט פאר'ן פּראקטישען לעבען“, האָט איהם אמאָל אָסװאלד, זײן אונגליקליכער פרײנד, מיט א בײזער געזאָגט — „דען צופיעל זאכען עקלען דיר אָב, א מענש מוז קענען א סך ארונטער שלינגען, װיא למשל, א הײפעלע אונגעציפער, א בערגעלע מיסט וכדומה. אָבער דוא, ביסט מיר צו אײדעל, דוא ביזט א אײזעל א מפונק. געה שױן גלײכער אין א קלױסטער. דאָס דוא ביסט א אָרנטליכער מענש, דאָס װעט דיר קײן מענש ניט גלױבען, װײל דו ביסט פּאָרט א יוד. װאָס װעט זײן דײן סוף ? דו װעסט דײנע פּאָר גראָשען ירושה פרײער אױפעסען אײדער דו װעסט אָנזעהן פאר א פּעהם פּראקטיקע, און דאמאָלס װעסט דו זיך מוזען פּערנעהמען דערמיט פון װאָס עס עקעלט דיר אָב, אָדער דו װעסט זיך אױפהענגען. איך ראטה דיר װיא א גוטער ברודער, קױף דיר א שטריקעל כל זמן דו האָסט נאָך א גילדען אין קעשענע. אױף מיר זאָלסט דו ניט האָפּען, דען ערשטענס, װעט שױן דאמאָלס מײנע בײנער דאָ ניט זײן און צװײטענס, ביסט דו פּאָרט מײנער א נאָהענטער פרײנד“.

אָסװאלד האָט איהם צוגערעדט צו געהן מיט איהם קײן בראזיליען, פריערדיך לעװענבערג אָבער האָט זיך ניט געקענט ענטשליסען. דעם בעהאלטענעם טעם אָבער האָט ער ניט אױסגעזאָגט דעם פרײנד, װעלכער האָט געפונען דעם טױדט אין א פרעמדער װעלט.

דער טעם זײנער האָט אױסגעזעהן גאָלר־בלאָנד, געקענט משוגע מאכען לע־

ווענבערג'ס הארץ. דאָס איז געווען א זיס ליעב־הארציג קינד. ער האָט קיינמאל ניט געהאט דיא מוטה צורעדען פאר זיינע פריינד וועגען פריילין ע ר נ ע־ ס ט י נ ע ן. ער האָט פּחד געהאט, אז זיי וועלען איהם אויסלאכען, אויסשפּעטען און בעפלעקען מיט זייערע וויצלעך זיין צארט געפיהל. איצט אָבער זיינען דיא צוויי ליעבע, טרייע חברים שוין ניטאָ, און ווען ער זאָל אפילו וועלען — האָט ער זיך ניט מיט ווען א עצה צו האלטען, פאר ווען דאָס פערקלעמטע הארץ אויסצוגיסען. אָי, וויא שווער און לאנגזאם געהט דאָס צו! ער בעמיהט זיך פאָר־צושטעלען, וויא וואָלט דאָס אויסגעקומען, ווען דיא חברים זיינע וואָלטען נאָך געלעבט. געזעסען דאָ מיט איהם איצט אויף דיא אמאָליגע פלעצער ביי'ן רונדען לעזע-טיש. ער מאכט האלב צו דיא אויגען און שטעלט זיך פאָר וויא אין חלום א געשפּרעך:

„ליעבע פריינד, איך בין פערליעבט, — ניין, איך ליעב...“

„אָרימער ברודער נעבעך!“ וואָלט היינריך געזאָגט.

אָסוואלד אָבער: „אזא נארישקייט מעג מען שוין אויף דיר גלויבען, ליעבער פריעדריך“.

„עס איז נאָך ערגער וויא א נארישקייט, עס איז א פּארטיגער שגעון, דען הערר לעפלער, איהר פאָטער, וועט אויסשיסען מיט א געלעכטער ווען איך זאָל קומען בעטען ערנעסטינעס האנד. ארום און ארום בין איך נאָר א געהילפס־אד־וואָקאט מיט 40 גולדען א חודש געהאלט. אין דיא לעצטע מאָנאטען בין איך גאָר געוואָרען א יורד. דיא עטליכע הונדערט גולדען, וואָס איז מיר נאָך געבליעבען פון דער ירושה, זיינען שוין כמעט פערצעהרט. איך ווייס אליין, אז עס איז גע־ווען א משוגעת אויסצובריינגען דעם לעצטען העלער. אָבער עס האָט מיך געצוי־גען צו איהר, איך האָב געוואָלט זעהען איהר ליעבעס געזיכט, איך האָב געוואָלט איהר זיסע שטימע הערען, האָב איך געמוזט זומער פאָהרען אין דעם קור־אָרט, וואו זיא איז געווען. היינט דאָס טהעאטער, דיא קאָנצערטען. איך האָב אויך גע־מוזט איבריגע געלד אויסגעבען אויף קליידער, כּדי צו קענען בעזוכען דיא גע־זעלשאפט, וואוהין זיא קומט. און איצט בין איך אָרעם וויא טיטוס, ליעב זיא נאָך מיט דעם פריהעריגען פייער. וואָס זאָג איך, נאָך הייסער וויא פריהער“.

„און וואָס רעכענסט דוא צו מאָהן?“ וואָלט היינריך פרעגען.

„איך רעכען איהר צו זאָגען, אז איך ליעב זיא און איך וועל זיא בעטען צו ווארטען אויף מיר עטליכע יאהר, ביז איך וועל זיין אימשטאנד צו ערנעהרען א פאמיליע“.

דארויף הערט ער אין חלום אָסוואלד'ס איראָנישען געלעכטער: „גערעכט, ווארטען! ערנעסטינע לעפלער איז ניט אזוי נאריש צו ווארטען אויף א הונגער-לײדער, ביז עס וועט פערבליהען איהרע יוגענד. הא־הא־הא!"

מען האָט טאקי אין דער אמת'ן געלאכט נעבען לעווענבערג'ס טיש, און ער האָט דערשראָקען און פערוואונדערט אויפגעעפענט דיא אויגען. הערר שיפּמאַן, א יונגער מאן אין א באנק, מיט וועלכען פריעדריך איז בעקאנט געוואָרען אין לעפּ-לער'ס הויז, איז געשטאנען פאר איהם און האָט פון פולען הארצען געלאכט.

„איהר האָט זיך געמוזט נעכטען זעהר שפּעט לעגען, הערר דאָקטאָר, ווייל איהר האפּט שוין אזוי פריה א דרעמעל!".

„עס האָט זיך אייך אויסגעדוכט", ענטפערט פריעדריך א ביסעל פערשעמט.

„היינט אָבער וועט עס לאנג דויערען. איהר געהט דאָך צו דיא לעפלער'ס?".

הערר שיפּמאַן האָט זיך ברייטליך צוגעזעצט בײ'ן לעזע־טיש.

ביי פריעדריך'ן אין דיא אויגען האָט דער יונגער מאן ניט געהאט אזא חן, פון דעסטוועגען האָט ער פערטראָגען דיא בעקאנטשאפט, ווייל ער האָט געקענט מיט איהם אמאָל רעדען פון ערנעסטינען און אָפטמאָלס פלעגט ער דערגעהן דורך איהם, וואָס פאר א טהעאטער ערנעסטינע וועט דעם טאָג בעזוכען. הערר שיפּמאַן איז געשטאנען אין שטילע און נאָהענטע קרוב'שאפט צו דיא קאסירערינען פון טהעאטער און פלעגט קריעגען בילעטען צו דיא זעלטענסטע פאָרשטעלונגען, בשעת מענשען רייסען זיך פאר א בילעט און קריעגען ניט.

פריעדריך האָט געענטפערט: „יאָ, איך בין היינט אויך איינגעלאדען ביי די לעפלער'ס".

הערר שיפּמאַן האָט גענומען א צייטונג אין דער האנד און האָט מיט פער-וואונדערונג געזאָגט: „דאָס איז עפּעס ווילד משונה!".

„וואָס האָט איהר דאָ דערזעהן?".

„אָט דיא מודעה (רעקלאמע)".

„אזוי גאָר, איהר לייענט דיא מודעות אויך?" האָט פריעדריך איראָניש געשמייכעלט.

„וויא הייסט: אויך?" — גיט א זאָג צוריק שיפּמאַן. „איך לעז נאָר דיא מודעות. דאָס איז פאר מיר אינטערעסאנטער פאר אלץ אין א צייטונג. — חוץ דעם בערזענצעטעל, נאטירליך".

„אזוי? איך האָב דאָס בערזענצעטעל נאָך קיינמאָל ניט געלעזען".

„מילא איהר... אָבער איך! איךווארף נאָר איין בליק אויף'ן קורסצעטעל,

חאפּ איך שוין דעם גאנצען מצב פון דיא אייראָפּייאישע פּאָליטיק. נאָכדעם אָבער נעהם איך מיר צו דיא מדעות. איהר הויבט גאָר ניט אָן צו וויסען, וואָס דאָר־טען טהוט זיך. עס דוכט זיך מיר אויס איך בין אויפ'ן יריד, וואו מען קויפט און פערקויפט סחורה, מענשען און וואָס איז'ער הארץ געלוסט. אָפען גערעדט, קען מען אלצדינג אויף דער וועלט קויפען, נאָר דער פּרייז איז ניט אלע מאָל אזוי קליין, אז מען זאָל קענען בעצאָהלען. דורך דיא מודעות ווייס איך שטענדיג, וואָס פאר גוטע סבות עס מאכט זיך, וואו עס געפינט זיך א געלעגענהייט... אלץ זאָל מען וויסען, קיין זאך זאָל מען ניט בעדארפען.... אָבער דאָ לייען איך שוין זייט עטליכע טעג א מודעה, וואָס איך הייב נאָך ניט אָן צו פערשטעהן".

„צו איז זיא אין א פרעמדע שפּראך געדרוקט?".

„קוקט זיך נאָר איין, דאָקטאָר!" שיפּמאן האָט פאנאנדערגענומען דאָס בלאט און האָט איהם אָנגעוויזען אויף א קליינע מודעה, אין וועלכע עס איז געשטאנען:

„מען זוכט א געבילדעטען און פערצווייפעלטען יונגען מאן, וועלכער איז גרייט צו מאכען מיט זיין לעבען דעם לעצטען נסיון. זיך אָנפרעגען קען מען אונ־טער דעם נאָמען נ. אָ. באָדי ביי דער עקספּעדיציע".

„אמת, איהר זייט גערעכט", האָט פריעדריך געזאָגט, „א געבילדעטער פער־צווייפעלטער יונגער מאן! אזעלכען קען מען שוין געפינען, אָבער דאָס וואָס שטעהט ווייטער מאכט שוין אביסעל הארבער דיא זאך. וויא פערצווייפעלט מוז מען שוין זיין, דאָס לעבען אין קאָן צו שטעלען און צו מאכען דערמיט דעם לעצ־טען פּרוב".

„עס ווייזט אויס, ער האָט טאקע דעם מענשען נאָך ניט געפונען, דער הערר באָדי. איך זעה דיא מודעה שוין עטליכע מאָל געדרוקט. איך וואָלט אָבער פּאָרט געוואָלט וויסען, ווער איז דאָס דער הערר באָדי, וועלכער האָט אזא משונה'דיגען גוסט".

„דאָס איז קיינער".

„וויא הייסט קיינער?".

„נ. אָ. באָדי — מאכט צוזאמען „נאָבאָדי", אויף ענגליש בעטייט דאָס „קיינער".

„אזוי איז דיא מעשה! אָן ענגליש האָב איך גאָר פערגעסען. אלץ זאָל מען קענען, קיין זאך זאָל מען ניט בעדארפען.... אָבער עס איז שוין שפּעט, אויב מיר

ווילען רעכטצייטיג זיין ביי דיא לעפלערס. און גראַד היינט מוז מען זעהר פּינק־טליך זיין".

„פאר וואָס גראַד היינט? האָט לעווענבערג געפרעגט.

„האָט ניט קיין פּעראיבעל! איך קען אייך דאָס ניט זאָגען, ביי מיר איז א סוד היילינ..... אָבער איהר מעגט זיך פאָרבערייטען אויף עפּעס א איבערראַשונג. קעלנער! צאָלען!".

א איבערראשונג? פּריעדריך האָט פּלוצלים דערשפּירט א הערץ־קלעמענעס וויא פון א אונבעשטימטען פּחד.

בשעת ער האָט מיט שיפמאנען פערלאָזען דאָס קאפעהויז האָט ער בעמערקט ביי'ן וואנד פון דער טיעף איינגעמויערטען טהיר א יונגעל פון א יאָהר צעהן, א ערך. אונטערן דינעם רעקעל האָט ער חויך צוזאמענגעצויגען דיא פּלייצעס, דיא אָרעמס האָט עס שטארק צוגעפּרעסט איבער איינאנדער צום לייב, און מיט דיא פיס האָט עס געקלאַפּט אויף דעם שנעע וואָס עס האָט אָנגעוועהט אין דעם גע־שיצטען ווינקעל. עס איז כמעט געוועזן א געלעכטער צו זעהען, וויא דאָס יונגעל האָט געארבייט מיט דיא פיס און נאריש אונטערגעשפּרונגען. אָבער פריעדריך האָט בעמערקט, אז דאָס קינד אין דיא צעריסענע שטיוועל ליידט ביטערע קעלט. ער האָט זיך גענומען צו דער קעשענע ארויסגענומען עטליכע קופּער־נע מטבעות ביי'ן שיין פון לאמטערן און האָט זיי געגעבען דעם יונגעל. דאָס יונגעל האָט דאָס צוגענומען, אָבגעמורמעלט מיט דערפרוירענע ליפּען „דאנק", און איז האכטיג אוועק פון דער טהיר.

— וואָס? איהר האלט אונטער דיא בעטלערייא אויף דיא גאסען? — וואונ־דערט זיך שיפמאַן מיט א שטאָלץ בעליידיגטע מינע.

— איך רעכען, אז דאָס יונגעל טרייבט זיך ניט ארום פון פערגעניגען ווע־געי אין דיא פערשנעהטע גאסען... אויסער דעם דוכט זיך מיר, דאָס איז געוועזן א ...ש יונגעל...

— זאָל ער געהען צו דיא יודישע געמיינדע־פארשטעהער, אָדער צו חברה חברים כל ישראל, און זאָל זיך ניט דיא אָווענדען ארומשלעפען נעבען דיא קאפעהייזער!.

— רעגט זיך ניט אויף, הערר שיפמאַן — איהר האָט איהם דאָך סיי וויא סיי גאָר נישט געגעבען.

— מיין ליעבער דאָקטאָר — האָט שיפמאַן מיט א פעסטער שטימע געזאָגט —איך בין א מיטגליעד פון דער חברה, וואָס איז געגען פעראָרעמונג און בעטלע־רייי. איך צאָהל יעהרליך א גילדען.

## II.

דיא פאמיליע לעפלער האָט געוואָהנט אין צווייטען שטאָק פון א גרויסען הויז אין דער גאנצאגא גאסע. אין דעם אונטערשטען שטאָק האָט זיך איינגעפונען דיא טוכניעדערלאגע פון „מאָריץ לעפלער עט קאָמפאניע“.

בשעת פריעדריך און שיפמאַן זיינען אריין אין פאָדער־צימער האָבען זיי שוין בעמערקט נאָך דיא מאססען מאנטלען און ווינטער־רעק, אז דיא געזעלשאפט מוז היינט עפּעס זיין מעהר וויא געוויינליך.

„א ריכטיג קליידערגעשעפט“, האָט שיפמאַן זיך געוויצעלט.

אין זאל זיינען געווען עטליכע מענשען, וועלכע פריעדריך האָט שוין געקענט. פרעמד איז איהם אָבער געווען א הערר מיט א פליך אויפ'ן קאָפּ, וועלכער איז גע־שטאנען נעבען ערנעסטינען ביי'ם קלאוויער און איהר צוגעשמייכעלט וויא א אל־טער בעקאנטער.

דאָס יונגע פריילין האָט פריינדליך אויסגעשטרעקט דיא האנד צו לעווענ־בערג'ן:

— הערר דאָקטאָר לעווענבערג, ערלויבט אייך פאָרצושטעלען. דאָס איז הערר לעאָפּאָלד וויינבערגער.

„דער שותף פון דער פירמא „סאמועל וויינבערגער און זאָהנע“ אין ברין“, האָט נאָך צוגעלעגט דער אלטער לעפלער מיט א וויכטיגע און א פריינדליכע מינע.

דיא ביידע העררען האָבען מיט פרייליכע פנים'ער שטארק געדריקט דיא הענד ביי אנאנדער, און ביי דער געלעגענהייט האָט פריעדריך בעמערקט, דאָס הערר וויינבערגער קוקט עפּעס מיט איין אויג אָן א זייט און דאָס זיינע הענד זיי־נען עפּעס צו פערשוויצט.

דאָס איז פריעדריך'ן שטארק געפעלען, ווייל דאָס האָט פערטריעבען ביי איהם א געדאנקען, וואָס איז איהם דורך וויא א בליטץ דור'ן מח, בשעת ער איז אריין אין זאל. ערנעסטינע דיא כלה פון אזא נפש. — דאָס גלויבט זיך עפּעס ניט! ער האָט דיא אויגען ניט געקענט אָברייסען פון איהר, קוקענדיג אויף איהר שלאנקע פיגור, אויף איהר חנופדיג געזיכט. אויף איהר שעהן קעפּעלע, וואָס האָט זיך איצט אזוי ליעבליך גענייגט. אנדערע נייע געסט זיינען געקומען און ער האָט

געמוזט אוועקגעהן אָן א זייט. נור איין הערר וויינבערגער פון ברין טשעפעט זיך ניט אָב פון ערנעסטינען און לאָזט זיא אויף א סעקונדע ניט אָב.

פריעדריך האָט זיך גענומען ערקונדיגען ביי שיפמאנען:

„דער הערר וויינבערגער מוז מן הסתם זיין א אלטער בעקאנטער פון לעפּ־לער'ס הויז?"

„עס הייבט זיך ניט אָן", ענטפערט שיפמאן, „דיא לעפלערס קענען איהם זייט צוויי וואָכען, אָבער ער איז א שותף פון א פיינע טוכפירמע".

„וואָס איז פיין, דאָס טוך אָדער דיא פירמע?", האָט פריעדריך געפרעגט מיט א שמייכעל און אין הערצען האָט ער געפונען א טרייסט: „א מענש וואָס מען קען זייט צוויי וואָכען קען דאָך ניט מיט איינמאָל ווערען א חתן פון ערנעס־טינען".

„אי דאָס אי יענעס", ענטפערט שיפמאן, „סאמועל וויינבערגער קריעגט געלד אויף פיער פּראָצענט. א פּרימא סוחר. און בכלל היינט איז עפּעס וגויפּנע־קומען א געהויבענע געזעלשאפט. זעהט נאָר: דער דארער מיט דיא גלאָטצעדיגע אויגען איז שלעזינגער, דער פּראָקוריסט פון באראָן גאָלדשטיין. ער איז א מנול'דיגער מענש. אָבער מען האָט איהם זעהר ליעב.

„פאר וואָס?"

„וואָס הייסט, פאר וואָס? ווייל ער איז דער פּראָקוריסט פון באראָן גאָלד־שטיין! קענט איהר דעם מיט'ן גרויען באקענבאָרד? דעם אויך ניט? צו זייט איהר פון חיממעל אראָבגעפאלען? דאָס איז דאָך דער גרויסער ספּעקולאנט לאַשנער, איינער פון דיא גרעסטע בערזעמענשען. ער שפּיעלט זיך ארום מיט עטליכע טויזענד עפּעקטען, וויא מיט א פּילקע. איצט איז ער גראָד רייך, הלואי אויף מיר געזאָגט, צו וועט ער אָבער איבער א יאהר אין דער צייט עפּעס פּערמאָ־גען, ווייס איך ניט. חיינט טראָגט זיין וויב דעם רייכסטען בריליאנטענשמוק.... דיא דאמען ארום וואָלטען זיא פערשלונגען פאר קנאה".

פרוי לאשנער איז געזעסען אין א ווינקעל פון זאל מיט א סך זעהר פערפּוצ־טע דאמען, און מען האָט מיט גרויס היטץ גערעדט פון הים. דיא איבריגע קופּ־קעלעך מענשען האָבען זיך נאָך געפיהלט לעבלעך, וויא פאר דער וועטשערע. עס זיינען געוועזן אייניגע וואָס האָבען שוין געוואוסט פון דער איבערראשונג, פון וואָס שיפמאן האָט נאָך גערעדט אין קאפּעהויז וויא פון א סוד־מעשה. זיי האָבען זיך גע'סוד'עט און אריינגעשושקעט איינער דעם אנדערען עפּעס אין אויער אריין. פריעדריך האָט זיך געפיהלט עפּעס ניט נחת'דיג אויפ'ן הערצען און ער האָט

אליין ניט געוואוסט פאר וואס. אין דער געזעלשאפט האט ער נאך שיפמאנען גע-
שפיעלט דיא קלענסטע ראלע. צו אנדערע צייטען פלעגט ער דאס זעלטען בעמער־
קען, ווייל ערנעסטינע פלעגט זיך צוזעצען צו איהם, בשעת ער פלעגט קומען.
הערר וויינבערגער פון ברין האט געמוזט זיין זעהר א גוטער אונטערהאלטער.
און נאך עפעס האט איהם געהריקט אויפ'ן הערצען און ארויסגערופען א געפי־ל
פון הכנעה. ער און שיפמאן זיינען געווען דיא איינציגע, וועלכע זיינען ניט ... ־
מען אין פראק אדער אין סמאקינג, און דאבען געהאט אויף זיך א שווארצע ווי־
זיט־ראק. און ד־־ורך האבען זיי עפעס אויך געקראגען א פנים פון איידעלע
קבצנים. גלייכער פאר אלץ וואלט געווען אוועקצוגעהן, נאר אויף אזוי ווייט ...
ער שוין ניט געהאט ביי זיך דעם מוטה.

דער גרויסער זאל איז שוין געווען פול און אריבער. עס האט אויסגעוויעזען,
אז מען ווארט נאך אויף אימיצען. פריעדריך האט זיך געווענדעט וועגען דעם צו
זיין אח לצרה; שיפמאן האט טאקי אויך געוואוסט, ווייל ער האט אקארסט דער־
כאפט א ווערטעל פון דער בעל הבית'טע מאדאם לעפלער.

„מען ווארט נאר אויף גרין און בלוי".

„וואס איז דאס?".

„וואס? איהר קענט ניט גרין און בלוי? צוויי פון דיא קליגסטע און שארפ־
סטע קעפ אין וויען. אהן זיי הויבט זיך ניט אן קיין געזעלשאפט, קיין חתונה און
קיין שמחה'לע, א טהייל זאגען גרין איז דער שארפער מוח, א טהייל—אז בלוי
שאקעלט איהם פון ארבעל ארוים. גרין מאכט ווארטשפיעלערייען, קונצען מיט א
לשון נופל אויף א לשון און בלוי מאכט גלייכווערטלעך איבער דיא געסט. בלוי
האט שוין טאקי ניט איינמאל פעטש געקראגען, אבער כאטש ווארף איהם א קאץ
אין דיא אויגען, ער האט שוין אזא צורה, זיינע באקען ווערען אפילו ניט רויט, ווען
מען פאטשט זיי. ביי דיא רייכע פיינע יודישע בעלי הבתים האט מען זיי זעהר
ליעב. נור צווישען זיך לעבען זיי ניט אין שלום. נאטירליך, זיי זיינען דאך קאנ־
קורענטען".

אין זאל איז געווארען א קליינער טומעל, הערר גרין איז אריינגעקומען, א
לאנגער דארער יוד מיט א רויטליכען בארד און א פאר אויערען, וואס זיינען
משונה'דיג ווייט אבגעשטאנען פון קאפ. הערר בלוי פלעגט זיי אנרופען „דיא
אויערען אהן א זוים", ווייל דער אויבערשטער ברעג פון זיי איז ניט געווען צום
אויערמושעל צוגעוועלגערט, נאר איז געווען פלאך אויסגעשפרייט.

ערנעסטינעס מוטער איז צוגעגאנגען צום בעריהמטען וויצלינג און האָט איהם פריינדליך אויסגערעדט:

„שטייטש, וואָס קומט איהר דאָס אזוי שפּעט, הערר גרין?“

„ווייל איך האָב ניט געקענט קומען שפּעטער“, האָט ער געענטפּערט מיט א וויץ. אלע וואָס האָבען דאָס געהערט האָבען מיט א דאנקשמייכעלע צוגע־שאָקעלט מיט׳ן קאָפּף. אָבער א שאָטען איז אריבער איבער גרינ׳ס פּנים: בלוי איז געקומען.

הערר בלוי, א מיטעלגעוואקסענער יוד פון אונגעפעהר 30 יאהר, האָט גע־האט א גלאט אָבגעגאָלטען פּנים, און אויף דעם שטארק געקרימטען נאָז האָט ער געטראָגען א פּענסנע.

„איך בין געוועזן אין וויענער טהעאטער, וואו מען האָט צום ערשטען מאָל געגעבען א נייעם טהעאטער־שטיק“, האָט בלוי דערצעהלט, „נאָך׳ן ערשטען אקט בין איך אוועקגעגאנגען“.

דיא ידיעה האָט אלעמען פּעראינטערעסירט, דאמען און הערען האָבען בלוי ארומגערינגעלט און ער האָט ווייטער דערצעהלט:

„דער ערשטער אקט איז, צו מיין גרויס פּערוואונדערונג, ניט דורכגעפאלען“.

פרוי לאַשנער האָט מיט א בעפּעהלענדער שטיממע צוגעשריען צום מאן:

„מאָריטץ, איך וויל מאָרגען זעהען דאָס טהעאטער שטיק“.

בלוי האָט ווייטער גערעדט: „דיא פריינד פון דעם פּערפאסער, וואָס האָט געשריעבען דיא ווערטער צו דער מוזיק, האָבען זיך זעהר גוט אונטערהאלטען דערביי“.

„אזוי גוט איז דיא אָפּערעטע, בלוי? האָט געפרעגט הערר שלעזינגער, דער פּראָקוריסט פון באראָן גאָלדשטיין.

„ניין, אזוי שלעכט איז זיא געוועזן. דיא פריינד פון דעם פּערפאסער אונ־טערהאלטען זיך נאָר דענמאָלסט, ווען דאָס טהעאטער שטיק איז שלעכט“.

מען האָט זיך געלאָזען געהן צום טיש. דאָס גרויסע עס־צימער איז געווען צו קליין פאר די היינטיגע געזעלשאפט. מען איז געזעסען ענג צוזאמענגעדריקט. ערנעסטינע נעבען וויינבערגער. פריעדריך און שיפמאן האָבען געמוזט פערנעהמען דיא ערגסטע פּלעצער ביי׳ן עק פון טיש.

צום אָנפאנג האָט זיך דאָס קלאַפּעררייא און קלינגעריי פון טעלער, מעסער און גאָפּעל מעהר געהערט וויא דיא שטימען ביי דער טיש־אונטערהאלטונג. הערר בלוי האָט זיין קאָנקורענטען צוגעשריען איבער׳ן טיש:

„גרין, עסט ניט אזוי רעש'דיג, מען הערט צוליעב דעם ניט דעם אײגענעם פיש אין טעלער!“.

„איהר זאָלט טאקי ניט עסען קײן פיש, זאָנדערן געפיהלטע קנאה־קנײד־לעך“.

דיא אנהעננגער פון חעררן גרין האָבען זיך פערנאנדערגעלאכט, דיא וואָס האָבען געהאלטען נאָר פון בלוי האָבען געפונען, אז דער וויטץ טויג אויף כפרות.

אָבער דיא אויפמערקזאמקייט פון דיא געסט האָט זיך אָבגעווענדעט פון די וויצלינגע, בשעת עס האָט זיך אויפגעהויבען א עלטערער הערר, וועלכער איז גע־זעסען נעבען פרוי לעפלער, און האָט עפּעס מיט א ביסעל א צו הויכער שטימע געזאָגט:

„ביי אונז אין מעהרען ווערט דיא לאגע אויף שלעכטער. אין דיא קלײנע לאנד־שטעדטלעך זײנען אונזערע לייט אין סכנה. ווען דיא דייטשען זײנען פער־טראָגען שלאָגען זיי אוים ביי דיא אידען די פענסטער. איז עפּעס די טשעכען ניט גוט אויפ'ן הארצען, מאכען זיי ביי דיא יודען א פּאָגראָם. דיא אָרעמע יודען הײ־בען אָן אויסצוואוואנדערן, זיי ווייסען אָבער נעבעך ניט וואוהין זאָלען זיי געהן“.

„מאָריץ“, האָט דערוויילע פרוי לאנשער געשריען, „איך וויל איבערמאָרגען געהן אין בורג-טהעאטער“.

„לאָז איצט צו רוה“, האָט דער בערזע סוחר געענטפערט, „הערר דאָקטאָר וויים דערצעהלט אונז, וויא עס זעהט אוים ביי זיי אין מעהרען. אויף מיין וואָרט גאָר ניט שעהן“.

סאמועל וויינבערג דער פּאָטער פון לעאָפּאָלד, האָט זיך ארײנגעמישט אין געשפּרעך.

הערר דאָקטאָר, איהר, וויא א ראבינער זעהט מיר דוכט זיך צו שווארץ“.

„וויים זעהט שטענדיג שווארץ“, האָט א וואָרף געטאָהן א ווערטעל אײנער פון דיא שפּאס-מאכער, אָבער קײנער האָט עס ניט אויפגעהויבען.

סאמועל וויינבערג האָט וויטער גערעדט.

„איך פיהל מיך אין מיין פאבריק אויסער אלע סכנות. ווען מען זאָל ביי מיר אָנהײבען צו מאכען סקאנדאלען רוף איך דיא פּאָליציי אָדער איך געה צום פלאטץ־קאָמענדאנטען. ווען דער ערב־רב דערזעהט א ביקס, קריעגט ער שוין א ביסעל בושה“.

„דאָס איז דאָך אָבער שוין א טרויעריגער מצב“, האָט דער ראבינער מילד בעמערקט.

דער אדוואָקאט דאָקטאָר וואלטער, וועלכער האָט א מאָהל געהייסען פייגעל־שטאָק, האָט נאָך צוגעלייגט.

„איך געדענק ניט ווער האָט דאָס געזאָגט: מיט שפּיצען פון דיא ביק־סען קען מען אלץ מאכען, אָבער זיך זעצען אויף זיי איז ניט אזא מאכל“.

„איך זעה שוין“, האָט לאשנער געזאָגט, „מיר וועלען אלע מוזען טראָגען דיא געלע לאטע“.

„אָדער אויסוואנדערן“, האָט דאָקטאָר וויים געזאָגט.

„איך בעט אייך, וואוהין?“ — האָט דאָקטאָר וואלטער געפרעגט, „אפילו אין פרייען לאנד פראנקרייך האָבען דיא אנטיסעמיטען דיא אויבערהאנד גע־קראָגען.“

דאָקטאָר וויים אָבער, א אָרימער ראבינער אין א קליין מעהריש שטעדטיל, וועלכער האָט ניט אָנגעהויבען צו וויסען אין וואָס פאר א חברה ער איז דאָ אריינגעפאלען, האָט געפּרובירט, ניט אין גאנצען זיכער ביי זיך, צו מאכען איין איינווענדונגג: זייט עטליכע יאָהרען איז דאָ א בעוועגונג, וואָס מען רופט דאָס די ציוניסטישע. זיא וויל מאכען א סוף פונדער יודענפראגע דורך א גרויסארטיגע קאָלאָניזאציאָן. אלע וועלכע קענען מעהר ניט אויסהאלטען זאָלען געהן אין אונ־זער אלטען היים, קיין פּאלעסטינא.

ער האָט גערעדט גאנץ רוהיג און האָט גאָר ניט בעמערקט, וויא דיא פנים'ער ארום איהם האָבען ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו שמייכלען, און ער איז געוואָרען אמת צו מישט, בשעת ביי'ן וואָרט „פּאלעסטינא“ האָט פּלוצלונג אויס־געבראָכען א הויכער געלעכטער. מען האָט געלאכט אויף אלערליי בייקול'כלעך. דיא דאמען האָבען געכוכוקעט. דיא הערען האָבען געברומט און געהירזשעט. נאָר איין פריעדריך האָט איינגעזעהן, וויא גראָב דאָ סאיז, אזוי בענעהמען זיך קעגען דעם אלטען ראבינער.

בלוי האָט בענוצט דיא ערשטע געלעגענהייט, בשעת דער געלעכטער איז שטילער געוואָרען, אום צו דערקלערען: „ווען אין דער היינטיגער אָפּערעטע וואָלט געווען חאָטש איין איינציגער וויץ, ווי דער, וואָלט אונז שוין גוט און וואויל געווען“.

גרין האָט געשריען: „איך אָלט געווען א געזאנדטער אין וויען פון דער יו־דישער מלוכה“.

נאָך א מאָהל האָט מען זיך פאנאנדער געלאכט. עטליכע האָבען געשריען:

**„איך אויך, איך אויך!“**

בלוי האָט אָבער ערנסט בעמערקט: „רבותי, אלע קענען דאָס ניט ווערען. איך רעכען, אז דיא עסטרייכישע רעגיערונג וועט ניט וועלען האָבען אזוי פיעל אידישע אָבגעזאָנדטע. איהר מוזט שוין זוכען אנדערע שטעלען“.

דער אלטער ראבינער איז אָבער געוועזען זעהר פערשעהמט און האָט שוין ניט אויפגעהויבען דיא אויגען פון טעלער. דיא שפּאסמאכער גרין און בלוי האָבען זיך מיט חשק גענומען צו דעם ענין. זיי האָבען צוטהיילט דיא נייע מלוכה און האָבען געשילדערט דאָס לעבען דאָרט. שבת וועט זיין געשלאָסען דיא בערזע. דער מלך וועט שענקען דיא לייט, וואָס האָבען געבראכט נוטצען דעם פאטערלאנד אָדער דער בערזע, א „דודסאָרדען“ אָדער דעם „אָרדען פון פליישיגען שווערד“. ווער וועט אָבער זיין דער מלך?

„עס פערשטעהט זיך, אז באראָן גאָלדשטיין“, האָט בלוי געזאָגט.

הערר שלעזינגער, דער פּראָקוריסט פון דעם דאָזיגען בעריהמטען באנקיר, האָט מיט א פערדראָס געזאָגט: „איך בעט איך דיא פּערזאָן פון הערן באראָן ניט אריינצוציהען אין אייערע וכוחים, צו וועניגסטען, דערנמאָלסט ניט, בשעת איך בין דערביי“.

כמעט אלע האָבען געשאָקעלט מיט דיא קעפּ איהם גערעכטגעבענדיג. דער שפּאסמאכער בלוי האָט טאקע מאנכעס מאָהל א צו לויזע מויל. אריינצומישען אין דעם וכוח דיא פּערזאָן פון באראָן גאָלדשטיין. — דאָס איז שוין א ביסעל צופיעיל. הערר בלוי אָבער האָט זיך גאָר ניט בערוהיגט: „דער מיניסטער אויף דינים און משפטים וועט זיין ד״ר וואלטער. מען וועט איהם געבען איין אדעלסטיטעל מיט'ן נאָמען „פאָן פייגעלשטאָק“. וואָלטער איידעלמאן פאָן פייגעלשטאָק“.

אלע האָבען געלאכט. דער אדוואָקאט איז רויט געוואָרען, הערענדיג זיין פאָטערס פאמיליע, און האָט צוגערופען דעם וויצלינג:

„איהר האָט שוין א צייט מן הסתם ניט געפיהלט א פרעמדע האנד אויף אייער באק!“

גרין דער וואָרטשפּיעלער, אָבער מעהר פאָרזיכטיג. האָט עפּעס אריינגעשושקעט אין אויער דער דאמע וואָס איז געזעסען נעבען איהם. עס איז געוועזען א געמיש פון „אויער, פייג און שטאָק“.

פרוי לאשנער האָט זיך ערקונדיגט: „צו וועט אויך אין פּאלעסטינא א טהעאטער זיין, אז ניט געה איך ניט אהין“.

— „וויא דען, גענעדיגע פרוי“, האָט זיא גרין בערוהיגט, „ביי דיא גרויסע יום־טוב'דיגע פאָרשטעלונגען ווערען צונויפקומען אלע אונזערע יודעלאך, דער גאנצער פּני“.

דערויף האָט דר. וויים ניט אין גאנצען זיכער ביי זיך געזאָגט: „פון וועמען שפּעט איהר דאָ אָפּ, רבותי, סיידען פון זיך אליין“.

„וויא דען, מיר זאָלען ניט לאכען?!“ האָט בלוי געזאָגט.

„איך בין שטאָלץ ביי זיך וואָס איך בין א איד, דען ווען איך וועל ניט זיין שטאָלץ בלייב איך דאָך אלץ א איד, איז שוין גלייכער צו זיין שטאָלץ ביי זיך“, האָט לאשנער ערקלעהרט דעם עולם.

אין דעם אויגענבליק זיינען ארויס דיא דיענערשאפט אום צו ברענגען דיא וויטערדיגע געריכטען. דיא ווירטהין האָט דערביי געמיינט:

„אין געגענווארט פון דיענערשאפטען זאָל מען בעסער ניט ריידען פון אידי־שע זאכען“.

בלוי האָט באלד א זאָג געטאָהן: „איך בעט אייך אום ענטשולדיגונג, גנע־דיגע פרוי, איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אז אייערע דיענערשאפטען ווייכען ניט אז איהר זייט אידען“.

עטליכע האָבען זיך פאנאנדער געלאכט.

„נו מילא, האָט שלעזינגער געזאָגט מיט א בעזעסענקייט, „אָבער שרייען אין דיא גאסען דערפון איז קיינער ניט מחויב“.

מען האָט ארייננגעבראכט שאמפאניער. שיפמאן האָט לעווענבערגען א שטויס געגעבען מיט'ן עלענבויגען:

„איצט וועט דאָס ארויס אויפ'ן טעלער“.

„וואָס וועט ארויס?“

„פערשטעהט איהר נאָך אלץ ניט וואָס דאָ טהוט זיך?“ ניין, פריעדריך האָט נאָך אלץ ניט ארויסגעקראָגען דעם סוד. נאָך אין א מינוט ארום איז איהם געוואָ־רען אלצדינג קלאָהר.

הערר לעפלער האָט מיט'ן מעסער א קלינג געטאָהן אָן גלאָז און איז אויפגע־שטאנען פון זיין פּלאטץ. עס איז שטיל געוואָרען. דיא דאמען האָבען זיך אָנגע־לעהנט אויף צוריק אין דיא זעסלען. דער שפּאס מאכער בלוי האָט נאָך שנעלל ארייננגעכאפּט א ביסען אין מויל און בשעת לעפלער האָט גערעט האָט ער די גאנ־צע צייט געקייט.

„טייערע זעהר געשעצטע פריינד! איך בין אין דער אנגענעהמען לאגע אייך

מיטצוטהיילען א פריילירבע בשורה. מיינע טאָכטער ערנעסטינע האָט זיך מיט הערן לעאָפּאָלד וויינבערגער פון ברין, דעם שותף פון דער פירמא „סאמועל וויינבערגער און זעהנע“ פערלאָבט. התן כלה מזל-טוב! מזל-טוב!“.

„מזל־טוב! מזל־טוב!““ אלע זיינען אויפגעשטאנען פון זייערע ערטער. עס האָבען געקלונגען דיא גלעזער. מען איז געגאנגען ארום דעם טיש, מען איז צו צו דיא עלטערן, צו חתן כלה, מזל־טוב ווינשענד.

פריעדריך לעווענבערג איז אויך מיטגעגאנגען. האָטש פאר דיא אויגען איז אהם געווען וויא א וואָלקען. א רגע לאנג איז ער געשטאנען פאר ערנעסטינען און האָט מיט א ציטערענדע האנד צוגעטראָגען זיין וויינגלאָז צו איהר באָקאל. זיא האָט צערשטרייט פערבייגעקוקט.

דערנאָך זיינען ביין טיש דיא הערצער פרעהליכער געוואָרען, עס האָט זיך גע־שאָטען א טאָסט נאָך א טאָסט.

שלעזינגער האָט געהאלטען איין ערנסטע רעדע לויט זיין כבוד נאָך. גרין און בלוי האָבען בעוויעזען וואָס זיי קענען, גרין האָט געזאָגט, „טיטשען“ אויס־געדרעהט דיא ווערטער, און בלוי האָט געמאכט אלערליי מיאוסע וויצליך וועגען דיא געסט ביי'ן טיש. דיא געזעלשאפט איז געוואָרען לעבעדיג, לוסטיג.

פריעדריכ'ן איז דאָס אלץ געקלונגען וויא פון דער ווייטען, און עס איז איהם געווען צו מוטה, וויא ער וואָלט געווען ארומגענומען פון א געדיכטע חמא־רע, אוואו מען זעהט ניט זיין אייגענעם גוף, און עס פערכאפּט דעם אָטהעם.

דיא מאָהלצייט האָט זיך געענדיגט. פריעדריך האָט נאָר געהאט איין גערדאנ־קען, גיכער פּטור צו ווערען פון דער געזעלשאפט. איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אז ער איז א איבעריגער דאָ. א איבעריגער אין דער שטאָדט, אין דער גאנ־צער וועלט; אָבער, בשעת ער האָט זיך געוואָלט שטילערהייט ארויסרוקען, איז איהם אויפ'ן וועג אָנגעקומען ערנעסטינע. און בשעת זיא האָט איהם אָפּגעשטעלט האָט איהר שטימע אזוי ליעבליך געקלונגען.

„איהר האָט מיר נאָך גאָר ניט געזאָגט, הערר דאָקטאָר“.

„וואָס זאָל איך אייך זאָגען, פריילין ערנעסטינע ?..... איך ווינש אייך פיעל גליק, יא פריילין, איך ווינש אייך פיעל גליק צו דער פערלאָבונג“.

אָבער דער חתן איז שוין ווידער געשטאנען נעבען איהר, ער האָט זיא אָנ־גענומען ביי דער טאליע, וויא מען נעהמט אָן א חפץ, א כשר פערדיענטען, און האָט זיא אראָפּגעפיהרט אָן א זייט. זיא האָט געשמייכעלט.

## III.

בשעת פריעדריך לעווענבערג איז ארוים אין דיא ווינטערנאכטסלופט האָט ער זיך אליין געפרעגט, וואָס האָט איהם מעהר פאר אלעמען אָבגעשטויסען: צו דאָס וואָס וויינבערג קוקט שוין אויף ערנעסטינען ווי או״ף זיין אייגען כלי בית, צו דאָס שמייכעלע איהר׳ס. וואָס האָט איהם ביז היינט אזוי שטארק געפעהלען. רבונו של עולם! אין גאנצען קען דער „מיט-שותף" זיא זייט פערצעהן טאָג און האָט שוין דאָס רעכט. צו לייגען זיין שווייסיגע האנד אויף איהר צארטען לייב. וואָס פאר א מיאוסער האנדעל! א שעהנער חלום איז צורונען געוואָרען. דער „מיט־שותף" האָט מן הסתם געלד, און ער איז אָרעם. אין דיא הייזער, וואו מען זוכט נאָר פערגעניגען און רוחים — איז געלד אלץ. און פון דעסטוועגען איז ער געוועזן אבהענגיג פו דעם אידישען רייכען בעלי הבית׳שען קלאַסס. מיט דיא לייט און פון דיא לייט מוז ער ציהען זיין פרנסה, ווארום ביי זיי קען ער אויסאר־בייטען זיין פראקטיקע. אז עס געהט שוין זעהר גוט, קען מען ווערען דער שטענ־דיגער אדוואָקאט פון א לאשנער! צו קריגען אזא קונד וויא באראָן גאָלדשטיין, —דארף מען שוין האָבען א·טייוועלשען מזל, שוין לייכטער ארויסצוציהען דעם גרויסען געווין־צעטעל; פראקטיקע איז שוין גאָר ניט צו קריגען. היינט וואָס זאָל מען טהון? אָדער מען נעהמט זיך א דרך וואָס פאסט פאר אזא הויז וויא דיא לעפלערס, מען לעבט דאָס אייגענע מגושם׳דיגע לעבען וויא זיי, מען פערטהיידיגט דיא אינטערעסען פון דיא בערזען־ספעקולאנטען און קריעגט אלס בעלוינונג דער־פאר, אין א יאָהר צעהן ארום, דערנאָך וויא מען האָט זיך אָרענטליך אויפגע־פהרט, א אייגנע קאנצעלאריע, או מען מעג שוין פערלאנגען דיא האנד און דעם גרדן פון·א רייך מיידעל, וואָס האָט חתונהמיט׳ן ערשטען בחור, נאָך א בעקאנט־שאפט פון פערצעהן טעג; אָדער, ווען אזא פיהרונג עקעלט אָפּ, קלייבט מען אוים א לעבען פון אָרימקייט און איינזאמקייט.

מיט דיא געדאנקען איז ער ווידער געשטאנען פאר דעם קאפעהויז בירקענ־דייז. וואָס זאָל ער דען אָנהויבען צו טהון אין זיין שטיבעל איינער אליין? עס איז געוועזן נאָך א זייגער צעהן. זיך שלאָפען לייגען? יאָ. כיבע דאָס וואָלט שוין געוועזן דער אייביגער שלאָף...

פאר דער טיהר פון קאפעהויז האָט ער זיך כמעט אויסגעגליטשט צוליעב עפּעס א קליינעם מענשליכען קערפּער, אויפ'ן טרעפּעל פון איינגאנג איז געזעסען צוזאמענגעדרעהט א אינגעל. פריעדריך האָט איהם דערקענט, דאָס איז געווען דאָס אייגענע אינגעל, וועמען ער האָט פריהער געגעבען א נדבה.

ער האָט איהם גראָב געפרעגט: „דוא בעטעלסט שוין ווידער?"

דער אינגעל האָט געענטפערט מיט א שטימע פון א דערפראָרענעם: „איך ווארט אויף'ן טאטען". דאָס אינגעל איז אויפגעשטאנען און האָט אָנגעהויבען צו פּאָכען מיט דיא אָרעמס, זיך אביסעל צו דערווארמען. פריעדריך איז געווען אזוי אומגליקליך, דאָס ער האָט שוין אויף דאָס פרירענדיגע קינד ניט געהאט קיין רחמנות.

ער איז אריין אין דעם אָנגערויכערטען קאפע הויז און האָט זיך געזעצט אויף זיין געוועהנליכען פּלאץ ביים לעזע־טיש. אין דער צייט איז דער לייזונג אין קאפע שוואך. נאָר אין דיא עקען פון צימער זיינען נאָך געזעסען עטליכע פּער־שפּעטיגטע קאָרטען־שפּיעלער, וועלכע האָבען זיך ניט געקענט צושיידען, אלע ווייל'ע האָבען זיי זיך שוין געמאכט א הסכם ארומצוגעהן דעם טיש צום לעצטען מאָל, „א פארך זאָל איך זיין" אויב ניט צום לעצטען מאָל! עס האָט אָבער ווע־ניג וואָס געהאָלפען.

פריעדריך איז געזעסען א רעכטע ווייל'ע און געקוקט פאר זיך מיט פער־גליווערטע אויגען, דערנאָך איז געקומען א פּלוידערזאק, זיינער א בעקאנטער. פריעדריך האָט זיך פארדעקט מיט א צייטונג, כדי יענער זאָל מיינען, דאָס ער איז פארנומען מיט'ן לייענען. אָבער וויא ער האָט נאָר א קוק געטאָהן אויפ'ן בלאט האָט זיין בליק צופעליג דערזעהן די מודעה, פון וועלכער שיפּמאן האָט מיט איהם פריהער גערעדט:

„מען זוכט א געבילדעטען און א פערצווייפעלטען יונגען מאן, וואָס איז גרייט צו מאכען מיט זיין לעבען דעם לעצטען נסיון. אָנפרעגע קען מען אונטער דעם נאָמען פון נ. א. באַ־י ביי דער עקספּעדיציע", ווי וואונדערליך! איצט איז דער אויפרוף פאר איהם וויא אָנגעמאָסטען. א לעצטען פּרוב! דאָס לעבען איז איהם פיי וויא סיי נמאס געוואָרען. איידער עס אוועקצושליידערן ווי זיין חבר היינריך האָט געטאָהן, קען מען דאָך נאָך עפּעס אונטערנעהמען. ער האָט גע־בעטען ביין קעלנער א קארטען־בריעף און האָט געשריעבען צו נ. א. באדי דיא ער־לעבע ווערטער:

„איך בין דער, וואָס קען פאַר אײך טויגען, דר. פריעדריך לעװענבערג, באהנ־גאַסע 67.

בשעת ער האָט דעם בריעף צוגעקלעפּט איז אימיצער צוגעגאנגען צו איהם פון הינטען:

„צו דאַרפען זײ צאָהן־בערשטלאך, הויזענטרעגער, העמד־קנעפּלעך?"

מיט צאָרן האָט פריעדריך אָפּגעשמויסען פון זיך דעם קלעק. דעם פּעדלער. מיט א זיפץ האָט זיך דער פּעדלער אָפּגעטראָגען אָן א זײט, ווארפענדיג א בליק פיל פון פּחד אויף דעם קעלנער, וועלכער קען איהם אלע ווײלע ארויסיאָגען. פריעדריך האָט שוין חרטה געקריעגען, וואָס ער האָט אָנגעיאָגט אזא אימה אויפ׳ן אָרעמען מענשען. האָט אהם צוגערופען צו זיך און ארײנגעוואָרפען אין פּעדלער קעסטעל א 20 קרײצער מטבע. דער פּעדלער האָט איהם ווײטער אָנגעבאָטען זײן סחרוה:

„איך בין נים קײן בעטלער.... איהר מוזט עפּעס בײ מיר קויפען. אז נים, קען איך בײ אײך דאָס געלד נים נעהמען.

פון יוצא וועגען האָט פריעדריך גענומען בײ איהם א העמד־קנעפּעל. דער פּעדלער האָט זיך בעדאנקט און איז אוועקגעגאנגען. פריעדריך האָט גלײכגילטיג איהם נאָכגעבליקט, וויא ער איז צו צום קעלנער און איהם אָבגעגעבען דיא 20 קרײצער. דער קעלנער האָט פון א קאָרב ארויסגענומען אלטע בולקעלעך און האָט זײ אוועקגעגעבען דעם פּעדלער, וועלכער האָט זײ האסטיג ארײנגערוקט אין דיא עשענעס.

פריעדריך האָט זיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהן. ארויסגעהענדיג האָט ער ווידער דערזעהן דאָס דערפרוירען אינגעל, זיצט אָבער צוזאמען מיט׳ן פּעדלער, וועלכער האָט איהם דערלאנגט די הארטע בולקעלאך, אָט דער איז דער טאטע פון אינגעל.

איך ניב איהם, גנעדיגער הערר דיא בולקעלעך, אז ער זאָל זײ אהיים טראָגען צו מײן ווײב. דאָס איז היינט מײנע ערשטע לײזונג".

„מאָקי אויף אן אמת?" האָט פריעדריך אָנגעהויבען פאָרשען.

„הלואי וואָלט דאָס אזוי ליעגען געווען, וויא עס איז וואָהר", האָט ער געענטפערט מיט אקרעכץ. „פון אומעטום יאָגען זײ מיך ארויס, אז איך קום האנדלען. ווערט מען געבאָרען א איד, איז שוין גלײכער צו געהן זיך טרינקען".

פריעדריך, וועלכער האָט זיך מיט א מינוט פריהער אָבגערעכענט מיט׳ן לעבען האָט פּלוצלונג געפונען א געלעגענהײט, זיך מיט עפּעס מתעסק צו זײן, אימיצען צו העלפען. זײנע געדאנקען האָבען גענומען אנ־אנדער ווענדונג. דעם קארטענבריעף האָט ער אראָבגעלאָזען אין פּאָסטקעסטעל. דערנאָך איז ער געגאנ־

נען ווייטער מיט'ן פעדלער און זיין קינד, און האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס מען האָט איהם דערצעהלט:

„מיר זיינען געקומען פון גאליציען. אין קראקאָוו האָב איך געוואָהנט אין איין חדר מיט נאָך דריי שכנים. מיר האָבען געלעבט פון ווינד, האָב איך געמיינט, אז ערגער קען שוין ניט זיין, בין איך מיט מיין ווייב און מיינע קינדער געקומען אהער. ערגער איז דאָ טאקע ניט, אָבער בעסער אויך ניט".

„וויא פיעל קינדער האָט איהר?"

דער פעדלער האָט געהענדיג אָנגעהויבען צו וויינען: „פינף האָב איך גע־האט. דריי זיינען מיר געשטאָרבען, זייט מיר זיינען דאָ. איצט האָב איך נאָר אָט דעם און דאָס קליינע מיידעלע, וואָס איז נאָך ניט אנטוויינט פון דער ברוסט.... דוד, לויף ניט אזוי גיך".

דאָס יונגעל האָט זיך אמוגעדרעהט: „דיא מוטער איז געוועזן אזוי הונגעריג, בשעת איך האָב איהר געבראכט דיא דריי קרייצער פון דעם הערן".

„אזוי? איהר זייט עס געוועזן דער גוטער הערר?" האָט געזאָגט דער פעדלער און האָט געוואָלט אָננעהמען פריעדריך'ס האנד, זיא א קוש צו טאָהן.

פריעדריך האָט דיא האנד שנעלל צוריק געצויגען: „וואָס איז דאָס פאר אן ארט?.... זאָג מיר, מיין קינד, וואָס האָט דיא מוטער דיינע געטאָהן מיט דיא דריי קרייצער?"

„מילך האָט זיא געקויפט פאר מרים".

„מרים איז אונזער צווייטע קינד", האָט ערקלעהרט דער פעדלער.

„און דיא מאמע האָט ווייטער געהונגערט?" האָט פריעדריך געפרעגט מיט א רחמנות געפיהל.

„יאָ, הערר", האָט דוד געענטפערט.

פריעדריך האָט נאָך געהאט ביי זיך עטליכע גולדען. צו זיינען זיי דאָ ביי איהם, צו ניט — איז שוין איצט, ווען ער האָט שוין אָבגערעכענט מיט זיין לעבען, קיין גרויסער חילוק ניט. ער קען דיא אונגליקליכע ראטעווען פון דער גרעסטען נויט, כאָטש אויף א קורצער צייט.

„וואו וואָהנט איהר?" האָט ער געפרעגט דעם פעדלער.

„אויף דער בריגיטענויער לענדע. מיר האָבען א חדר'ל, אָבער מען האָט אונז שוין אָבגעזאָגט פון דער דירה".

„גוט. איך וויל מיך איבערצייגען, אויב אייער עלענד איז טאקע אזוי גרויס, איך געה מיט אייך מיט אהיים".

„אדרבה“ האָט געזאָגט דער פעדלער, „קיין נחת וועט איהר דערפון ניט האָ־בען, גנעדיגער הערר, מיר ליגען אויף שטרוי. איך האָב גערעכענט צו געהן אין אנדערע קאפע הייזער, אָבער אויב איהר פערלאַנגט, געה איך מיט אייך אהיים“.

זיי זיינען אריבער דיא אויגארטענברידזש צו דער בריגיטענויער לענדע. דוד, וועלכער איז איצט נאָכגעגאנגען דעם טאַטען טריט ביי טריט, האָט שטילערהייט געפרעגט:

„טאַטע, קען איך נעהמען א שטיקעל פון דיא בולקעס?“

„עס. עס“, האָט געענטפערט דער פעדלער, „איך וועל אויך א שטיקעל פערזו־כען. עס וועט קלעקען פאַר דער מאַמע אויך“.

און דער טאַטע און דער זוהן האָבען שטאַרק געבראָכען מיט דיא צייהן דאָס פערהאַרטעוועטע ברויט, וואָס זיי האָבען ארויסגענומען פון דיא קעשע־נעס.

פאַר א הויף נייעם הויז ביי דער לענדע האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט. פון הויז האָט זיך געהערט דער פייכטער אָטהעם פון א פרישען בנין, דער פעדלער האָט א ציה געטאָהן פאַרן גלאָק. קיינער האָט זיך ניט געריהרט. אין א ווײַלע ארום האָט ער וויעדער א ציה געטאָהן און געזאָגט:

דער סטרוזש וויים שוין ותר עס קומט און האָט זיך צייט, א מאָהל שטע־איך א שעה צייט. ער איז א גראָבער מענש. צייטענווייז, ותן איך האָב ניט פאַר איהם דיא פינף קרייצער פאַר'ן עפענען, האָב איך גאָר ניט דעם מוטה אהיים צו געהען.

„און וואָס טהוט איהר דאַמאָלסט?“ האָט פריעדריך געפרעגט.

„געה איך ארום אין דיא גאסען ביז אין דער פריה. בשעת מען עפענט שוין דיא טהויערן“.

פריעדריך האָט זיך שוין אליין גענומען פאַרן גלאָק און האָט שטאַרק אָנ־געהויבען צו קלינגען.

באַלד דאַרויף האָט זיך געהערט טריט הינטערן טהויער. פּיס אין פּאַנטאָפעל האָבען זיך געשלעפּט, שליסלען האָבען געקלונגען און דורך דיא שפּאַלטען אי־דורך א שיין. דער טהויער האָט זיך געעפענט. דער סטרוזש האָט א הייב געטאָהן דיא לאַמטערן אקעגען זיי און געשריען:

„ותר רייסט דאָס אזוי פאַרן גלאָק? וואָס? דאס יורענפּאַק?“

דער פעדלער האָט זיך ענטשולדיגט א דערשראָקענער:

„נישט איך בין דאָס געווען, אָט דער הערר גאָר“....

דער סטרוזש האָט זיך געזירעלט: „א הזע דאָס איז!“

„דאָס מויל זאָלט איהר האַלטען אין דיא רגע, גראָבּער יונג!" האָט פריעד־ריך א טופּע געטאָהן מיט'ן פוס און האָט איהם צוגעוואָרפען א זילבערנע מטבע.

באַלד וויא דער סטרוזש האָט דערהערט דעם קלאַנג פון זילבער איז ער גע־וואָרען קליין ביי זיך און חכנעה'דיג געזאָגט:

„ניט אייך האָב איך עס געמיינט, גנעדיגער הערר, אָט די יודען נאַר".

„שוויינ און לייכט מיר דיא טרעפּ ארויף".

דער סטרוזש האָט זיך איינגעבויגען און אויפגעהויבען דיא מטבע. א גאַנ־צע קראָנע. דאָס מוז געוויס זיין א געהויבענער מענש.

„עס איז אויפ'ן פינפטען שטאָק", האָט געזאָגט דער פּעדלער, „אפשר וועט אונז דער הערר הויזבעזאָרגער באָרגען א שטיקעל ליכט".

„דעם ליטוואק באָרג איך ניט", האָט יענער געענטפערט, „אָבער ווען דער גנעדיגער הערר פערלאַנגט א ליכט....."

ער האָט באַלד ארויסגענומען דאָס שטיקעל ליכט פון דער לאַמטערן און האָט עס געגעבען פריעדריכען. ער איז פערשוואונדען געוואָרען מיט א געברום. פריעד־ריך איז ארויף מיט ליטוואקען און מיט דוד'ן דיא פינף טרעפּען.

דאָס ליכט איז טאַקי זעהר נויטהיג געווען, ווייל ארום איז געווען פינסטער וויא אין א הייהל. אויך אין דעם חדר'ל מיט איין פענסטער ביי ליטוואקען איז ניט געווען קיין ליכט, חאָטש דאָס ווייב זיינס, וואָס האָט זיך אויסגעבעט אויף שטרוי, איז געווען אויף און געזעסען אויף איהר געלעגער. ביי דעם טונקעלען שיין פון ליכטעל האָט פריעדריך בעמערקט, דאָס דאָס צימער האָט ניט קיין מעבעל, קיין שטוהל, קיין טיש קיין שאַפע; אויף'ן פענסטער ברעט זיינען געשטאַנען עט־ליכע פלעשליך און א פּאָר צובראָכענע טעפּלעך. עס איז געווען א בילד פון דער גרעסטען ארעמקייט. ביי דער שלאָפען ברוסט האָט דיא פרוי געהאַלטען א וויי־נענדיג קינד. מיט טיעף איינגעגראָבענע פּחד'יגע אויגען האָט ליטוואקס ווייב געקוקט אויף דעם נייעם אורח.

— „ווער איז דאָס, חיים" האָט זיא ארויסגעקרעכצט מיט א אונרוהיגע שטימע.

„א גוטער הערלע", האָט זיא ליטוואק בערוהיגט.

דוד איז צו צו איהר „מאמע, אָט איז ברויט", און האָט איהר דאָס אוועק־געגעבען.

מיט גרויס מיה האָט זיא אָבגעבראָכען א שטיקעל דערפון און פּאַמעלאַך אריינגעלייגט א ביסען אין מויל. זיא איז געווען שוואַך און אָבגעמאָגערט, אָבער

דאָס פערקרימטע געזיכט האָט נאָך געוויזען שפורען פון אמאָליגער שעהנקייט.

„אָט דאָ וואָהנען מיר", האָט חיים געזאָגט מיט א ביטערען שמייכעל, „אָבער איך ווייס ניט אפילו, אויב מיר וועלען חאָטש נאָך דאָס האָבען איבערטאָרגען. מען האָט אונז שוין אָבגעזאָגט פון דער דירה".

דיא פרוי האָט הויך אָבגעזיפצט. דוד האָט זיך צוזאמענגעדרעהט אויף דעם שטרוי־געלעגער, און זיך צוגעטולעט צו דער מאמען.

„וויפיעל דארפט איהר, כדי צו קענען דאָ בלייבען?" האָט פריעדריך גע־פרעגט.

„דריי גולדען" האָט ליטוואק געענטפערט, „איין גולדען און צוואנציג קריי־צער פאר דירה־געלד, און דיא איבריגע בין איך שולדיג דער בעל־הבית'טע. פון וואנען זאָל איך ביז מאָרגען דריי גולדען נעהמען? חאָטש מיט דיא קינדער אין גאס זיך אויסציהען".

„דריי גולדען האָט דיא פרוי שטיל געיאָמערט.

פריעדריך האָט אריינגעשטעקט דיא האנד אין דיא קעשענע. ער האָט גע־האט אכט גולדען ביי זיך. דאָס האָט ער אוועקגעגעבען דעם פעדלער.

„גאָט דו גערעכטער! צו מיינט איהר דאָס אויף וואָהר?" האָט חיים אויס־גערופען, און טרערען זיינען איהם גערונען איבער דיא באקען. „אכט גולדען, רבקה! דוד! גאָט האָט זיך דערבארעמט אויף אונז! געלויבט איז זיין נאָמען!"

רבקה איז ארויס פון דיא כלים. אויף דיא קניע האָט זיא זיך געשטעלט צו דעם רעמער זייערען. אויף'ן רעכטען אָרעם האָט זיא געהאלטען דאָס שלאָפענדע וויקעלקינד, מיט'ן לינקען האָט זיא געזוכט פריעדריך'ס האנד אָנצוגרייפען און קושען.

ער האָט האסטיג צוגענומען דיא האנד.

„מאכט זיך דאָך ניט צום נארען! פאר מיר האָבען דיא פאָר גולדען קיין ווערדע ניט, עס איז קיין חלוק ניט צו איך האָב זיי צו ניט... דוד, לייכט מיר ארונ־טער דיא טרעפען".

רבקה איז צוריקגעפאלען אויף איהר געלעגער און האָט געיאָמערט פאר פרייד. חיים ליטוואק האָט עפעס געמורמעלט א דאנק־געבעט אויף לשון קודש. פריעדריך איז דיא טרעפע ארונטער, בעגלייט פון דוד'ן, וועלכער האָט הויך גע־טראָגען דעם ליכטעל. בשעת זיי זיינען שוין געוועזען אויף'ן צווייטען שטאָק האָט דוד זיך אָבגעשטעלט און געזאָגט:

„„אז גאָט וועט פון מיר מאכען א שטארקען מענשען, וועל איך אייך אָב־צאָהלען".

פריעדריכען האָט דער טאָן און דיא ווערטער פון דעם קליינעם סוחר'ל שטארק פערוואונדערט.

עס האָט זיך אין זיי עפּעס געהערט א פעסטינקייט, א פריה־דערוואקסענער גייסט.

„וויא אלט ביסט דו? האָט ער איהם געפרעגט.

„מיר דוכט זיך — צעהן יאהר" האָט געענטפערט דוד.

„וואָס ווילסט דו זיין?

„לערנען וויל איך, א סך לערנען".

פריעדריך האָט ניט ווילענריג אָבגעזיפצט. „און מיינסט דו, אז דאָס קלעקט שוין?

„יאָ — האָט פּעסט געענטפערט דאָס יונגעל — איך האָב געהערט, אז מען לערנט, ווערט מען שטארק און פריי. גאָט וועט מיר בעהילפיג זיין דערצו, דע־מאָלסט וועל איך און מיינע עלטערן און מרים געהן קיין ארץ־ישראל".

„קיין פּאלעסטינא?" האָט פריעדריך געפרעגט פערוואונדערט, „וואָס וועסט דו דאָרט טהון?

„עס איז אונזער לאנד, דאָרט קענען מיר גליקליך זיין".

עס איז גאָר ניט געווען אזוי חוזק צו הערען, וויא דאָס אָרעמע יונגעל האָט אין צוויי ווערטער בעשטימט זיין צוקונפט פּראָגראם. פריעדריך האָט זיך געמוזט דערמאָנען אָן דיא נארישען שפּאסמאכער גרין און בלוי, וואָס האָבען זיך געוויצעלט איבער ציוניזמוס. דוד האָט נאָך צוגעלעגט:

„און ווען איך וועל עפּעס פערדיענען, וועל איך אייך אָבצאָהלען".

„איך האָב דאָך דאָס געלד ניט דיר געגעבען נאָר דיין טאטען", האָט פריעד־ריך געשמייכעלט.

„וואס מען גיט מיין טאטען, גיט מען מיר. איך וועל פאר אלץ אָבצילטען, פאר גוטס און שלעכטס".

דוד האָט עס ארויסגערעדט מיט א פעסטיגקייט און האָט פון זיין קליינער האנד געמאכט א פויסט קעגען דעם סטרוזש'ס וואָהנונג, וואו זיי זיינען איצט געשטאנען.

פריעדריך האָט ארויפגעלייגט זיין האנד אויף דוד'ס קעפּעל:

„מעג דיר דער גאָט פון אונזערע אבות ביישטעהן".

און ער האָט זיך פערוואונדערט איבער זיינע איינענע ווערטער, דערנאָך וויא ער האָט זיי ארויסגערעדט. זייט זיינער קינדהייט, האָט פריעדריך פערגעסען

„דעם גאַט פון אונזערע אבות“. דאָס זעלטענע בענגניש אָבער האָט אויפ־געוועקט אין איהם אלטע פערגעסענע בילדער און א רגע־לאנג האָט ער געפיהלט א בענגשאפט צו דער שטארקער אמונה פון זיין יוגענדצייט, בשעת ער איז נאָך געשטאנען אין נאָהענטע קרוב׳שאפט מיט דעם גאָט פון זיינע אבות.

דער סטרוזש האָט זיך ארויסגעשארט. פריעדריך האָט איהם געזאגט:

„פון איצט אָן וועט איהר דיא אָרעמע מענשען לאָזען לעבען. ווען ניט, וועט איהר האָבען מיט מיר צו טהון. פערשטאנען וואָס מען זאָגט?

און אזוי וויא ביי דיא ווערטער האָט זיך בעוויעזען א נייעס פרינק־געלד, האָט זיך דער גראָביאן בענגינט דערמיט, „א קוס ד׳האנד אייער גנארען“ ארויס־צוברומען.

פריעדריך האָט דעם קליינעם דוד געדריקט ד׳א האנד און איז ארויס אויף די איינזאמע געלענדע.

---

## IV.

אין דעם בריף, וואָס פריעדריך האָט געקריגען פון נ. אָ. באָדי, האָט מען איהם פערבעטען אין א רייכען האָטעל אויף דער רינגשטראסע. צו דער בעשטימ־טע שטונדע איז ער געקומען און האָט געפרעגט, וואו וואָהנט דאָ מיסטער ק י נ ג־ס ק א ו ר ט. מען האָט איהם אָנגעוויעזען אויף א זאל אין ערשטען שטאָק. בשעת ער איז אריין, איז איהם אקעגען געגאנגען א הויכער מאן מיט ברייטע שולטערן.

„זייט איהר דאָס לעוועגבערג?“.

„איך בין דאָס“.

„זעצט זיך, דאָקטאָר“.

זיי האָבען זיך געזעצט. פריעדריך האָט אויפמערקזאם בעטראכט דעם פרעמ־דען מאָן און האָט געווארט אויף זיינע ערקלערונגען. מיסטער קינגסקאורט איז געוועזן א פונפציגער, מיט א האלב־גרויען פולען באָרד, מיט געדיכטע ברוינע האָר אויפ׳ן קאָפּ, אין וועלכע עס האָבען זיך שוין געצויגען גרויע זילבערנע פעדעם; ביי דיא שלייפען זיינען זיי שוין געוועזן ווייסליך כמעט. ער האָט לאנגזאם געררוי־בערט א גראָבע ציגאר.

„איהר רויכערט, דאָקטאָר?“.

„איצט ניט האָט פריעדריך געענטפערט.

מיסטער קינגסקאורט האָט ארויסגעלאָזען א רינג פון רויך אין דער לופט: ער האָט געקוקט מיט גרויס אינטערעס וויא דער רינג איז פאמעלאך צופאלען געוואָרען, און דערנאָך, וויא דער רויכ־וואָלקען איז צושוועבט געוואָרען, האָט ער, ניט קוקענדיג אויפ'ן גאסט, געזאָגט:

„פאר וואָס איז אייך דאָס לעבען נמאס געוואָרען?"

„אויף דיא פראגע גיב איך ניט קיין ענטפער", האָט לעווענבערג רוהיג גע־ענטפערט.

מיסטער קינגסקאורט האָט זיך גוט איינגעקוקט אויף איהם, צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפ, אקוראט ווי ער איז איהם מסכים דערצו, אָבגעקלאפט דיא אש פון זיין ציגאר און האָט געזאָגט:—דער טייוועל זאָל מיך נעהמען! איהר זייט גע־רעכט, דאָס איז ניט מיין עסק. אז מיר וועלען צווישען זיך פארטיג ווערען, וועט איהר מיר שוין אליין דערציילען. דערווייל וועל איך אייך זאָגען ווער איך בין. מיין ריכטיגער נאָמען איז קעניגסהאָף. איך בין א דייטשער עדעלמאן. אין דער יוגענד בין איך געוועזען א אָפיציער, אָבער דער מונדיר איז געוועזען צו ענג פאר מיר. איך פערטראָג ניט, אז א פרעמדער ווילען זאָל זיין איבער מיר, ער מעג זיין דער בעס־טער און אָרענדסטליכער. געהאָרכען האָב איך נאָר געקענט א פאָר יאהר, דערנאָך האָב איך געמוזט אוועקגעהן, אז ניט וואָלט איך סוף כל סוף ארויסגעפלאצט און אָנגעמאכט ווייס גאָט וואָס. איך בין אוועק קיין אמעריקא, מיט שוויים און בלוט האָב איך אין צאנציג יאהר זיך ערוואָרבען א גרויס פערמעגען, און בשעת איך האָב שוין געבראכט אזוי ווייט, האָב איך מיר א ווייב גענומען... איהר זאָגט עפּיס, דאָקטאָר?".

„גאָר נישט, מיסטער קיננסקאורט".

„גוט. איהר זייט נאָך א בחור?"

יאָ, מיסטער קיננסקאורט... אָבער איך האָב גערעכענט, אז איהר וועט מיר זאָגען, אין וואָס זאָל בעשטעהן מיין לעצטע פרוב, וואָס איהר ווילט מיר פאָרשלאָגען".

„איך האלט שוין דערביי, דאָקטאָר.... אויב מיר וועלען בלייבען צוזאמען, וועל איך אייך אין ברייטען דערצעהלען, וואָס איך האָב אָבגעטאָן ביז איך בין גע־קומען צו מיינע מיליאָנען. איך בין א מיליאָנער, זאָלט איהר וויסען זיין.... איהר זאָגט עפּעס?

„גאָר נישט, מיסטער קינגסקאורט".

„מיט ענערגיע קען מען אלץ דערגרייכען, דאָקטאָר.... דאָס וואָס מען וויל

שטארק — מוז מען קריגען. ערשט אין אמעריקא האָב איך אײנגעזעהן, וואָס פאר פוילע בטלנים עס זײנען דיא אײראָפּײער, וויא שוואך ביי זיי איז דער רצון..... דער טײוועל זאָל מיך נעהמען! בקצור, עס איז מיר אָבגעלונגען. אָבער אז איך האָב שוין זיך אזוי הויך ארויפגעווינדעוועט, האָב איך אָנגעהויבען צו פיה־לען דיא אײנזאמקייט. דער צופאל האָט געברײנגט, דאָס אײנער א קעניגסהאָף,א זוהן פון מײנעם א ברודער, האָט עפּעס אָבגעטהון א נארישקייט. איך האָב איהם גענומען צו זיך גראָד אין דער צייט בשעת איך האָב זיך אָנגעהויבען צו שרכנ'ען, פערשטעהט איהר מיך, איך האָב געוואָלט גרינדען א הויז, נעהמען א ווייב, וואָס איך זאָל קענען בעהענגען מיט דיאמאנטען און בריליאנטען, וויא איטליכער אויפ־געקומענער גביר. איך האָב געבענגט נאָך א קינד, צו וויסען אז איך האָב זיך ניט אומזיסט געפּלאגט. איך האָב געמיינט, אז איך טהו א געוואלטיגע חכמה, ווען איך נעהם מיר א אָרעם מיידעל. זיא איז געווען דיא טאָכטער פון אײנעם פון מײנע מענשען. איהר און איהר פאָטער האָב איך א סך גוטס געטהון, און זיא האָט מיין פאָרשלאג זיא צוהייראטהען אָנגענומען. איך האָב דאָס געהאלטען פאר ליעבע פון איהר זייט, אָבער זיא האָט נאָר געפיהלט דאנקבארקייט צו מיר. אפשר האָט זיא דאָס געטהון פאר פחד, זיא האָט זיך ניט דערוועגט מיר אָבצוזאָגען. איך האָב מיר געגרינדעט א פאמיליענהיים, און מיין פּלעמעניק האָט צוזאמען געוואָהנט מיט אונז. איהר וועט זאָגען, אז עס איז א נארעשקייט געווען: א אלטער מאן צווישען צוויי יונגענדען וואָס מוזען זיך צוזאמענטרעפען.... איך האָב טאקי באלד נאָכדעם, וויא איך האָב זיי געחאפּט, זיך גערופען אייזעל, אלטער נאר, אָבער ווען ניט ער, וואָלט געקומען א אנדערער. בקיצור, ביידע האָבען מיך גענארט פון ער־שטען טאָג אָן. בשעת איך האָב דאָס ענטדעקט, איז מיין ערשטע ארבייט גע־ווען — אָנצולאָדען דעם רעוואָלווער, אָבער באלד האָב איך מיר געזאגט, אז שול־דיג בין איך נאָר אליין. און איך האָב זיי געלאָזט מאכען א ויברח. א ניעדריגער חאראקטער און א מענש — דאָס איז דיא אייגענע זאך מיט אנדערע נעמען. איטליכע געלעגענהייט פּאָרט צוזאמען א פערבאָטענע ליעבע. מען מוז אנטלויפען פון דיא מענשען, אויב מען וויל ניט צו גרונד געהן צוליעב זיי. זעהט איהר, אָט דאָס האָט מיר חרוב געמאכט. דענסטמאָל איז מיר אריין א געדאנקען אריינצו־לאָזען זיך א קויל און צו מאכען א סוף פון דער נארישער קאָמעדיע. אָבער איך האָב זיך באלד דערמאָנט, אז דעם טויט פערזאמט מען ניט. עס פערשטעהט זיך, אז צו קלייבען עשירות האָב איך שוין פערלאָרען דעם חשק, אז מיין שטרעבען צו א פאמיליען לעבען איז צורונען וויא א חלום, און עס איז מיר געבליעבען, אלס

לעצטע פּרוב, דיא אײנזאַמקײט. אָבער דיא אײנזאַמקײט מוז זײן גרױס און פער־פולט, ניט הערען און ניט װיסען מעהר פון דיא מענשעלעך מיט זײערע קינדערשע מלחמות, מיט זײערע שמוציגע עסקים און ניעדעריגע אונגעטרײקײטען! עס מוז זײן א ריכטיגע אמת'ע, טיעפע אײנזאַמקײט, װאו מען הערט שױן אױף עפּעס צו פערלאַנגען, פאר עפּעס צו שטרײטען, מען מוז מיט'ן גאַנצען הארצען זיך צו־ריקקעהרען צו דער נאַטור! אָט אזא אײנזאַמקײט איז דער אמת'ער גן־עדן, װאָס דיא מענשען האָבען פערלאָרען דורך זײערע אײגענע שולד. און אזא אײנזאַמקײט האָב איך געפונען".

„און איהר האָט זיא שױן טאַקי געפונען?" האָט פריעדריך געפרעגט, װעל־כער האָט נאָך אַלץ ניט פערשטאַנען װאָס דער אמעריקאַנער װיל.

„יא, דאָקטאָר. איך האָב מײנע געשעפטען ליקװידירט און בין צום צװײטען מאָל ענטרונען פון מײנע בעקאַנטע. קײנער װײס ניט װאו איך געפין מיר. איך האָב מיר געבױט א קלײן שטארק שיף, און, װיא עס איז ארױס א קלאַנג, בין איך מיט איהר פערפאַלען געװאָרען. חדשים האָב איך זיך אױף דיא פערשיעדענע ימים ארומגעטריעבען. דאָס איז א פערגענעגען אזא לעבען. צו װילט איהר דאָס ניט אױספּרובירען? אָדער צו קענט איהר שױן אזא לעבען אױפ'ן ים?".

„איך האָב דאָס נאָך ניט אױסגעפּרובירט", האָט פריעדריך געענטפערט, „אָבער איך װאָלט גרײליך געװאָלט".

„שײן, דאָקטאָר... דאָס לעבען אױף אזא יאַכטשיף גיט שױן א פרײהײט, אָבער ניט דיא אײנזאַמקײט. מען מוז דאָך האָבען שיפּסלײט. מען מוז זיך אָב־שטעלען אין א האַפען צוליעב ברענקױלען, מען טרעפט זיך װיעדער מיט מענשען און דאָס איז שױן שמוץ. איך קען א אינזעל אין דעם דרום ים (זיד זעע), װאו מען איז אײנער אלײן. דאָרט װיל איך לעבען. עס איז א קלײנער שטײנערנער אינזעל אין קוקס־ארחיפּעל. איך האָב זיא אָבגעקױפט און געלאָזט פון דיא מענשען װעל־כע װאָהנען אין באַראטאָנגאָ בױען א פּאַלאַץ. דער פּאַלאַץ שטעהט אזױ פערבע־האַלטען הינטער דיא פעלזען, דאָס מען זעהט איהם פון קײן זײט ניט, װען מען פאָהרט פערבײ אױפ'ן ים. איבריגענס קומען דיא שיפען דאָרט זעהר זעלטען פערבײ. מײן אינזעל איז נאָך אַלץ אונבעװאָהנט... איך לעב דאָרט מיט צװײ דיע־נער: א שטומען נעגער פון אמעריקא און א טאַהיטיער, װעלכען איך האָב אמאָל פון װאַססער ארױסגעצױגען, בעת ער איז געלאָפען זיך טרינקען צוליעב א אונ־גליקליכער ליעבע. איצט בין איך צום לעצטען מאָל אין אײראָפּאַ צו מאַכען דיא נױטהיגע אײנקױפע פאר מײן צוקינפטיגעס אײנזאַמעס לעבען. פריהער פאר אַלץ

מוז איך איינקויפען ביכער, פיזיקאלישע אינסטרומענטען און כלי זין. די לעבענס־
מיטעל ברייננגט מיר מיין טאהיטיער פון א נאהענטער אינזעל. אלע מארגען פארט
ער אריבער מיט מיין נעגער אין א עלעקטריש שיפעל. דארף מען נאך עפעס —
קען מען אין באראטאנגא אלץ קריגען; פאר געלט קריגט מען דארט אלץ, וויא או־
מעטום. פערשטעהט איהר שוין?".

„יא, מיסטער קינגסקאורט. איך פערשטעה אבער ניט, צו וואס רערצעהלט
איהר מיר דאס אלץ?".

„צו וואס, דאקטאר? ווייל איך מוז האבען א חבר, אז ניט קען מען דאך זיך
דאס רעדען אבגעוואהנען. אויסער דעם מוז מען דאך אימיצען האבען, ווער זאל
מיר דיא אויגען צודריקען, אז איך וועל שטארבען. ווילט איהר זיין מיין חבר?".

פריעדריך האט געשוויעגען און זיך א האלבע מינוט לאנג פערטראכט, ז'ער־
נאך האט ער מיט א פעסטען טאן געזאגט: „יא!"

קינגסקאורט האט צופריעדען צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ און האט צוגעלעגט:

„איך מוז אייך אבער אויפמערקזאם מאכען, אז איהר נעהמט אויף זיך א
חוב אויפ'ן לעבען לאנג, ווענינגסטענס כל זמן איך לעב מוז דאס דויערען. אויב
איהר געהט מיט מיר, טארט איהר זיך ניט צוריקקעהרען. איהר מוזט צורייסען אלע
פעדעם, וואס פערקניפען אייך מיט אייער היים".

פריעדריך האט געענטפערט:

„מיך האלט קיין זאך ניט אב. איך בין אליין אין דער וועלט, און דאס לעבען
איז מיר נמאס געווארען".

„אט אזא מענשען זוך איך, דאקטאר. ווען איהר געהט מיט מיר, ווערט איהר
אין דער אמת'ן פטור פון לעבען, איהר וועט מעהר ניט וויסען פון גוט און שלעכט.
איהר זייט געשטארבען פאר דער וועלט און דיא וועלט איז פאר אייך אויך אונ־
טערגעגאנגען. געפעלט אייך דאס?"

„דאס געפעלט מיר".

„וועלען מיר מאכען צוזאמען א לעבען. אייער סארט מענשען איז פאר מיר
וויא אנגעמאסטען".

„איינס מוז איך אייך נאך זאגען, מיסטער קינגסקאורט: איך בין א יוד.
צו איז דאס פאר אייך ניט קיין חסרון?".

קינגסקאורט האט זיך פערנאנדערגעלאכט.

„וואס זאגט איהר פארט דערצו? אייער פראגע איז מאדנע. דאס איהר זייט
א מענש זעה איך. אז איהר זייט א געבילדעטער מענש זעה איך אויך. דאס וואס

דער לעבען איז אייך מיאוס געוואָרען, בעווייזט אז איהר זייט א מבין אויף רויכ־
ווארג. דאָס איבריגע שפּיעלט דאָרט. וואָהין מיר געהן, ניט דיא מינדעסטע ראָלע,
האָט ניט דעם ווערט פון א נאָגעל.... נו, צו זייט איהר מושב געוואָרען ביי זיך?
ער האָט איהם אויסגעשטרעקט דיא האנד.

פריעדריך האָט אָנגענומען קינגסקאורט'ס האנד און האָט זיא קרעפטיג
געדריקט.

„ווען זייט איהר פערטיג צו דער רייזע, דאָקטאָר?“

„צו יעדער צייט“.

„גוט, זאָל זיין מאָרגען. מיר פאָהרען קיין טריעסט, דאָרטען שטעהט מיין
יאכטשיף אויפ'ן אנקער. איהר דארפט זיך אפשר דאָ עפּעס נאָך איינקויפען?“

„איך ווייס אין דער, אמת'ן ניט צו וואָס? מיר פאָהרען דאָך ניט צוליעב
פערגעניגען, דאָס איז דאָך א אָבגעזעגנען זיך פון לעבען“....

„פון דעסטוועגען, דאָקטאָר! איהר דארפט אפשר געלד פיר קלייניגקייטען,
נעהמט ביי מיר וויא ביי א אייגענעם“....

„דאנק, איך דארף גאָר נישט, מיסטער קינגסקאורט“.

„האָט איהר ניט קיין חובות צו בעצאָהלען?“

„איך האָב ניט קיין געלד איך האָב ניט קיין חובות. מיין חשבון איז קורץ
און גלאט“.

„האָט איהר ניט קיין קרובים, וועמען איהר וואָלט ועלען עפּעס לאָזען?“

„קיין איינציגען קרוב“.

„דאָס איז נאָך בעסער. מיר קענען, הייסט עס, מאָרגען פאָהרען, אָבער היינט
קענען מיר שוין צוזאמען מיטאָג עסען“.

קינגסקאורט האָט געקלונגען. אויף זיין קורצען בעפעהל האָט דער קעלנער גע־
דעקט דעם טיש אין זאל, און מען האָט ארויפגעטראָגען א רייכע מאָהלצייט. דיא
ביידע מענער האָבען שמועסענדיג זיך גוט בעפריינדעט מיט איינאנדער. נאָך
דעם וויא קינגסקאורט האָט פריעדריך'ן געשענקט אזא צוטרויען, האָט ער געקראָ־
גען א פערלאנג, איהם צו דערצעהלען זיין אייגענע געשיכטע. ער האָט דאָס גע־
מאכט קורץ און קלאָר. און בשעת ער האָט געענדיגט, האָט דער אמעריקאנער
געזאָגט:

„איצט גלויב איך אייך, אז איהר וועט מיר ניט ענטלויפען פון דער אינזעל.
ליעבעס־גראם, טענות צו דער וועלט, יודישע צרות, אלץ צוזאמען איז שוין גענוג
פאַר א יונגען מאן, זיך אָבצוגעזעגנען מיטן לעבען. אייגענטליך זיך אָבצוגעזעגנע־

נען מיט'ן לעבען אונטער מענשען. אפילו, אז מען טהוט זיי גוטס, נארען זיי אָב און טהוען געברענטע פיין. דיא גרעסטע נארען זיינען דיא גרויסע בעלי צדקות. אפשר ניט אזוי?“

„איך רעכען, מיסטער קינגסקאורט, דאָס דער צדקה־געבער האָט א שטיקעל תענוג דערביי.... און איצט איז מיר גראָד אייגעפאלען.... איהר האָט מיר פריהער געלד אנגעבאָטען אויב איך וויל עמיצען עפעס לאָזען פאר אָבגעזעגענען זיך מיט'ן לעבען. איך קען א פאמיליע, וואָס לייררט שרעקליכע נויט. פאר דיא וואָלט איך עפעס געוואָלט טהון, ווען איהר וועט מיר געבען אייער ערלויבניס דערצו“.

„דאָס איז א נארישקייט דאָקטאָר, אָבער איך קען אייך ניט אָבזאָגען. סיי וויא סיי האָב איך בעשלאָסען, אייך צו געבען א סומע געלד אין אָרדנונג צו בריינ־גען אייערע אנגעלעגענהייטען. טהוט דערמיט וואָס איהר ווילט. צו וועלען פינף טויזענד גולדען זיין גענוג?“

„איבער און איבער!“ האָט פריעדריך געזאָגט, „און פאר מיר איז דאָס אויך א געהויבען געפיהל, צו וויסען אז מיין געזעגנען זיך מיט'ן לעבען איז ניט געווען אָהן א צוועק“.

## V

דער חדר פון דער פאמיליע ליטוואק האָט ביי טאָג נאָך ערגער אויסגעזעהן, וויא ביי נאכט. און פונדעסטוועגען האָט פריעדריך דיא ליטוואקס אנגעטראָפען שטארק אויפגערעגט און פרעהליך. דוד איז געשטאַנען ביים פענסטערבעט, וואו עס איז געלעגען א אָפענער ספר, אין וועלכען ער האָט געלייענט; דערביי האָט ער אָבגעביסען אלע ווײלע פון א גראָבע מוציא ברויט מיט פוטער. דער פאָטער און דיא מוטער זיינען געזעסען אויף דער שטרויה-געלעגער דיא קליינע מרים האָט זיך געשפּיעלט מיט שטרויהרעהרלעך.

חיים ליטוואק האָט זיך האסטיג אויפגעהויבען, אויפצונעהמען זיין העלפער פון נויט. דיא פרוי האָט אויך געוואָלט אויפשטעהן אָבער פריעדריך האָט דאָס שוין ניט צוגעלאָזען. ער האָט זיך האסטיג צוגעזעצט אויף דיא קניע צו איהר און האָט א גלעט געטאָן דאָס ברוסט קינד, וואָס האָט פון זיינע צוריסענע שמאטעס געקוקט אויף איהם מיט ליעבע אויגליך און געשמייכעלט.

„נו, וויא פיהלט איהר אייך היינט, פרוי ליטוואק?“ האָט פריעדריך גע־
פרעגט.

דאָס עלענדע ווייב האָט געזוכט ביי איהם דיא האנד צו קריעגען, זיא א קוש
צו טהון:

„א סך בעסער, גנעדיגער הער. מיר האָבען מילך פאר מרים און ברויט פאר
אונז“.

„דירה־געלד האָב איך שוין אויך בעצאָהלט“, האָט חיים שמאָלץ געזאָגט.

דוד האָט אוועקגעלייגט זיין מוציא ברויט און איז געשטאנען מיט אריבער־
געלייגטע אָרעמס און גלייך און פעסט בעטראכטעט פריעדריכען.

„וואָס קוקסט דוא אויף מיר מיט אזעלכע אויגען, מיין דוד׳ל?“ האָט פרי־
עדריך געפרעגט.

„דאמיט איך זאָל אייך ניט פערגעסען, הערר! איך האָב אמאָל געלעזען א
געשיכטע פון א מאן, וועלכער האָט געהאָלפען א קראנקען לייבען“.

„אנדראָקלוס“, האָט פריעדריך געשמייכעלט.

„ער האָט שוין א סך געלעזען, מיין דוד“, האָט דיא מוטער געזאָגט מיט א
שוואכער און צערטליכער שטימע.

פריעדריך איז אויפגעשטאַנען, האָט ארויפגעלייגט דיא האנד אויפ׳ן רונדען
קאָפּ פון יונגעל און אין א געלעכטער געפרעגט:

„ביזט דו שוין א לייב גאָר? אין אלטען ארץ ישראל זיינען אמאָל געווען
לייבען“...

דוד האָט מיט א קינדישע העזה געענטפערט:

„וואָס עס איז אמאָל געווען, קען ווידער קומען... אונזער אלטער גאָט לעבט
נאָך“.

פרוי ליטוואק האָט מיט א וויינענדיגע שטימע געזאָגט:

„מיר קענען אפילו אייך א שטוהל ניט אָנבאָטען, גנעדיגער הערר“.

„עס איז ניט נעטהיג. איך האָב מעהר ניט געוואָלט זעהן, וויא עס געהט
אייך, און אייך עפּעס ברייגגען. אָט דעם בריעף זאָלט איהר עפענען, נאָכדעם וויא
איך וועל אוועקגעהן. דאָ איז דאָ א גוטע פּראָטעקציע, וואָס קען אייך א סך נוצען
בריינגען. איהר מוזט זעהן זיך גוט אויפצופּאסען כדי איהר זאָלט דאָס שעהנע
קליינע מרים׳ל אויפהאָדעווען קענען, אז זיא זאָל זיין אזא וואוילע פרוי וויא איהר
אליין זייט.

„אַי, א בעסערען מזל זאָל זיא האָבען“ האָט זיא אָבגעזיפצט.

„און דעם בחור'ל װאָלט איהר געבען לערנען עפּעס רעכטס. גיב מיר דײן האנד, יונגאַץ! זאָג מיר צו א װאָרט, אז דוא װעסט זײן א אָרענטליכער מענש“.

„יא, איך גיב אײך מײן װאָרט דארויף“.

װאס פאר װאונדערליכע שײנע אויגען האָט דאָס יונגעל! האָט געטראכט פריעדריך, בשעת ער האָט געדריקט דאָס קלײן הענטעל. דערנאָך האָט ער אװעק־געלײגט דעם שװערען בריעף אויף'ן פענסטער־ברעט און האָט שוין געװאָלט אװעקגעהן.

„איך בעט אײך מחילה, גנעדיגער הערר, צו איז אין בריעף דאָ אפשר א פּראָטעקציע צו דיא קהלס־לײט?“ האָט חיים געפרעגט.

„איהר האָט געטראָפען“, האָט פריעדריך געענטפערט, „דאָס װעט אײך אויך בײ דיא קהל'ס־לײט ברײנגען א סך נוצען“.

און ער איז האסטיג ארויס. ער איז אראָפּ דיא טרעפּ מיט א געפּיהל, װיא אײנער װאָלט איהם נאָכיאָגען. פאר'ן טויער איז געשטאנען דיא קארעטע, װאָס האָט געװארט אויף איהם. האסטיג האָט ער זיך ארײנגעזעצט און צוגערופען דעם קוטשער: „פאָהר װאָס צום גיכסטען!“

דיא פערד האָבען זיך א לאָז געטאָהן. עס איז שוין געװען דיא העכסטע צײט. אין א רגע שפּעטער איז דוד ארויס געלאָפען אָהן אָטהעם פון דעם טהויער, האָט געפאָרשט אויף אלע זײטען און אלס ער האָט זײן העלפער שוין אין ערגעץ ניט געזעהן, האָט ער אָנגעהויבען צו װײנען אויס'ן קול. פריעדריך האָט דאָס גע־זעהן דורך דאָס פענסטעריל פון דער קארעטע און ער האָט זיך געפרײט. דאָס עס איז איהם אָבגעלונגען, זיך ארויס צודרעהן פון דיא דאנקען און ברכות. מיט פינף טויזענד גולדען קען מען שוין אזא פאמיליע ראטעװען.

אין האָטעל האָט איהם ערװארטעט קיננסקאורט מיט א ברײטען שמײכעל:

„האָט איהר ממלא געװען װאָס איהר האָט געװאָלט, אָבגעבען אײער גמילות חסד, דאָקטאָר?“.

„ריכטיגער װאָלט געװען צו זאָגען אײער גמילות חסד. דאס איז דאָך געװען אײער געלד, מיסטער קיננסקאורט“.

„אזוי גאָר! געגען אזעלכע װערטער פּראָטעסטיר איך מיט'ן גאנצען הער־צען. א גראָשען װאָלט איך ניט אויסגעגעבען כדי א מענשען גוטס צו טהון! איך װעהר אײך ניט צו זײן דער נאר, װאָס אָפּפערט זיך פאר מענשען־ליעבע. איך װיל אָבער ניט זײן דער נאר. דאָס איז געװען אײער האנדגעלד, און איהר האָט דער־מיט געקאָנט מאכען װאָס איהר װילט“.

„זאָל זיין אזוי וויא איהר זאָגט, מיסטער קינגסקאורט".

„זעהט איהר, ווען איהר וואָלט מיר געזאָגט, אז איהר דארפט געלד צונוצען פאר שטילע בהמות, וואָלט איהר שוין עפּעס געקענט ביי מיר פּועל'ן. אָבער צונו־צען פאר מענשען? מיט דעם סאָרט בחמות זאָלט איהר מיר ניט פערדרעהען דעם קאָפּ. דאָס איז א פוילע סחורה. דער גאנצער שכל זייערער בעשטעהט אויף שמר־שטיק... מיט עטליכע טעג צוריק האָב איך געליינט, אז א אלטע דאמע האָט איהר גאנצען פערמעגען אָבגעזאָגט פאר איהרע קעץ. זיא האָט געהייסען אין דער צוואה, אז מען זאָל איהרע גאנצע וואָהנונג איינטהיילען דיא חברה קעץ און מען זאָל האלטען פאר זיי עקסטרא משרתים. דער צייטונגס־שרייבער האָט דערצו געמאכט א אידיאָטישען פירוש, אז דיא אלטע דאמע האָט געמוזט זיין משוגע מן הסתם. ניט משוגע איז זיא געוועזן, א חכמה איז זיא געווען, זיא האָט געוואָלט ארויסווייזען וויא ווייט דער מענש איז אין איהרע אויגען א בזיו, און בפרט האָט זיא גע־וואָלט נוקם זיין אז איהרע בעטלערישע קרובים, וואָס האָבען מיט ארויסגעשטעק־טע צינגער געווארט אויף איהר ירושה. אויף צער בעלי חיים -- וויפיעל איהר ווילט; פאר מענשעז — ניט א איינגעטונקטע פען! זעהט איהר, אָט אין דעם קען איך מיט דיא אלטע דאמע מיטפיהלען, א רוהיגען קבר זאָל זיא האָבען!"

דאָס איז געוועזן פאר קינגסקאורטען א ענין, פון וואָס ער האָט גערעדט מיט חנאה און דערביי פלעגען איהם דיא ווערטער קיינמאָל ניט אויסגעהן.

פריעדריך לעווענבערג האָט זיך גיך אָבגעפארטיגט, ער האָט ווייניג וואָס געהאט צו טהון. זיין בעל-הביתטע האָט ער געזאָגט, אז ער מאכט א שפּאציער אויפ'ן גראָסגלאָקנער. זיא איז ארויס פון דיא כלים. סטייטש! אין מיטען ווינטער קלעטערן אויף א בארג! מען הערט אזוי אָפט פון אונגליקען.

„מילא גוט", האָט פריעדריך געזאָגט מיט א אומעטיגען שמייכעל, „ווען עס וועלען פערביי געהן 8 טעג און איך וועל ניט צוריק קומען, מעגט איהר מעלדען אין פּאָליציע, אז איך בין פערפאלען געוואָרען. מן הסתם זייט איך דערנמאָלסט אין א שפּאלט פון א פעלז און רוה אויס מיינע צושמעטערטע ביינער. מיין ביסעל ווריטשאפט, וואָס איך לאָז דאָ, געהערען אייך דערנמאָלסט בירושה".

„זינדיגט ניט מיט דיא רייד, הערר דאָקטאָר".

„איך רעד דאָך נאָר אין שפּאס" האָט ער זיא בערוהיגט.

מיט'ן אוועגדרצוג האָט ער צוזאמען מיט קינגסקאורט פערלאָזען וויען. ער איז מעהר ניט געגאנגען אין קאפעהויז בירקענקרייז, און האָט ניט געוואוסט אז

אָוועגד פאר אוועגד איז דער קליינער ליטוואק שטונדען לאנג אָבגעשטאנען פאר דער טהיר און האָט אויף איהם געוואַרט.

אין האפען פון טריעסט האָט זיך געוויעגט אויף'ן וואסער מיסטער קינגס־קאורט'ס יאכטשיף. זיי האָבען נאָךביידע גֶעמאכט זייערע איינקויפע אין דער שטאָדט, און אין א העלען דעצעמבער־טאָג האָבען זיי אראָבגענומען דיא יאכט פון אנקער און האָבען זיך געלאָזט דרום זייט און מזרח זייט. ביי אנדערע אומ־שטענדע וואָלט פריעדריך פון דיא רייזע אויף'ן ים געהאט א אמת'ן תענוג, איצט אָבער האָט דיא רייזע אויף'ן זונבעלויכטענעם ים איהם געגעבען נאָר א קליינע לינדערונג פאר זיין געקוועלטער נשמה.

קינגסקאורט איז טאקע געווען א וואוילער מענש, א גוטער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט זיך בעריהמט מיט זיין שנאה צו מענ־שען, א ליעבער, א פריינדליכער און א איידעלער. בשעת פריעדריך פלעגט זיין אומעטיג פארטראכט, האָט ער געזוכט מיט א געלעכטער איהם אויפצומונטערען. ער האָט זיך בענומען מיט איהם, וויא מיט א קראנקען קינד. דענמאָלסט פלעגט פריעדריך אָפט זאָגען:

„ווען אונזערע שיפסלייט קוקען זיך צו אונז צו, קענען זיי א מאָדנע פאלשע פאָרשטעלונג קריעגען פון אונז. זיי וועלען מיך האלטען פאר דעם בעל־הבית און אייך פאר דעם אורח, וועלכען איך האָב מיטגענומען דיא צייט צו פערטרייבען. אָך מיסטער קינגסקאורט, איהר האָט זיך שוין געמעגט אויסזוכען א פריילי־כערען חבר פון מיר!“

„מיין ליעבער, איך האָב דיא בחירה ניט געהאט“, האָט געענטפערט קינגס־קאורט מיט א כעס'דיגען ערנסטען פנים, „איך האָב גערארפט האָבען אזוינעם, וועמען דאָס לעבען איז דערעסען, און אזעלכע טויגען ניט, גוט־ברידער צו זיין. אייך אָבער וועל איך נאָך אויסהיילען. איהר וועט נאָר קריעגען א נייע הויט. ווען מיר וועלען דערלייזט ווערען פון דיא מענשליכע פנים'ער. איהר וועט אויך ווערען אזוי מונטער וויא איך, ביז מיר וועלען קומען צו אונזער געבענשטער אינזעל. זאָל מיר דער טייוועל נעהמען, אויב מיינע ווערטער וועלען ניט מקוים ווערען!“

דיא יאכטשיף איז געווען זעהר א בעקוועמע, מיט אלע רייכע אמעריקאנישע צוראטען. פריעדריך האָט געהאט פונקט אזא שעהנעם שלאָפזאל, וויא קינגסקאורט אליין. דאָס עס־צימער פאר ביידען צוזאמען איז געווען אויסגעבויט רייך און פראכטיג. און ווען זיי פלעגען אין אָוועגד זיצען צוזאמען ביי דעם פריינדליכען שיין פון דעם עלעקטרישען לאָמפ, לעזענדיג אָדער רעדענדיג, פלעגען דיא שטונ־דען צורינען ניך וויא מינוטען. זיי האָבען געהאט ביי זיך א קליינע ביבליאָטהעק,

אָבער עס איז כמעט ניט אויסגעקומען זיא צוגעברויכען, אזוי פיעל אָבועקסלונג איז געוועזן ביי טאָג אויפ'ן ים. קינגסקאורט האָט זיך שטענדיג בעמיהט צו צו־שטרייען דעם קאָמפּאניאָן זיינעם. ביי הויכע וועללען זיינען זיי פערביי דיא אינזעל קרעטא, און קינגסקאורט האָט מיט איינמאָהל געמאכט פאָלגענדען פלאן:

„זאָגט מיר, דאָקטאָר, צו האָט איהר גאָר ניט קיין חשק א קוק צו טהון אויף אייער פאָטערלאנד, איידער איהר געזעגענט זיך מיט דער וועלט?“

„מיין פאטערלאנד?“, האָט זיך פריעדריך פערוואונדערט, „צו ווילט איהר ווידער צוריקקעהרען קיין טריעסט?“

„גאָט איז מיט אייך!“, האָט קינגסקאורט א געשריי געגעבען, „אייער פאטערלאנד ליעגט דאָך פאר אונז, פאלעסטינא!“

„אָה, דאָס האָט איהר געמיינט? איהר זייט אין טעות. צו פאלעסטינא האָב איך קיין ברעקעל שייכות ניט. זיא אינטערעסירט מיך ניט. מיינע פאָהרעלטערען האָבען דאָרט פאר 18 הונדערט יאהר געלעבט. וואָס האָב איך דאָרט צו זוכען? מיר דאכט זיך ,אז נאָר דיא אנטיסעמיטען טענה'ען, אז פאלעסטינא איז אונזער פאטערלאנד“.

אָבער בעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך דערמאָהנט אָן דוד ליטוואק, און האָט נאָך צוגעלייגט:

„אויסער דיא אנטיסעמיטען האָב איך נאָך געהערט פון א קליין יודיש אינגעל, דאָס פאלעסטינא איז מיין פאטערלאנד. צו ווילט איהר מיך א ביסעל צורייצען?“

דער טייפעל זאָל מיך נעהמען, אויב איך האָב גערעכענט אָב צו חוזק'ן פון אייך! איך האָב דאָס גאנץ ערנסט געמיינט. אויף מיין וואָרט, איך הויב אייך יודען ניט אָן צו פערשטעהן. איך וואָלט מיט גאוה גערעדט דערפון ווען איך וואָלט געווען א יוד, און איהר שעהמט אייך גאָר דערפאר! צו וואָס איז דער וואונדער, אז מען גיט אייך ניט אָב אזויפיעל כבוד? פערשטעהט זיך, אז דיא וואָס געפינען זיך דאָ מיינט מען ניט“.

„הערר פאָן קעניגסהאָף, צו זייט איהר ניט א אנטיסעמיט?“ האָט פריעדריך מיט כעס געזאָגט. צום ערשטען מאָל האָט ער איהם אָנגערופען ביי'ן ריכטיגען נאָמען. ער האָט אליין ניט געוואוסט פאר וואָס.

קינגסקאורט האָט געשמייכעלט.

„איצט זייט איהר שוין גאָר אויפגערעגט, זאָהן מיינער! דאָס וואָס איך האָב פיינד דיא מענשהייט ארט אייך א ציבעלע. דאָס אָבער, וואָס איך מאַך ניט קיין

חלוק פאר דיא „קינדער איזראעלס“ הויבט אייך שוין ניט אָן צו שמעקען. טרייסט זיך, דאָקטאָר מיין, איך האָב דיא יודען ניט מעהר פיינד וויא דיא קריסטען. מחמראנער און געצענדינער, אלע צוזאמען זיינען זיי א שום פולוועד ניט ווערט. איך קען גאנץ גוט בעגרייפען דעם אלטען זיידען, דעם קיסר נירון, וועלכער האָט א מאָל געזאָגט: ווען אלע מענשען וואָלטען געהאט איין האלז, וואָלט איך מיט איין פאָך זייער תליון געווען. אָבער ניין, נאָך בעסער איז, דאָס דיא שמוציגע לייראקעס לעבען און דאָס זיי פערמאטערען איינער דעם אנדערען ביז צום טוידט“.

„איך בין געווען א נאר. דיא בעסטע ראיה איז דאָך וואָס איהר האָט מיך מיטגענומען“.

קינגסגאורט האָט געזאָגט:

„געראָד האָב איך מיך איצט דערמאָנט א מעשה וואָס האָט מיר געטראָפען מיט איינעם פון אייערע אייגענע.... פון אייער גלויבענס ברידער... זאָל דער טייוועל מיך נעהמען! — בקצור מיט איינעם א יודען. דאָס איז געווען אין רעגימענט. מיר האָבען געהאט א פרייוויליגען (וואָלני אָפרעדיעליאיושציסיא(, — קאָהן האָט געהייסען דיא קאנאליע... ענטשולדיגט פאר דעם אויסדרוק. אָט דער קאָהן איז געווען א נפש מיט פערשאָלטענע קרומע פיס, וויא געבאָרען פאר א קאַוואלעריסטען. עס איז געוון גראד אינדערצייט בשעת מען לערנט זיי רייטען. איך האָב דיא דבר אחר'ם געהייסען שפרינגען איבער א צוים. דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט, אָבער קיינער האָט ניט געהאט דעם מוטה דערצו, אָדער איז ניט געווען אימשטאנד דערצו. דער צוים איז טאקע געווען א ביסעל צו הויך. נו, איך האָב זיי גענעבען א פאָרציע וויא עס פאסט זיך פאר אזעלכע דבר אחר'ס. אָי, רענמאָלסט האָב איך נאָך געקענט שעלטען און קאָרעניען, דער טייוועל זאָל מיך נעהמען! פון רענמאָלסט אָן האָב איך שוין א סך פערגעסען... איך האָב זיי געגעבען צו פערשטעהן מיט א סאָלדאטסקע איידעלקייט, אז איך האלט זיי ניט העכער פאר א קאָמפאניע האָזען. און צו קאָהן האָב איך זיך נאָך עקסטרא צוגעצעפעט:

„איהר מוזט געוויס זיין א גוטער רייטער אויף דער בערזע? האָב איך איהם אויסגעשעפט. דיא בלוט איז דעם יודען ארייון אין פנים, און ער האָט זיך מיט'ן פערד א לאָז געטהון צו דעם צוים. ער איז אראָפּגעפאלען און האָט זיך א אָרעם צובראָכען. א צייט לאנג האָט מיך דיא מעשה געעקבויערט. צו וואָס דארף אזא נבלה א עהרענגעפיהל האָבען“.

„איהר מיינט, אז יודען טאָרען ניט האָבען קיין עהרענגעפיהל?“

„וויא א מענש הויבט ניט אָן צו פערשטעהן ! איהר דרעהט דאָך מיר נאָך אין מויל דיא ווערטער אוים ! איבריגענס, אויב דיא יודען האָבען עהרענגעפיהל, פאר וואָס לאָזען זיי זיך אזוי מיאוס בעהאנדלען ?".

„וואָס זאָלען זיי טהון, מיסטער קינגסקאורט ?"

„וואָס ? איך וויים ניט. נאָר עפּעס אזוינס, וואָס קאָהן האָט געטהון ביים רייטען. איך האָב דאן געקריגען בושה פאר איהם".

„ווייל ער האָט זיך א אָרעם צובראָכען ?"

„ניין, ווייל ער האָט מיר געצייגט וואָס ער קען, אז ער וויל. איך אויף אייער שטעלע וואָלט עפּעס אונטערנומען א גרויסע העלדישע זאך, אז אפילו דיא שונאים זאָלען אויפרייסען דיא מיילער פון גרוים פערוואונדערונג. פאלשע פאר־שטעלונגען און געפיהלען וועלען אייביג זיין. דיא ברודיגע מענשעלעך לעבען דער־מיט פון וויעג ביז צום קבר. און אויב מען קען דיא פאלשע געדאנקען און געפיה־לען ניט אויסראָטען, מוז מען זיי געברויכען צום אייגענעם נוצען... וואָס מעהר איך קלער דעריבער דוכט זיך מיר אלץ מעהר אוים, אז עס מוז היינט צו טאָג זעהר אינטערעסאנט זיין א יוד צו זיין. געראד דעריבער, ווייל ער האָט דיא גאנצע וועלט פאר שונאים געגען זיך".

„פרעגט אייך בחרם וויא דאָס שמעקט".

„ניט אזוי זים, דאָס קען איך מיר שוין דענקען.... גו, און וואָס איז מיט דעם אלטען זיידען פאלעסטינא ? צו זאָלען מיר נאָך א קוק טהון דערויף, אייידער מיר פערשווינדען פון דער מענשהייט ?"

„מיר איז אלץ איינס, מיסטער קינגסקאורט".

און דיא יאכט שיף האָט זיך גענומען דעם וועג וואָס פיהרט קיין יפו.

## VI

זיי האָבען פערבראכט עטליכע טעג אין ארץ ישראל.

יפו האָט אויף זיי געמאכט א שלעכטען איינדרוק. דיא לאגע איהרע ביים בלויען ים איז געווען שעהן זיך צו פערקויקען, אָבער אויף דיא שטאָט אליין האָט מען געמעגט וויינען אזוי פערלאָזען האָט זיא אויסגעזעהן. עס איז געווען שווער זיך צו שיפען צו איהר. פון דיא געסלעך האָט גע'אויר'ט, זיי זיינען געווען שמוציג און פערלאָזען ; דיא אָרעמקייט פון דיא אראבער האָט זיך געוואָרפען אין דיא אויגען אין אלערליי קאָליערען. אָרעמע טערקען, ברודיגע אראבער, דערשלאָגענע יודען האָבען זיך ארומגעשלעפּט אין דיא גאסען מיט דעם האָפנונגסלאָזען אויס־דרוק פון פערהונגערטע בעטלער. א וואונדערליכער דומפּפער גערוך, וויא פון קברים, האָט פערכאפּט דעם אָטהעם.

קיננגסקאורט און פריעדריך האָבען זיך טאקע געאײלט צו פערלאָזען דעם אָרט. מיט דער שלעכטען אײזענבאהן זײנען זײ אוועק געפאָהרען קײן ירושלים. אונטערוועגענס האָבען זײ אויך אָנגעטראָפען בילדער פון אָרימקײט און עלענד. דאָס פלאַטציגע לאנד איז געוועזן בעדעקט מיט זאמד און זומפּפען. דיא מאָגערע פעלדער האָבען אויסגעזעהן וויא פערברענט פון זון. דיא אײנוואָהנער האָבען אויסגעזעהן וויא גזלנים. אין גאסענשטויב האָבען זיך געשפּיעלט באָרוועסע און נאקעטע קינדער. פון דערווײטענס, וואו דער הימעל לאָזט זיך ארונטער, האָט מען געזעהן דיא נאקעטע בערג פון לאנד יהודה. דער צוג איז דערנאָך דורכגעפאָהרען צווישען וויסטע פעלזענטהאָלען און דיא פעלזען זײנען אראָבגעהאנגען נאקעט און הויהל, אָהן א שום צײכען פון א פריהערדיגער אָדער א הײנטיגער מענשליכער קולטור.

„אויב דאָס איז אונזער לאנד“, האָט אומעטיג פריעדריך געזאָגט, „דאן איז זיא פונקט אזוי אראָבגעפאלען וויא אונזער פאָלק“.

„יאָ, מיאוס צום ברעכען“, האָט קיננגסקאורט געענטפערט, „און פון דעסטועגען קען מען נאָך א סך זאכען אויסבעסערן. מיט וועלדער זאָל מען דיא בערג בעפלאנצען. דאָס לאנד נויטהיגט זיך נור אין וואסער און אין שאטען. ווער ווײסט וואָס פאר א צוקונפט עס קען נאָך דערנמאָלסט האָבען“.

„ווער זאָל דאָס ברענגען דאָס וואסער און דעם שאָטען?“

„ווער דען אז ניט דיא יודען? א מיתה משונה זאָל דאָס אײננעהמען!“

עס איז געוועזן גראָד נאכט, בשעת זײ זײנען אָנגעקומען קײן ירושלים, א פראכטיג שײנע לבנה נאכט.

„א רוח אין... איז דיא נאכט אָבער שײן!“ האָט קיננגסקאורט אויסגעשריען. ער האָט געהײסען דיא קארעטע, וואָס האָט זײ געפיהרט צום האָטעל, זיך אָבשטעלען. ער האָט חויך אָנגעזאָגט דעם געדונגענעם דיענער:

„איהר קענט בלײבען זיצען אויפ'ן באָק און זאָגען דעם חמור דעם קוטשער, אז ער זאָל אונז נאָכפאָהרען. מיר ווילען געהן א שטיק צו פוס; דאָקטאָר, צו זײט איהר מסכים דערצו? וויא רופט מען דיא געגענד?“

דער דיענער האָט הכנעה'דיג געענטפערט: — „דער טהאָל פון יוספת (יהושפט) גנעדיגער העררר“.

„א רוח אין... צו איז טאקי אין דער אמת'ן דאָ דער טהאָל, דער טהאָל פון יוספת! איך האָב אלץ געמײנט, אז דאָס איז נור א בבא־מעשה. אָט דאָ איז ארויסגעגאנגען אונזער הערר און הײליגער רעטער, אונזער יעזוס! וואָס זאָגט

איהר פֿארט דערצו, דאָקטאָר? אָך, ס'איז מיר גאָר פון זינען ארויס.... מילא, אָבער פאר אייך קען דאָס אויך ניט זיין גלייכגילטיג! אָט דיא אלטע מויערן, דער טהאָל....

„ירושלים", האָט פריעדריך האלב פאר זיך ארויסגערעדט און זיין קול האָט געציטערט. ער האָט זיך גאָר ניט געקאָנט ערקלערען, פאר וואָס דער בליק אויף די אונבעקאנטע, שווארצע, שארפע ליניען פון דער שטאָדט האָט איהם אזוי אָנגע־גריפען בייַ'ן הערצען. צו האָט ער זיך דערמאָנט אָן דיא ווערטער, וואס ער האָט נאָך געהערט אין דער קינדהייט? אָן דיא געבעט־פלעצער, וואָס זיין פאָטער פלעגט ארויסמורמלען בייַ'ן דאווגען? דיא פאָר העברעאישע ווערטער, וואָס ער געדענקט נאָך, זיינען איהם אריין אין מוח: „לשנה הבאה בירושלים!" און פלעצליך האָט ער זיך דערזעהן, וויא ער גייט אלס קליין אינגעלע בייַ'ן פאָטערס זייט אין דיא שול. אָך, דיא אמונה איז געשטאָרבען, דיא יוגענד צורונען און דער פאָטער איז טויט, — און פאר זיינע אויגען זיינען געשטאנען דיא מויערען פון ירושלים בעלויכטען פון דער לבנה, וויא א פער'כשופ'טע שטאָדט פון א בבא־מעשה. א הייסער שטראָם האָט פערגאָסען זיינע אויגען. ער האָט זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט און דיא טרערען זיינען איהם גע־רונען איבער דיא באקען.

קינגסקאורט האָט מיט געוואלט דערשטיקט עטליכע „א רוח אין"; ער האָט ענערגיש צוגעוואונקען דעם קוטשער, אז ער זאָל זיך אָבשטעלען, און אליין האָט ער זיך שטיל אָבגערוקט אָן א זייט, ניט צו שטערען פריעדריכען אין זיינע פרום־וויינענדיגע געפיהלען.

פריעדריך האָט זיך אויפגעכאפט וויא פון א כשוף און האָט טיעף אָבגעזיפצט.

„ענטשולדיגט, מיסטער קינגסקאורט", האָט ער געזאָגט אביסעל פער־שעהמט, „איך האָב אייך געלאָזען ווארטען אויף מיר. עס איז עפּעס... עס איז מיר אזוי וואונדערליך צום מוטה. איך ווייס אליין ניט וואָס מיט מיר טהוט זיך".

קינגסקאורט אָבער האָט גענומען דעם יונגען מאן אונטער'ן אָרעם און מיט א זעלטען ווייכע שטימע געזאָגט:

„הערט איהר, פריעדריך לעווענבערג, איך האָב אייך ליעב".

און אין דער שעהנער לבנה־נאכט איז א קריסט מיט א יודען געגאנגען אָרעם אונטער אָרעם דורך דיא הייליגע שטאָדט ירושלים....

ווענינער מחיה'דיג האָט אויסגעזעהן ירושלים ביי טאָג.

א נעשריי און א עפוש, א געמיש פון מיתה משונה'דיגע קאָליערען, א ערב־רב אין אלערליי שמאטעס; בעטלער, חולאים, אויסגעהונגערטע קינדער, קוויט־שעריי פון ווייבער און דאָס חייזעריגע גרילצען פון דיא הענדלער. דער אָבגרונד, אין וועלכען עס איז ארונטערגעפאלען דיא אמאָליגע קעניגליכע שטאָדט — האָט טיעפער שוין ניט געקענט זיין.

קינגסקאורט און פריעדריך האָבען בעקוקט דיא בעריהמטע ערטער, אלטע געביידען און חורבות. זיי זיינען אויך אריין אין דאָס אומעטיגע געסעל, צום כותל-המערבי. עס האָבען זיי אָבגעעקעלט דיא בעטלער, וואָס האָבען פון דאווגען ביי'ן כותל המערבי געמאכט א עסק און געצויגען דערפון זייער חיונה.

„איהר זעהט, מיסטער קינגסקאורט," האָט פריעדריך געזאָגט, „מיר האָבען זיך שוין ווירקליך געקוילעט אויף טויט. פון דער יודישער מלוכה איז אין גאנצען געבליבען א שטיקעל וואנד פון בית המקדש, און איך מעג קראצען אין דער נשמה וויא לאנג איך וויל, איך האָב פאָרט קיין שייכות ניט מיט דיא דער־שלאָגענע נפשות, וואָס מאכען שאכער־מאכער מיט אונזערען נאציאָנאלען טרויער".

ער האָט דאָס חויך אויסגערערט, ניט קלערענדיג, אז עס קענען נאָך אנדערע הערען. חוץ דיא דאווגערס, דיא בעטלערס און דיא בעגלייטער פון פרעמדע פאַ־סאזשירען, האָט זיך נאָך איינגעפונען פאר'ן כותל המערבי א דריטער הערר, גע־קליידט אייראָפּעאיש. מיט א פרעמדער אויסשפראכע, אָבער אויף גוט דייטש האָט ער זיך געווענדעט צו פריעדריכען:

„לויט אייערע ווערטער, מיין הערר, שיינט איהר צו זיין א יוד אָדער אָבצר־שטאמען פון יודען".

„יא", האָט פריעדריך געענטפערט א ביסעל פערוואונדערט.

„דאן ערלויבט מיר", האָט דער פרעמדער ווייטער געזאָגט, „צו פעררעכטען אייער טעות. פון דער יודישער נאציאָן איז א סך מעהר איבער געבליבען, וויא דיא אלטע קוואדראטשטיינער פון דעם אלטען שטיק מויער און דיא אָרעמע הונ־גער ליידער, וואָס האָבען זיך גענומען פאר אזא ניט שעהנע מלאכה. מען זאָל דיא יודישע נאציאָן ניט בעאורטהיילען נאָך איהרע בעטלער און נאָך איהרע גבירים".

„איך געהער ניט צו דיא גבירים", האָט פריעדריך בעמערקט.

„איך זעה וואָס איהר זייט: א אָבגעפרעמדעטער פון זיין פאָלק. ווען איהר וועט א מאָהל צו אונז אין רוסלאנד קומען, וועט איהר שוין אליין איינזעהען, אז עס איז נאָך פאראן א אידישע נאציאָן. מיר האָבען א לעבעדיגע תורה, דיא ליעבע צו אונזער געשיכטע, א האָפנונג אויף דיא צוקונפט. דיא בעסטע און דיא

געבילדעסטע ביי אונז זיינען דעם יודענטהום און דער נאציאָן טריי געבליעבען. מיר ווילען ניט געהערען צו איין אנדער נאציאָן. מיר ווילען זיין דאָס וואָס אונ־זערע עלטערן זיינען געוועזען".

„אָט דאָס געפעהלט מיר", האָט קינגסקורט אויסגערופען.

פריעדריך האָט לייכט געצוקט מיט דיא אקסלען, האָט פון דרך ארץ וועגען נאָך געהערט עטליכע ווערטער מיט דעם פרעמדען און זיי זיינען אוועקגעגאנגען. בשעת זיי זיינען שוין געווען ביין עק גאס, האָבען זיי זיך אומגעקערט און א בליק געטאָהן אויף צוריק. זיי האָבען געזעהען וויא דער רוסישער איד איז נאָך אלץ גע־שטאנען ביים מויער. ער איז געשטאנען פארן כותל המערבי טיעף פערזונקען אין זיינע געדאנקען.

אבענדס, אין ענגלישען האָטעל, וואו זיי האָבען געוואָהנט, האָבען זיי איהם וויעדער געזעהען. ער איז געזעסען ביים טיש נעבען א יונגער דאמע, זיין טאָכטער מן הסתם. נאָכ'ן עסען האָט מען זיך צונויף געטראָפען אין גרויסען זאל. מען איז, ווי פון זיך, ווידער ארויף אויף דעם געשפרעך פון פאָרמיטאָג, דער רוסישער איד האָט זיך פאָרגעשטעלט: דאָקטאָר אייכענשטאם.

„איך בין א אויגענדאָקטאָר פון פאך. מיינע טאָכטער—דאָס גלייכען.

„וויא ? דאָס פריילין איז דאָקטאָר ?" האָט קינגסקאורט געפרעגט.

„זיא האָט פריהער ביי מיר און דערנאָך אין פאריז שטודירט. זיא איז איצט מיינע געהילפין. אָי ! זי איז א גרויסער למדן, מיינע סאשא".

דאָס פריילין דאָקטאָר איז רויט געוואָרען פון דאָקטאָרס לויב.

„אָבער פאפא !" האָט זיא וויא אָבגעוועהרט.

דאָקטאָר אייכענשטאם איז מיט דער לינקער האנד אריבער איבער זיין לאנגען, גרויען באָרד.

„וואָס אמת איז מעג מען זאָגען. מיר זיינען אויך ניט דאָ פון פערגעניגען וועגען. מיר בעשעפטיגען זיך מיט אויגענקראנקהייטען. צום אונגליק פעהלען אונז דאָ ניט קיין פאציענטען. שמוץ און אָבגעלאָזענהייט זיינען זיך נוקם. אלץ ליעגט דאָ אין דער ארמה. און וויא גוט האָט דאָ געקענט זיין ! דאָס איז דאָך א נאָל־דענע לאנד ?

„אָט דאָס לאנד ?" האָט פריעדריך זיך ניט געגלויבט, „ווער גלויבט נאָך היינט דיא בבא מעשה פון א לאנד, וואו עס פליסט מילך און האָניג ?"

„עס איז ניט קיין בבא מעשה", האָט אייכענשטאם מיט בעגייסטערונג אויסגערופען, „דיא מענשען פעהלען דאָ, חוץ דעם געפינט איהר דאָ אלץ".

„אויף מענשען זאָלט איהר נישט בויען", האָט קינגסקאורט ערקלעהרט מיט א פעסטען טאָן.

דאָקטאָר סאשא האָט זיך געווענדעט צום פאָטער:

„דוא זאָלסט דיא העררן ראטהען, דיא קאָלאָניעס צו בעזעהן".

„וואָס פאר קאָלאָניעס?" האָט זיך פריעדריך ערקונדיגט.

„אונזערע אידישע דערפער", האָט געענטפערט דער אלטער הערר. „דערפון האָט איהר אויך ניט געהערט, הערר דאָקטאָר? דאָס איז דאָך איינע פון דיא זעלטענסטע פאקטען אין היינטיגען אידישען לעבען. אין פערשיעדענע שטערט פון אייראָפּא און אמעריקא האָבען זיך געגרינדעט חברות מיט'ן נאָמען „חובבי ציון", מיט דעם צוועק דאָ, אין אונזער אלטען לאנד, צו מאכען פון אידען—אקער־בויער. עס געפינען זיך שוין היבשע עטליכע אידישע דערפער. אויך עטליכע רייכע וואָהלטהעטער זיינען צוגעשטאנען און האָבען געלד געגעבען דערצו. אונזער אלט לאנד האָט וויעדער אָנגעהויבען צו טראָגען פירות. מאכט דאָ א בע־זוך אין דיא אידישע דערפער, איידער איהר פערלאָזט פאלעסטינא".

קינגסקאורט האָט צוגעברומט:

„מען קען דאָס מאכען, אויב איהר האָט חשק דערצו, הערר לעווענבערג."

פריעדריך האָט האסטיג איינגעשטימט.

דעם אנדערען טאָג האָבען זיי צוזאמען מיט אייכענשטאם און סאשא גע־מאכט א שפּאציער רייזע אויפ'ן הר־הזתים (איילבערג). קלעטערענדיג זיינען זיי פערביי א רייכען הויז פון א ענגלישע דאמע.

„איהר זעהט", האָט אייכענשטאם געזאָגט, „דאָס מען קען נאָך פּאלאצען בויען אויף דער אלטער ערד! עס איז א טהייערער געדאנק זיך דאָ צו בעזעצען. מיר חלומט זיך אויך דערפון".

„ווינשענסווערטהער א אויגענבליק", האָט סאשא מיט א שמייכעלע א זאָג גע־טאָהן. פון הר־הזתים האָבען זיי בעוואונדערט דיא שטאָדט, וואָס איז אזוי רייך מיט היגעלען, דיא שטיינערנע וועלען פון דיא בערג, וועלכע האָבען זיך ווייט צוליינגט ביז'ן ים המלח.....

פריעדריך האָט זיך פערטראכט.

„וויא שעהן האָט א מאָהל געמוזט זיין דיא שטאָדט. אפשר דעריבער האָבען זיא דיא יודען ניט געקענט אזוי גיך פערגעסען? אפשר דעריבער האָט זיי אייביג געצויגען צו איהר?"

אייכענשטאם איז געוועזן פערקלעהמט און האָט פאנטאזירט.

„ירושלים דערמאָנט מיך אָן דיא שטאָדט רום, אויף היגעלען וואָלט מען ווידער געקענט אויפבויען א וועלט שטאָדט, א שטאָלצע שטאָדט. שטעלט זיך פאָר וואָס פאר א פּאַנאָראַמע מען זעהט פון דאנען. שענער און פּרעכטיגער ווי פון דשיאַניקולאָ. אך, ווען מיינע אלטע אויגען וואָלטען עס נאָך געקענט זעהען!“

„דאָס ווּלען מיר שוין ניט דערלעבען“, האָט סאשא טרויעריג געזאָגט.

קינגסקאורט האָט זיך שטילערהייט געוואונדערט איבער דיא פאנטאזיען, און בשעת ער איז ווידער געוועזן אליין מיט לעווענבערגען האָט ער דאָס ארויס־געזאָגט:

„א מאָדנע פּאָרעל דער דאָקטאָר־פּאָטער און דיא דאָקטאָר־טאָכטער! אזוי פּראקטיש און דאביי אזוי נאריש. איך האָב זיך מיר דיא אידען גאָר אנדערש פאָרגעשטעלט“.

דעם קומענדען מאָרגען האָבען זיי זיך אָבגעזעגענט פון פאָטער און טאָכ־טער און, פאָלגענדיג זייער עצה, זיינען זיי אוועקגעפאָהרען צו דיא קאָלאָניעס. זיי האָבען געזעהן ראשון לציון, רחובות און אנדערע קאָלאָניעס, וועלכע האָבען אין דער אויסגעטריקענטער געגענד אויסגעזעהן וויא אָאזען. א סך פליסיגע הענד האָבע געמוזט ביטער ארבייטען, איידער דיא טוידטע ערד איז ווידער לע־בעדיג געוואָרן. זיי האָבען געזעהן גוט בעבויטע פעלדער, א היבשע ביסעל שעהנע וויינגערטנער און שווערע אפּעלסינענבוימער.

„דאָס איז אלץ בעשאפען געוואָרען אין דיא לעטע 15 יאָהר“, האָט זיי דערקלעהרט דער פאָרשטעהער פון רחובות, צו וועלכען זיי האָבען געהאט אפּרע־טעקציע פון דאָקטאָר אייכענשטאם.

„נאָך דיא פּאָגראָמען אין רוסלאנד, אין דיא אכציגער יאָהרען, האָט זיך אָנ־געהובען דיא ארבייט פון דיא חובבי ציון. עס איז אָבער דאָ נאָך זעלטענערע קאָלאָניעס, למשל, די קאָלאָניע גדרה. שטודירטע האָבען זי געגרינדעט. זיי האָ־בען פערלאָזען זייערע ביכער און זיינען געוואָרן אקערבויער. אזעלכע בויער ועט מען אין דער גאנצער וועלט ניט געפינען. געבילדעטע מענער, וועלכע ארבייטען אויפ׳ן פעלד“.

„דאָס איז טאקע א בעלנות“, האָט קינגסקאורט אויסגערופען. אָבער נאָך גרע־כער איז געווען זיין פערוואונדערונג, בשעת דער פאָרשטעהער פון רחובות האָט דיא יונגע לייט פון דער קאָלאָניע געהייסען בעשטייגען דיא פערד. א מין אראבי־שע פאנטאזיע האָבען דיא אורחים געזעהן. דיא יונגע לייט האָבען וויא אווינ־זיך פערטראָגען אין פעלד, א קעהר געטאָהן דיא פערד אויף צוריק, וויא א שטורם

געקומען ווידער צו רייטען מיט א קלינגענדען „הידר“. אין פולען גאלאפ האבען זיי דיא ארונטערגעוואָרפענע היטלען אויפגעהויבען, דיא ביקסען אין דער לופט געוואָרפען און צוריק אַנגעהאפט. דערנאך האבען זיי זיך אויפגעשטעלט אין איין שורה און געזונגען א העברעאיש ליעד.

קינגסקאורט איז ארוים פון דיא כלים.

„אי, א כפל שמונה'דיגער רוח זאָל זיי חאפען! דיא שקצים רייטען דאך וויא דיא טייוולאָנים!“

אבער פריעדריך האט וועניג זיך אינטערעסירט מיט דיא שפיעלען פון יונגע מענשען מיט געזונדטע פריש לעבעדיגע הערצער, און ער איז זעהר געוועזען צופריעדען, בשעת ער האט פערלאָזען דיא קאָלאָניעס כדי צוריקצוקעהרען קיין יפו.

דיא יאכט שיף איז געווען פערטיג צום פאָהרען. אין דיא לעצטע דרעצעמבער טעג האבען זיי פערלאָזען דיא ברעגעס פון פאלעסטינא, בעלייכטען פון זון, און האבען אָנגעשטעלט די זעגעל אויף פאָרטסאאיד צו. אין דעם האפען זיינען זיי גע־בליעבען צוויי טעג, דערנאך זיינען זיי דורך דעם זועץ־קאנאל געפאָהרען ווייטער. אונגעפער, דעם 13טען דעסעמבער 1899 זיינען זיי געקומען אין ים־סוף (רויטהען־מעער). פריעדריך איז ווידער געוואָרען ניעדערגעשלאָגען און געפאלען ביי זיך. אין אזא נעדריקטען מצב איז איהם אלץ געווען גלייכגילטיג.

אקוראט ווי די זון האט זיך אראָפּגעלאָזען האט איהם קינגסקאורט ארויס־גערופען אויפ'ן פאָרדעק:

„היינט, דאָקטאָר, ווערען מיר אונז אָנטאָהן וואָהלטאָג. קוקט נור וואָס פאר געריכטען מיר האבען היינט צו טיש. איך האָב אויך א רעכט ביסעל שאמפאניער־פלעשער געלאָזט שטעלען אויף אייז“.

„וואָס איז עפעס היינט מיט אייך דער מעהר?“

„און דאָס ווייסט איהר ניט, מענש? דאָס איז דאָך דער לעצטער טאָג פון יאָהרהונדערט! דאָס איז דאָך ניט קיין געוועהנליכע דאטע, אויב דאטען האבען בכלל א בעדייטונג“.

„פאר אונז האט דאָס ניט דיא מינדעסטע בעדייטונג. פאר אונז חייבט זיך אָן א לעבען אָהן א צייט. אפשר ניט אזוי?“

„אמת, אמת, אָבער עס איז פאָרט א ווילד משונה'דיגער טאָג. בחצות הלילה ווערען מיר איהם דערטרינקען אין ים, אין אייער ים־סוף, און ווען דאָס נארישע יאהרהונדערט, אין וועלכען מען האט אונז פערמשפט צו לעבען, ווערט

אריין אין תהום, וועלן מיר אַנהויבען חלום'ן פון גרויסע און געהויבענע צייטען !...
זאָרגט זיך ניט, א גוטען פונש האָב איך שוין געהייסען ברייען. דאָס איז נאָך די
רעעלסטע סחורה צווישען דאָס שפינוועבס פון אונזער מענשליכע פערגעניגען".

און זיי האָבען עס טאקע ממלא געווען. דער שיפסקאָך האָט בעוויעזען וואָס
ער קען. קינגסקאָורט, א טרינקער פון טרינקערלאנד, האָט דריי מאָל אזוי פיעל
אריינגעקעהרט וויא פריעדריך, און דערביי איז ער געבליעבען פריש און ניכטער
כמעט. זיין יונגער חבר אָבער האָט געפיהלט וויא איין נעבעל פאר דיא אויגען
אין קאָפּ איז געוואָרן שווער און ווי דורך א חלום האָט ער געהער טרי ווייטער־
דיגע ווערטער.

„וזצות !" האָט קינגסקאורט א געשריי געטאָהן מיט א קול צום פערטויבט
ווערען, „פּגר, יאהרהונדערט ! איך טרינק מיין גלאָז אויף דיין טוידט ! וואָס ביסט
דוא געווען ? בלוט, שאנדע, פּארהעריי און פּאָרטשריט ! לאָמיר זיך קלאפּען מיט
דיא גלעזער, מענש, מאן, פערייינזאמטער חבר מיינער !"

„איך קען ניט מעהר", האָט פריעדריך געשלעפּט מיט דער צונג.

„א דור פון קארליקעס ! באָרוועס מיט אָבגעוואשענע פיס האָט איהר גע־
מעגט דאָ שטעהן ! מיר זיינען דאָך אין א אלט־אלט פערצייטיגען אָרט ! דאָ
האָט אייער אלטינקער משה רבינו געוויעזען איינע פון זיינע גרעסטע קונסט־
שטיקלעך..... דעם ים סוף האָט פאר איך צו יבשה געמאכט, מן הסתם איז גע־
ראָד דענסטמאָל דיא אָבפלייצענעש געווען.... און דיא פיה פון א פּרעה האָבען גע־
בראָדזשעט אין וואסער. קיין ברעקעל כשוף דערביי ! אָבער גראָר פאר דאָס נאַ־
טירליכע דערביי האָב איך אזא אָבשיי ! אין פלוג דיא איינפאכסטעמיטעל ! אָבער
זעהען מוז מען זיי, און מען מוז זיי פערשטעהן צו געברויכען ! בעקלעהרט נאָר,
וואָס פאר א אָרימע צייט עס איז דענסטמאָהל געווען, און וואָס אייער אלטינקער
משה האָט ניט אלץ אויפגעטאָהן ! שטעלט זיך פאָר, ווען ער וואָלט היינט זיך
וויעדער בעוויעזען און דערזעהען דיא אייזענבאהנען, די טעלעגראפען, דיא טע־
לעפאָנען, אלע דיא מאשינען, אָט דיא יאכט שיף מיט'ן שרויף און דעם עלעק־
טרישען שיין ווארפער!... ער וואָלט ניט פערשטאנען וואָס די האָר איז ווערט.
מען וואָלט איהם אפשר דריי טעג נאָך דער רייהע געמוזט אלצדינג ערקלעהרן.
אָבער אין דריי טעג ארום וואָלט ער שוין דיא גאנצע מאכערייי פערשטאנען. און
ווייסט איהר וואָס ער וואָלט דענסטמאָל געטאָהן ? געלאכט וואָלט ער מיאוס'דיג,
געלאכט מיט א שרעקליכען כעס אין דיא אויגען ! וואייל דיא מענשען האָבען מיט
אלע זייערע אוצרות, מיט וואָס דער פּאָרשריט האָט זיי בעשענקט, ניט געוואוכט

וויא זיך צו בעגעהן. אז מען קוקט זיך צו צום אייגענעם מזל, קומט מען צו א הסכם, אז דיא מענשען זיינען שלעכט; קוקט מען זיך אָבער צו צו דיא מענשען בכלל, זעהט מען אז זיי זיינען שוטים, ווילדע פראים, וואס פאר זייער נארישקייט איז גאָר קיין נאָמען ניטאָ! קיין מאָל איז דיא וועלט ניט געווען אזוי רייך און קיין מאָל האָט זיא ניט געהאט אזוי פיעלאָרימעלייט, וויא איצט. מענשען שטאַר־בען פאר הונגער, בשעת גאנצע שפייכלער מיט קאָרן געהן לאבוד און ווערען פערשימעלט. איך עס מיר דערפון ווייניג וואָס אָב דיא האר״ן וואָס מעהר מענשען וועלען צו גרונד געהן, וועלען אלץ ווייניגער כפול־טובה'ניקעס און שקרנים זיין אין דער וועלט".

פריעדריך האָט קוים געשלעפּט מיט דער צונג:

„צו גלויבט איהר נישט אין דעם, מיסטער קינגסקאורט, אז ווען דעם מענשען וואָלט געגאנגען בעסער, וואָלט ער אויך אָרענדליכער געווען?"

„איך האָב אין דעם קיין אמונה ניט! ווען איך וואָלט אזוי גערעכענט, וואָלט איך געגאנגען צו מענשען און ניט צו מיין פערבאָרגענער אינזעל. איך וואָלט זיי געוויעזען, וויא מען בעדארף לעבען, אום מדות טובות צו קריעגען. מען דארף אויף דעם ניט ווארטען ניט קיין טויזענד, ניט קיין הונדערט, אפילו ניט קיין פופציג יאָהר. היינט קען מען דאָס דערגרייכען! מיט דער בילדונג, מיט דיא אידעען און טעכנישע מיטעל וואָס דיא מענשהייט בעזיצט איצט סוף 1899 קען זי זיך אין איין מעת לעת העלפען. מען דארף דערצו ניט דעם „שטיינדער ווייזען" אָדער א לופט באלאָן וואָס זאָל זיך לאָזען פיהרען. אלץ וואָס נויטהיג איז, אום צו פערבעסערע דיא וועלט, איז שוין לאנג פאראנען. און צו ווייסט איהר, מענש, ווער וואָלט געקענט ווייזען דעם וועג? איהר! דיא אידען! און גראָד דעריבער ווייל אייך איז ערגער וויא אלעמען. איהר קענט מאכען דעם ערשטען נסיון צו גרינדען א לאנד, וואָס זאָל זיין א מוסטער פאר אלעמען. און ווייסט איהר וואו? דאָרטען אויבען, וואו מיר זיינען אָקאָרסט געווען. אויף דער אלעטר ערד גרינדען א נייעס לאנד. אלט ניילאנד!"

דיא לעצטע ווערטער האָט פריעדריך שוין געהערט וויא אין חלום. ער איז איינגעשלאָפען, און אין שטילע חלומות איז ער געפאָהרען דורך דעם ים סוף, זיך צו בעגעגנען מיט זיין אייגענער צוקונפט.

ענדע ערשטעס בוך.

## דאָס צווייטע בוך.

### חיפה אין יאָהר 1923.

I.

קינגסקאורטס יאכטשיף איז וויעדער געפאָרען דורכ'ן ים סוף, אָבער דעם אומגעקעהרטען וועג.

קינגסקאורטס באָרד און זיינע האָר זיינען שוין געוועזען ווייס וויא שנעע, און פריעדריך שטעהענדיג פאר דעם שפּיגעל אין קאיוט האָט שוין אויך געקענט בעמערקען אויף דיא שלייפען דיא ערשטע זילבערנע פעדים.

דער אלטער האָט איהם ארויסגערופען אויפ'ן פּאָרדעק:

„איי! פריטץ! קומט דאָך ארויס א ביסעל!"

„וואָס דארפט איהר מיך?" האָט פריעדריך געפרעגט ארויסגעהענדיג אין דער הויף.

„א רוח זאָל מיך חאפּען, אויב מיין מוח הייבט דאָס אָן צו בענעהמען! דיא גאנצע צייט, וואָס מיר פאָהרען דאָ אין ים סוף, האָב איך כמעט קיין פּאסאזשיר דאמפּפער ניט געזעהן. אלץ פראכטשיפען, און צעהנדליגער, צעהנדליגער.... געדענקט איהר נאָך וויא דאָס איז געוועזען פאר צוואנציג יאָהרען אין 1902? דאָ האָט זיך עפּעס געטאָהן! פּאסאזשיר שיפען פון חינא, פון אָסט־אינדיען... דיא פּאָרימע דאמפּפערלעך, וואָס מיר טרעפען דאָ אָן, געהען נאָר צו דיא אפריקאנישע האפענס און קיין מאדאגאסקאר. איך האָב מיך ביי דיא בהמות דיא מאטראָזען ערקונדיגט וועגען איטליכען שיף. מען זעהט שוין מעהר ניט קיין חינעזען, יאַפּאניער און אָסט־אינדיער אין דיא דאָזיגע וואסערן; לויטער פראכטשיפען. אפשר האָט ענגלאנד אין דיא צוואנציג יאָהרען פערלאָחרען גאָר איהר ממשלה אין אינדיען? שרים, זאָלען דאָס נעהמען! ביי וועמען אין דיא הענד אָבער איז דאָס אריבער?!"

„פרעגט דאָס דעם מאטראָזען, אויב דאָס אינטערעסירט אייך"....

„ניטאָ קיין פרעגענישען! דאָס לייג איך אָב, ביז מיר וועלען קומען קיין איר־

ראַפּאַ. איך בין א איינגעהאלטענער! אפשר גארט אייך, פריטץ, עפּעס צו דער־
געהן?"

„ניין, קינגסקאורט, מיר איז שוין אלץ גלייך. אין דיא צוואנציג יאָהרען האָב
איך מיך אָבגעוואָהנט זיך צו קימערן פאר זאכען וואָס געהען ניט פאַר אויף אונ־
זער ליעבער אינזעל. איך האָב דאָ שוין ניט קיין איינציגען פריינד, קיין שטיקעל
קרוב. נאָך וואָס זאָל איך זיך נאָכפרעגען?"

קינגסקאורט האָט זיך אויסגעצויגען אויף א לעהנשטוהל, בעקוועם וויא א
בעט, און האָט געזויגען א גרויסע האוואנא סיגאר:

„יאָ, שלעכט איז אייך דיא אינזעל ניט בעקומען, פריטץ! אז איך בע־
קלעהר וואָס פאר א מאָגערער אידישער בחור, מיט א איינגעפאלענער ברוסט,
איהר זייט געוועזן בשעת איך האָב אייך מיטגענומען.... איצט זייט איהר דאָך
שטארק וויא א בוים, א מחיה א קוק צו טאָהן; מיר דאכט זיך, אז די נקבות וועלען
אייך נאָכלויפען אין דיא גאסען!"

„איהר זייט שוין א פאַלנער משוגענער, קינגסקאורט", האָט פריעדריך גע־
לאכט. „פון אייער כבוד ועגען רעכען איך אָבער, אז איהר שלעפּט מיך ניט קיין
אייראָפּא מיט דער דעה, מיך חתונה צו מאכען".

קינגסקאורט האָט זיך געקייקעלט פאר געלעכטער:

„א איינפאל! חתונה מאכען! פאר אזא בהמה האָט איהר מיך שוין ניט!
וואָס וואָלט איך מיט אייך געטאָהן דערנאָך?"

„אפשר ווילט איהר אויף אזא דרך, איידעלערהייט, פון מיר פּטור ווערען!
אפשר איז אייך שוין דערעסען דיא געזעלשאפט מיינע?"

„איצט פערלאנגט שוין גאָר דיא פויגעלדיגע בהמה, אז איך זאָל איהם אָב־
שיטען מיט קאָמפּלימענטען!" האָט דער אלטער געשריען, וועלכער האָט ליעב גע־
האט אויסצומישען זיינע רייד מיט אלערליי זלזולים. „איהר ווייסט דאָך גאַנץ
גוט, אז אָהן אייך וואָלט איך שוין ניט געקענט לעבען. דיא גאנצע איצטיגע רייזע
האָב איך נאָר אונטערנומען צוליעב אייך, דערמיט, אז איהר זאָלט ווייטער עט־
ליכע יאהר געדולד האָבען מיט מיר צו לעבען".

„הערט, קינגסקאורט, איהר ווייסט דאָך, אז איך קען ניט אימיצען גראָב
זיין, וועניגסטענס, אזוי גראָב זיין וויא איהר. אָבער, איידעל האָט איהר גערעדט
וויא א....."

„א חמור?"

„אין דעם ערך!.... ועגן האָב איך ארויסגעוויעזען אונגעדולד? איך בין

אויף אונזער אינזעל געווען גליקליך. דיא צוואנציג יאָהר זיינען פאר מר אוועק וויא א חלום. צו איז דאָס ניט געווען נעבטען, בשעת איהר האָט געהאַלטען אייער געזעגענרערע צו דער צייט? איך וואָלט קיין מאָל דיא ליעבע אינזעל ניט פערלאָזען! קיין מאָל ניט! און איצט דולט איהר מיר א מוח, אז דיא רייזע מאכט איהר צוליעב מיר. שעהמט זיך, אלטינקער, דאָס איהר חאפט זיך אָן פאר אזעלכע פוילע אויסריידען! אייך גארט זיך צו זעהען, וואָס פאר א פנים האָט איצט אייראָפּא. אייך ציהט אהין, ניט מיך! דיא בעסטע ראיה, אז איך קימער מיך ניט דערמיט, וואָס עס טהוט זיך דאָרטען, איז די, דאָס איך האָב דיא גאנצע צייט קיין צייטונג ניט אריינגענומען אין דער האנד".

„א קונץ א גרויסער! אונזער אינזעל האָט דאָך ניט געהאט קיין צייטונגען. דאָס איז דאָך געווען דער ערשטער תנאי מיינער: ניט קראנק מאכען דיא נשמה מיט צייטונגס־שפּייז!"

„אזוי גאָר! פאר עטליכע יאָהרען איז אָנגעקומען א קאסטען פּראָדוקטען פון קאראָטאָנגא. דיא פּעקלעך זיינען געווען איינגעוויקעלט אין ענגלישע און פראנצויזישע צייטונגען. א רגע לאנג בין איך אויסגעשטאנען דעם נסיון זיי דורכצולעזען. וויא אלט זיי זיינען שוין ניט געווען, צו מאָנאטען, צו יאָהרען, פאר מיר וואָלט זיך נאָך געפונען גענוג נייעס. דאָס איז געווען אין יאָהר 1917, און זייט 15 יאָהר האָבען מיר שוין מיט דער וועלט ניט געהאט קיין שום מגע ומשא. איך האָב אָבער צונויפגעקליעבען דיא בלעטער און ניט לייענענדיג א אות אריינגעוואָרפען אן פייער. און איהר דערוועגט זיך נאָך צו זאָגען, אז מיך ציהט קיין אייראָפּא!"

דער אלטער האָט צופריעדען געשמייכעלט:

„אזוי וויא איהר האָט מיך שוין געחאפּט ביי'ן ליגען וועל איך זיך פאר אייך אין גאנצען מודה זיין. ס'איז א אמת, עס ווילט זיך מיר שטארק וויסען, וואָס עס איז געוואָרען פון דער פארדאָרבענע וועלט. צו זיינען דיא מענשען נאָך אלץ אזוי שלעכט און נאריש וויא א מאָל".

„מיין גוטער קינגסקאורט, איך וועט מיך מיט אייך, מיר וועלען גומל בענשען אין דעם טאָג, ווען מיר וועלען קענען צוריקקעהרען צו אונזער אינזעל און פּטור ווערען פון דיא מענשען מיט זייערע עסקים'לעך".

„איך האלט דאָס געוועט ניט מיט, ווייל איך קלעהר דאָס אייגענע".

דיא יאכט־שיף איז דורכגעשוואומען דעם זועץ־קאנאל. אין פּאָרט־סאאיד זיינען זיי ארויס אויף דער יבשה. אין האפען האָט מען אויסגעלאָדען און אָנגע־

לאָדען פראכטש־פען, אָבער צווישע זדיא אָרימע פעראלטעטע מארק־פלעצער אין דער שטאָדט האָט מען שוין ניט געזעהן דיא אלע מיני קאָלירען פון פערשי־דענע טראכטען, מען האָט שוין ניט געהערט דאָס געמיש פון אלערליי פרעמדע לשונות, און דאָס וואָס האָט אזוי אויסגעצייכענט דעם אָרט פון אנדערע האָט זיך שוין ניט געוואָרפען אין דיא אויגען. א מאָל האָבען זיך דאָ צוזאמענגע־טראָפען דיא וועגען פון מענשען, וואָס זיינען געגאנגען און געפאָהרען פון מזרח קיין מערב און פערקעהרט, דאָ האָט מען פריהער געזעהען דיא רייכסטע פערפוצ־טע רייזענדער, מענשען וואָס טרעטען אויס דעם גאנצען ערד־קוגעל; און איצט שלעפען זיך ארום וויא שאָטענס נעבען דיא שמוציגע קאפעהייזער עטליכע גע־בירטיגע איינוואָהנער און א פּאָר שכורע מאטראָזען.

קינגסקאורט און פריעדריך זיינען אריין אין א קראָם און האָבען פער־לאנגט ציגארען פון בעסערען זאָרט. דער קרעמער, א גרעק, האָט געענטפערט זיך בעקלאָגענדיג:

„בעסערע זאָרטען האָבען מיר נים. עס איז שוין ניטאָ דיא בלענים דערויף. מען זעהט שוין ניט קיין רייכען רייזענדער. מען זעהט נאָר מאטראָזען, וואָס קומען בעטען קייטאבאק און וואָלוועלע פאפּיראָסען“.

„דאָס גלויבט זיך אָבער גאָר ניט!“ האָט קינגסקאורט ווייטער געפרעגט, „וואו זיינען אהינגעקומען דיא רייזענדער, וועלכע פאָהרען קיין חינא, קיין אינדי־ען, אויסטראליען?“

„דיא זעהט מען שוין אין דיא אויגען ניט אָן. זיי פאָהרען איצט אויף אן אנ־דער וועג“.

„אויף א אנדער וועג?“ האָט פריעדריך פערוואונדערט אויסגערופען, „וואו האָט זיך דאָ גענומען א אנדער וועג? צו פאָהרט מען שוין ארום דעם „קאפּ־דער־גוטען־האָפנונג?“

דער קרעמער האָט פאראיבעל געקראָגען:

„איהר חוזק'ט פון מיר, מיין העדר. דאָס וויים דאָך היינט א קינד, אז קיין אזיען פאָהרט מען היינט ניט דורך דעם זועץ-קאנאל“.

פריעדריך און קינגסקאורט האָבען שטארק פערוואונדערט זיך אָנגעקוקט איינער דעם אנדערען, דערנאָך האָט דער לעצטער א ברום געטאהן:

„געוויס וויים דאָס איטליך קינד. איהר וועט דאָך ניט מיינען, אז מיר זייי־נען אזוי אונגעבילדעט, ניט צו וויסען פון דעם פערשאָלטענעם נייעם קאנאל“.

דער גרעק איז שוין געוואָרען צוקאָכט און האָט א זעץ געטאָהן מיט'ן פויסט אויפ'ן טאָמבאנק:

„ארויס פון קראָם! אייער גליד זאָל מיר דאָ ניט זיין! צערשט חוזק'ן זי־אָב פון מיר, בעטענדיג טייערע ציגארען, דערנאָך מאכען זיי נאָך גלייכווערטלעך ארויס פון דאנען“.

קינגסקאורט האָט זיך שוין אלאָז געטאָהן דעם טאָמבאנק איבערצושפרינ־גען און דעם גריכען דעם מוח צושפאלטען, אָבער פריעדריך האָט נאָך צו דער רעכטער צייט אָבגעהאלטען דעם אלטען היץ־קאָפּ.

„עס ווייזט אויס, קינגסקאורט, אז אין דיא לעצטע צוואנציג יאָהר זיינען עפּעס גרויסארטיגע זאכען געשעהן, פון וועלכע מיר הייבען ניט אָן צו ווי־סען“.

„שדים זאָלען מיך נעהמען! איך מיין אויך דאָס איינענע. בכן, מוזען מיר דאָס פריהער פאר אלץ זעהען צו דערגעהן“.

אין האפען זיינען זיי עס דערגאנגען ביי'ן קאפּיטאן פון א דייטשען סוחרי־שען שיף: דער האנדעל אין האפען אויף'ן ים צווישען אייראָפּא און אזיען האָט זיך איצט גענומען א נייעם ווענ. דער וועג איבער פאלעסטינא.

„צו זיינען דאָ דאָרטען האפענס, אייזענבאהנען?“ האָט פריעדריך גע־פרעגט.

דער קאפּיטאן האָט זיך שטארק פאנאנדערגעלאכט.

„צו עס געפינען זיך האפענס און אייזענבאהנען אין פאלעסינא? פון וואַ־נעט קומט איהר, מיין הערר? צו האָט איהר גאָר קיין מאָל ניט געלייענט א צייטונג, אָדער דורכגעקוקט איין אייזענבאהן פּלאן?“

„איך קען ניט זאָגען, אז קיין מאָהל, אָבער שוין חיבשע עטליכע יאהר...... פאלעסטינא איז אונז בעקאנט פאר א וויסטע לאנד“.

„א וויסטע לאנד!..... אויב דאָס איז ביי אייך א וויסטע לאנד, טאָ זאָל זיין וויא איהר זאָגט. אָבער איהר מוזט זיין שוין א ביסעל צו פערוועהנט“.

„הערט זיך איין, הערר קאפּיטאן“, האָט קינגסקאורט אויסגערופען, „מיר וועלען זיך מגלה זיין פאר אייך, וויא פאר א איינענעם פאָטער. אָט מיר ביידע פערשטעהט איהר מיך, זיינען אונוויסענד וויא דיא נאכט. צוואנציג יאָהר האָבען מיר געלעבט פאר־זיך און מיט אונזערע פארגעניגענדען. און איצט דערצעהלט אונז, וואָס איז דאָ פּאסירט מיט דער אלטינקען פאלעסטינא?“

„אויב איך זאָל דאָס אייך וועלען אלץ אויסדערצעהלען, דארף איך מעהר

צייט דערצו וויא איהר אוועקצופאָהרען אהין. אויב איהר זשאלעוועט ניט עטליכע טעג, טאָ מאכט דאָך דעם קליינעם אומוועג. אין חיפה און יפו וועט איהר אויף אלע פעלע קריגען דיא גיכסטע שיפען, וואָס פאָהרען קיין אייראָפּא און אמערי־קא אויב איהר וועט וועלען פערלאָזען אייער יאכט־שיף.

„ניין, דאָס ניט, אונזער יאכט פערלאָזען מיר ניט. אָבער דעם אומוועג קענען מיר מאכען. פריטץ! וואָס זאָגט איהר דערצו? צו ווילט איהר נאָך א מאָהל א קוק טאָהן אויף דאָס לאנד פון אייערע אמאָליגע אָבות פון דער גאָלדענער פאָהן?"

„מיך ציהט אהין אזוי וועניג ווי קיין אייראָפּא. עס איז מיר קיין חילוק ניט".

און זיי האָבען אָנגעשטעלט דיא זעגלען אויף חיפה צו.

עס איז געווען א פריהלינגס פריהמאָרגען נאָך איינע פון דיא מילדע נעכט, וואָס שוועבע זאיבער דעם ראָזיגען ים—בשעת זיי האָבען דערזעהן דעם ברעג פון פאלעסטינא. זיי זיינען ביידע געשטאנען אויף דעם קאָמאנדא בריק און האָבען זייט צעהן מינוטען ניט אראָבגענומען פון דיא אויגען די ספּעקטיוועז, וועלכע זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף דעם ברעג, וואָס איז זיך ביסלעכווייז ארויסגעוואקסען פון ים.

„מען קען שווערען אז דאָרטען איז דיא בוכט פון עכו", האָט פריעדריך געזאָגט.

„מען קען אויך שווערען פונקט קאפויר", האָט קינגסקאורט זיין מיינונג ארויסגעזאָגט, „איך האָב נאָך אין מיין געדעכטנים דאָס בילד פון דער בוכט. פאר 20 יאָהרען איז זיא געווען ליידיג און וויסט. אָבער דאָס רעכטס איז דאָך דער כרמל און לינקס אויבען איז עכו".

„וויא פערענדערט"! האָט פריעדריך אויסגערופען, „נסים האָבען דאָ גע־מוזט געשעהן". זיי האָבען זיך דערנעהענטערט, און איצט האָבען זיי שוין דורך די שארפע גלעזער געקענט ביסער בעטראכטען די איינצעלנע פרטים, וואָס האָבען זיך וויא דורך א נעבעל געוואָרפען פאר דיא אויגען. אויף דער רהערע צווישען עכו און דעם פוס פון כרמל האָבען געאנקערט מורא'דיג גרויסע שיפען, אזעלכע [illegible]
מחנה שיפען האָט מען געזעהען דיא ליעבליכע ברעגעס פון ים־צונג (בוכט). אויף'ן שפּיץ פון עכו צפון־זייט זיינען שטאָלץ געשטאנען פּרעכטינע אָריענטאלישע גע־ביידען די גרויע פעסטונג־מויערן, די ברייטע קופּעלען און די שלאנקע מינארעטען.

צוזאמען מיט דעם מאָרגענהימעל וואָס האָט זיך געצווייגען איבער זיי, האָט גע־מאכט אויף דיא רייזענדע א ליעבליכען פריעדליכען איינדרוק. אין דער זייט פון דיא ליניען, האָט זיך דאָס בילד פון עכו ניט פיעל געענדערט. אָבער אין דרום זייט, הינטער דעם בעריהמטען שטאָדט, וואָס איז אזוי פיעל צרות אויסגע־שטאנען, דארט, וואו דער ברעג ציהט זיך רונד וויא א בויגען האָט זיך בעוויזען א נייע פראכט. טויזענדער ווייסע ווילען (זומער וואָהנונגען) האָבען ארויסגע־קוקט און געלויכטען צווישען דיא גרינע צווייגען פון די רייכע גערטנער. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אז פון עכו ביז'ן כרמל ציהט זיך איין גרויסער גאָרטען, און דער בארג אליין איז אויך געווען בעקרוינט מיט געביידען, וואָס האָבען געלויכטען פון ווייטען אין אלע פארבען.

אזוי וויא זיי זיינען געקומען פון דרום־זייט האָט זיי דער בארג כרמל צו־ערשט פארשטעלט דעם בליק אויף'ן האפען און דיא שטאָדט חיפה. אין א ווײלע ארום איז דאָס אויך ארויסגעטראָטען פאר זייערע אויגען, און עס איז שוין געווען אונמעגליך צו צעהלען די „טייוולאָנים", וואָס זיינען געפלויגען פון קינגס־קורטס ליפען.

א וואונדערליכע שעהנע שטאָדט איז געלעגען ביי'ן טיעף־בלויען ים. גרויס־ארטיגע שטיינדאמען זיינען געשטאנען אין וואסער, און דער פרעמדער האָט באלד נעקענט אייזעהען וואָס פאר א האפען דאָס איז געווען; איינער פון דיא זיבערסטע און בעקוועמסטע האפענס אויפ'ן מיטעללענדישען ים. דאָ האָבען זיך אויפגעהאלטען שיפען פון אלערליי סאָרטען, קליינע און גרויסע, פראכט און פאסאזשיר שיפען, שיפען פון אלערליי פעלקער.

קינגסקאורט און פריעדריך זיינען געשטאנען וויא פערטויבטע. אויף זייער אלטע ים־קארטע איז נאָך פון אזא האפענשטאָדט קיין זכר ניט געווען, און איצט שטעהט זיא פאר זייערע אויגען. אקוראט וויא דורך א כישוף בעשאפען. די וועלט, בעשיינפערליך, איז אין דיא יאָהרען פון זייער אָבגעזונדערטהייט ניט געשטאנען אויף איין אָרט.

זיי האָבען פעראנקערט דיא „...ס שיף", און אין א באטעל (קליינע שיפעל) זיינען זיי צוגעפאָהרען צום ברעג, דורך דיא מהומה פון דיא גרויסע שיפען ארום.

אין קורצע אָבגעריכענע פראזען האָבען זיי איינער דעם אנדערן איבערגעג־בען דעם רושם, וואָס האָט אויף זיי געמאכט דער נייער האפען. דאָס באטעל האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דיא שטיינערנע טרעפ פון דער דאמבע. זיי זיינען אויסגע־שטיגען. א פאָר טריט ניט ווייט פון זיי איז געשטאנען א יונגער מאן און האָט,

װיא עס װײזט אױס, געװאָלט אראָפּגעהן דיא טרעפּ, כדי זיך ארײנצוזעצען אין א עלעקטרישע שיפעל, װאָס האָט, בעשטײנפּערלעך, געװארט אױף איהם. בשעת אָבער ער האָט דערזעהען דיא צװײ רײזענדער איז ער געבליעבען שטײן װיא צו־געקײט. מיט פערװאונדערטע, װײט אױפגעריסענע אױגען האָט ער געקוקט אױף פריעדריכען.

דער אלטער האָט דאָס בעמערקט און האָט געברומט:

„װאָס האָט ער זיך אזױ פערקוקט,, דער פארשױן מײנער? צו זעהט ער צום ערשטען מאָל א פּאָר ציװיליזירטע מענשען?"

פריעדריך האָט געשמײכעלט.

דאָס גלױבט זיך מיר ניט. דיא מענשען אױף דער דאמבע זעהען אױס נאָך מעהר ציװיליזירט װיא מיר. שױן גיכער אָנצונעהמען, אז מיר זעהען איהם אױס צו אלט מאָדיש. גיט נאָר א קוק אן דער הױף. װיא עס קאָכט דיא גאס אקוראט װיא א װעלט שטאָדט. װיא פיעל שעהן געפּוצטע מענשען אױפ'ן גאס! מיר דאכט זיך, אונזערע קלײדער זײנען שױן ארױס פון דער מאָדע."

זײ האָבען דעם שיפער אָנגעזאָגט, אָבצו־װארטען זײ אין דעם אײגענעם אָרט און זײ זײנען ארױף דיא שטײנערנע טרעפּ, װאָס האָבען געפיהרט צו דער קאָכעדיגען גאס, אױף װעלכע זײ האָבען פון ברעג נאָך געקוקט מיט אזא התפעלות. זײ האָבען שױן פערגעסען דעם אונבעקאנטען, װעלכער האָט געקוקט אױף זײ מיט אזעלכע גרױסע פערװאונדערטע אױגען. ער איז אָבער זײ נאָכ־געגאנגען און האָט זיך בעמיהט צו דערגעהן, אױף װאָס פאר א שפּראכע זײ רײ־דען. פּלוצים איז ער נאָהענט צוגעגאנגען צו זײ, ער האָט זײ גיך אריבערגעיאָגט און זיך מיט אײן מאָהל אָבגעשטעלט אקעגען זײ.

„מײן הערר," האָט קינגסקאורט אױסגעברומט, — „װאָס װילט איהר אײ־גענטליך פון אונז?" דער פרעמדער האָט איהם אָבער גאָר ניט געענטפערט, נאָר זיך געװענדעט צו פריעדריך מיט א מענליכער װארימער שטימע, װעלכע האָט געציטערט פאר אױפרעגונג:

„צו זײט איהר ניט דער דאָקטאָר פריעדריך לעװענבערג?"

פריעדריך, װעלכער איז געװאָרען שטארק נתפּעל צו הערען פּלעצליך זײן נאָמען אין אזא פרעמדען אָרט, האָט געענטפערט:

„אזױ הײס איך".

דער אומבעקאנטער האָט איהם שטארק ארומגענומען און איהם געקושט אױף בײדע באקען. דערנאָך האָט ער איהם בעפרײט פון זײנע אָרמען און זיך אָב־געװישט דיא טרעהרען פון דיא אױגען.

דאָס איז געוועזן א יונגער קרעפטיגער, הויך־געוואקסענער מאַן פון דרייסיג יאָהרען, מיט א געזיכט וואָס איז געוועזן פערברענט פון דער זון און בעקראנצט מיט א קורצען שווארצען באָרד.

„און ווער זייט איהר?" האָט פריעדריך געפרעגט דערנאָך, וויא ער האָט זיך ערהאָלט פון דעם שטורעמדיגען גרוס.

„איך! איהר וועט זיך געוויס ניט קענען דערמאָנען, איך הייס דוד ליט־וואק".

„דאָס קליין איינגעל פון קאפע בירקענרייז?"

יא, הערר דאָקטאָר! דער אייגענער, וועלכען איהר האָט געראטעוועט פון הונגערטוידט, צוזאמען מיט זיינע עלטערן און זיין שוועסטער".

„אך, לאָמיר דערפון ניט ריידען" האָט פריעדריך פערבייגט דאָס גע־שפרעך.

„פערקעהרט, מיר וועלען נאָך דערפון א סך ריידען. דאָס וואָס איך בין און דאָס וואָס איך פערמאָג האָב איך נאָר אייך צו פערדאנקען. קודם כל, זייט איהר מיין גאסט, און אויב דער הערר איז אייער פריינד, איז ער אויך מיין ליעבער גאסט".

„דאָס איז מיין איינציגער, בעסטער פריינד אין דער וועלט, דאָס איז מיס־טער קינגסקאורט".

---

II.

איידער זיי האָבען זיך ארומגעקוקט האָט זיי שוין ליטוואק ארויפגעפיהרט דיא טרעפּ. ערשט דענמאָלסט, בעת זיי זיינען ארויף אויף דער דאמבעגאס, האָ־בען זיי אָנגעהויבען צו זעהן, וואָס פאר א וואונדערליכע שטאָדט חיפה איז און וואָס פאר א סוחריש לעבען עס קאָכט אין איהר.

פאר זייערע אויגען האָט זיך אויסגעבריט א גרויסער פּלאַץ, וועלכען עס האָבען ארומגערינגעלט מויערען און פּאלאצען. אין דערמיטען אָבגעצוימט, איז געשטאנען א פּאלמען־גאָרטען. דיא פּאלמען, דאָ איז דאָס א געוועהנליכער בוים. זיינען געשטאנען רעכטס און לינקס ביי דיא עקען פון יעדער גאס, וואָס האָט זיך געענדיגט ביי'ן גרויסען פּלאַץ. מען האָט באלד געזעהן, אז דיא פּאלמען ברייגען א דאָפּעלטען נוצען: ביי טאָג האָבען זיי געוואָרפען א קיהלען שאָטען און ביי נאכט האָבען זיי געגעבען ליכטיגקייט, ווייל דיא עלעקטרישע לאָמפּען זיינען גע־וועזן בעפעסטיגט אָן זיי און האָבען אויסגעזעהן וויא גרויסע גלעזערנע פרוכטען.

קיננסקאורט האָט דאָט צו ערשט בעמערקט מיט גרויס התפּעלות. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעהויבען נאָכפרעגען אויף די פּאַלאַצען, וועלכע האָבען ארומגערינגעלט דעם פּלאַץ. דוד ליטוואק האָט געענטפערט, אז דאָס זיינען די הויפּטקאַנטאָרען פון פערשיעדענע אייראָפּייאישע זעע האנדעלגעזעלשאַפטען און קאָלאָניאַל בייננק. דער פּלאַץ טראָגט דער פאר דעם נאָמען „פעלקער פּלאַץ". און דער נאָמען איז טאַקי פאר איהם געווען וויא אָנגעמאָסטען, ניט נאָר צוליעב די געשעפטס הייזער און קאָנטאָרען, נאָר אויך צוליעב די מענשען, וועלכע האָבען בעלעבט דעם דאָזיגען אָרט.

די אורחים האָבען זיך ניט געקענט אָבוואונדערען און האָבען מיט גרויסע אויגען געקוקט אויף דעם קאָכענדיגען סוחרישען פערקעהר. מען האָט געזעהן בחוש, אז דאָ טרעפען זיך צוזאַמען מענשען פון אלע נאציאָנען, די טראַכטען פון מאָרגענלענדישע מענשען האָבען זיך אויסגעמישט מיט די אייראָפּעאישע טראַכטען חינעזער, פּערזער, אראבען זיינען געגאַנגען שטאַרק פערטהון צווישען פערשמייעטע אייראָפּעער. אָפטער פאר אלץ אָבער האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען די טראַכט פון אייראָפּאַ; דער פּלאַץ האָט בכלל געהאַט א אייראָפּעאישען אויסזעהן. עס האָט זיך אויסגעדוכט אז מען געפינט זיך אין א גרויסער האַפענשטאָדט אין איטאַליען. די בלויקייט פון הימעל און פון ים, די לויכטיגע פארבען ארום האָבען דערמאָהנט אָן די גליקליכע ריוויערא. אָבער די פּאַלאַצען זיינען נאָך געווען ריינער און געבויט נאָכ'ן נייעסטען געשמאַק און ביי אלער לעבענדיגקייט אויפ'ן גאַס, איז דער גערויש ניט געווען אזוי שטאַרק וויא דאָרטען, דען דער מענש אין מאָרגענלאַנד איז רוהיגער און זיין גאַנג איז א שטילערער. חוץ דעם האָט מען דאָ ניט געזעהן די לאַסטטהיערען. מען האָט דאָ ניט געהערט דאָס קלאַפּען פון פערדישע פּאָדקאָוועס, דאָס קנאַלען פון די בייטשען און דאָס גערויש פון רעדער. די גאַס איז געווען אזוי גלאַט, וויא די טראָטואַרען און די אויטאָמאָבילען פלעגען פערביישיעסען אויף זייערע גומי־רעדער כמעט אָהן א גערויש, ווען ניט דער גרילצענדיגער טאָן פון דעם סיגנאַל־האָרן, מיט וועלכען זיי פלעגען מתרה זיין דעם פערטראַכטען שפּאַצירגעהער. א געדעמפּטער רעדערגעקלאַפּ איבער זייערע קעפּ האָט געצוואונגען די אורחים, א קוק צו טהון אין דער הויך.

„א רוח זאָל... וואָס איז דאָס? !" האָט קינגסקאורט א געשריי געטהון שטאַרק פערוואונדערט, און האָט א ווייז געטהון אויף א וואַגאָן, וואָס איז פערביישאָסען איבער די צווייגען פון די פּאַלמען און אין וועלכען עס זיינען געזעסען פּאַסאַזשירען ביי די אָפענע פענסטער. דער וואַגאָן האָט געהאַט די רעדער

ניט אונטערן דעם נאָר איבער'ן דאך. ער איז געהאנגען אין דער לופטען, און האָט זיך געצווינגען אין דער לענג פון צוויי גראָבע אייזערנע שינען.

דוד ליטוואק האָט ערקלערט:

„דאָס איז א עלעקטרישע שוועב-באהן. מן הסתם האָט איהר דאָס שוין אין אייראָפּא געזעהן".

„מיר זיינען זייט צוואנציג יאהר ניט געווען אין איירעפּא".

„דיא שוועב־באהן איז דאך ניט קיין נייעס. זיא איז שוין געפאָהרען אין די 90־ער יאָהרען פון פאָריגען יאהרהונדערט צווישען דיא שטעדט בארמען און עלכערפעלד. מיר האָבען זיא אין אונזערע שטעדט איינגעפיהרט פון אָנפאנג אָן, ווייל דער מאסענפערקעהר ווערט דאדורך פיעל לייכטער און פיעל ווייניגער גע־פעהרליך. דיא באהן קאָסט אויך ביליגער וויא שטראסענבאהן אָדער דיא הויכ־באהן וואָס ציהט זיך איבער שיענעס, וועלכע ליעגען אויף געמויערטע בויגענס.

„האלט נאָר א ווייל" האָט קינגסקאורט אויסגערופען — „איהר רעדט דאָ וועגען שטעדט, עס קומט אויס, אז אין פאלעסטינא זיינען פערהאנען נאך אזוינע שטעדט?"

„און איהר ווייסט דאָס ניט אליין?"

„ניין" האָט פריעדריך געזאָגט, „מיר ווייסען גאָר נישט. מיר זיינען געווען 20 יאהר טוידט פאר דער וועלט און דיא וועלט איז געווען טוידט פאר אונז".

„איך האָב טאקי אייך געהאלטען פאר טוידט, ליעבער הערר דאָקטאָר", האָט דוד געזאָגט און צערטליך אָנגענומען פריעדריכען ביי דער האנד.

„צו האָט איהר זיך נאָכגעפרעגט אויף מיר און בכלל, פון וואנען האָט איהר זיך מיין נאָמען דערוואוכט? מיר דאכט, איך האָב זיך דענמאָלסט פאר אייך ניט ענטפּלעקט".

„בשעת איהר זייט אוועק פון אונז, אויסמיידענדיג אונזער דאנק, זיינען מיר געווען איבער זיך. איך האָב גערעכענט, איהר זייט אפשר א שטענדיגער בעזוכער פון קאפע בירקענרייז. דאָרטען האָב אך פעלע נעכט געוואַרט אויף אייך ביי דער טהיר. און מיין פאָטער אויך".

„צי לעבט נאָך אייער פאָטער?"

„גאָט צו דאנק, אין מיינע מוטער אויך, און מרים, וועלכע איז נאך געווען א וויקעלקינד דענאָלסט.... איינמאָל איז מיר איינגעפאלען, אייך אָבצומאָלען פאר דעם קעלנער פון קאפעהויז. באלד וויא איך האָב איהם אָנגעהויבען צו שילדערען אייער אויסזעהן האָט ער אייך באלד דערקענט און האָט מיר געזאָגט, וויא איהר

הייסט. אָבער, וויא גרויס איז געוועזן מיין וועטהאָג, בשעת ער האָט נאָך צוגעלעגט, אז איהר זייט ביי'ם קלעטערען פון א בארג אראָבגעפאלען און געהרג'ט געוואָרען; ל:יט דעם וויא דיא בלעטער מעלדען. וואָס זאָל איך אייך זאָגען, דאָקטאָר. מיר האָבען א סך טרערען פערגאָסען, מיר האָבען אויך אלע יאהר פּינקטליך יאהר־צייט געהאלטען נאָך אייך. דעם טאָג ווען דאָס אונגליק האָט אייך געטראָפען זיי־נען מיר דערגאנגען פון דיא בלעטער".

„יאָהר צייט? וואָס איז דאָס אזוינס?", האָט קינגסקאורט געפרעגט.

פריעדריך האָט געענטפערט:

„א יודישער מנהג. אין דעם טאָג, אין וועלכען עס איז געשטאָרבען איינער פון דיא נאָהענטע קרובים, צינדט מען צו זיין אָנדענקען א ליכט אָן".

„אך, עס איז דאָ א סך, א סך צו דערצעהלען", האָט דוד ליטוואק געזאָגט, „אָבער מיר וועלען דאָך ניט בלייבען שטעהן דאָ אייביג. פריהער פאר אלץ, וויל איך אייך אוועקפיהרען אין מיין הויז, וואָס פון היינט אָן קענט איהר דאָס רעכע־נען פאר אייער אייגענעם. קומט מיינע הערען!" דוד ליטוואק האָט זיך אָבגע־קעהרט צו א נעגער אין א ליוורעע, וועלכער איז איהם נאָכגעגאנגען דיא גאנצע צייט פון הינטען. ליטוואק האָט איהם שטיל עפּעס געזאָגט און דער נעגער איז אוועק. דערנאָך האָט זיך ליטוואק געווענדעט צו זיינע געסט און האָט געזאָגט:

„אלץ איז בעזאָרגט, דאָס באטעל וועט אוועק צו אייער יאכטשיף, און אין פריעדריכסהיים וועלען קומען אייערע דיענער זיך נאָכפרעגען, וואס זיי האָבען צו טהון אויף ווייטער".

„וואו?"

„אין פריעדריכסהיים. אזוי הייסט מיין הויז. איהר האָפּט שוין טרעפען נאָך וועמען איך האָב דאָס א נאָמען געגעבען? קומט מיינע הערען, דאָס הייסט, לאָמיר פאָהרען צו מיר!"

אין דעם פריינדליכען טאָן פון ליטוואק האָט זיך געהערט א פעסטער כאראַק־טער. קינגסקאורט האָט אונטערגעברומט אפילו ניט גאנץ אונצופריעדען:

„פריץ, אָט ער נעהמט איבער דיא קאָמאנדע! קומט לאָמיר זעהן!"

דוד ליטוואק האָט א וואונק געטהון און עס איז צוגעפאָהרען א אויטאָמאָ־ביל. ער האָט געבעטען דיא הערען, זיי זאָלען זיך זעצען. דאָך בעת ער האָט שוין אויך געוואָלט זיך אריינזעצען האָט איהם עמיצער אָבגעהאלטען:

„הער ליטוואק, הער ליטוואק!"

ער האָט זיך אומגעדרעהט;

„אך, דאָס זייט איהר? וואס ווילט איהר?“

„אין דיא מאָרגענצייטונגען שטעהט, אז איהר וועט היינט מאכען א אסיפה אין עכו. צו איז דאָס ריכטיג?“

„איך האָב גערעכענט אריבערצופאָהרען, נאָר איצט מוז איך זיך אָבזאָגען. איך האָב היינט וויכטיגערעס צו טהון. גוט, וואָס איהר האָט מיר דערמאָהנט. איך וועל נאָך אריבערטעלעפאָנירען“.

„צו וועט איהר מיר ערלויבען דאָס אליין אָבצוטהון פאר אייך?“

„אויב עס פאלט אייך ניט שווער, בעט איך אייך טאקע, טהוט דאָס“.

„מן הסתם זעלטענע אורחים געקריגען“, האָט ליטוואקס בעקאנטער געוואָלט אויספארשען און האָט מיט'ן גראָבען פינגער איבער'ן פלייצע געוויזען אויפ'ן אויטאָמאָביל.

דוד אָט געשמייכעלט, האָט אָבער גאָר ניט געענטפערט און נאָך צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דערנאָך האָט ער דעם הייצער פון וואָגען צוגערופען: „פאָהר קיין פריעדריכסהיים“.

„דאָס פנים פון דעם מענשען קומט מיר בעקאנט פאָר“, האָט פריעדריך געזאָגט, בעת דער וואָגען האָט גענומען פאָהרען, — „איך האָב איהם געמוזט זעהן אמאָל אביסעל אנדערש, אָהן דעם גרויען באקענבאָרד, אָהן דעם פענסנע אויף דער נאָז“.

„ריכטיג, ער איז אויך א וויענער. ער פלעגט מיר אָפט מוזען דערצעהלען פון אייך. איך האָב איהם נאָך היינט ניט געוואָלט פאָרשטעלען. היינט געהערט איהר מיר אליין.... ער איז אויך געווען א גאסט פון קאפע בירקענרייז. טרעפט, ווער האָט דאָס געקענט זיין?“.....

א עראינערונג איז וויא דורך וויא א בליץ אין פריעדריכס מוח.

„שיפמאן“, האָט פריעדריך זיך פערנאנדער געלאכט — „וואָס איך זעה, דער איז אויך דאָ?“

„דער און א סך א סך יודען פון פערשיעדענע שטעדט און לענדער“.

קינגסקאורט, וועלכער האָט מיט נייגיערדע געקוקט אויף אלע זייטען, האָט הערענדיג דיא לעצטע ווערטער געפרעגט:

„צו ווילט איהר דערמיט זאָגען, אז אין דער לעצטען צייט האָט פאסירט, דאָס דיא יודען האָבען זיך צוריקגעקעהרט קיין פאלעסטינא?“

„געוויס, דאָס מיין איך טאקע“.

„דונער און בליצען!“ האָט דער אלטער אויסגערופען, „צו האָט מען זיי ארויסגעטריעבען פון אייראָפּא?“

דוד האָט מיט א פריינדליכען שמייכעל געענטפערט:

„איהר דארפט זיך דאָס ניט פאָרשטעלען, וויא א בילד פון פינסטערען מי־טעלאלטער. וועניגסטענס, אין דיא געבילדעטע לענדער האָט עס אזוי ניט אויס־געזעהן. דיא אָפּעראציע איז געוועזן א טרוקענע, אָהן מעסער און בלוט. צום סוף פון 19-טען יאהרהונדערט און צום אָנפאנג פון 20־טען איז דאָס לעבען פאר דיא יודען אין אייראָפּא געוואָרען ניט אויסצוהאלטען“.

„אהא! פעריאָגט, דורך דעם וואָס מען האָט זיי פערעקעלט דאָס לעבען דאָ!“

„מען האָט אונז נערודפ'ט דערפאר, וואָס מיר זיינען מענשען, דערפאר וואָס מיר זיינען פערדינער. מען האָט אונז אויסגעשלאָסען פון דער סוח'רישער וועלט, אונזערע ארבייטער האָט מען געלאָזט פערהונגערען, צו פרייע מלאכות און צו העכערע פּראָפעסיאָנען האָט מען אונז ניט צוגעלאָזען. איך רעד שוין ניט פון דיא מאָראלישע ליידען, וואָס איז אויסגעשטאנען איטליכע פיינע נשמה ביי יודען. די שנאה צו יודען האָט זיך בענוצט מיט אלע מיטלען, ניט פערגעסען דיא אלטע און נאָך אויסגעטראכט נייע. מען האָט אונז פערפאָלגט פאר עלילות דם, וויא אין די פינסטערע צייטען פון מיטעלאלטער, און דערביי האָט מען אויך געטענה'ט, דאָס דיא יודען האָבען דיא פרעסע פערגיפטעט, וויא פערצייטענס דיא ברונענס. דיא ארבייטער האָבען פיינד געהאט זייער חבר דעם יודישען ארבייטער ווייל ער זעצט ארונטער דעם ארבייטערלויהן. און ווען דער יוד איז געוועזן א פאבריקאנט, האָט מען איהם פיינד געקריעגען, וויא א מענשען, וואָס בערייכערט זיך דורך פרעמדע ארבייט. מען האָט דעם יודען פיינד געהאט, ניט קוקענדיג דערויף צו איז ער אָרעם, רייך, אָדער א בעל הבית פון מיטעלען שטאנד. ס'איז קיין נפקא מינה ניט געוועזן צו האָט ער פערדינט געלד, אָדער צו האָט ער דאָס פרייגיבינג אויסגע־בראכט, דיא שנאה איז אלץ געוועזן דיא אייגענע. א יוד האָט ניט געטאָרט פּראָ־דוצירען, פאבריצירען, האָט ניט געטאָרט פערברויכען, פריי אויסגעבען. צו רע־גירונגס־שטעלען פלעגט מען זיי ניט צולאָזען. אין סאנד האָט מען זיי בעהאנדעלט וויא מענשען פון א צווייטען זאָרט, און אין געוועהנליכען לעבען האָט מען זיי אָנ־געטאָהן קרענקונגען אויף טריט און שריט. ביי אזא מצב האָבען דיא יודען פון זיי־ער זייט אָדער געמוזט ווערען דם שונאים פון דיא נאציאָנען, וואָס האָבען זיי בע־האנדעלט מיט אכזריות, אָדער זיי האָבען געמוזט אָנהויבען זוכען עפּעס א ערי

מקלט", א היימשטעטע, וואו זיי זאָלען קענען לעבען אין כבוד און אין רוה. דיא יודען האָבען אויסגעקליבען דעם לעצטען וועג. און, וויא איהר זעהט, האָבען מיר זיך ארויסגעראטעוועט".

„יא, דאָס איז דער אמתער נאָמען דערפאר", האָט ליטוואַק געזאָגט עדגסט און געריהרט — „אויף אונזערעי אַלטען טהייערען באָדען האָבען מיר א נייע יו־דישע נאציאָנאַלע געזעלשאפט געגרינדעט. איהר וועט זיך באלד מיט איהר נע־העגטער בעקאָנען, מיינע הערהען"

„אלט־ניי־לאנד", האָט זיך געהערט פון פריעדריכס ליפּען.

„א שד זאָל מיך נעהמען! דאָ איז דאָך מורא'דיג אינטערעסאנט! עס כאפּט אָן א חשק צו בעטראכטען איטליכע קלייניגקייט! איך האָב אייך ניט געוואָלט אונטערברעכען, בעת איהר זייט געווען דער מלאך המקטרג פון אייראָפּא דיא אל־טיטשקע, אז ניט וואָלט איך אייך געוואָלט אויספרעגען מכח אייניגע גרויסארטיגע בנינים פאר וועלכע מיר זיינען פערבייגעפאָהרען".

„איך וועל אייך אלץ וויוזען".

„הערט נאָר, געשעצטער יונגער מאן און יוד. איך מוז זיך פאר אייך פריהער מתודה זיין, אז ניט, קענט איהר נאָך אמאָל חרטה האָבען פאר דעם כבוד וואָס איהר גיט מיר אָב. איך בין ניט קיין יוד. נו? איצט וועט איהר מיך שוין ארויס־יאָגען, אָדער אין איידעלערען אופן, פערעקלען מיר דאָ דאָס לעבען? הא?"

„אָבער קינגסקאורט?!" האָט פריעדריך איהם אָבגעהאלטען מיט א פעראי־בעל.

דוד ליטוואק האָט רוהיג געענטפערט:

„דאָס איהר זייט ניט קיין יוד האָב איך באלד דערקענט נאָך איינע פון איי־ערע פראגען. איהר מעגט אָבער וויסען, אז איך און מיינע חברים מאכען ניט קיין אונטערשיעד צווישען יודען און קריסטען. מיר פרעגען זיך ניט נאָך וועגען דיא אמונה, פון וועלכע געזע מען שטאמט אָב. א מענש זאָל ער זיין און דאָס איז פאר אונז גענוג."

„געסמאלעט זאָל דאָס ווערען! און אלע טראכטען פונקט וויא איהר?"

„ניין", האָט דוד אָפען מודה געווען — „דאָס קען איך ניט זאָגען. עס זיינען דאָ נאָך פערשיעדענע אנזיכטען דאריבער".

„אהא! דאָס דאָב איך באלד געטראכט, מיין געשעצטער מענשענפריינד!"

„איך וויל אייך איצט ניט דיא צייט לאנג מאכען דערמיט, וואָס איך וועל אייך דערצעהלען פון אונזער פּאָליטישע פּארטייען און זייערע שטרייטערייען.

אין דער הינזיכט איז ביי אונז ניט אנדערש וויא אין דער גאנצער וועלט. איינס אָבער קען איך אייך זאָגען: דיא מדות פון מענשליכקייט זיינען ביי אונז פערבּרייטערט אומעטום, און וואָס אמונה אנבעלאנגט, זעהט מען ביי אונז נעבען דיא יודישע טעמפּלען דיא הייליגע געבעט־הייזער פון קריסטען, מאחמעדאנער, בוהי־דיסטען אונבראהמאנען. דיא טעמפּלען פון דיא לעצטע צוויי גלויבענס זיינען מעהרסטענטהיילס אין דיא האפען שטעט, למשל, דאָ אין חיפה, אין צור צדון, אויך אין דיא גרעסרע שטעדט, וואָס ליעגען ביין באהן, ועלכע געהט צום טייך פרת אין דמשק און תדמר.

פרִיעדריך איז א פערוואונדערטער געוואָרען:

„תדמר! דיא שטאָדט פּאלמירע האָט ווידער אָבגעלעבט?“

דוד האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ;

„דאָס בילד פון דעם גרויסען אמת'ן שלום צווישען אלע אמונות קען מען אָבער זיך נאָר אָנזעהן אין ירושלים“.

„איך האלט דאָך ניט אוים! דער קאָפּ שווינדעלט מיר“, האָט קינגסקאורט געקרעכצט — „וויא קען מען דאָס אלצדינג אויף איינמאָהל בענעהמען!“

זיי זיינען אָנגעקומען צו א אָרט, וואו עס שניידען זיך דורך מעהרערע גאַ־סען, און דיא פּיעל וואָגענס האָבען אויף א ווײלע פערשפּארט דעם וועג. זייער אויטאָמאָביל האָט זיך געמוזט אָבשטעלען און זיי האָבען באלד איינגעזעהן, וויא פּראקטיש עס איז געווען צו בויען א שוועבעבאהן. אונטער דיא גראָבע דאָפּעלטע שינעם האָט וויא א ווינד זיך געטראָגען דיא באהן איבער זייערע קעפּ. ניט צו שטערען דערביי דיא פוס־געהער, און אליין איז זיא אויך ניט געווען געשטערט פון קיינעם.

פון דעם אָרט וואו זיי זיינען געצוואונגען געווען זיך אָבצושטעלען, האָבען זיי בעטראכט מעהרערע גאסען. דיא שעהנע בנינים געבויט אין פערשיעדענע אר־טען, האָבען מחיה געווען דאָס אויג. דערנאָך זיינען זיי געפאָהרען דורך ווייטערע טהיילען פון שטאָדט. דיא וואָהנהייזער זיינען געווען דאָס רוב קליין און שעהן וויא צאַצקעס. זיי זיינען בעשיינפּערליך געווען געבויט פאר א איינציגע פאמיליע. וויא דיא הייזער אין געוויסע בעלגישע שטעדט. דערפאר אָבער האָבען זיך הויך אויפגעהויבען, וויא ריעזען מאגנאטען, דיא געשעפט־הייזער און קהל'שע געביי־דען, און מען האָט זיי באלד געקענט דערקענען. דוד ליטוואק האָט עטליכע אָנגע־רופען מיט'ן נאָמען זייערען: דעפּארטמענט פאר זעע־און שיפאנגעלעגענהייטען, דעפּארטמענט פאר ארבייטספערמיטלונג, פאר שולען און בילדונג, פאר עלעקט־

ריציטעם. א גרויסער פּרעהליכער פּאלאַץ, וואָס האָט געהאַט אויף דער פֿאָדערען זייט א פּראכטינען באלקאָן בעמאָלט מיט שעהנע בילדער, האָט צוגעצויגען צו זיך דעם בליק פון דיא אורחים:

„דאָס איז דאָס דעפּארטמענט פאר בוי־אנגעלעגענהייטען“ האָט דוד ער־קלערט, — „דאָ וואָהנט שטיינעק, אונזער ערשטער ארכיטעקט. ער האָט אויסגע־ארבייט דעם פּלאַן פאר דיא שטאָדט אונזערע“.

„דער מאן האָט גענומען אויף זיך א גרויסע אויפגאבע“ האָט פריעדריך געזאָגט.

„יאָ א גרויסע, אָבער מיט א פרעהליכען הארצען. איהם איז בעשערט געווען צו שעפּען פון פולען, וויא אונז אלעמען, איבעריגענס. קיין מאָל אין דער געשיכטע האָט מען ניט אויפגעבויט אזוי גיך און פּראכטיג שטעדט, וויא ביי אונז, ווייל פריהער האָט מען גאָר קיין מאָל ניט געהאַט אזעלכע טעכנישע הילפסמיטעל, מיט וועלכע מיר האָבען זיך בענוצט. אין דער בעציהונג האָט שוין דיא מענש־הייט אין סוף פון פאָריגען יאהרהונדערט א סך אויפגעטהון. מיר האָבען נאָך בע־דארפט אָנוועגדען און אריבערברענגען אהער אלע דיא דאָזיגע מאשינען און ער־פינדונגען. שפּעטער וועל איך אייך דערצעהלען, וויא דאָס איז צוגעגאנגען ביי אונז“.

דערווייל זיינען זיי געקומען אין שטאָדטקווארטאל. וואו עס איז געשטאַנען נען לויטער ווילען. דער וועג איז געגאנגען בארג ארויף. זיי זיינען שוין געפאָהרען איבערן כרמל. פערפוצטע שלעסער זיינען געשטאַנען אין מיטען פון שמעקעדיגע גאָרטענס. עטליכע הייזער, געבויט אין אראבישען סטיל, האָבען געהאַט פאר דיא פענסטער הילצערנע געפאָכטענע צוימען, און דוד האָט ערקלערט:

„דאָ וואָהנען עטליכע רייכע אראבער. אָט שטעהט טאקי מיין פריינד רעשיד ביי“.

פאר א אייכענעם טהויער פון גאָרטען, פאר וועלכען זיי זיינען פערבייגע־פאָהרען, איז געשטאַנען א שעהנער מאן פון א יאָהר 35, געקליידעט אייראָפּיי־איש מיט א רויטע פעסקע אויפ'ן קאָפּ. ער האָט זיך בעגריסט אויפ'ן אראבישען שטיינער, געמאכט דעם בעקאַנטען שלשלת מיט דער האנד, פונקט וויא ער וואָלט אויפנעהויבען און קושען דיא שטויב פון דר'ערד. דוד האָט איהם עפּעס צוגע־רופען אויף טערקיש, און דארויף האָט איהם רעשיד געענטפערט אויף ריין דייטש, מיט דעם אקצענט פון א נאָרד־דייטשען:

„איך ווינשע אייך איינע רעכט איינגענעהמע אונטערהאלטונג“.

קינגסקאורט האָט דיא אויגען אויפגעריסען:

„וואָס איז דאָס פאר א מערקעלע אזוינער?"

דוד האָט זיך פאנאנדער געלאכט.

„ער האָט אין בערלין געשטודירט. זיין פאָטער איז געוועזן פון דיא, וועלכע האָבען באלד פערשטאנען דעם נוצען פון דיא אידישע איינוואנדערונג. ער האָט מיטגעהאלטען מיט אונז ביי אונזערע אונטערנעהמונגען, און איז דאדורך נתעשר געוואָרען. רעשיד איז אויך א חבר פון אונזער נייע געזעלשאפט".

„נייע געזעלשאפט" האָט פריעדריך איבערגע'חזר'ט — „וואָס איז דאָס אזוינס?"

קינגסקאורט האָט נאָך צוגעלייגט:

„הויכגעשעטצטער מאן! וויא מיט נייגעבאָרענע קעלבעלעך מוזט איהר מיט אונז קנעלען. מיר קענען נים דיא אלטע געזעלשאפט, מיר ווייסען נים פון נייע".

„דיא אלטע קענט איהר, אָדער איהר האָט זיא געקענט. אונזער נייע וועל איך פאָרשטעלען ביי מעהר א געלעגענהייט צייט. פריהער מוזען מיר צו הויזע קומען. אין ווילע ארום ועט איהר זיין דאָרט, וואו איהר ועט זיך פיהלען, וויא אין דער היים".

דער אויסבליק אויף דעם וועג, וואָס האָט זיך געדרעהט און געווינדעוועט, איז געוואָרען אלץ פרייער און פרייער. דיא אויגען פון דיא אורחים זיינען פער־כאפט געוואָרען פון דער שעהנער פאנאָראמע, וואָס האָט זיך אויסגעברייט פאר זיי: דיא שטאָדט און דער האפען, דיא ברייטע ים־צונג (בוכט) און דער קראנץ פון דיא גערטנער, פון דער אנדערער זייט עכו מיט דעם בארג הינטער זיך. זיי זיינען אָנגעקומען גאנץ אין דער הויך אויף דעם נאָרד שפיץ פון כרמל. רעכטס און לינקס, פון אלע זייטען; האָבען זיך געצויגען דיא פעלדער און גערטנער פון פאלעסטינא, אין פאר זייער בליק האָט זיך אויסגעבריים אין בלוי און אין נאָלד פארב דער ים אָהן א ברעג. ווייסער שוים פון די וועלען־קאמען האָט געפלאטערט, וויא ווייכע ים־פויגלען און זיך צוגאָסען אויף דעם העל־ברוינעם זאמד פון ברעג.

דוד האָט געהייסען האלטען דעם וואָגען, כדי צו געניסען דעם פראכטיגען אָנבליק פון דער נאטור. ער איז ארויס פון אויטאָמאָביל, ביידע זיינען איהם נאָכ־געגאנגען. ער האָט זיך געווענדעט צו פריעדריך:

„זעהט איהר, דאָקטאָר, דאָס איז דאָס לאנד פון אונזערע אבות".

און פריעדריך האָט ניט געוואוסט, פאר וואָס האָבען דיא פשוטע ווערטער פון דוד ארויסגערופען ביי איהם ווארעמע טרעהרען אין דיא אויגען. דאָך דאָס געפיהל איצט איז געווען גאָר א אנדערעס וויא אין יענער נאכט אין ירושלים פאר צוואנציג יאָהר. דאמאָלסט האָט ער געזעהען א טוידטע חורבה, בעשיינט פון דער לבנה; היינט האָט ער א לעבען געזעהען, א לעבען פרייליך און גלאנציג וויא דיא זון. ער האָ א קוק געטאָהן אויף דוד'ן. וואָס פון דעם שלעפערשען אידישען אינגעל איז געוואָרען! א פרייער, ערנסטער, א געזונדער געבילדעטער יונגער מאן, וועלכער פיהלט זיך פעסט און זיכער ביי זיך. ער האָט אפילו פריעדריכען ניט דערצעהלט פון זיין אייגענעם לעבען, אָבער עס מוז איהם מן הסתם ניט שלעכט געהן, ווען ער וואָהנט אין א געגענד פון ווילען און פאלאצען. ער מוז אויך זיין איין אנגענעהמער חבר אין דער נייער געזעלשאפט. אז ניט וואָלטען פיע־לע ניט אזוי געאיילט זיך איהם צו גריסען וויא פריהער. אפילו עלטערע לייט פלעגען איהם פריהער גריסען. איצט איז דוד געשטאנען אויפ'ן שפיטץ פון כרמל און מיט א גליקליכעס געזיכט האָט ער געקוקט אויף דאָס לאנד און אויף דאָס מעער. און איצט האָט זיך פריעדריכען אויסגעדוכט, אז ער הייבט אָן אין איהם צו דערקענען דעם וואונדערליכען קנאבען פון דער בריגיטענגאס, וועלכער האָט דאמאָלסט געזאָגט, ער וויל געהן קיין ארץ ישראל!....

---

## 3

פרידריכסהיים איז געווען א העלער הויכער פאלאץ, געבויט אויפ'ן ארא־בישען שטייגער, ארומגערינגעלט פון גערטנער. פאר דיא ווייסע פאראדנע טרעפ איז געלעגען א לייב, אויסגעהאקט פון שטיין. פריעדריך האָט זיך וויעדער גע־מוזט דערמאָנען אָן דיא ווערטער פון א מאָליגען קליינעם פעדלעריל, בשעת ער האָט גערעדט פון שבט יהודה, וואָס מען האָט פערגליכען מיט , לייב. „וואָס יהודה האָט א מאָהל געהאט, קען ער נאָך וויעדער קריעגען. אונזער אלטער גאָט לעבט נאָך".האָט דאָס יונגעל דאמאָלסט אויסגערופען, און דער חלום זיינען אי־ן מקוים געוואָרען.

דער טהויער־היטער האָט מודיע געווען מיט א קלונג פון גלאָק, אז דוד ליט־וואק איז געקומען מיט געסט. ביי דיא טרעפ האָבען זיי שוין אָפגעווארט צוויי דיענער.

„איך לאז בעטען מיינע פרוי און מיינע טאָכטער, זיך אראָבצומיהען אין אונזער זאל“, האָט דוד איבערגעגעבען א בעפעהל איינעם פון דיא דיענער, וועל־כער איז באלד ארויף דיא ברייטע טרעפּ. בעדעקט מיט טעפּיכען צום ערשטען שטאָק. דער אנדערע דיענער האט אויפגעעפענט פאר דיא העררן דיא טהירען פון זאאל. זיי זיינען אריין אין א פּראכטפאָלען סאלאָן. דאָס געוועלב איז געווען הויך און האָט זיך געצויגען אין בויגען איבער זייערע קעפּ, און פערפּוצט איז געווען דער סאלאָן מיט דיא שעהנסטע קונסט־זאכען. דיא ווענד זיינען געווען בע־צויגען מיט רויט־ראָזער זייד, דיא מעבעל — אין דעם געשמאק פון דעם ענגלישען צארטען פאסאָן. פון געוועלב האָט זיך ארונטערגעלאָזען א עלעקטרישער קרוינ־לייכטער, וואָס האָט געפינקעלט פון גאָלד און קרישטאָל. דורך דיא גרויסע גלאָז־טהיר און דיא פיער פענסטער האָט אריינגעדרונגען דאָס ליכט. פאר דיא פענס־טער האָט זיך געזעהן א פּלאטץ בעוואקסען מיט גראָז, בעדעקט מיט בלומען-בע־טען, וועלכע האָט זיך געצויגען ביז צו דער מארמאָרנען אלטאנע, הינטער וועלכע עס האָט געשפּיעלט דער ים מיט זיינעבלויעוואסערן. פוןביידע זייטען ביי דער טהיר זיינען געשטאנען דיא מנורות, הויך וויא א מענש און פון ריינעם זילבער; אקעגען דער טהיר אויפ'ן וואנד איז געהאנגען א גרויסעס אייל־בילד, אויף וועלכען עס זיינען געווען אָבגעמאָהלט א אלטער מאן און אלטע פרוי אין איינפאכע דונ־קעלע טראכטען.

„דאָס זיינען מיינע עלטערן“ האָט דוד ערקלעהרט, וושעת ער האָט בעמערקט אז פריעדריך האָט זיך פארקוקט אויף דאָס בילד.

„איך וואָלט זיי געוויס ניט דערקאָנט“, האָט פריעדריך געשמייכעלט, „און ווער איז דאָס ?“ און ער האָט אָנגעוויעזען אויף איין אייל־בילד, וואָס איז גע־האנגען איבער דעם גרויסען קאמין. דאָס איז געווען א פּאָרטרעט פון א הויך גע־וואקסענע יונגע פרייליין. מיט שווארצע לאָקען און מיט א וואונדערליך שעהנעם געזיכט.

„דאָס איז מיינע שועסטער מרים. איהר וועט זיך באלד איבערציינגען קענען, אויב דאָס בילד האָט געטראָפען דעם אָריגינאל“.

אין עטליכע מינוטען ארום זיינען אריין דיא דאמען: מרים, און א בליהענ־דע יונגע פרוי, דוד'ס ווייב.

„שרה, מרים“, האָט דוד געזאָגט מיט א שטימע, וואָס האָט א ביסעל גע־ציטערט — „מיר האָבען געקריעגען אונערווארטעט א שעהנעם גאסט, דעם טיי־ערסטען. רעם טאָג האָב איך דערלעבט דיא גרעסטע פרייד פון מיין לעבען. איהר

װעט ניט טרעפען, עס װעט אײך אפילו ניט ארויף אויפ'ן זינען צו װיסען, װעמען מיר נעהמען אויף איצט אין אונזער הויז. דאָס איז דער, װעלכער איז געװען פאר־רעכענט פאר געשטאָרבען, אונזער רעטער!"

די דאמען האָבען זיך פארװאונדערט אָנגעקוקט:

„צו איז שוין ניט דער גאסט—פריעדריך לעװענבערג?" האָט געפרעגט דאָס יונגע פרײלין.

„אָט דער! ער אליין, מרים, אָט שטעהט ער".

זיא איז צוגעלאָפען צו פריעדריכען, האָט איהם בײדע הענד דערלאנגט און האָט איהם בעגריסט, װיא א אלטען פרײנד, מיט א געזיכט װאָס האָט געלױכטען פאר פרײד.

עס איז איהם געװאָרען צו מוטה אזוי װאונדערליך און אזוי גוט, בעת ער האָט געהערט אויסשפּרעכען זיין נאָמען פון אזא ליעבליכע שטימע. עס האָט זיך איהם אויסגעדוכט, װיא א כשוף װאָלט איהם פערטראָגען אין אזא פרעכטי־גען אָרט, צו אזוינע פראכטיגע מענשען.

„און דאָס איז מיסטער קינגסקאורט, דער פרײנד פון דאָקטאָר, און דא־רום אויך אונזער פרײנד און טהײערער גאסט". דוד האָט קורץ איבערגעבען, װיא ער האָט זיך מיט די געסט בעגעגענט בײם האפען און װיא ער האָט זײ באלד דערקענט. שוין אלס קינד האָט ער טיעף בעהאלטען אין זײן געדעכטניס דעם אנבליק פון זײן העלפער אין דער נויטה. און פריעדריך האָט זיך אײגענטליך װעניג פערענדערט. עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט, אז מען װעט די הערען ניט לאָזען געהן אין האָטעל, אז זײ מוזען בײ איהם בלײבען און װאָהנען.

שרה האָט געװאָלט שוין אָנװײזען די הערען זײערע צימערן, דוד אָבער האָט עס איבערגענומען אויף זיך. ער האָט געבעטען די געסט, צו געהן מיט איהם, ער װעט זײ פיהרען.

„קומט ארויף, איך װיל אײך פאָרשטעלען 'א יונגען מאן װעלכער טראָגט אויף זיך דעם נאָמען פריעדריך, א געװעהנליכער נאָמען דאָ בײ אונז, װיא איהר זעהט.

אלע זאלבע פינפט זײנען זײ ארויף די טרעפּ פון ערשטען שטאָק. דוד האָט געפיהרט די גאנצע קאָמפּאניע, און בײ דער לעצטען טהיר פון קאָרידאָר האָט ער זיך אָבגעשטעלט:

„אָט דאָ פארברײנגט זײנע טעג דער דאָזינער פּארשוין", האָט ער געזאָגט מיט א גליקליכען שמײכעל און האָט אויפגעעפענט די טהיר.

זיי זיינען אריין אין א ווייסען צימער. אין מיטען חדר איז געזעכען וויא א מלך אויף א הויכען קינדער־שטוהל א נפל'ע מיט פולע דיקע בעקלעך. ער האָט אקאראט ארונטערגעוואָרפען דעם שיכעל פון פיסעל און האָט איצט בעמיהט זיך אראָבצושטופען דאָס זעקעל אויך. אקעגען איהם איז געשטאנען א עלטערע ניאנע מיט א טעלער מילך־זופ. דאָס קינד האָט לוסטיג געפּאטשט מיט'ן לעפעל אין דער קאשע, און מען האָט בעשיינפערלעך געזעהען, אז דאָס איז פאר איהם וויכטיגער וויא דאָס עסען.

„אט דער שוטה איז מיין זוהן פריעדריך". האָט דער אויסגערופען, און איז זיין קול האָט זיך צום ערשטען מאָהל געהערט וויא אנאוה.

דער קליינער פריעדריך האָט אָבער אוועקגעוואָרפען דעם לעפעל. קיננס־קאורטס באָרד איז געוועזן שולדיג אין דעם. ער האָט פרייליך א הירזשע גע־טאָהן און אויסגעשטרעקט צום אלטען מיסטער זיינע ביידע הענטלאך. קיננסקורט האָט איהם געגעבען דעם צווייטען פינגער און פריטצעל האָט דאָס פעסט ארומגע־נומען.

און בשעת מען האָט שוין געגומען ארויסגעהן פון צימער איז קיננסקורט געבליבען וויא א צוגעשמידטער.

פריעדריך האָט זיך ביים טהיר אומגעקעהרט.

„צו געהט איהר ניט מיט אונז, קיננסקאורט ?"

„דער שקץ לאָזט מיך ניט אוועק", האָט ער געענטפערט מיט א צופריעדענ־הייט. און ער איז טאקע נאָך געבליבען ביים קינד א גאנצע שעה צייט.

פון דער צייט אָן האָבען זיך אָנגעהויבען דיא פריינדליכע בעציהונגען צווי־שען דעם אלטען מענשענפיינד קיננסקורט און דעם אינגסטען ליטוואק. מען האָט אויף קיין פאל ניט געקענט דערגעהן וואָס פאר א שמועס'ן זיי פיהרען אונטער איינאנדער, ווייל דער קליינער ליטוואק האָט נאָך ניט געקענט רעדען און דער אלטער קיננסקאורט פלעגט לייקענען אונטער קללות און חרמות, און שווערען, אז ער האָט דאָס קינד גאָר ניט ליעב. אָבער אונטערדעסען האָבען דיא דיענער־שאפט פעסטגעשטעלט, דאָס קיננסקאורט גנב'עט זיך אָפט אריין אין דער קינדער־שטוב, דאמאָלסט בעת ער ווייס, אז קיינער איז ניט צוגעגען, און ער מאכט זיך דאמאָלסט נאריש וויא א אלטער זיידע. אין אזעלכע אָבגעפאסטע מינוטען פלעגט דער קליינער ליטוואק רייטען אויף זיינע פלייצעס, אָדער קיננסקאורט פלעגט זיך אויסציהען וויא א ברעט אויף דר'ערד, בכדי ליטוואקעל זאָל קענען ארומ־קלעטערן אויף איהם. ווען פריטצכען פלעגט זיך צרווייגען, פלעגט ער איהם

פּאַרטאַנצען משונה'דיגע טעניץ, בכדי איהם איינצושטילען, און פלעגט איהם פּאַרזינגען אלטע דייטשע ליעדער, און דערביי פלעגט ער זיך בעמיהען, אז זיין רויע שטימע זאָל עפּעס קריגען א ווייכערן קלאַנג.

ביים ערשטען טאָג פון זיין בעקאַנטשאַפט מיט דעם קליינעם פּריטצעל האָט זיך קינגסקאורט עפּעס געפיהלט ביים טיש וויא אין פערלעגענהייט, אָבער עס איז געווען אזוי פיעל צו פרעגען און צו דערצעהלען, אז קיינער האָט ניט בעמערקט זיין שוואכקייט צו דעם קליינעם ליטוואַקעל.

זיי זיינען געזעסען אין עס־צימער, וואו דיא ווענד זיינען פון דער ערד ביז אין מיטען בעדעקט געווען מיט טאָוולען פון האָלץ. און האָבען גענעסען א גוטען מיטאָג. קינגסקורט האָט זיך נאָר ניט געקענט אבלויבען, טרינקענדיג דיא פער־שידענע ווייגען. מען האָט איהם דערצעהלט, אז אלע דיא וויינען שטאַמען פון פּאַלעסטינא און א טהייל פון דיא וואָס ער טרינקט זיינען פון דודס אייגענע וויינ־גערטנער. שוין אין פאָריגען יאהרהונדערט, אין דיא אכציגער יאָהרען, האָט דיא קאָלאָניזאַציאָן אָנגעהויבען פלאַנצען וויינגערטנער. דיא בעסטע טרויבענזאַפּטען זיינען געוואָרען פערפלאַנצט דאַמאָלסט און זיי האָבען זיך גוט אָנגענומען.

נאָך איידער מען האָט געענדיגט עסען האָט זיך מרים אויפגעהויבען פון איהר שטוהל. זיא האָט זיך געאיילט אין דיא שוהל. דערנאָך וויא זיא איז ארויסגעגאַנגען האָט דוד געענטפערט אויף פריעדריך'ס א פראגע:

„יא, מרים איז א לעהרערין, זיא האָט א שטעלע אין מערכען גימנאזיאום. זיא לערנט דאָרט דיא מעדכען פראנצויזיש און ענגליש“.

קינגסקאורט האָט א ברום געטאָהן.

„דאָס אָרעם קינד מוז זיך נעביך מיט שטונדען אָבגעבען ?“.

אין דער פראגע איז געלעגען א פערבעהאלטענער פאָרוואורף און דוד האָט דאָס פערשטאנען:

„זיא טהוט דאָס ניט צוליעב פרנסה. אזוי ווייט, גאָט צו דאנקען בין איך שוין, אז איך זאָל ניט דארפען מיין שוועסטער זיך לאָזען קוועלען. אָבער זיא האָט פליכטען און זיא וויל זיי ממלא זיין. ווייל זיא האָט אויסער דיא פפליכטען אויך רעכטע א סך. אין אונזער נייער געזעלשאפט האָווען דיא פרויען דיא אייגענע רעכ־טען, וואָס דיא מענער“.

„אזוי! שדים זאָלען.....“

„אז זיי קענען אויסקלייבען און אויסגעקליבען ווערען, דאָס פערשטעהט זיך ממילא. זיי האָבען געטריי אונז געהאָלפען ביי דער גרינדונג פון דער נייער

געזעלשאפט. דער פייער פון זייער בעגייסטערונג פאר אונזער אידעאל האט גע־מאכט אויפפלאמען דיא הערצער פון דיא מעננער. עס וואלט געווען דיא גרעבטע אונדאנקבארקייט פון אונזער זייט, ווען מיר וואלטען זיי אוועקגעזעצט גלייך מיט אנוזערע דיענערשאפט, אדער זיי אנגעוויעזען דיא פערפוצטע צימערן פון א הא־רעם".

„איהר האט אונטערוועגס געזאגט, אז רעשיד ביי איז אויך א מיטגליעד פון אייער געזעלשאפט. אזוי וויא איהר האט דערמאהנט דאס ווארט הארעם, פאלט מיר איין פראגע".

„איך פערשטעה שוין, הערר דאקטאר, קיינער איז ניט געצוואונגען צוצו־טרעטען צו אונזער בונד, דער וועלכער ווערט אויפגענומען איז ווייטער ניט בעצוואונגען צו בענוצען זיינע רעכטע. דאס הייננט אב פון זיין אייגענעם ווילען. צו האט איהר ניט געקענט אין אייראפא אזוינע, וואס האבען ניט געהאט קיין אינטערעסע זיך צו בעטהייליגען ביי דיא וואהלען, וועלכע האבען קיין מאהל ניט אבגעגעבען זייערע שטימען, און האבען קיין מאל זיך ניט געלאזט אויסקלייבען פונקט אזוי שטעהט עס מיט דיא קלייבעניש און אויסגעקליעבען ווערען ביי פרויען אין אונזער נייען געזעלשאפט. מיינט נאר ניט, אז דאס פאמיליען לעבען און דיא מוטערספליכטען האבען ביי אונז געליטען דערפאר, וואס דיא פרויען האבען דיא זעלבע רעכטע וויא דיא מענער. מיינע פרוי, צום ביישפיעל, געהט קיין מאל ניט צו א אסיפה".

מאדאם ליטוואק האט געשמייכעלט:

„דאס איז אבער ניט מיין שולד, נאר פריטצענס".

קיננגסקאורט האט זיך דערמאנט און דיא קינדער שטובען. א רגע לאנג איז ע רגעזעסען וויא פערחלומט און האט געזאגט פערטראכטער הייד:

„דאס קען איך מיר שוין דענקען".

„אמת", האט דוד ווייטער גערעדט, „זיא האט דעם קליינעם געזוינגט, און ביי דער געלעגענהייט האט זיא זיך געמוזט פערגעסען. פריהער איז זיא געשטאנען אויף דיא זייטע פון דיא פרייעסטע געגנער. אלס איך האב זיא קענען געלערנט איז זיא געווען מיינע א געגנערין. איצט איז זיא נור אין דער היים מיינע געגנע־רין, פערשטעהט זיך, דיא געטרייעסטע געגנערין, וואס מען קען זיך נאר דענקען".

קיננגסקאורט איז ארויסגעשאסען מיט א געלעכטער:

„א וואויל מיטעל, פערכאפט זאל איך ווערען פטור צו ווערען פון א געגנער. דיא פאליטישע מלחמות צווישען פארטייען נעהמען א וואונדערליכען כוח, מען

שפּיעלט אָב חתונה צווישען מאנסביל און ווייבערשע געגנער און ס'איז ווייטער שלום ושלוה!“

דוד האָט ווייטער ערקלעהרט:

„איך מוז אייך אָבער זאָגען, אז אונזערע פרויען זיינען קלוג גענוג, זיך ניט צו פערגעסען אָן זייערע אייגענע אינטערעסען, צוליעב כלל־זאכען. ניט נאָר ביי פרויען זעהט מען עס, נאָר ביי איטליכען מענשען, דאָס ער קימערט זיך וועניג־וואָס פאר דיא רעכטען. וואָס ער האָט שוין ערוואָרבען. שוין אין פאָריגען יאהר־הונדערט האָט מען פאָרבערייטעט דעם איצטיגען צושטאנד. אין איינצעלנע לענ־דער זיינען געווען פערשיעדענע חברות, אָרגאניזאציעס, וואו דיא פרויען פלעגען אויסקלייבען און ווערען אויסגעקליעבען. זיי האָבען זיך אַרויסגעוויעזען פאר טיכטיגע קלוגע מענשען. זיי האָבען ניט פערברויכט מעהר צייט וויא דיא מאנסבי־לען, ניט גערעדט קיינע גרעסערע נארישקייטען וויא זיי. און דעריבער איז ניט געווען קיין גרונד, זיך אָבצוזאָגען פון דער פריהערדיגען גוטען פּראקטיקע. איבּ־רינענס, איז ביי אונז דיא פּאָליטיק פאר קיינעם ניט קיין פּראָפעסיאָן, ניט קיין געשעפט. פון אזא מגפה האָבען מיר זיך געהאלטען פון ווייטען. דיא, וועלכע צי־העו זייער חיונה פון פּאָליטישע איבערצייגונגען און ניט פון דער ארבייט, ווערען ניעדעריג געזעצט און זיי פערליערען באלד זייערע חשיבות און זייער אחטונג. אונזערע סאָנדרען האָבען ניט איינמאָל ערקלעהרט, דאָס דער צונאָמען „פון פּאָלי־טיקער פון פּראָפעסיאָן“ איז א זידלוואָרט. דער פאקט בעווייזט שוין גענוג, וויא מען שעהמט זיך צו לעבען פון פּאָליטיק.

„וויא טהוט איהר אָבער מיט דיא קהל'שע שטעלען?“ האָט פריעדריך גע־פרעגט, — „נאָך דיא געביידעס, וועלכע איהר האָט אונז פערבייפאָהרענדיג גע־וויזען, מוזט איהר דאָך האָבען גענוג שטעלען פאר פערשיעדענע בּערזאָנען“.

„אודאי. מיר האָבען שטעלען מיט גאזשע (געהאלט) און עהרענשטעלען. דיא בעצאָהלטע שטעלען ווערען אָבער נאָר פערגעבען טיכטיגע פאכלייטע. דיא, וועלכע רייבען זיך ארום א פּארטיי, אָהן א חלוק וואָס פאר א פּארטיי, זיי־נען שוין ביי אונז פאררעכענט אין חשד און קענען שוין ניט צוקומען צו א שטע־לע. בעאַמטע אויף שטעלען טאָרן זיך בכלל ניט בעטהייליגען אין קהל'שע וכוחים. א אנדער זאך איז דיא עהרענשטעלען. בכדי צו בעזעצען דיא שטעלען האלטען מיר זיך אָן פּאָלגענדען כלל. דיא, וועלכע שפּרינגען אין דיא אויגען, שטופּען מיר אָב אָז אזייט. מיר בעמיהען זיך אויסצוגראָבען פון דיא פערבעהאלטענסטע ווינקעלעך דיא, וועלכע האָבען געארבייט פארן כלל. אזא פיהרונג איז אונז ערוב.

דערפאר, אז אונזערע קהל'שע אינטערעסען וועלען ניט אריין אין דיא הענד פון בלוטצאפּערס. דארום איז איצטיגער פּרעזידענט פון אונזער געזעלשאפט א אלטער רוסישער אויגענדאָקטאָר. ער האָט דיא שטעלע אָנגענומען קענען זיין ווילען, ווייל ער האָט ניט געוואָלט פערלאָזען דיא פּראקסים זיינע.„

„צו איז זיא געווען אזא רייכע פּראקסים?“ האָט קינגסקאורט געפרעגט.

„וויא קומט! זיינע פּראקסים איז נאָר אין דיא אָרעמסטע קווארטאלען. ער האָט זיא איבערגעגעבען דער טאָכטער. זיא איז אויך א גרויסע דאָקטאָרקע. איצט איז זיא דיא דירעקטאָרין פון א גרויסע אויגענקליניק. א וואָהלע פריילין. זיא האָט ניט חתונה געהאט, און פערשענקט איהר לעבען און איהרע געשיקטע הענד דעם אָרימען קראנקען. מען קען זיך פון איהר א ביישפּיעל נעהמען, וואָס פאר נוצען עס קענען ברייגגען דיא אלטע פריילינס, ווען קהל וויס זיך וויא צו בעגעהן מיט זיי. אמאָהל האָט מען זיי אויסגעלאכט און זיי זיינען געווען אלע־מען צו לאכט. ביי אונז בריינגען זיי זיך, און אונז נוצען. דאָס גאנצע רע־פּארטמענט פון צדקה־אנגעלעגענהייטען ליעגט אין דיא הענד פו אזעלכע אל־טע פריילינס. און דאָס האָבען מיר אויך ני אליין אויסגעטראכט. מיר האָבען נאָר דערין אריינגעבראכט א בעסערן סדר, מיר האָבען דאָס בעסער צענטראלי־זירט, פערפעכטיגט. שפּיטאָלען, באָגאָרעלניעס, קינדערגערטנער, זומער קאָלאָ־ניעס פיר שוהל קינדער, ביליגע קיכען, אלע דיא צדקה-זאכען, וועלכע זיינען שוין געווען אין איירָאָפּא לענגסט בעוואוסט — זיינען פערבונדען ביי אונז אין איי־נעם און געהערען צו איין דעפּארטמענט. דורך אזא סדר פאלט אונז ניט שווער, צו העלפען איטליכען קראנקען און נויטהבעדירפטיגען. מען קען ניט זאָגען, אז מען בענוצט זיך אָפּט מיט דער וואָהלטהעטיגקייט ביי אונז, ווייל דער מצב אונזערער אין פערגלייך צום פריהערינגען איז גאָר ניט דער ערך א בעסערער. אָבער נויטבעדירפטיגע איז ביי אונז אויך פאראנען,ווייל מיר קענען דאך ניט אומסאכען דיא מענשליכע נאטור. קראנקהייטען, לייכטע פוסטע קעפּ. אלערליי אונגליקען וואָס מען מאכט זיך אליין אָן, אָדער וואָס דער מזל שיקט אָן, נעפּי־נען זיך ביי אונז אויך. דעם קראנקע קורירען מיר, דעם געזונדטען פערשאפען מיר ארבייט. ניט מיר האָבען דאָס ערפונדען, מיר האָבען דאָס נאָר פערבעסערט און ברייטער אָנגעווענדעט אין אונזער נייער געזעלשאפט. איהר מוזט דאך וויסען, אז פאר צוואנציג יאָהר האָט מען אויך געהאָלפען דאדורך וואָס מען פלעגט גע־בען ארבייט, אָדער פערמיטלען דעם הונגעריגען ארבייטער א בעשעפטיגונג. ביי אונז האָט איטליכער דאָס רעכט צו פאָדערן ארבייט, אָבער אויך א חוב צו אר־

בייטען. בעטלעריי איז ביי אונז פערבאָטען. א געזונדטער וועלכער בעטעלט ווערט בעשטראָפט מיט די שווערסטע ארווייט. א אונבעמיטעלטער קראנקער דארף זיך נאָר מעלדען אין א קאנטאָר פון צדקה־אנגעלעגענהייטען. קיינעם זאָגט מען ניט אָב. דיא איינצעלנע שפּיטאָלען זיינען דורך טעלעפאָנען פערבונדען מיט דעם הויפּט-ביוראָ פון אלע שפּיטאָלען, און מען זאָרגט שוין אין פאָראוים, עס זאָל זיין גענוג פּלאטץ פאר אלע קראנקע. מיר וואָלטען זיך געמוזט שעהמען, ווען א קראנ־קער זאָל דארפען וואנדערן פון א שפּיטאָל צו א שפּיטאָל וויא דאָס פלעגט פּאָר־קומען א מאָהל. איז איין שפּיטאָל פול, שטעהען שוין אויף'ן הויף קראנקע קאַ־רעטעס, בכדי אָבצופיהרען דיא נייע פּאציענטען אין א בקור-חולים, וואו עס זיינען דאָ פרייע בעטען

„אָבער דאָס איז דאָך א מורא'דיגע הוצאה", האָט פריעדריך בעמערקט.

„גאָר ניט אזוי גרויס. איהר מוזט זיך בעדענקען, אז וואָס מען פיהרט מיט מעהר סדר, קאָסט אלץ ביליגער, און אלץ עקאָנאָמישער. דיא אלטע געזעלשאפט איז שוין אין פאָהריגען יאהר־הונדערט געוועזן גענוג רייך; דיא צרה איז נאָר גע־וועזן, וואָס אלץ האָט זיך געפיהרט אָהן א סדר. עס איז געוועזן עשירות, עס האָט אָבער געפעהלט בעל־הבית'שקייט. זיי זיינען ניט געוועזן ערגער אָדער נארישער־פאר אונז; אָדער, ווען איהר ווילט, מיר זיינען ניט בעסער און קליגער פאר זיי. דער טעם פאר וואָס האָט זיך אונז איינגעגעבען מיט איין קלאפּ צו פערבעסערען דעם מצב פון אונזערע חברים איז גאָר אנאנדערער. אמת, מיר האָבען ניט צורי־סען אונזער בונד מיט דער פערגאנגענהייט, מיר האָבען דאָס ניט געקענט טהון: מיר זיינען א אלטעס פאָלק, און דאָס לאנד אונזערע האָט א טויזענדיעהריגע הי־סטאָריע. מיר האָבען נאָר אין דיא אלטע אָרדנונגען אריינגעבראכט א נייע פריש־קייט, יונגע געדאנקען. פעלקער, ביי וועמען דער פאָדעם פון זייער לאנגער געשיכטע האָט זיך קיינמאָל ניט אָבגעריסען, שלעפּען מיט זיך דיא משא, וואָס פריהערדיגע דורות לאָזען זיי איבער. דאָס קען מען געניי זעהען, ווען מען קוקט זיך צו — צו דיא הוצאות און הכנסות פון בעקאנטע אייראָפּעאישע נאציאָנען. מיליאָנען ריבעל צינזען ווערען געצאָהלט, פאר פערצייטיגע חובות, און דיא יעהר־ליכע אָבצאָהלונגען אויפ'ן חשבון פון אלטע הלואות צווינגען דיא רעגירונגען צו פערגרעכערען דיא אָבגאבען (פּאָדאטקעס) פון זייערע אונטערטהאנען. נאָר צוויי וועגען האָט מען געקענט אויסקלייבען, אום אָבצופטר'ן דיא חובות: אָדער זיך פערמיאוסען מיט א באנקראָט, אָדער ארויפצולייגען אויף דיא אונטערטהאנען שווערע אָבגאבען. דיא נייע געזעלשאפט איז פון אָנפאנג אָן געוועזן אין א בעזונ־

דער גוטע לאגע. איך װעל אײך דאָס נאָך װײזען גענויער. איצט װיל איך בּער־
ענטפערען אײער פראגע װעגען דיא הוצאות אונזערע. האָט׳ש אלע אונזערע
יסוד׳ען (אָרגאניזאציעס) און צדקה־אנגעלעגענהײטען קלעקען פאר אלעמען װאָס
נויטהיגען זיך אין זײ, קלעקען פאר אלע שװאכע און קראנקע, דערנאָך קאָסט
אינז דאָס א סך װאָלװעלער. דיא בנינים און דיא אײנריכטונגען פון דיא שפּיטאָ־
לען װערען געמאכט אויף חשבון הקהל, אויב עס קלעקען ניט דיא עולמות־געלד
און דיא געלד פון דיא חברות און דיא בתי מדרשים, װאָס מען שענקט דערויף
נאָך א אלטען מנהג נאָך. דיא ארבײטען אין דיא בקור חולים׳ס און אין אנדערע
אנשטאלטען נעהמען אויף זיך חברים פון אונזער געזעלשאפט. אלע מיטגליעדער
פון דער נײער געזעלשאפט זײנען פערפּליכטעט, צװײ יאהר צו ארבײטען פאר
קהל, געװעהנטליך פון 18 ביז 20 יאהר, דערנאָך, װיא זײ ענדיגען לערנען. דער־
בײ מוז איך אײך זאָגען, אז דיא לומדים אין אלע שוהלען, װיא אוניװערזיטעטען,
װערען פאר דיא קינדער פון אונזערע מיטגלי־עדער געלערענט אומזיסט. צוליעב
דעם, װאָס צװײ יאהר ארבײטען פאר אונז דיא יונגע לײט און פרויען אומזיסט,
שפּאָרען מיר אײן א מאסע הוצאות. דיא השגחה אויף דיא ארבײט װערט אי־
בערגעגעבען געניטע בעאמטע, װעלכע װערען דערפאר בעצאָהלט.

„איך פערשטעה שוין", האָט פריעדריך געזאָגט, „אײער ארמעע בעשטעהט
פון געדונגענע אָפּיצערען און פרײװיליגע סאָלדאטען".

„גוט, זאָל זײן אזוי װיא איהר זאָגט, אָבער ס׳איז מעהר ניט װיא א פער־
גלײכענעס, מיר האָבען ניט קײן קריעגס-ארמעע. אונזער געזעלשאפט דארף ניט
קײן חיל צו מלחמות".

„אי, אי!" האָט קינגסקאורט אָבגעהוזק׳ט.

דוד האָט געשמײכעלט:

„װאָס זאָל מען טהון, מיסטער קינגסקאורט, ניטאָ א זאך אויף דר׳ערד אָהן
חסרונות, און אונזער געזעלשאפט האָט זיך אויך איהרע פעהלערען. מיר האָבען
דאָך ניט אזא גאָסודארסטװאָ (שטאאט), װיא דיא אײראָפּעער אין אײער צײט.
מיר זײנען א חברה פון בירגער, װאָס פערשײנען דאָס לעבען דורך ארבײט און
בילדונג. מיר בילדען אויך אויס דיא קערפּערליכע קראפט פון אונזערע קינדער.
מיר פערנאכלעסיגען ניט דעם קערפּער ניט װײניגער װיא דעם גײסט. גימנאס־
טיק און איבונגען אין שיעסען װיא בײ דיא שװײצער מאכען פון אונזערע יונגען
לײט פלינקע און געשיקטע מענשען. בײ אונז שפּיעלט מען אויך ענגלישע שפּיע־

לען; קריקעט, פוספילקעס, שפיאָגענעס, אלע דיא ניצליכע שפיעלען: האָבען מיו איבערגענומען, און פאר אונז זיינען זיי אויך געוועזן פון גרויסען נוצען. פריהער זיינען דיא יודישע קינדער געוועזן שוואכע אונפדחנים. גיט א קוק אויף זיי היינט! דיא ערקלעהרונג דער פאר איז לייכט צו געפינען. מיר האָבען פון פערשטיקטע קעלערס, פינסטערע הייזלעך און ענגע ארבייטסשטונדען זיי ארויסגעצויגען אויף דער ליכטיגער וועלט. פלאנצען געהן צו גרונד, ווען דיא זון שיינט ניט אויף זיי. דאָס אייגענע איז מיט דעם מענשען אויך. פלאנצען קען מען ראטעווען דאדורך, וואָס מען בעזעצט זיי אין אזא ערד, וואָס פאסט פאר זייער טבע, דאָס אייגענע זעהן מיר ביים מענשען אויך. און אזוי איז אויך געוועזן מיט אונז!"

פריעדריך לעווענבערג האָט געזאָגט פערקלערטערהייד:

„אז מען הערט אייך צו רעדען, און ווען מען זעהט דאָס אלצדינג מיט דיא אויגען, — א סך זאכען האָט איהר אונז שוין אויך געוויעזען, — ווילט זיך גלויבען, אז מיר האָבען דאָ צו טהון מיט פאקטען, און ניט מיט א אוטאָפּיע, מיט א פאנטאזיע. און פונדעסטוועגען פעהלט מיר נאָך עפּעס דיא וויכטיגקייט און דיא גרויסקייט פון אייער נייען געזעלשאפט הויב איך שוין אָן צו פערשטעהן. מיט דער צייט וועט נאָך א סך קלענער ווערען, איהר וועט אונז נאָך מעהר דערצעהלען. מיר ווילט זיך עפּעס גאָר אן אנדער זאך בעגרייפען. איך בין אייך מודיעה, אז אלץ וואָס איהר דערצעהלט אונז דארף אונז גאָר ניט אזוי פערוואונדערען, ווייל דאָס אלץ האָבען מיר שוין געקענט זעהען אין איירעָפּא, האָטש אָהן א סדר, אָהן א ריכטיגען פלאן. איך הער און זעה און קען דאָס אָנטאפּען מיט דיא הענד, אָבער איך הייב ניט אָן צו בעגרייפען, וויא איז דאָס געוואָרען. וויא זאָל איך מיר אויסדריקען? דאָס וואָס איהר דערצעהלט מיר פערשטעה איך אויסגעצייכענט, מיין מוח בענעהמט נאָר ניט, וויא איז דאָס צושטאנד געקומען, וואו האָט זיך דאָס ענטוויקעלט? דער איבערגאנג פון אלטען מצב אין דעם נייעם איז מיר ניט פערשטענדליך. ווען איהר וואָלט היינט דאָ געבאָרען געוואָרען, וואָלט איך אפשר קיין קשיות ניט געפרעגט און דאָס אָנגענומען פאר א פארטיגע זאך, וויא איך האָב זיך ניט געוואונדערט אויף טויזענדער זאכען אין איירעָפּא. אָבער איך וואָלט זיך דאמאָלסט אויך געוואונדערט, ווען איך וואָלט אויף אלע פערענדערונגען געקוקט מיט דעם בליק פון א מענשען, וועלכער איז געוועזן צוואנציג יאהר אין דער פרעמד, ווען מיר וואָלטען, צום ביישפּיעל, פון 1880 — 1900 געלעבט ווייט פון איירעָפּא, און פלוצלים דערזעהן אלע דיא נייע ערפינדונגען, דעם טעלעפאָן, דיא

עלעקטרישע לאָמפּען א. ז. וו. אײגענטליך קײן גרױסע נײעסען הער איך דאָ ניט, און דערנאָך דאכט זיך מיר, אז דאָס איז עפּעס א חלום, איך פערשטעה ניט דעם איבערגאנג".

„איך װעל אײך דאָס גענױ ערקלערען", האָט דוד געענטפערט, „איך װעל אײך דערצעהלען מײנע אײגענע ביאָגראפיע, װאו איהר האָט געשפּיעלט אזא גרױסע ראָלע. אָבער ניט דאָ װעל איך אײך דערצעהלען, און ניט איצט. איהר זײט מיד פון דער רײזע. רוהט זיך ערשט אױס. אָװענדס װעלען מיר געהן אין א טהעאטער, אױב איהר האָט חשק דערצו. מיר קענען א אָפּערא הערען, אָדער געהן אין א דײטשען, ענגלישען, פראנצױזישען, איטאליענישען, שפּאנישען טהעאטער".

„אָי װעה מיר ניט געשעהן!" האָט קינגסקאורט אױסגערופען, „אזױ פיעל טהעאטערס איז דאָ פאראנען? פּונקט, װיא צו מײנער צײט אין אמעריקא. דאָר־מען זײנען אױך געװען אקטיאָרען פון אלע לענדער. אָבער אז דאָ קען מען זיך דאָס אלץ אָנזעהן..."

„עס איז גאָר קײן חדוש ניט. פון אײראָפּא איז דאָך דאָ נעהנטער, װיא קײן אמעריקא. אױסער דעם, דיא װאָס האָבען פּחד פאר דיא ים־קראנקהײט פאָהרען שױן גיכער קײן פּאלעסטינא. דאָס נעץ פון באהנען, װאָס מען האָט אָנגעהױבען בױען אין קלײן־אזיען צום סוף פון פאָהריגען יאהרהונדערט, איז שױן לאנג פאר־טיג. מען פאָהר איצט פון קאָנסטאנטינאָפּעל דירעקט קײן דמשק, חיפה ירושלים אָדער באגדאד. װען ניט דאָס שטיקעל ים, װאָס מען דארף פאָהרען איבער'ן באָספּאָרוס, װאָלט מען געקענט פון פּעטערסבורג אָדער אָדעסא, פון בערלין אָדער װיען, פון אמסטערדאם, קאלע, פאריז, מאדריד און ליסאבאָן ניט בײטענדיג דעם װאגאָן דירעקט פאָהרען קײן ירושלים. דיא גרױסע אײראָפּײאישע שנעלציגע האָבען אלע א אנשלוס מיט דער באהן, װאָס געהט קײן ירושלים, אקו־ראט װיא דיא פּאלעסטינא־באהנען האָבען א אנשלוס מיט דיא ציגע, װאָס געהען קײן מצרים און נאָרד־אפריקא. דיא נאָרד־זיד־אפריקאנישע ליניע, װעלכע האָט שױן דעם דײטשען קײזער אינטערעסירט אין דיא נײנציגער יאהרען פון פאָהרי־גען יאהרהונדערט, און דיא סיבירישע באהן ביז צו דיא גרענעצען פון חינא, גע־הערען אױך צו דעם אײזענבאהנעץ פון דער אלטער װעלט".

„א רוח זאָל מיך נעהמען! אױף אזױנס האָב איך מיך שױן ניט געריכט!"

„איהר װעט זיך דאָך ניט חדוש'ען אױף אײזענבאהנען, דאָס איהר האָט אלײן געזעהן, מיסטער קינגסקאורט? עס איז קײן נפלאות'ען דאָ נישטאָ! דיא רוסיש־הינעזישע באאָן איז שױן פאר צװאנציג יאהרען געװען פארטיג, דיא באנ־

דאר־באהן האָט מען דאמאָלסט געבויט, דיא ניל־קאפּ־באהן איז נאָך געוועזן אין פּלאַן. עס וואָלט געוועזן איינפאך א משונה'דיגער וואונדער ווען פּאלעסטינא, וואָס ליעגט אין געאָגראפישען מיטעלפּונקט פון דיא צוזאמען־טרעפענעשען פון דיא באהן־ליניעס צווישען איירָאפּא, אזיען און אפריקא זאָל אויסגעשלאָסען ווע־רען אין ניט ווערען א הויפּטסטאנציע פאר דיא דורכפאָהרבאנען“.

„ניין, דאָס איז פאר מיר ניט קיין וואונדער, מיין ליעבער בעל הבית. מיר איז א פּלא, אויב מען מעג דאָס דאָ זאָגען, דאָס דיא יודען האָבען דאָס געקענט צו שטאנדע ברייננגען! איהר האָט דאָך קיין פאראיבעל ניט?“

פריעדריך האָט נאָך צובעמערקט:

„צווישען אונז רעדענדיג, דאָס איז מיר אויך א פּלא. אונזערע יודען וואָלט איך דאָס קיינמאָהל ניט צוגעטרויט“.

דוד האָט געלאסען געענטפערט:

„דוקא יודען האָבען דעם בכח אויסצופיהרען. דוקא נאָר מיר אליין, נאָר מיר זיינען געוועזן אימשטאנד צו בעשאפען אזא געזעלשאפט און אזא מיטעלפּונקט פאר דיא וועלטסבאהנען. איינס איז פערבונדען מיט'ן צווייטען און נאָר צוליעב אונזערע צרות איז דאָס אלץ געוואָרען. מען האָט בעדארפט אזא פאָלק וויא מיר, וואָס איז געוועזן מאָראליש אונגליקליך, וואָס האָט געהאט גרויסע סוחרישע ער־פאהרונגען און וואָס איז געוועזן דורכגעדרונגען מיט ליעבע און אכטונג צו אלע פעלקער. אָבער לאָז שוין זיין געננוג פאר היינט. רוהט זיך איצט אויס, געהט נאָכ־דעם אין טהעאטער. מאָרגען אין טבריה וועל איך אייך ווייטער דערצעהלען.

---

## IV.

עס איז שוין גאָר ניט געוועזן צו דענקען וועגען דיא ווייטערדיגע רייזע אין איירָאפּא. פריעדריך האָט פון איידעלקייט וועגען געמיינט, אז ער מוז זיין פריינד מאכען אזא פאָרשלאג, ווייל קינגסקאורט האָט זיך דאָך ניט געקענט אזוי פאר־אינטערעסירען וויא ער מיט'ן שיקזאל פון יודישען פאָלק. אָבער דער אלטער האָט פעסט ערקלערט, אז ער רעכענט דאָ צו בלייבען, וויא לאנג מען וועט איהם נאָר לאָזען. עס איז דאָך עפּעס א ווילדע מעשה, וואָס דאָ האָט זיך מיט יודען אָבגע־טאָהן. און ווען דער הערר דאָקטאָר לעווענבערג אינטערעסירט זיך ניט מיט זיין אייגענער נאציאָן, קען ער איהם ניט צווינגען דערצו. ער אָבער איז ניט אזא אונמענש.

בקצור, בשעת עס איז געקומען דער שטײערמאַן פון יאַכט־שיף האָט מען איהם געזאָגט, אַז מען בלײבט אין חיפה. קלײדער און װעש זאָל מען ברײנגען קײן פריעדריכסהײם און דיא מאַטראָזען זאָלען זיך אויף עטליכע טעג אָנטהון װאָהלטאָג.

זײערע צימערען אין פריעדריכסהײם האָבען זיך געגרענעצט נעבען אײ־נאַנדער. קינגסקאָורט איז געשטאַנען אָהן א ראָק בײ דער טהיר, װאָס האָט פער־בונדען בײדע צימערען, און האָט געמאַכט זײנע פּרושים אויף אַלץ װאָס ער האָט ביז איצט געהערט און געזעהען.

פריעדריך איז געזעסען פער׳חלומט אויף א לענזעסעל און האָט געקוקט דורך דיא אָפענע גאָרטענטהיר אויף׳ן בלויעם ים. א שעהנערען אָרט װיא דאָ האָט מען זיך ניט געקענט פאָרשטעלען. און װאָס פאַר פּרעכטיגע מענשען זײנען דאָ, װעלכע לעבען אין אזא רײכטהום און אין אזא רוהיגקײט. דוד איז א פרײליכער ענערגישער מענש, פּעפּט בײ זיך און פון דעסטװעגען א געמעסיגטער. זײנע פרוי — א בילד פון א יונגע צופריעדענע מוטער, און פרײלײן מרים, עדעל און שעהן, בעשעפטיגט און אָבגעגעבען פאַר יענעמס נוצען, װיא אמאָל פערצײטען אין רײכע יודישע הײזער.

אין לאַנגע יאהרען ארום האָט ער װיעדער געמוזט טראַכטען װעגען ערנעס־טינע לעפלער, אין װעלכע ער איז געװען אזוי נאַריש פערליעבט, און װעלכע עס האָט איהם דאָס אָבגעזעגנען זיך פון לעבען אזוי לײכט געמאַכט. און אפשר איז מרים ניט בעסער פאַר ערנעסטינען און װעט אויך חתונה האָבען פאַר אזא מאַן װיא זיא? ער האָט אַלײן ניט פערשטאַנען, װיא ער איז געקומען צו דער פראַגע. נײן, מרים איז פון העכערען זאָרט, און אַלע מענשען מיט װעלכע ער האָט זיך דאָ בעקענט זײנען אנדערע, גאָר ניט צו פערגלײכען מיט לעפלערס הויזגעבט. װער װײס, אפשר איז דאַמאַלסט ריכטיגער געװען ניט צו פערליערען דעם מוטה, צו זײן א מענש, צו שטרײטען מיט דיא אומשטענדע, אײדער צו ענטלויפען פון קאַ־כעדינגען לעבען?

„קינגסקאָורט", האָט ער אָבגעזיפצט — „איך קלער איצט, צו האָט ניט גע־נומען אונזער שיף א פאַלשען װעג דאַמאַלסט, בעת מיר האָבען געזוכט דיא גליק־ליכע אינזעל. אין װאָס האָב איך דיא צװאַנציג יונגע יאהרען פערבראַכט? אין יאגד, אין פיש האַפּען, אין עסען, טרינקען, שלאָפען און שאַכשפּיעלען...."

„און דערצו נאָך מיט א אַלטען חמור?", װאָס?, האָט קינגסקאָורט מיט א פעראיבעל געברומט.

„פון חמורים האָב איך שוין ניט דערמאָנט", האָט פריעדריך זיך פערנאַנ־דערגעלאַכט. „אָהן אייך וואָלט איך שוין ניט געקאָנט, ניט געוואָלט לעבען. אָבער עס איז פאָרט א שאָד, וואָס מיר האָבען קיינעם קיין נוצען ניט געבראַכט. די וועלט איז א שטיק וועג געגאַנגען פאָרווערטס און מיר האָבען זיך דערביי ניט בע־טייליגט, מיט קיין זאַך ניט מיטגעהאָלפען".

„געהערט א ביסעל! אָבגעלערענט אין מיין חדר צוואַנציג יאהר און האָט נאָך אזעלכע געדאַנקען! שעמט זיך ניט און זאָגט שוין, אז איהר ווילט ווערען א מיטגליעד פון דער נייער געזעלשאַפט".

„איך קען דאָס ניט זאָגען, ווייל איך קען זיא נאָך צו וועניג. אָבער זיא שיינט מיר צו זיין א סך וועניגער אָבשטויסענד וויא דיא פריהערדיגע".

„וועניגער אָבשטויסענד? וועניגער אָבשטויסענד? האָט געשוימט דער אַל־טער, „אדרבה, טרעט אריין אין דיא נייע געזעלשאַפט. איך קען אליין אויך אָב־פאָהרען און וועל מיך שוין מיין וועלטעל בעגעהן אליין".

„רעגט זיך ניט אויף, קיננגסקאורט. איך בלייב דאָ ניט א מינוט לענגער פאר אייך.

„א וואָרט!

„מיין עהרענוואָרט. און איך וועל אויך אין דוד'ס נייע געזעלשאַפט ניט איינטרעטען.... סיידען...."

„סיידען וואָס?".

פריעדריך האָט געשמייכעלט ביי דעם געדאַנקען:

„סיידען, אז איהר וועט אויך איינטרעטען".

און קיננגסקאורט האָט שוין א צייט לאַנג אזוי זיך ניט פערנאַנדערגעלאַכט:

„פריטצע, הא—הא—הא! וואָס פאר א פודעל־נארישע איינפאַלען איהר האָט. אָה־אָה, הא—הא—הא, קוקט זיך נאָר איין אויף מיר וויא אויף א מיט־גליעד פון א יודישער געזעלשאַפט. אויף מיר, אדאלבערט פון קעניגסהאָף, א פרייסישען און א קריסטליכען באראָן. יא, פריטצע, דאָס איז צו גוט, צו גוט".

„אזוי רעדט א יונקער".

„ער האָט זיך שוין בעליידיגט געפונען. אין מיינע אויגען זייט איהר דאָך א אויסנאַהמע. איינער איז קיינער".

„און מיט וואָס געפעלט אייך ניט דוד ליטוואַק?"

„דערווייל געפעלט ער מיר. ווייזט אויס צו זיין א יונג מיט ביינער".

זייער געשפרעך איז אונטערבראָכען געוואָרען פון דוד'ן, וועלכער איז געקו־מען פרעגען, צו פעהלט זיי עפּעס נאָך? צו האָבען זיי זיך שוין ענטשלאָסען צו

געהן אין א קאָנצערט אָדער אין א טהעאטער? ער האָט זיי דערלאַנגט א צייטונג, וואו עס זיינען געווען אויסגערעכענט אַלע פערגעניגענדען פון היינטיגען אָווענד. קינגסקאורט האָט אָנגעוויעזען אויפ'ן בלאַט מיט'ן פינגער.

„וואקסען נאָך אַלץ דיא ליגנער אין דער וועלט?"

„ נענוי אזוי פיעל, וויפיעל דיא לעזער פערלאַנגען".

„הייסט עס, א גאנצע מאַסע?" האָט קינגסקאורט צוגעשמאָקצעט מיט דיא ליפּען.

„דאָס העגנגט אָב פון דער צייטונג. בכלל גערעדט, זיינען דיא שותּפישע בלע־טער אנשטענדיג און האָבען ליעב דעם אמת צו שרייבען".

„וואָס פאַר בלעטער?"

„דיא שותּפישע. ביי דעם מוטואַליסטישען סדר פון אונזער געזעלשאַפט האָ־בען, נאַטירליך, אויך דיא צייטונגען געמוזט ענדערען זייער חאראקטער"....

„ווארט! ווארט! ניט אזוי גיך! וויא רופט זיך אָן אייער נייער סדר?"

„דער מוטואַליסטישער, שטעלט זיך אָבער דערונטער ניט פאָר א סדר פון א קאזארמע מיט אייזערנע כללים, מיט הארטע הנהגות, בקיצור א הארטען שטייפען סדר, זאָנדערען א סדר, וואָס גיט איטליכען דיא מעגליכקייט צו לעבען און פער־לעבען פריי און לויט וויא ער פערמאָגט. דאָס איז שוין אויך געווען צו אייער צייט, וויא אַלצדינג וואָס איהר זעהט היינט ביי אונז. עס זיינען געווען שותּפישע פאבריקען און געשעפטען, עס זיינען געווען ארטעלען און שותּפישע קלייטען פאר לעבענסמיטעל. אלע דיא מינים פון אונזער נייע געזעלשאַפט בעשטעהט נאָר אין דעם, וואָס מיר האָבען זיך בעמיהט מיט אַלע קרעפטען צו פערמעהרען און צו פערשטארקען דיא שותּפישע אונטערנעהמונגען. מיר האָבען געשאַפט פאר זיי א בילינגען קרעדיט, און דיא מאַסע פון פאָלק האָבען מיר געוויעזען דיא מיטעל און דיא וועגען, וויא צו גרינדען שותּפישע אונטערנעהמונגען. שוין אין פאָהריגען יאהרהונדערט האָט דיא וויסענשאַפט דערקלערט דעם נוצען און דיא וויכטיגקייט פון שותּפישע אונטערנעהמונגען. אין פּראַקטישען לעבען האָבען זיי אָבער קיין תקומה ניט געהאט. דיא שותּפישע אונטערנעהמונגען זיינען אין פיעלע הינזיכטען געווען צו שוואך, און איידער זיי האָבען זיך דערוואָרט אויף דיא רוחים פלעגען זיי שוין מוזען פאַלען. זיי האָבען ניט געקענט אויסהאַלטען דיא אָפענע און פערבאהאַלטענע קאָנקורענץ. דיא קרעמער פון לעבענסמיטעל זיינען, פערשטעהט זיך, ניט געווען אוהבים נאמנים פון דיא שותּפישע קלייטען פאר לע־בענסמיטעל (קאָנסום פעראיינע). דיא מעבעל־פאבריקאַנטען האָבען ניט געקלי־בען נחת דערפון, וואָס סטאָלערס און צעסלערס האָבען געמאכט ארטעלען צווישען

זיך. אלטע פיהרונגען, איינגעוואָרצעלטע פאלשע מיינונגען האָבען ניט דערלאָ־
זען, אז דיא שותפישע ארבייטען זאָלען זיך קענען ענטוויקלען. דיא שותפישע
ארבייט איז דער מיטעלער וועג צווישען קאָלעקטיוויזמוס און קאפיטאליזמוס.
ביים קאָלעקטיוויזמוס האָט קיינער ניט קיין אייגענעם פערמעגען. צוליעב דעם
קאפיטאליזמוס קען זיך דער ארבייטער, דער בעל מלאכה, ניט וועהרען אקעגען
דעם גרויסען קאפיטאליסטען. ביי שותפישע אונטערנעהמונגען אָבער איז דער
בעל מלאכה, דער ארבייטער וואָס ארבייט אין קאָמפּאניע מיט טויזענדער זיינע
גלייכען און האָט א ביליגען קרעדיט, שטארק גענוג צו קאָנקורירען מיט'ן קאפי־
טאליסטען, און דאָס וואָס עס בלייבט איבער פיעל יאהר ביים טהיילען זיך איז
זיין אייגענער פערמעגען. דיא שותפישע ארבייט ברייננגט דערצו, אז דער ארביי־
טער קריעגט בעסער בעצאָהלט פאר זיינע ארבייט, און צוליעב דיא שותפישע
קלייטען פון לעבענסמיטעל איז ער ניט געצוואונגען צו צאָהלען טהייערער וויא
דיא רייכע. ביי אונז קאָסט דעם אָרימאן דאָס לעבענסמיטעל ניט טהייערער פאר'ן
רייכען. אין דער אלטע געזעלשאפט וואָלטען ביי אזא סדר צעהנדליגע טויזענדער
קרעמערס נעגאנגען צו גרונד. ביי אונז אָבער האָט מען פון אָנפאנג אָן ניט צוגע־
לאָזען אזוינע קרעמער. מיר האָבען באלד איינגעפיהרט שותפישע קלייטען פאר
לעבענסמיטעל (קאָנסום פעראיינע). און דארין זעהט איהר וויעדער, וואָס
פאר א מעלה דאָס איז, ניט צו טראָגען אויף זיך דיא משא פון אלטע פאלשע
הנהגות. אלס נייע געזעלשאפט זיינען מיר געוועזען דערפון פריי פון אָנפאנג אָן,
מיר האָבען ניט קיינעם געדארפט אונטערדריקען, בכדי אונזערע ארבייטער און
בעלי־מלאכות זאָלען קענען געהאָלפען ווערען".

„אָבער דיא צייטונג?" האָט פריעדריך געפרעגט, — „מיר האָבען דאָך
געערדט פון צייטונגען, וויא קען מען ארויסגעבען א צייטונג אויף'ן שותפישען
אופן? צו געהערען אזעלכע צייטונגען צו אלע רעדאקטאָרען, אָדער וויא איז
דאָס?"

„זעהר איינפאך. דיא שותפישע צייטונג געהערט צו דיא אבאָנענטען. בכדי
צו ווערען א שותף פון א אונטערנעהמונג וויא א צייטונג דארף מען נאָר איינ־
צאָהלען דאָס געלד פאר דעם אבאָנירען. וואָס מעהר אבאָנענטען — קריעגט אזא
צייטונג אליז מעהר רעקלאמעם און פערשיעדענע מודעות. אָט דער רווח פון דיא
רעקלאמעס ווערט אליז מעהר פערטהיילט אונטער דיא שותפים דיא אבאָנענטען,
ווייל דיא איבריגע הוצאות קען שוין אָפט געדעקט ווערען מיט דיא געלד פון דיא
אבאָנענטען, ביי געוויסע פעלע, ווען דיא צייטונג האָט א סך לעזער קענען זיא

אבאָנענטען סוף יאהר אָבקריעגען דאָס וואָס דאָס בלאט האָט זיי געקאָסט. עס איז שוין פּאָרגעקומען, אז זיי פלעגען קריעגען נאָך מעהר וויא פיעל זיי האָבען אריינגעלייגט אין דעם שותפישען בלאט".

„פשוט ניט צו גלויבען!", האָט קינגסקאורט אויסגערופען, „עס קומט אויס, אז פאר לייענען א בלאט קריעגט מען נאָך א צוגאָב?"

„כמעט. צו האָט איהר ניט געהערט, וואָס פאר רוחים עס האָבען דיא גרויסע ציימונגען אין אייראָפּא און אין אמעריקא? מיט איטליך יאהר פלעגען זיי ווערען ביליגער, חאָץ פאר טעלעגראמעס און פאר שרייבערס און מיטארבייטער פלעגען זיי אויסגעבען הונדערטע טויזענדער. דיא גרויסע בלעטער פלעגען קריעגען פון אבאָנענטען ניט מעהר. וויא דאָס פאפּיער איז ווערט, און פון דעסטוועגען פלע־גען זייערע רוחים שטייגען מיט איטליכען יאהר. שוין דערפון וואָס זיי פלעגען צו דיא אבאָנענטען צולעגען זעהט מען, אז דיא בלעטער פלעגען אוועקגעבען א טהייל פון זייערע רוחים דעם לעזער. דאָס אייגענע איז אויך ביי אונז, נאָר מיט דעם חילוק, דאָס דיא אבאָנענטען-שותפים קריעגען ניט א טהייל נאָר דעם גאנצען רוח פון זייער בלאט. דיא רעדאקטאָרען זיינען דיא פיהרער פון דער שותפישער אונטערנעהמונג און איהר מעגט עס גלויבען, אז אָט דיא רעדאקטאָרען, דיא הויך געבילדעטע ארבייטער, וועלכע הויבען אויף דורך זייער גייסט דיא ווערדע פון דאָס בעדרוקטע בלאט פאפּיער, פיהלען זיך אין א סך א בעסערע לאגע, וויא דיא רעדאקטאָרען אין דער אלטען געזעלשאפט. זיי פערדיענען דאָס געלד פאר'ן אבאָ־נענטען, און דער געוועהנליכער מענש פערשטעהט דאָס גיך צו שעצען. צוליב דעם קומט נאָך צו דיא דאנקבארקייט פאר דיא גוטע און שעהנע ארטיקלען, דורך וועל־כע עס פערגרעסערט זיך מיט יעדען טאָג די אלגעמיינע בילדונג פון לעזער. אונ־זערע רעדאקטאָרען זעהען צו פערפאָלקאָמענען דיא בילדונג פון לעזער, זיי גיעבען ידיעות און צערשטרייאונגען, זיי בעשעפטיגען זיך מיט פּראקטישע פראגען, מיט האנדעל און פאבריקאציאָן ניט ווענינער, וויא מיט קונסט און וויסענשאפט. און מיט וואָס פאר א פרייליך הארץ ארבייטען זיי, וויסענדיג פּאָראויס דיא וויכטיג־קייט פון זייער ארבייט פאר'ן כלל, זייענדיג איברצייגט, אז זיי האָבען פאר זיך א דאנקבארען לעזער. און מיט וואָס פאר א ערנסט נעהמען זיי זיך צו א ארבייט, פאר וועלכע מען מוז איטליכע רגע פעראנטוואָרטליך זיין!"

„ דאָס איז אלץ גאנץ שעהן", האָט פריעדריך געזאָגט, —„נאָר שיינט מיר, אז אזעלכע שותפישע ציימונגען זיינען פערקויפט ביי דיא מיינונג פון לעזער. אזוי ווי די רעדאקטאָרען זיינען אין גאנצען אבהענגיג פון דיא אבאָנענטען, וועלען

זיי איביג חנפ'נען, שטענדיג נאָכגעבען דעם לעזער און ניט זיך דערוועגען א אמת וואָרט צו שרייבען".

„און ווען יאָ אזוי?" האָט דוד געענטפערט — „צו איז דאָס ביי אייך אזא נייעס? צו איז דאָס פריהער ניט אזוי געוועזען? עס זיינען געווען, דאכט זיך, געניג רעדאקטאָרען, וואָס האָבען נאָר געטראכט און געקלערט וויא צו געפעלען דעם פובליקום. וועלכע האָבען געשוויעגען, ווען עס האָט געלויהנט, און געשריבען ווילדע גוזמאות, ווען דאָס פובליקום האָט דאָס נאָר געפאָדערט. דערצו האָבען זיי נאָך דאמאָלסט שטענדיג געלעבט אין ספק, צו האָבען זיי טאקע באמת דערטאפט דאָס, וואָס דער לעזער פערלאנגט. איצט איז אָבער אנדערש. אין דיא יעהריגע אסיפות ווערט אָבגעגעבען א חשבון, און דאָס פובליקום, וואָס בעשטעהט פון שותפים, שרייבט פאָר דעם ועג פאר דעם קינפטיגען יאָהר".

„עס האפט אָן א איבלונג", האָט קינגסקאורט זיך פערקרימט, — „אסיפות פון הונדערט טויזענד אבאָנענטען!"

„וואָס א מענשען קען איינפאלען! דיא אבאָנענטען קלייבען אויס פון זיך 100 אָדער 200 שלוחי צבור, וואָס בעזאָרגען דאָס אלץ אין שעהנסטען אופן. דאָס איז זעהר פשוט. דיא קאנדידאטען מעלדען זיך אליין אָן צו אזא שליחות. דיא אבאָנאָמענטסקוויטונג גיט דאָס רעכט אימיצען אויסצוקלייבען אָדער אליין אויסגעקליעבען צו ווערען. 500 אָדער 1000 אבאָנענטען גיעבען איבער זייערע קוויטונגען א וויכטיגען פארשוין, וועלכער זאָל רעדען אין זייער נאָמען אויף דער יעהרליכער הויפט אסיפה. געוויינטליך פלעגט אזא קאנדידאט אליין מודיע זיין אין דער צייטונג: איך רעכען אין דער הויפט־אסיפה דורכצופיהרען אזא און אזא געדאנקען. ווער עס האלט מיט מיר זאָל מיר אָנטרויען זיין צעטעל".

„גאנץ פיין", האָט פריעדריך געזאגט — „פאר'ן פובליקום איז שיין געניג פערזאָרגט. איך זעה נאָך אָבער דערפון ניט איין דיא גליקען פארן פאָלק. נייע געדאנקען און פערלאנגעס קריעגען זעלטען א סך אנהענגער. זיך פערלאָזען אויף דאָס פובליקום, אז זיא זאָל אליין פערבעסערען איהרע פיהרונגען, אליין אָננעהמען נייע געדאנקען און טיעפער איינוואָרצלען, איז כמעט אזוי קלוג, וויא מען זאָל זיך פערלאָזען אויף קינדער. דיא שותפישע צייטונגען, וואָס לעבען נאָר מיט דעם געוועהנליכען קהל'שען מיינונג, קענען בריינגען דערצו, אז דאָס פאָלק זאָל ווערען ערגערעבט, אז דאָס פאָלק זאָל שטענדיג בלייבען ביי דיא אלטע פיהרונגען, און ניט וועלען וויכען פון נייע געדאנקען און נייע שטרעבונגען. דאָס פובליקום וועט מיט טויבע אויערן זיך גוט צוהאָרכען צו די פאָדערונגען פון וער

נייער צייט, און דיא איינציגע וואס וועלען דאס יא וועלען דורכפיהרען, ועלען טרעטען מיט דיא פיס דיא אלטע גוטע איינפיהרונגען. צוליעב אייער שותפישע צייטונגען, וועט דער בעגאבטער מענש קיינמאל ניט קענען קריעגען דיא פיהרונג בײ אייך, און אייער געזעלשאפט וועט ווערן רעגירט פון מיטעלמעסיגע קליינע קע־פעליך, וואס לעקען און חנפה'נען דאס פובליקום".

„איהר האט מיר ניט געלאזט אויסרעדען, הערר דאקטאר, איך האב ניט גע־זאגט, אז אלע צייטונגען ביי אונז זיינען שותפישע. דיא שותפישע צייטונגען זיי־נען נאר דיא גרויסע בלעטער, וועלכע קאסטען אב הונדערטער טויזענדער און וואס פאדערן גרויסע קאפיטאלען ביי דער בעגרינדונג און וועלכע זיינען ניט מינדער קאפיטאליסטישע אונטערנעהמונגען, וויא דאס גרינדען פון א גרויסע פאבריקאציע. מיר האבען אויך צייטונגען וואס געהערען איינצעלנע מענשען, און ווערען געפיהרט פון אונאבהענגיגע רעדאקטארען. איך אליין האב אויך אזא צייטונג. איך דארף זיא האבען, בכדי דורכצופיהרען א שטיקעל מלחמה אין אונ־זער געזעלשאפט. מיין הויפטגעגנער ד"ר ראבינער גייער האט אויך א איינענע צייטונג. איך וועל מיין צייטונג ארויסגעבען ניט לייננער, וויא דער שטרייט וועט דויערען. נייער, מן הסתם, וועט זיין צייטונג ניט אזוי גיך צומאכען, ווייל ער לעבט נאר פון שטרייט און אזוינע וכוחים, און אזעלכע צייטונגען, וואס האבען פערשידענע צוועקען, זיינען נאך דא א סך, בעווייזען זיי נייע מיינונגען, נייע אנזיכטען, איז דא גענוג מעגליכקייטען זיי ארויסצוריידען עפענטליך און צו שטרייטען פאר זיי. אמת, אהן א ביטערען קעמפף וועלען זיי ניט אנגענומען ווע־רען, אקוראט וויא אין דער פריהערען צייט. און דאס איז גאר ניט אזוי שלעכט, צוליב דעם קאמפף פערטיפען זיך די איבערצייגונגען, שטארקט זיך דער מוטה און מען געוועהנט זיך איין צו געדולד און צו פעסטיגקייט. גלויבט מיר, צוליעב אונזערען שותפישען לעבען זיינען מיר ניט ארעמער, נאר רייכער געווארען מיט בעגאבטע און שטארקע מענשען. דער איינצעלנער מענש ווערט ניט ביי אונז צו־מאהלען אונטער דעם מיהלשטיין פון קאפיטאליזמוס, און ווערט ניט דערנידער־רינגט פון סאציאליזמוס, וואס וויל אז אלע זאלען זיין גלייך, אז אלע יונים זאלען האבען איין פנים. מיר ווייסען דיא ווערדע פון דעם פרייען מענשען און מיר שע־צען דעם גייסט אין מענשען, ניט ועניגער וויא מיר שעצען זיין פערמעגען און דאס וואס ער האט זיך אליין דערווארבען".

„נא, גאט צו דאנקען" האט קינגסקאורט געזאגט —, „איך האב שוין גערע־כענט, אז מען וועט שוין ביי אייך ניט קיין חילוק פון מיינס און דיינס".

„ווען מיר וואָלטען ניט געוואוסט דעם חלוק, וואָלט אלצדינג וואָס איהר האָט געזעהען און וועט נאָך זעהן, ניט געקענט בעשאפען ווערען“, האָט דוד ווייטער דערקלעהרט. — „ניין, אזוי משוגע זיינען מיר ניט געווען. דעם חשק צו אַר־בייטען, זיך צו מיהען, צו מאכען ענטדעקונגען און ער פינדונגען האָבען מיר ביי קיינעם ניט אָבגעשוואכט. דיא גרעסערע בעגאבונג מוז אויך א גרעסערע רענטע קריעגען; דיא גרעסערע אנשטרענגונג מוז ווערען גרעסער בעצאָהלט. מיר דאר־פען דאָס רייכטהום, אָנצולאָקען דערמיט דעם שטרעבזאמען, צו קענען דערנעה־רען דערמיט דיא זעלטענע קונסט. איך אליין געהער אויך צו דיא גוט בעמיטעלטע. איך בוי שיפען. מיין עסק איז אזוינער, וואָס קען נאָר גוט געפיהרט ווערען פון א איינציגען אונטערנעהמער, אָדער פון א אקציענגעזעלשאפט. דאָס איז דאָך דיא מעלה פון אונזער געזעלשאפט, אז זיא לאָזט צו אלערליי ארטען פון סוחרישע אונטערנעהמונגען, סיי שותפישע, סיי אויפ'ן אייגענעם רעכנונג. ביי מיר צו הויז וועט איהר זעהן א מאָדנע מישינינע פון פערשיעדענע עקאָנאָמישע פאָרמען. איך בין דער בעל־הבית פון דער פירמע. מיינע ארבייטער האָבען געמאכט צווישען זיך א ארטעל, וועלכע ווערט מיט יעדען טאָג זעלבסטשטענדיגער און שטארקער, און דוקא מיט מיין ווילען און מיין אונטערשטיצונג. צום אָנפאנג פון מיין אונ־טערנעהמונג האָבען זיי נאָר געהאט א שותפישע קלייט פאר לעבענסמיטעל, וועלכע האָט זיך אויסגעארבייט אין א שפּאָרקאסע. איהר דארפט ניט פערגעסען, אז אונ־זערע ארבייטער זיינען סיי וויא סיי פערזיכערט געגען אלע אנפעלע, וויא קראנק־הייט, אלטקייט און פריהען טויט. זיי קענען דעריבער א סך אָבשפּאָרען. איך האָב נאָך זייער שפּארקאסע געשטארקט דערמיט, וואָס א טהייל פון מיינע רוחים שענק איך פאר דיא קאסע. איך האָב דאָס ניט פון גוטסקייט געטהון, נאָר צוליעב א פשוט'ן רעכנונג. ווייל חוץ וואָס צוליעב דעם זיינען מיר דיא ארבייטער גע־טריי, זיכער איך מיר דיא מעגליכקייט, גוט צו פערקויפען מיין געשעפט אין דער צייט, וואָס איך וועל זיך שוין וועלען אָברוהען. איך פערוואנדעל דאמאָלסט מיי' שיפסבוי־געשעפט אין א אקציענגעזעלשאפט, און פיר דעם פאל זיינען מיינע שותפישע ארבייטער דיא ערשטע, וואָס האָבען א רעכט אויף אָבצוקויפען דיא אקציעס, דעריבער זיינען מיר מיינע ארבייטער דיא בעסטע פריינד. מיר קריעגען זיך ניט וועגען לוין געלד, מיר האָבען בכלל ניט קיין שטרייטיגקייטען. עס געהט צו ביי אונז אזוי שטיל וויא אין אברהם־אבינו'ס צייטען, און דערביי העכסט איי־ראָפּעאיש. ווען עס זאָל קומען צו מיינע ארבייטער איינער בונטעווען, דארף איך זיך גאָר ניט אריינמישען, זיי וועלען איהם אליין אויסלאכען און ארויסוואַרפען.

זיי ווייסען גוט וואָס זיי האָבען פאר זיך צו טהון, און דיא אונקלאָרע סאָציאַליס־טישע געדאנקען האָבען פאר זיי קיין ממשות ניט".

קינגסקאורט האָט פריינדליך צוגעברומט:

„איהר זייט נאָך אזוי יונג, און איהר האָט שוין אזוי ווייט געבראכט".

„ווייל איך האָב פריה אָנגעהויבען. איך בין געוועזען פון דיא ערשטע וואָס האָ־בען איינגעוואנדערט אהער זיך האָב איך גאָר ניט צו פערדאנקען, אָדער כמעט גאָר ניט. דיא גרויסע ארומיגע אונטערנעהמונגען האָבען מיך ארויפגעבראכט אין דער הויך. אָבער דערפען וועלען מיר רעדען אין טבריה".

„ פאר וואָס גראָד אין טבריה? האָט פריעדריך געפרעגט.

„נאָר דאָרט קענט איהר פערשטעהן דעם טעם דערפון, ווייל דאָרט וועט איהר דערגעהן וואָס פאר א יום טוב מיר האָבען היינט.... איצט אָבער קלייבט זיך אויס א צערשטרייאונג אויף היינטיגען אָוועגד. אָדער צו ווילט איהר בעסער הערען דאָס פראָגראם פון דיא צושטרייאונגען פון א רעדעדיגע צייטונג?" ער האָט ארונטער־גענומען פון דער וואנד צוויי קאָרכרעהרען און האָט זיי אָנגעבאָטען דיא געסט.

קינגסקאורט האָט געלאכט:

„ליעבער שררה, דערמיט וועט איהר מיר ניט אָב'חדוש'ען. דעם קונץ קען איך שוין. אזא טעלעפאָנצייטונג איז שוין געוועזען פאר 25 יאהרען אין בודאפעסט".

„איך מיין גאָר ניט אייך צו ווייזען נייעס. איבריגענס, איז דיא רעדעדיגע צייטונג אויך א שותפישער עסק".

„אזא צייטונג קען אָבער ניט האָבען קיין פיעל איינקינפטע, ווייל זיא קריגט דאָך ניט קיין רעקלאמען".

„טאקע גראָד פערקעהרט. פאר רעקלאמען צאָהלט מען דא דיא גרעסטע פרייזען. דיא מודעות און רעקלאמען אין דיא געדרוקטע צייטונגען קען דער לע־זער אריבערהיפען. דאגעגן אָבער איז ער געצוואונגען אויסצוהערען דיא רעקלאמען, וואָס קומען צו זיין אויער דורך אזוינע רעהרלעך. האָרכט נאָר א ווײלע,אפשר לייענט מען גראָד א רעקלאמע".

זיי האָבען צוגעלעגט דיא האָרכרעהרען צום אויער. צוערשט האָבען זיי גע־הערט דיא ידיעה, אז אין יאָקאָהאמא איז אָבגעברענט א דאָק (א אָרט, וואו שיפען האַלטען זיך אויף), דערנאָך וועגען א טהעאטערשטיק אין פאריז, דיא לעצטע פרייזען פאר קאָרן, און באלד דארויף האָט זיך נאָך רייטליכער געהערט, וויא דיא פריהערע בעריכטען:

„ביי שמואל קאָהן קריעגט מען דיא טייערסטע עדעלשטיינער, עכטע וויא פאלשע, צו גאראנטירט וואונדערליכע פרייזען. ביי שמו—אל קאָהן, גרויסע נאָ־לעריגאס נומר 47“.

זיי האָבען זיך פערנאנדערגעלאכט.

דוד האָט נאָך געזאָגט:

„מען מאכט דאָס אָפט אויף א גנבישער ארט, בכדי דער הערער זאָל ניט בעמערקען, וויא מען איז איהם מכבד מיט א רעקלאמע. דיא רוחים פון דער צייטונג זיינען מורא'דיג. צום אָנפאנג האָבען דיא אבאָנענטען געצאָהלט א שקל א חודש און פלעגען אָבקריעגען א סך מעהר צוריק. דיא צייטונג האָט דאָך ניט קיין הוצאות אויף פאפיער, דרוק און פאָסט געלד. די טעלעפאָן צייטונג איז פערפליכטעט צו צאָהלען א יעהרליכע אָבגאבע דער שטאָדט חיפה און דער נייער געזעלשאפט. דיא צייטונג געפינט זיך איבריגענס אונטער א בעזונדערע השגחה. אין דעם הויפט ביורא פון דער רעדאקציע קוקען בעאמטע פון דער געזעלשאפט, אז מען זאָל ניט אריינרעדען אין אפאראט קיין נבול פה, קיין שקרים, קיינע פאלשע ידיעות און דאָס גלייכען“.

פריעדריכען איז עפּעס א פלא געוועזן:

„איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן, וויא קען מען פון א פריוואטען עסק, וויא א טעלעפאָנצייטונג, וויא באלד דער עסק גיט גוטע רוחים נעהמען א אבגאב. אזוי וויא איהר האָט אונז נאָך ניט דערצעהלט נאָך וואָס פאר א שולחן־ערוך איהר לעבט, וועלכע רעגיערונגס־פיהרונגען איהר האָט איינגעפיהרט, איז מיין פראגע, דאכט זיך, ניט קיין נארישע“.

„מיט דער טעלעפאָנצייטונג איז א בעזונדערע מעשה. דיא טעלעפאָנצייטונג מוז דאָך וואו עס איז דורכציהען א אייגענעם קייבל. אונטער אונזערע גאסען האָבען מיר טונעלען, וואו מיר פיהרען דורך דיא רעהרען פון גאז, וואסערלייטונג און קאנאליזאציע, אין דיא טונעלען ליגען אויך דיא לייטונגען פון טעלעפאָן אין טעלעגראף; עס איז נאָך געגוג דאָ פלאץ אויפצונעהמען נייע דראָט־לייטונגען. אויבען פאָהרט מען און אונטען ציהט זיך דער טונעל, וועלכער איז פערבונדען דורך רעהרען מיט איטליכען הויז. אין איטליכען הויז איז דאָ א גאנג אונטער דר'ערד פאר אלע מיני רעהרען און דראָטלייטונגען. מען דארף ביי אונז ניט אויפרייסען דעם ברוק, אויב מען וויל דורכפיהרן א נייע רעהר א. ז. וו. איהר קענט אין דעם, מיינע טייערע,זעהען א צוגלייכענעס צו אונזער נייער געזעלשאפט: מיר זיינען ניט מחויב צו צוברעכען, ווען מיר ווילען איינפיהרען עפּעס נייעס. דיא

אמאָליגע גרויסע שטעט זיינען אויפגעוואקסען דורך א צופאל און זיינען געוועזען גע בויט אָהן א פּלאַן. גאז־בעלייכטונג, וואסער־לייטונג, קאנאליזאציע, עלעקטריישע לייטונג, איטליכע נייע איינפיהרונג האָט געפאָדערט, אז מען זאָל אויפשניידען דעם בויך פון דער שטאָדט. הויז דעם האָט מען קיין מאָל ניט געוואוסט געניי, אין וואָס פאר א צושטאנד עס געפינען זיך די אלטע לייטונגסרעהרען; ערשט ווען עס פלעגט טרעפען א שאָדען אָדער א אונגליק, פלעגט מען זיך האפּען דערצו, אז ס'איז עפּעס מכולה געוואָרען. מיר האָבען אָבער אויסגעמיידט די אלע חסרונות, און דאריבער האָבען מיר לכתחילה געבויט דעם טונעל אין מיטען פון די גאסען. דאָס האָט געקאָסט גוזמאות געלד, דערפאר פערשפּאָרען מיר אָבער גוזמאות אונקאָסטען. אז איהר וועט פערגלייכען די שטאָדט׳גע הוצאות פון חיפה מיט די הוצאות פון א וויען, אָדער א פאריז, וועט איהר זעהן וויפיעל מיר שפּאָ־רען איין א יאָהר צוליעב די טונעלען אונטער דר׳ערד. אין די טונעלען ליעגען אויך די טעלעפאָנדראָטען פון דער רעדעריגען צייטונג, און ד׳א אייגענטהימער זיינען מחויב דעריבער צו צאָהלען לויט זייער פערדינסט נאָך מיעהעגעלד פאר דעם פלאץ, וואָס די שטאָדט פערדינגט זיי. סוף כל סוף געהען דאָך אָבגאבען פאר טובת הכלל".

קינגסקאורט איז זיך מודה געווען:

„הערענדיג אייער רייד קריעגט מען בושה פאר אייער נייער געזעלשאפט: עפּעס א קלייניגקייט, איהר פערוועגדעט דאָך שמואל קאָהנס ערעלשטיינער לטובת הכלל. איהר זייט א פערדאָרבענעס, ממזר'ש פאָלק! אויף אזא געדאנקען וואָלט איך קיינמאָל ניט געפאלען".

„אייערע שמייכעלווערטער שמעקען ביטער, הער קינגסקאורט", האָט דוד פריינדלאך געזאָגט,—„נאָר אפשר וועט איהר אייער מיינונג בייטען, בשעת איהר וועט זיך מיט אונז נעהענטער בעקענען".

„פון מיינער זייט בין איך מודה, אז איך בין א אלטער חמור, — איך פער־לאנג אָבער, אז איהר זאָלט דאָס בעווייזען שווארץ אויף ווייס... און איצט פיהרט אונז, צו אלע טייוואָלים, אין טהעאטער".

„אין וואָס פאר א טהעאטער א׳הר ווילט, הערר ליטוואק", האָט פריעדריך נאָך צוגעלעגט.

„אזוי וויא איהר קענט זיך אליין ניט ענטשליסען, רעכען איך, מיר וועלען זיך בעסער פערלאָזען אויף דעם וואָס אונזערע דאמען וועלען זאָגען".

דערמיט זיינען אלע געווען איינפערשטאנען.

# V

די־א דאמען זײנען שוין געװען אַנגעטאָהן אין אױענדטואַלעטע. מאַדאַם ליט־װאק האָט געזאָגט:

„די־א הערען װעלען דאָך מן הסתם ניט װעלען זעהן אַזױנס, װאָס מען קען דאָס אױך זעהן אין בערלין, אין לאָנדאָן אָדער אין פּאַריז, חאָטש אין חיפה זײנען איצט דאָ די־א בעסטע פראַנצױזישע און איטאַליענישע טרופּעס. איך מײן, אַז מעהר פאַר אַלץ װעט זײ אינטערעסירען דאָס יודישע טהעאַטער".

„צו זײנען דען פאַראַנען יודישע טהעאַטערשטיק?", האָט פריעדריך זיך פערװואונדערט.

„צו האָט איהר, בחור מײנער, ניט געהערט און גענײעגט שוין פון כמה יאהרען, אַז דאָס טהעאַטער איז „פערױדעט", האָט קינגסקאורט געזאָגט.

מאַדאַם ליטװאק האָט אַ װאָרף געטהון אַ בליק אין די־א צײטונג:

„מען שפּיעלט הײנט אין נאַציאָנאַלטהעאַטער אַ טהעאַטער־שטיק פון דער ביבלישען צײט מיט'ן נאָמען משה".

„דאָס איז אַ גרױסאַרטיגעס פּאָעטישעס װערק", האָט דוד ערקלעהרט די־א געסט.

„אָבער צו ערנסט. אין אָפּערנטהעאַטער שפּיעלט מען „שבתי־צבי". אין עט־ליכע פאָלקסטהעאַטערען שפּיעלט מען זשאַרגאָנישע קאָמעדיעס. זײ מאַכען אפילו לאַכענדיג, אָבער זײ האָבען ניט קײן טעם. איך װאָלט פאָרשלאָגען צו געהן אױף אַ אָפּערע. הײנט שפּיעלט מען „שבתי צבי".

מרים איז אױך געװען פאַר די־א אָפּערע. „שבתי צבי" איז די־א בעסטע יו־דישע אָפּערע אין די־א לעצטע יאהרען, האָטש אין דער לעצטער צײט זײנען בע־שאַפען געװאָרען גרױסאַרטיגע מוזיקאַלישע װערק. די־א מוזיק פון די־א אָפּערע איז אַ געטליכע. מען מוז זיך אָבער אײלען, װײל ביז צום טהעאַטער װעט נאָך דױערען דאָס פאָהרען אַ גוטע האַלבע שעה.

„צו װעלען מיר נאָך קריעגען אַ פּלאַץ?" האָט קינגסקאורט געפרעגט.

דוד האָט געענטפערט:

„אין דער קאַסע װעט איהר אַזױ שפּעט ניט קריעגען קײן בילעטען, װײל דער מעהרסטער טהײל שותפים האָבען מן הסתם זיך בענוצט הײנט מיט זײערע

פלעצער. איך האָב אָבער זײט דאָס טהעאטער איז געגרינדעט געװאָרען מײן אײ־
גענע לאָזשע".

„דאָס אָפּערענטהעאטער איז אױך א שותפישע אונטערנעהמונג?" האָט
לעװענבערג אױסגערופען.

„אבאָנעמענט, פריטצע! זײ רופען דאָס א שותּפישע יאך. מן הסתם דאָס
אײגענע װיא מיט דער צײטונג".

„דאָס אײגענע", האָט דוד געלאכט, — „איהר זאָלט זיך גאָר ניט חדוש'ן,
הערר קינגסקאורט. בײ אונז געפינט איהר ניט קײן שום נײעסען. עס דאכט זיך
נאָר". ער האָט גענומען א פּאָר װײסע האנדשוה און אָנגעהײבען זײ ארױף צו צי־
הען אױף דיא פינגער.

האנדשוה! און װײסע נאָך דערצו. ניט קינגסקאורט זיט פריעדריך האָבען
דאָס איצט געהאט בײ זיך. אױף זײער שטיעלען אינזעל האָבען זײ אזעלכע נארי־
שע זאכען זײט 20 יאהר ניט בענוצט. אָבער איצט, אז מ'ען איז געקומען אין אזא
פערצװײפעלטער לאגע, בשעת מען מוז געהן מיט דאמען אין טהעאטער, מוז מען
דאך האָבען א אױסזעהן פון א צװיליזירטען מענשען. קינגסקאורט האָט געפרעגט,
צו געהט מען אונטערװעגס ביז צום טהעאטער ניט פערבײ א קראָם פון הענדשקע־
מאכער. נײן, אזעלכע קראָמען זײנען בײ אונז לחלוטין גאָר ניט דאָ. און דער אל־
טער קינגסקאורט איז כמעט ניט געװאָרען אין כעס.

איהר לאכט פון מיר? אָט טראָגט איהר דאך אלײן דיא לעדערנע גילזען
אױף דיא פינגער. אָדער אפשר מאכט איהר דאָס אלײן? איהר מוזט מן הסתם
זײן א חברה־מאן פון דער שותּפישער חברה הענדשקע־מאכער?"

מען האָט זיך דאָ ניט צוזאמענגערעדט, און אלע האָבען געלאכט, בעת דוד
האָט דערקלערט זײן אנטװאָרט. עס איז בכלל ניט געװען קײן בעזונדערע קראָמען
פאר הענדשקעס, װײל אלע קלײדער און טואלעטען-געגענשטענדע װערען פער־
קױפט נאָר אין דיא גרױסע קױפגעשעפטען.

פאר דיא פאראדנע טרעפּ זײנען געשטאנען צװײ קארעטעס־אױטאָמאָבילען,
װעלכע האָבען שױן געװאַרט אױף דיא געזעלשאפט, זײ אָפּצופיהרען אין אָפּע־
רענטהעאטער. אין דיא ערשטע קארעטע האָבען זיך ארײנגעזעצט מאדאם ליט־
װאק, פרײלין מרים און לעװענבערג, און דיא צװײטע—קינגסקאורט און דוד.
עס איז געװען א שעהנער אָװענד, װאָס האָט דערמאָנט אָן דיא מילדע נעכט פון
ריװיערא. אונטער זײ איז געלעגען חיפה, בעגאָסען מיט א ים פון ליכט. אין האַ־
פען און אױף דעם שיפסבױפּלאץ האָט עס געפינקעלט פון טױזענדער גליהענדע
שטערענדליך, װעלכע האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אין װאסער; האָבען געלױכטען
דיא טױזענדער עלעקטרישע לאָמפּען פון דיא שיפען.

בשעת זיי זיינען פערבייגעפאָהרען פאר דאָס הויז פון רעשיד־ביי האָבען זיי געהערט דעם געזאנג פון א וואונדערליך שעהנער שטימע.

מרים האָט געזאָגט:

„דאָס זינגט רעשיד־ביי'ס פרוי. זיא איז אונזערע פריינדין. זעהר א אָרענט־ליכע און א געבילדעטע ווייבעלע. מיר טרעפען זיך מיט איהר אָפט צוזאמען, אָבער נאָך ביי איהר אין דער היים. דיא מאהאָמעדאנישע פיהרונגען, פון וועלכע רעשיד־ביי וויל זיך ניט אָבזאָגען, דערלאָזען ניט, אז זיא זאָל קומען צו אונז".

„אָבער איהר דארפט ניט טיינען, אז פאטמא ליידט דערפון און פיהלט זיך דעריבער ניט גוט", האָט מאדאם ליטוואק צוגעלעגט פון איהר זייט, און זיך אָב־שטעלענדיג א ווײלע האָט זיא ווייטער גערעדט:

„דאָס איז א אמת גליקליכער זווג. זיי האָבען פראכטיגע קינדער. איינס נאָר, וואָס זיא שיידט זיך ניט מיט דעם פריעדליכען צוריקגעצויגענעם לעבען. פאר געוויסע מענשען איז אָבער אזא לעבען דער גרעסטער נחת. איך קען דאָס גאנץ גוט פערשטעהן, חאָטש איך בין א מיטגליעד פון דער נייען געזעלשאפט. ווען מיין מאן וואָלט נאָר דאָס פערלאנגען, וואָלט איך פיהרען אזא לעבען, וויא פאטמא".

„איך קען אויף דעם עדות זאָגען", האָט מרים מיט א ליעבפולען שמייכעל געזאָגט און האָט א גלעט געטהון דיא שוועגערינס צארטע האנד.

פריעדריך האָט מיט א פערטראכט פנים געזאָגט, וויא פאר זיך:

„איך פערשטעה שוין. אין אייער נייען געזעלשאפט קען איטליכער נאָך איי־גענעם פאסאָן גליקליך זיין".

„אזוי שטעהט עס ביי אונז", האָט מאדאם ליטוואק געענטפערט, — „א י ט ל י כ ע ר א ו ן א י ט ל י כ ע".

אונטערדעכען זיינען זיי שוין געפאָהרען דורך דיא ליכטיגע קאָכעדיגע גא־סען פון רעכטען מיטען שטאָדט. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט פאר א געוואלטיג גרויסען מויער, שעהן וויא א פאלאץ, וועלכעס איז געווען פיעל בעלויכטען. דאָס איז אָבער ניט געווען דאָס טהעאטער, נאָר א גרויסעם געשעפט, אויף'ן בערלינער און פאריזער אופן.

„עס זעהט דאָך אויס וויא באָן־מארשע אין פאריז, אָדער וויא ווערטהיים'ס און טיעץ'ס מאגאזינען אין בערלין!" האָט קינגסקאורט אויסגערופען.

דור האָט געשמייכעלט:

„אין דעם אופן אונגעפעהר, ביי אונז זיינען נאָר 'דאָ אזעלכע מאגאזינען. קליינע קראָמען זיינען ביי אונז ניט פאראען".

„וואָס? איהר האָט זיי אלע אויסגעקוילעט? צו האָט איהר דיא אָרעמע קליינע שווינדלער אויסגעעסמ'ט וויא דיא מייז?"

„צו וואָס סמ'ען! מיר האָבען זיי ניט געראָפט קוילען, ווייל מיר האָבען קיינמאָל אזוינע קרעמער נימ געהאט".

פריעדריך, וועלכער האָט מיט דיא דאמען בעקוקט דיא אויסגעליינטע נייע מאָדעס, האָט זיך איצט אויך אריינגעמישט אין געשפּרעך:

„וואָס? איהר האָט פערבאָטען דעם האנדעל אין קליינעם אופן? צו דעם דאָרפט איהר פרייהייט?"

„ביי אינז איז איטליכער פריי און קען טהון וואָס ער וויל, בעשטראָפט ווערען נאָך דיא הטאים און פערברעכענס, פאר וועלכע מען רודפ'ט אין אלע ציווי־ליזירטע אייראָפּעאישע לענדער. ביי אונז איז קיין זאך ניט פערבאָטען, וואָס מען זאָל דאָרטעז מעגען, און אויף דעם קליינהאנדעל קוקען מיר ניט וויא אויף א חטא, נאָר וויא אויף א שענדליכע זאך פאר דיא בעל־הבית'שקייט פון א לאנד. עס איז געוועזן פאר אונז איינע פון דיא שווערסטע פראגען, וויא פטור צו ווערען פון א אונניציגען קליינהאנדעל. און בעזאָנדערס וויכטיג איז דאָס געוועזן אין אָנפאנג, ווייל עס זיינען דאָך געקומען צו אונז דאמאָלסט מאסען קליינע קרעמערס און אלערליי סוחרים'לעך. מיין גוטער פאָטער אליין — אויב איהר האָט ניט פערגעסען, הערר דאָקטאר — פלעגט פערדיענען זיין טרוקענע שטיקעל ברויט דורך פעדלעריי. און פעדלעריי איז דיא אָרעמסטע אונגליקליכסטע ארט פון קרע־מעריי. ער האָט זיך ארומגעטראָגען מיט זיין קעסטעל סחורה פון שענק צו שענק".

זאָגט מיר אקאָרשט, הערר ליטוואק", האָט קינגסקאורט א ברום געטהון, — „וויא עס ווייזט אויס שעהמט איהר זיך גאָר ניט דערמיט?".

„וואָס? עס פאלט מיר גאר ניט איין זיך צו שעהמען דערמיט! איך זאָל מיך שעהמען מיט מיין פאָטער, פאר וועמען ער האָט זיך אזוי געקוואָלען און געפּיי־ניגט? איך וואָלט דאָך געוועזן דאמאָלסט דער פערדאָרבענסטער מענש!"

„לאָזט מיר אייך דריקען דיא האנד דערפאר", האָט קינגסקאורט גע־ריהרטערהייט געזאָגט און האָט א ענערגישען שאָקעל געטאָהן ליטוואקס רעכטע האנד.

און בשעת זיי זיינען צוגעקומען צו דער אבטהיילונג פון אלערליי הענדש־קעס, האָט פריעדריך ווייטער געפאָרשט:

„זאָגט מיר אָבער, וויא זייט איהר פטור געוואָרען פון דער קליינער קרעמע־ריי, צו האָט איהר אַרויסגעגעבען אזוינע געזעצען, אָדער דאָס גלאט געאסר'ט?"

„נאָר פשוט! דורכרעם וואָס איהר זעהט דאָ, דורך דיא גרויסע מאגאזינען. אזעלכע ריעזענקראָמען און עקספארט געשעפטען מיט זייערע הונדערטער פיליא־לען האָבען נאָר געקענט געבאָרען ווערען אין דער צייט פון דאמפמאשינען און אייזענבאהנען. דאָס האָט מען ניט צו פערדאנקען דעם צופאל, אָדער א גאוני׳שען איינפאל פון א קאָפמענש א סוחר. עס האָבען געמוזט זיך ענטוויקלען אזעלכע ריעזענמאגאזינען. ווען מען פּראָדוצירט סחורות מאסענווייז, מוזען זיי מאסענ־ווייז פערקויפט ווערען. נאטירליך זיינען צוליעב דיא גרויסע געשעפטען דיא קליינע קרעמערס געגאנגען צו גרונד, וויא עס זיינען צו גרונד געגאנגען דיא בעלי העגלות אין דיא ערטער, וואו דיא באהן האָט זיך בעוויעזען. דער חלוק איז נאָר דער, דאָס דער פוהרמאן האָט גיכער פּאָראוים געזעהן זיין סוף, וויא דער קורצ־זיכטיגער קרעמער. איבריגענס איז זייער לאגע געווען א סך א ערגערע, ווייל איי־דער זיי האָבען זיך געכאפּט זעהן דיא געפאהר איז שוין צוקראָכען דאָס ביסעל מזומנים, מיט וואָס זיי האָבען געקרעמערט. דיא נארישע קרעמערליך זיינען גע־ווען ריין אונשולדיג אין אונגליק זייערען. דיא צייט איז זיי איבערפאלען וויא א גזלן פון הינטען. ביי אונז אָבער — און דאָס איז איינע פון דיא סבות פארוואָס מיר זיינען אזעלכע מוצלחים — איז גאָר ניט געקומען דערצו, איינצופיהרען אזעלכע אופנים פון מהיה׳ס, וואָס האָבען שוין קיין ממשות ניט. מיר האָבען באלד אָנגעהויבען צו טהון, וויא דיא נייע צייט האָט אונז געבאָטען. קיינער איז ניט געווען אזא שוטה צו עפענען א קרעמעל נעבען א גרויסען ווארענמאגאזין. קיינער איז ניט געגאנגען מיט׳ן פּאק אויף׳ן פּלייצע פון הויז צו הויז, פון דאָרף צו דאָרף, ווייל ער האָט געוואוסט, אז דיא גרויסע עקספּאָרט־געשעפטען האָבען שוין אומעטום אויסגעשיקט זייערע פּרייזליסטען, מוסטערקאָלעקציאָנען און שי־קען צו דיא קלענסטע קלייניגקייט גלייך אין שטוב אריין. דיא קליינע קרעמערי־און דיא פּעדלעריי האָבען ניט געקענט געבען קיין רוחים, דעריבער האָט פון אָנ־פאנג אָן זיך קיינער דערצו ניט גענומען. אין אייראָפּא, וואו מען האָט זיך גע־מוזט רעכענען מיט א גאנצע קלאס פון קליינע קרעמער,, האָט מען דיא פראגע ניט געקענט אזוי לייכט פערענטפערען.

דיא סוחרים פון מיטלען אופן האָבען דערשפּירט, וויא געפעהרליך עס זיינען פאר זיי דיא גרויסע מאגאזינען. צו זאָל מען דיא גרויסע מאגאזינען מיט געוואלט צומאכען? הויבט זיך אָן דיא פראגע, וואָס הייסט ביי א געשעפט „גרויס“. זאָל מען פון זיי נעהמען גרויסע אָבגאבען? וואָס קענען דערמיט געהאָלפען ווערען די קליינע קרעמערס! דאָס פּובליקום דערוויל וויל און דארף דיא גרויסע מאגאזי־

נען, וואו עס קויפט איין אין א קורצע צייט אלץ וואס עס דארף צו בעסטע אַנול־
נע פרייזען. דער פאבריקאנט ליפערט דעם גרויסען וואַרעמאגאזין בילינער, וויא
דעם קליינעם סוחר. קורץ, דיא היינטיגע פאבריקאציע, וואס פאבריצירט מאַ־
סענווייז, מוז האָבען אזעלכע געשעפטען, וואס זעצען אָב דיא סחורה מאסענווייז.
איינס איז געבונדען מיט'ן צווייטען. ביי אונז אָבער האָבען מיר קיינעם ניט גע־
דארפט רואינירען, ווייל דאס סוחר'ישע לעבען האט ערשט אויפגעבליהט. דאָס
איינפיהרען פון גרויסע מאגאזינען איז נאָר געוועזען ביי אונז פערקניפּט מיט דעם
צוועק צו בעפרייען דעם גוף און דיא נשמה פון אונזערע קלענערע בעלי־הבתים
פון אזעלכע סוחרי'שע אונטערנעהמונגען, וואס קענען ניט געבען קיין רוחים און
ברייגנען נאָר שאדען פאר'ן כלל".

בשעת דוד האט אזוי בריישלעך גענומען ערקלעהרען, זיינען דיא דאמען גע־
וואָרען אונגעדולדיג. מען וועט פערזאמען דעם אָנפאנג פון דער אָפּערע. אָבער
קינגסקאורט איז געוועזען נאָך אלץ ניט צופריעדען, און בעת ער האט אויסגע־
שטרעקט זיינע גרויסע רויטע הענד צו דער פערקויפערין, וועלכע האט זיך געמאָ־
טערט איהם אָנצופּאסען א פאָר הענדשקעס, האט ער געפרעגט:

„מיר איז דאָ עפּעס ניט קלאָר אין אייערע רייד, שרה'לע מיינער! אמת,
היינט זעה איך ביי אייך א סוחרישען לעבען, וואס קאָכט. אָבער דאָס איז דאָך
ניט געקומען אויף א מאָל. מען האט דאָך ניט אויפגעבויט אָט דיא וואַרענפּאלא־
צען אויף א נאקעטער ערד און פּלוצלים זיינען אָנגעפאלען דיא קונדען, וויא דיא
היישרעקען! אזעלכע מעשות קענט איהר דערצעהלען אייער קליינעם פריץ,
אָבער ניט אזא אלטען מענשען, וויא מיר".

„ניין, מיסטער קינגסקאורט, אזוי מיט א מאָל איז דאָס ניט געוואָרען. אלצ־
דינג האט זיך ביי אונז ענטוויקעלט פּאמעליך און אויף'ן נאטירליכען אופן. בשעת
מען האט אָנגעהויבען מאסענווייז איינצואוואנדערען אהער זיינען מיט איטליכען
טאָג געוואקסען דיא פאָדערונגען אויף אלערליי וואַרענארטיקעל. מיר האָבען נאָך
דאמאָלסט גאָר ניט פאבריצירט און אלץ געדארפט קויפען. דער מצב אונזערער
איז אלעמען געוועזען בעקאנט, ווייל דיא יודישע קאָלאָניזאציע פון פּאלעסטינא איז
ניט געוועזען קיין סוד־מעשה און עס האט געקלונגען דערמיט דיא וועלט. דעריבער
האָבען זיך דיא גרויסע אייראָפּעאישע וואַרענמאגאזינען געאיילט צו עפענען דאָ
פיליאלען (ברענטשעס). ניט נאָר יודען האָבען בענוצט דיא געלעגענהייט אָבצו־
זעצען זייערע לאגער־סחורה; אפילו דייטשע, פראנצויזישע, ענגלישע און אמע־
ריקאנישע מאגאזינען זיינען בעשאפען געוואָרען וויא מיט'ן קוק. צוערשט האט

מען גאָר אויפגעבויט באראקען (חילצערנע בנינים). שפּעטער, בשעת דיא פּאָדע־רונגען אויף אלערליי ארטיקלען זיינען נאָך גרעסער געוואָרען, בשעת דיא אָנגע־פאָהרענע האָבען ביסלעכווייז אָנגעהויבען זיך פעסט צו בעזעצען און זייער מצב האָט גענומען שטייגען, האָבען זיך אומגעוואנדעלט דיא באראקען אָט אין דיא שטיינערנע ווארענפאלאצען, וועלכע איהר זעהט היינט. דיא נייע געזעלשאפט האָט זיך שטארק געהיט זיי צו דריקען און צו מאכען זיי שוואַר דיא לייזונג. גע־ראד פערקעהרט, מען האָט זיי נאָך געשטיצט, ווייל זיי האָבען אונז געבראכט א דאָפּעלטען נוצען. ערשטענס האָבען מיר צוליעב זיי דיא מאסענארטיקלען געקרי־גען גיך און ביליג, צווייטענס האָבען דיא ריעזענמאגאזינען ניט דערלאָזען, אז עס זאָל זיך ענטוויקלען דיא קליינע קרעמעריי און פּעדלעריי. מיר האָבען ניט גע־וואָלט זיין א פאָלק פון קרעמערס".

„אין דער אמת'ן? חוץ דיא ווארענמאגאזינען איז גאָר ניט דאָ ביי אייך קיין הענדלערס?"

„עס געפינען זיך שוין אזעלכע. דיא מענשען לעבען דאָך ביי אונז ניט לויט בעשטימטע רעגעלען. מיר טיראניזירען קיינעם ניט. איטליכער טהוט וואָס ער וויל. דיא טהייערסטע און דיא וואָלוועלסטע ארטיקעל, וויא למשל, שמוקזאכען און אלטווארג, ליעגען אין דיא הענד פון מיטעלערע און קלענערע הענדלער. אָבער דיא הענדלער זיינען ניט לויטער יודען. גרעקען, לעוואנטינער, ארמעניער, פּערזער בעשעפטיגען זיך מעהרסטענטהיילס מיט דעם קליינעם האנדעל, מעהר א סך פאַר דיא יודען, וועניגסטענס פאר דיא יודען וואָס געהערען צו אונזער נייען גע־זעלשאפט."

„וואָס? צו זיינען דאָ אזעלכע יודען, וועלכע געהערען ניט צו אייער גע־זעלשאפט?".

„יא.... אָבער איצט וועלען מיר שוין געהן". דוד האָט געפרעגט דיא פער־קויפערין: „וואָס קאָסטען דיא הענדשקעס פון דיא ביידע הערען?"

„זעקס שקלים".

קינגסקאורט האָט פערוואונדערט געפרעגט:

„דער טייוועל זאָל דאָס נעהמען! וואָס איז דאָס?"

דוד האָט געשמייכעלט:

„אונזערע געלדמינצען. מיר האָבען דיא אלטע יודישע מינצע ניי טאקסירט און איינגעפיהרט. א שקל האָט דיא ווערדע פון א פראנצויזישען פראנק. אזוי ווי איהר האָט ניט קיין היגע געלד, וועט איהר מיר ערלויבען צו בעצאָהלען פאר אייך".

ער האָט א װאָרף געטהון א גאָלדענע מינצע אויף'ן קאסע־טיש, געקראַנגען עטליכע זילבערנע מטבעות רעשט, דערנאָך האָט זיך די גאנצע קאָמפּאַניע גע־לאָזען צו דעם אויסגאַנג.

קיננסקאורט האָט מיט א ממזר'שען װינק א קניפּ געטהון דוד'ן אין אָרם און האָט פריינדליך א זאָג געטהון: — „דאָס געלד האָט איהר ניט אָבגע־שאַפּט אין אייער געזעלשאפט. איך װאָלט דאָס אויף אייך טאקע גאָר ניט גערעכענט".

דוד, װעלכער האָט זיך שוין צוגעװאָהנט צו דעם אלטענס ארט רעדען, האָט געענטפערט אין דעם אייגענעם אָן:

„ניין, מיין טהייערער קיננסקאורט, װי קען מען זיך דאָס מיט געלד שיידען! ערשטענס, זיינען מיר דאָך עפּעס יודעלעך קמצנים, װעלכע פּגר'ן פאר א סענט, און צװייטענס איז געלד טאקי א גאַנץ גוטער מיטעל. װען מען װאָלט דאָס ניט לאנג אויסגעראכט, װאָלט א יושר געװען דאָס צו ערפינדען".

„יונגערמאַן, אייערע רייד זיינען ביי מיר װיא פון הארצען גענומען. איך האָב אלע מאָל געזאָגט: דאָס געלד איז א װאוילע זאך. די מענשען האָבען דאָס נאָר פער'מיאוס'ט".

## VI

די אָװערטורע (א פאָרשפּיעל) איז שוין געװען געענדיגט, בעת זיי זיינען אריין אין די לאָזשע. די דאמען האָבען זיך האסטיג געזעצט אויף זייערע פּלע־צער, װייל מען האָט שוין אָנגעהויבען צו קוקען אויף זיי פון פּארטער. פריעדריך און קיננסקאורט האָבען געקוקט אויף דעם געפּוצטען פּראכטיגען טהעאטער מיט גרויס התפעלות. און עס איז געװען אויף װאָס! דאָס טהעאטער האָט מען געבויט פינף יאהר, און די נייע געזעלשאפט האָט געשטיצט מיט מיטלען. א געװעהנלי־כעס טהעאטער װערט פארטיג אין א יאהר צייט, אויב עס קלעקען נאָר די צאָהל שותפים ביי דער אונטערנעהמונג.

אין דער לאָזשע דערביי זיינען געזעסען צװיי געפּוצטע דאמען, מיט א גוזמא שמוק. איינע שוין א בעיאהרטע, די אנדערע א יונגע און צװישען זיי א עלטערער הער. זיי האָבען זעהר הכנעה'דיג זיך פערנייגט פאר דוד'ן און פריעדריכען האָט זיך אויסגעדאכט, אז דוד איז ניט שטארק צופריעדען געװען מיט דער בעקאנט־שאפט. די עלטערע דאמע און דער הערר האָבען איהם זיך אויסגעדרוקט בעקאנט; ער האָט זיי פאר א יאהר צװאנציג געמוזט עפּעס ערגעץ װאו זעהן.

„ווער זיינען דאָס ?" האָט פריעדריך שטיל געפרעגט.
דוד האָט געצוקט מיט דיא אקסלען :
„א הער לאשנער מיט דער פרוי און טאָכטער".
לאשנער ! דער רייכער בערזענסוחר פון וויען ! פריעדריכען האָט פלוצליך זיך אויסגעמאָלט דער אָווענד פון ערנעסטינע לעפלערס תנאים. דיא עראינערונג האָט איהם געפייניגט און זיך אויסגעדאכט אזוי נאריש.
„איך מוז אייך זאָגען, אויף דיא האָב איך מיך דאָ ניט געריכט".

„זיי זיינען טאקע געקומען דאמאָלסט, ווען אלץ איז שוין געווען פארטיג", האָט דוד געענטפערט. — „מען געפינט היינט דאָ אלע בעקוועמליכקייטען, וויא אין דיא גרעסטע שטעדט אין איירָאפא ; מען קריעגט אָבער אויך דיא זעלבע אונבבוד וויא דאָרטען, ווען מען איז אזא פויגעל, וויא לאשנער. מיר האָבען ניט אָבגעשאפט דאָס געלד, מיסטער קינגסקאורט, אָבער געלד שפּיעלט שוין היינט ניט דיא הויפּטראָלע. דיא מיטגליעדער פון דער נייער געזעלשאפט זיינען אין עקאָנאָמישער הינזיכט אונאבהענגיג, און ביי זיי איז ניטאָ דער רעספּעקט פאר רייכקייט און רייכע לייט. הערר לאשנער קען רייך זיין וויא קורח, קען וואר־פען מיט געלד אויף אלע זייטען, קיינער ציהט פאר איהם דאָס היטעל ניט אראָב. אָבער וואָלט ער נאָר געווען א אנשטענדיגער מענש, דאמאָלסט וואָלט מען איהם שוין געאכטעט. מיר פאָדערען פון איטליכען, אז ער זאָל פיהלען מיט'ן כלל און טהון פאר'ן כלל. ער אָבער איז אפילו ניט געוואָרען קיין מיטגליעד פון דער גע־זעלשאפט. ער האָט ניט געוואָלט נעהמען אויף זיך דיא חובות, ער וויל ניט וויסען פון קיין פליכטען. דעריבער לעבט ער ביי אונז וויא א פרעמדער. ער קאָן טהון וואָס ער וויל, וויא א אנדער גר, אָבער צו דיא חשובים געהערט ער ניט ביי אונז. דאָס דארפט איהר אליין פערשטיין".
„צו איך פערשטעה דאָס !" האָט קינגסקאורט געברומט און ער האָט מיט א שטעכעדיגען בליק א קוק געטאָהן אויף דיא דערבייאיגע לאָזשע.
עס האָט זיך אויפגעהויבען דער פאָרהאנג. אויף דער סצענע האָט מען גע־זעהן דעם טומעל פון פראָסטען המון און דעם פאלשען נביא, ארומגערינגעלט פון זיינע שבתי־צבי'ניקעס. קינגסקאורט האָט געבעטען מרים'ען, אז זיא זאָל איהם דערצעהלען דיא היסטאָריע פון שבתי־צבי, בכדי ער זאָל קענען פערשטעהן דיא אָפּערע.
דאָס יונגע פריילין האָט איהם שטילערהייט דערצעהלט :

„שבתי צבי איז געווען א פאלשער משיח, וועלכער האט זיך בעוויעזען אין אנפאנג פון זיעבעצעהנטען יאהרהונדערט אין דער טערקיי. עס איז איהם געלונגען צוציהען צו זיך מאסענהאפט דיא יודען פון מארגענלאנד. שפעטער אבער האט ער אנגענומען א אנדער גלויבען און האט געהאט א מיאוס'ן סוף".

קינגסקאורט האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ:

„ער איז געווען, הייסט עס, א גוטער שקץ. ער האט טאקע כשר פערדיענט, אז מען זאל מאכען אויף איהם א אפערע".

אויף דער סצענע האט מען געוויעזען דעם פלאץ פאר דעם בית־המדרש. די פארטיי, וואס האט ניט געהאלטען פון שבתי צבי, איז געווען שטארק צוקאכט און א כאר האט שטארק פערבייזט געזונגען זלזולים אקעגען איהם. א יונג מיידעל, וואס איז געווען מיט לייב און הערץ איבערגעבען דעם פאלשען משיח, איז ארויסגעטרעטען קעגען זיי מיט א אריע. דער המון איז נאך צוקאכטער געווארען און איז ש׳ן בערייט געוועזן זיך אנצואווארפען אויף דאס מיידעל. ווער ווייסט וואס פאר א פינסטערען סוף עס וואלט גענומען, ותען שבתי צבי וואלט זיך פלוצים ניט בעוויעזען. אפילו דיא געגנער זיינע האבען געפיהלט, אז דאס איז ניט קיין געוועהנליכער מענש און האבען זיך מיט פחד אבגעטראגען. דאס מיידעל האט זיך איהם געווארפען צו דיא פיס. ער האט זיא אויפגעהויבען און זיי האבען צוזאמען געזונגען א דועט, וויא עס פיהרט זיך אין איטליכע אפערע. וויא באלד דאס האט זיך געענדיגט זיינען געקומען דיא רבנים דיא געגנער און האבען איהם אין חרם אריינגעלעגט. שבתי צבי האט הויך ערקלערט, אז ער, דער משיח, פערלאזט צוזאמען מיט זיינע פריינד דיא שטאדט סמירנא. דאס יונג קינד האט זיך געבעטען ביי איהם זיא מיטצונעהמען, זיא וועט איהם נאכגעהן אויף שריט און טריט און איהם דיענען, וויא א שקלאווין. דער ערשטער אקט ענדיגט זיך און עס לאזט זיך ארונטער דער פארהאנג.

אין ליטוואקס לאזשע האט מען ווייטער גענומען שמועסען ותגען דעם העלדען פון דער אפערע.

„דער שווינדלער וועט נאך אמאל ארויף זעהר הויך", האט קיננסקאורט געזאגט, „דאס קען מען זיך לייכט פארשטעלען".

פרוי ליטוואק האט א בעמערקונג געמאכט:

„אין אנפאנג האט ער אליין געגלויבט, אז ער איז דער משיח. ער איז געווען א בעל חלומות. שפעטער אבער, אז עס האבען אנגעהויבען צו קומען דיא טויזענדער אנהענגער, איז ער געווארען א שווינדלער".

מרים האָט זיך דערמאָנט געטהעס א וואָרט, און מיט א שמייכעל האָט
זיא געזאָגט:

„איטליכען בעל־חלומות זאָלט איהר ניט לאָזען דערלעבען ביז'ן דרייסינגסטען יאָהר. ווערט ער עלטער און בעקאנט זיך מיט דער וועלט, ווערט דער פערנארטער א שווינדלער.

„וואונדערבאר איז אָבער", האָט פריעדריך געזאָגט, — „אז דיא האלב פערנארטע שווינדלער קריעגען שטענדיג א המון, וואָס גלויבט אין זיי".

אויף דעם האָט דוד געזאָגט:

„מיר דאכט זיך, אז דארין איז פאראן א וויכטיגער טעם. ניט אין דעם גלויבט דאָס פאָלק וואָס זיי זאָגען, נאָר זיי זאָגען דאָס אין וואָס דאָס פאָלק גלויבט. דאָס פאָלק בענקט נאָך בעסערע צייטען און זיי קומען און פערשפּרעכען צו בעפרידיגען דאָס ביינקענעש. אָדער נאָך בעסער: דאָס ביינקענעש פון פאָלק האָט ארויסגערופען אזוינע העלדען. דאָס איז דער טעם. דאָס ביינקענעש בעשאפט דעם משיח. דערביי מוזט איהר זיך פאָרשטעלען, וויא פינסטער און אָרעם איז געוועזען דאָל לעבען פון פאָלק צו דער צייט פון פאלשען משיח. אונזער פאָלק איז נאָך ניט געוועזען מסוגל צו פערשטעהן וואָס עס טהוט זיך מיט איהם און דאריבער האָבען איהם געצויגען צו זיך אזוינע געשטאלטען. ערשט שפּעטער אין ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, בעת אלע געבילדעטע פעלקער האָבען געקראָגען א קלאָהרען בילד פון זייער אייגענע נשמה, האָט אויך אונזער אונגליקליך פאָלק אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דיא איינציגע ישועה ליעגט אין אונזערע אייגענע כחות און ניט אין דיא שווארצע קונצען פון א בעל־שם.

דיא גאולה קומט ניט פון א איינצעלנעם מענשען, נאָר פון דעם גאנצען פאָלק, וואָס פעראייניגט זיך וויא איין מענש, אום דערלייזט צו ווערען פון לאנגען גלות. דיא פרומע האָבען צום סוף אויך איינגעזעהן, אז דאָס איז דיא איינציגע ארט, וויא זיך צו בעפרייען. „גאָטס ווערק ווערען אויסגעפיהרט דורך פראנקרייך" האָבען אמאָל דיא פראנצויזען געזאָגט. גאָטס ווערק ווערען אויסגעפיהרט דורך דיא יודענס הענד, האָבען געהזר'ט דיא אמת'ע פרומע, ניט קוקענדיג אויף די[illegible] העצעס פון פערבלענדעטע רבנים. מיט וואָס פאר מיטלען דער אויבערשטער ווי[illegible] אונז ביישטעהן קענען מיר קליינע מענשעלעך ניט וויסען פאָראויס — אזוי האָב[illegible] געטראכט אונזערע פרומע ברידער בשעת זיי זיינען מיט א פלאמענדיגען הערצ[illegible] צוגעשטאנען צו אונזער נאציאָנאלען ווערק".

„בראוואָ“, האָט קינגסקאורט געברומט.

אין דעם אויגענבליק האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טהיר פון דער לאָזשע. און אויף דוד'ס „העריין“ האָט זיך אַרייננעשטופּט א הערר מיט א גרויסען באָרד און א פראַק, און האָט זיך מיט א הכנעה'דיגען שמייכעלע בעגריסט מיט דיא ליטוואַ־וואקס. דאָס איז געוועזן דער אייגענער, וועלכען פריעדריך האָט געזעהן אויפ׳ן דאמפּדאמבאָ. הערר שיפּמאַן פון קאַפּע הויז בירקענרייז.

„איך האָב מיר דערוועגט, הערר ליטוואק“, האָט ער געזאָגט זיך ענטשולדי־גענד — „איך האָב פון אונטען געזעהן ביי אייך א אלטען בעקאַנטען. איך ווייס ניט אויב דער הערר דאָקטאָר וועט זיך דערמאָנען“.....

„געוויס, הערר שיפּמאן“, האָט פריעדריך געשמייכעלט און האָט איהם גע־רייכט דיא האנד.

„מערקווירדיג, זאָל איך אזוי לעבען! איהר זייט משמעות ניט געשטאָרבען?“

„דאכט זיך אז ניט, און איהר האָט מיך באלד דערקענט?“

„אויף מיין נאמנות, אז ניט. מען האָט מיר אביסעל געהאָלפען. א דאמע, וועלכע איהר האָט אמאָל געקאָנט. טרעפט נאָר, ווער קען דאָס זיין?“ און ער האָט ממזריש געשמייכעלט.

פריעדריך האָט זיך דערשראָקען. ער האָט באלד געשפּירט ווען ער מיינט, ער האָט זיך אָבער ניט דערוועגט, איהר נאָמען אויסצורעדען.

„נו? איהר קענט ניט טרעפען? צו האָט איהר שוין גאָר אין גאנצען פערגע־סען אייער אמאָליגע פריינד און פריינדינען?“

פריעדריך האָט זעהר גראָבליך געענטפערט: „איך האָב דאָ ניט קיין פריינד, הוץ דיא וואָס זיינען אין דער לאָזשע“.

„זיא הויבט זיך אָן מיט דעם אלף־בית: ערנעסטינע!“ האָט שיפּמאן נאריש געשמייכעלט.

„וויא? פריילין לעפלער?“

„ניין, פרוי וויינבערגער! איהר וועט דאָך מן הסתם וויסען? איהר זייט דאָך געוועזן ביי דיא תנאים. אמת, דאמאָלסט האָב איך אייך געזעהן צום לעצטען מאָל באלד נאָכדעם זייט איהר פערשוואונדען“.

„יאָ, יאָ, איך הויב זיך אָן צו דערמאָנען, און פריילין... פרוי וויינבערגער וואָהנט אויך דאָ?“

„אודאי. דאָ אונטען ייצט זיא נעבען מיר. איך וועל זיא אייך ווייזען“. ער

האָט זיך נאָהענט צוגעבויגט צו פריעדריכס אויער, בכדי דיא איבריגע אין לאָזשע זאָלען ניט הערען וואָס ער רעדט: „צווישען אונז רעדענדיג, איהר מערכה איז ניט קיין געהויבענע. איהר מאַן איז דאָך א שלימזל׳ניק. אין ברין האָט ער געמאכט א באנקראָטעל; דערנאָך איז ער געוועזן א אגענט אין וויען און סוף כל סוף איז ער געקומען אהער, אָבער אליץ דער אייגענער שלימזל׳ניק. אז איך זאָל איהר ציי־טענווייז ניט אויסהעלפען, וואָלט זיא א שעהנעם פּנים געהאט. און איהר גערענקט דאָך, וויא זיא איז געוואָהנט געוועזן צו זיידענע קליידער, בעלער און לאָזשען אין טהעאטער. אז איך זאָל איהר היינט ניט צושיקען אמאָל א בילעט אין טהעאטער, וואָלט זיא דיא אבענדען קיין מאָל פון שטוב ניט ארויס, אָט אזוי דרעהט זיך דאָס רערעלע“.

פריעדריכען האָט אָנגעהויבען אָבעקלען שיפמאַנס בעלבעריי, און ער האָט געוואָלט מאכען דערפון א־נ־עק: — „עס וואָלט זיך מיר גריילעך ועלען זעהען פרוי ערנעסטינע. וואו זיצט זיא?“ האָט ער געפרעגט.

„אין דער הינטערשטער שורה שטוהלען. דערלאנגט זיך א בויג אויף פּאַ־רענט, וועט איהר זיא זעהן. איך געה איצט ארונטער. נעבען מיר זיצט איהר טאָכ־טער און דערנאָך זיא.... איך האָב א אמת׳ע הנאה געהאט אייך נאָך אמאָל צו זעהן. איהר בלייבט דאָך דאָ, מן הסתם?.... אויף לענגערע צייט?

„איך וויים נאָך ניט, הערר שיפמאַן, דאָס ווענדעט זיך אָן דיא אומ־שטענדען“.

„זעהר שעהן. אויב איהר וועט מיר דארפען, רופט מיר צום טעלעפאָן.... איך עמפפעלע מיך, מיינע דאמען און הערען“.

ער איז ארויס וויא ער איז אריין מיט א זייט, דורך דיא טהיר פון דער לאָזשע.

„אָט דער איז מיר זעהר אונסימפּאַטיש“, האָט קינגסקאורט שטילערהייט געזאָגט צו פריעדריכען, וועלכער האָט געצוקט מיט דיא אקסלען.

עס האָט זיך אָנגעהויבען דער צווייטער אקט. שבתי צבי איז אין מצרים. אין זיין פּאלאץ זיינען צונויפגעקומען מונדערטער געסט. דיא טישען זיינען געגרייט, מען דוליעט, מען טאנצט און מען זינגט. פריעדריך אָבער האָט גאָר ניט געקוקט, וואָס טהוט זיך אויף דער סצענע. ער איז געוועזן פערטראכט. נעבען שיפמאַנען איז זיא געזעסען, און צום אנפאנג האָט איהם זיך אויסגעדאכט, אז ערנעסטינע איז די אייגענע פון פאר 20 יאָהרען, דיא אייגענע פיינע ליניען פון געזיכט, דיא אייגענע

צארטע געשטאלט. צו איז דאָס מעגליך אז דיא צוואנציג יאהר זאָלען זיא גאָר ניט פערענדערט האָבען? באלד אָבער האָט ער איינגעזעהן זיין טעות. דאָס יונגע פרייליין איז ניט ערנעסטינע, דאָס איז איהר טאָכטער. פרוי וויינבערגער איז געווען דיא פעטע פערבליהטע יודענע, אויסגעפוצט אין אלערליי קווייטען, וועלכע איז געזעסען נעבען דעם יונגען פרייליין, איהר טאָכטער. זיא האָט אויך געקוקט אין דער הויך און בשעת פריעדריך האָט זיך פאר איהר פאַרנויגט האָט זיא לע־בעדיג געענטפערט און איהם אָנגעוואונקען, ארונטער צו געהן שפּעטער.

אין דער רגע איז דאָס, וואָס האָט 20 יאָהרען געדויערט, צופאלען אין שטויב. אין דער אָבגעזונדערטקייט אויף קינגסקאורט'ס אינזעל פלעגט ער אָפטמאָלס קלערן וועגען ערנעסטינען מיט א לייכטען טרויער. זיין ערשטער כעס איז באלד פערביי, ער איז געוואָרען מילדער צו איהר, און צום סוף האָט דיא ליעבע זיינע נעטראָגען דיא טרויעריגע בלייכע פארבען פון פערוועלקטע רויזען. שטענדיג אָבער, ווען ער פלעגט טראכטען וועגען איהר, פלעגט זיא זיך איהם פאָרשטעלען אין דער געשטאלט יויא זיא האָט אויסגעזעהן ביי'ן לעצטען אָווענד. די ווירקונג פון דיא 20 יאָהרען האָט ער מיט א מאָהל פלעצליך דערזעהן און ער איז אויף א ווײלע א פערשטיינערטער געוואָרען. דערנאָך האָט ער זיך געפיהלט וויא פער־שעהמט און עפּעס א וואונדערליכע דערלייכטערונג האָט ער דערשיפּיערט. צוליעב אזא ווייב האָט ער זיך אָפּגעגעסען דאָס הארץ! צו איז דאָס מעגליך?

א ווארימע ליעבליכע שטימע האָט איהם אויפגעוועקט פון זיינע געדאנקען.

„וויא איז אייך געפעהלען? האָט איהם מרים געפרעגט.

„גאָט צו דאנק, אז דאָס האָט שוין גענומען אנ'עק,“ האָט ער צושטרייטער־הייד געענטפערט.

„וואָס? אזוי שלעכט איז אייך געפעהלען דער צווייטער אקט?“

ער האָט זיך געפיהלט אין א פערלעגענהייט: „—ניין. איך האָב גאָר ניט געמיינט דעם צווייטען אקט, פרייליין מרים! איך האָב זיך דערמאָנט אָן עפּעס א אלטע זאך, וואָס איך האָב געמיינט אז ס'לעבט נאָך. איך האָב אָבער א טעות געהאט, עס איז א אָבגעשטאָרבענע זאך“....

מרים האָט געוואָרפען אויף איהם א פערוואונדערטען בליק. און האָט זיך ווייטער ניט נאָכגעפרעגט.

א פרעמדער העדר איז אריין אין דער לאָזשע. מען האָט איהם פאָרגע־שטעלט: הערר דאָקטאָר ווארקין, סעקרעטאר פון פרעזידענט. דאָס איז געווען

א דארער מענשעלע מיט א קורצען גרוי־ברוינען בערדעלע. דורך דיא גלעזער פון דיא ברילען האָט געקוקט א קלוגער פערשטענדיגער בליק. השר ווערקין האָט איבערגעבען א גרים פון פרעזידענטען, וועלכער בעט דיא הערךן קינגסקאורט און לעווענבערג צו זיך אין זיין לאָזשע.

קינגסקאורט איז געוועזן שטארק פערוואונדערט:

„אונז? וואָס איז דאָס פאר א פרעזידענט? און פון וואנען קען ער אונז ארעמע מדבר־מענשען?"

דוד האָט מיט א שמייכעל געענטפערט:

„דער פרעזידענט פון אונזער נייען געזעלשאפט. ער זיצט דאָרטען אויבען אין דער ערשטען לאָזשע, אָט דער אלטער מאן מיט'ן שנייווייסען באָרד".

זיי האָבען ארויפגעקוקט אין דער הויך.

„א דונער זאָל מיך דערשלאָגען! מיר דאכט זיך אויך, אז איך האָב איהם א מאָהל געקענט. פון וואנען אָבער?"

פריעדריך האָט זיך דערמאָנט: „דער אויגענדאָקטאָר פון ירושלים, דאָק־טאָר"....

„דר. אייכענשטאם", האָט דוד געענדיגט—„דאָס איז דער פרעזידענט, וועל־כען מיר האָבען אויסגעקליעבען".

„און ער האָט אונז אין 20 יאָהר ארום דערקענט?" האָט זיך קינגסקאורט נאָך אלץ ניט געקענט אָבוואונדערן.

דאָקטאָר ווערקין האָט געזאָגט: „זיינע טאָכטער האָט דערקענט דיא הערךן און האָט דעם פאָטער אָנגעוויעזען אויף אייך".

דוד האָט זיך געווענדעט צום סעקרעטאר:

„צו וועט מיר ערלויבט זיין מיטצוגעהן?"

„אודאי, הערר ליטוואק. דער פרעזידענט וויל עפּעס הערען וועגען אייער וכוח מיט דעם הערר גייער".

און דר. ווערקין האָט זיי געפיהרט צו דער לאָזשע פון פרעזידענטען.

אין א שעהן געפוצטען קליינעם זאל, וועלכער איז געוועזן מיט א פאָרהאנג אָבגעטהיילט פון דער אָפענער לאָזשע, האָט זיי ערווארטעט דער אלטער פרע־זידענט, שטעהענדיג, זיך אָנשפארענדיג אויף א שטאָק.

„אין וואָס פאר א צייטען מען זעהט זיך וויעדער, מיינע ליעבע הערךן, וואָס פאר א פערענדערונגען!" האָט ער געזאָגט מיט א שטימע, וואָס האָט

שוואך געציטערט, און ער האָט אלעמען כסדר געגעבען דיא האנד.

„אמת, הערר פרעזירענט, זאָל מיך א דונער האפּען אויב איך האָב דאָס גאָר אנגעהויבען פאָראויס צו זעהן“.

„לאָמיר זיך זעצען, מיינע ליעבע הערען. איך בין שוין ניט ביי דיא אמאָליגע כחות, וויא איהר זעהט“, האָט דער פּרעזידענט געשמייכעלט און האָט זיך אריינגעזעצט אין א לעהנשטוהל, וואָס האָט גיך צוגעטראָגען דער דיענער,— יאָ, יאָ, פיר אונזער פאָלק איז היינט געקומען דיא בעסטע צייט; פאַר מיר אָבער איז יענע געוועזען א בעסערע. איהר ווייסט דאָך, אלטקייט איז א קראנקהייט.... מילא, וויא עס קומט און וואָס עס קומט מוז זיך שוין דער מענש צופריעדען שטעלען“.

דערנאָך האָט ער אָנגעוויעזען אויף א דאמע, וועלכע איז נעבען איהם געשטאנען, געקליידעט אין שווארצע זייד: „מיינע טאָכטער, דאָקטאָר סאשא, האָט אייך דערקענט און מיך דערמאָנט אָן אונזער בעגעגניש ביים כותל המערבי. אָי, דערפון זיינען מיר שוין ווייט, מיינע ליעבע הערען... דער אמאָליגער כותל המערבי!“....

„דער אמאָליגער?“ האָט פריעדריך געזאָגט, „צו איז פון איהם גאָר ניט געבליעבען? שוין דער לעצטער זכרון אויך ניטאָ?“

דער פּרעזידענט האָט איהם בעטראכט צושאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ: „איהר זייט נאָך מן הסתם אין ירושלים ניט געוועזען, ווען איהר קענט אזוינס פרעגען“.

דוד איז צוגעגאנגען נעהענטער:

„ניין, הערר פּרעזידענט, דיא הערען זיינען אָקאָרשט געקומען אהער. זיי האָבען נאָך ווייניג וואָס געזעהן“.

דער פּרעזידענט האָט פריינדליך ארויפגעלייגט דיא האנד אויף דוד׳ס אָרעם:

„איך פרעה זיך מיט אייך, מיין ליעבער הערר ליטוואק; איך האָב א מאָהל הנאה ווען איך זעה אייך, און בעזאָנדערס איצט. זייט נאָר פעכט אין אייער קאמפף. איהר זייט גערעכט, און גייער איז אונגערעכט. מיין לעצטעס וואָרט צו מיינע אידישע ברידער וועט זיין: דער פרעמדער, דער גר זאָל פיהלען ביי אונז גוט. און דער אויבערשטער זאָל קיין מאָהל ניט אָבשטעהן פון אייך, ליטוואק... איהר האָט נאָך ווייניג וואָס זיך אָנגעזעהן, מיינע ליעבע הערען? גאָר ניט אזוי ווייניג. איהר זייט בעקאנט מיט איינעם פון אונזערע בעסטע מיטגליעדער. איך בין שטאָלץ אויף דעם ליטוואק, אקוראט וויא איך וואָלט עפּעס אליין רייכער געווארען דערפון, וואָס ער איז אזא טיכטיגער און אזא וואָהלער מענש“.

דוד איז רויט געוואָרען ביז צו אויערן. וויא א קליין איינגעל האָט ער ארונ־טערגעלאָזען דיא אויגען און האָט געשטאמעלט: הערר פּרעזידענט!....

„נעהמט מיר ניט פאר אומגוט, ליטוואק, וואָס איך לויב אייך אין דיא אוי־גען. איך בין א אלטער מאן, וואָס דארף זיך שוין ביי קיינעם ניט איינשמייכלען. זעהט איהר, מיינע ליעבע הערען, איך בין צוגעגליכען צו א וועלע וואָס געהט אוועק און ער—צו דיא וואָס קומט נאָך... גיב מיר אויך א טאסע טהעע, סאשא".

דעם טהע האָט מען פערקאָכט אויף דעם רוסישען אופן. בשעת דיא הערען האָבען אין לויף פון געשפּרעך זיך ארויסגערעדט, אז זיי זיינען שוין 20 יאָהר ווייט פון דער ציוויליזירטען וועלט, האָט דר. סאשא געפרעגט:

„פערדריסט אייך ניט, וואָס איהר האָט פערזאמט אזוי פעל צייט? איהר וואָלט זיך דאָך געקענט בעטהייליגען אין אזעלכע גרויסע טהאטען, איהר וואָלט דאָך טויזענדער מענשען געקענט אָנטהאָן אזוי פיעל גוטס!....

„עס הויבט גאָר ניט אָן צו פערדריסען, פריילין דאָקטאָר!" האָט קינגסקאורט געענטפערט.—„מיר ביידע זיינען צוויי פערברענטע מענשענפיינד. מיר ווילען קיינעם ני טאָהן קיין גוטס, אויסער זיך. אָט אזא פיהרונג האָבען מיר זיך גע־נומען. אפשר ניט, פרימצע?"

„איך פערשטעה אז איהר שפּאסט נור אזוי. טאָן גוטעס איז דאָך א גליק, מיט וואָס עס קען זיך קיין זאך פערגלייכען".

„איהר מיינט דאָס אין א געלעכטער" האָט סאשא דערויף געענטפערט—

דוד האָט נעזאָגט: — „פריילין סאשא רעדט אוים פּראקטיקע. זיא האָט אונטער איהר השגחה דיא גרעסטע אויגענקליניק פון דער וועלט. אויב איהר וועט מיר ערלויבען, פריילין דאָקטאָר, וועל איך דיא הערען פיהרען אין ירושלים ווייזען אייער קליניק. מען האָט שוין דאָרטען טויזענדער מענשען געזונד געמאכט אָדער פון בלינד זעהענדיג געמאכט, דיא קליניק איז א גליק פאר גאנץ מאָר־גענלאנד. עס קומען צו אונז פּאציענטען פון אזיען און צפון־אפריקא. וויא א שטראָם האָט זיך צוגאָסען דער זעגען פון אונזער קליניקע, און צוליעב זיי האָבען מיר נאָך געקראָגען מעהר איבערגעבענע פריינד, וויא צוליעב דיא טעכנישע איינפיהרונגען אין דעם סוחרישען לעבען, וואָס מיר האָבען דאָ ענטוויקעלט.

פריילין כאשא האָט פיינד, אז מען לויבט צו פיעל:—„הערר ליטוואק מאכט שוין א צוגרויסען פירוש פון מיינע דאָקטאָריי. איך האָב קיין נייעס ניט אויפ־געטאָהן. אָבער מיר האָבען אין דער אמת'ן א גרויסען מענשען אין אונזער לאנד, דאָס איז שטיינעק, דער באקטער־אָלאָג. מיט שטיינעקס אינסטיטוט וועט איהר זיך בעקאָנען, מען קריעגט א ריכטיגע עהרפורכט"....

„צו האָט איהר זיך שוין געמאכט א רייזעפּלאן, מיינע הערען?“ האָט דר. אייכענשטאם געפרעגט.

„פריהער פאר אלץ וועל איך מיינע אורחים פיהרען קיין טבריה, הערר פּרעזידענט. מיר פאָהרען מאָרגען צו מיינע עלטערן“

„צום חג הפסח?“ האָט רער פּרעזידענט געזאָגט.—„גריסט פון מיר אייערע עלטערן, הערר ליטוואק. אין ווען דיא הערען וועלען קומען קיין ירושלים, ברענגט זיי צו מיר אין מיין הויז. איך רעכען זיכער אויף אייך“. ער האָט איטליכען וויעדער געגעבען דיא האנד און מען האָט זיך פּעראבשיעדעט. דיא ערשטע קלאַנגען פון אָרקעסטער האָבען געגעבען צו וויסען, אז עס הויבט זיך אָן דער דריטער אקט.

בשעת זיי זיינען געגאנגען דורך דעם ליידיגען פּאָיע האָט קיננגסקאורט אויסגערופען:

„ער ווייזט אויס א טיכטיגער מענש צו זיין, אייער פּרעזידענט, אָבער א ביסעל צו אלט און שוואך. צו וואס האָט איהר גראדע אזוינעם אויסגעקליבען?“

„דארויף קען איך אייך קורץ ענטפערן“, דאָט ליטוואק געזאָגט, „מיר האָבען איהם דערפאר אויסגעוועהלט, ווייל ער אליין האָט דאָס ניט געוואָלט“.

„א שעהנער תירוץ, אָ האָ האָ!“

„מיר האָבען ביי אונזערע אלטע חכמים געפונען א כלל: כבוד ניט אָב דעם, וועלכער וויכט פון כבוד“.

עֶנדע פון צווייטען בוך.

# דאָס דריטע בוך.

## דאָס בליהענדע לאנד.

### I.

עס איז געווען א פראכטיגער פריהלינגס פריהמאָרגען, בשעת דיא פריער־ריכסהיימער האָבען גענומען פאָהרען קיין טבריה. א נעיואלט־ינער דייזע וואָגען, געטריעבע; פון א מאָטאָר (מעכאנישע קראפט) איז געשטאנען פאר דער ברייטען טרעפ, אין וואָגען האָט געקענט אריין א טוץ מענשען.

„דאָנערוועטער", האָט קינגסקאורט אויסגעשריען א מרה־לבנה'דיגער, „דאָס האָט דאָך א פנים פון נח'ס תבה. דאָ קענען דאָך אריין אלע זינדיגע בהמות, חיות און מענשען!"

„עס וועלען אין גאנצען זיין עלף פערזאָנען", האָט ליטוואק געזאָגט.

„עלף? איך זעה נאָר ניין" האָט קינגסקאורט אויסגעצעהלט. „איהר רעכענט מן הכתם פריצכען פאר דריי פארשוין. אגב קען איך אייך זאָגען, עס איז א גוטער איינפאל פון אייך געווען, וואָס איהר האָט דעם קליינעם מיטגענומען".

פריצכען אויף דיא הענד פון זיינע ניאנע האָט, וויא עס ווייזט אויס פער־שטאנען, אז מען רעדט פון איהם. ער האָט זיך צולאכט און מיט א „אָ—אָ" האָט ער אויסגעשטרעקט דיא הענטלאך צו קינגסקאורטס באָרד.

„מיר וועלען נאָך אונטערוועגס מיטנעהמען צוויי גוטע פריינד", האָט פרוי ליטוואק דערקלערט, „ראשיד־ביי און דעם ארכיטעקטען שטיינעק".

דערווייל האָבען דיא דיענער געבראכט א מאסע געפעק און האָבען דאָס אויסגעלעגט אונטער דיא בענק. נאָר איין קאָרב, וואו עס זיינען געווען דיא מילך־פלעשער פאר פריצכען און אנדערע עססענווארג, האָט מען ארויפגעשטעלט אויף א אויבערשטען פלאטץ. פון הינטען זיינען ארויף אין דער הויף דער הייצער און א שווארצער דיענער. פאָרענט האָבען זיך אוועקגעזעצט אויף דיא ווייסע פלושענע

בענק פרוי ליטוואק, מרים און פריעדריך. קיננסקאורט האט געוואלט זיצען אין דער אבטהיילונג מיט א פערמאכטער גלעזערנער טיהר. ער האט פחד פאר דיא ווינדען האט ער געזאגט. דער טעם דערפון איז אבער געוועזן, ווייל ער האט גע־הערט, דאס פריצכען וועט אויף זיצען דארטען. ער איז צוערשט אריינגעקלעטערט אין וואגען און האט צוגענומען צו זיך דאס קינד. וויא באלד אבער פריצכען האט זיך נעפיהלט אין קיננסקאורטס ארעם, האט ער זיך פעסט צוגעדריקט צו איהם און אויף קיין פאל ניט געוואלט געהן צו דער ניאנע. דוד, וועלכער איז אריין צולעצט, האט געפרובט בעפרייען קיננסקאורטען פון פריצכעס קאפריז. עס האט אבער ניט געהאלפען.

קיננסקאורט האט געמאכט א בייז געזיכט, ווענינסטענס האט ער בייז געזאגט:

„אזא שטיפער! צו ועסטו זיך אבצעפען פון מיר?"

דוד האט זיך געבעטען: „גיט מיר איהם נאר, זאל ער וויינען, עס שאדט ניט."

קיננסקאורט האט געמאכט א בייז געזיכט, ווענינסטענס האט ער בייז האט עס אנידער געזעצט אויפ'ן שויס און האט עס געקיצעלט ביי דער ברוסט, ביי דער מארדעצקע, ביז פריצכען איז אויסגעשאסען מיט א קינדיש געלעכטער.

„אזא שייגעץ, עס הארט איהם גאר ניט וואס גאנץ חיפה וועט אבלאכען פון אלטען קיננסקאורט, צום גליק קען מען מיך דא ניט!"

אזוי איז ארויסגעפאהרען דער וואגען דורך דעם טהויער פון פריעדריכס־היים. הינטען האט דער שווארצער דיענער אויף א בלעכענעם טרומייט נעבלאזען פערשיעדענע לוסטיגע מעלאדיען. פריטצכען האט געפאטשט פאר שמחה מיט די הענדעליך.

„זעהט נאר!" האט קיננסקאורט געזאגט— „פונקט וויא א מאל אין דיא גוטע צייטען דער פאסטשטאליאן מיט'ן טרומייט".

דוד האט דערצו בעמערקט: „ער טרומייטערט, בכדי רעשיד זאל וויסען, אז מיר קומען. מיר ווילען אונטערוועגס דיא צייט ניט פערליערען".

זיי זיינען געפאהרען דורך דיא שוין בעשריעבענע כרמל גאס צום טהאל אראב. רעשיד ביי איז שוין טאקי געשטאנען ביי'ן טיהר, פארטיג זיך אריינצוזע־צען. מען האט זיך בעגריעסט פרייליך און וויא אלטע גוטע פריינד. הינטער א הילצערנעם צוים פון א פענכטער אין ערשטען שטאק האט זיך אויפגעהויבען א שעהנע ווייסע דאמענהאנד און האט געוואונקען מיט א טאשענטוך.

מאראם ליטוואק האָט מיט א שמייכעל צוגערופען צו דיא פערבעהאלטענע
„שלום, פאטמא! מיר וועלען דיר דיין מאן צוריקברייננגען א גאנצען,
געסט רוהיג זיין“.

און מרים האָט ארויפגעשריען:

„פאטמא! גיב דיינע קינדער א קוש פון מיר“.

רעשידס קליינע געפעל איז שוין אויך אריין אין וואָגען. רעשיד־ביי האָט זיך געזעצט נעבען דוד'ן. צום לעצטען מאָל האָט מען זיך אָבגעזעגענט פון דער ווייסען דאמענהאנד, וואָס האָט אַלץ געוואונקען, און נח'ס תבה מיט'ן מאָטאָר האָט ווייטער גענומען אָטהעמען וויא א לאָקאָמאָטיוו.

פריעדריך האָט זיך געווענדעט צו מרים:

„דיא ארעמע נעבאך מוז בלייבען אליין אין דער היים“.

„זיא איז אָבער אזא פרעהליכע און א צופריעדענע“, האָט מרים גענטפערט.

„איך בין איבערצייגט, אז זיא פערגינט דעם מאן דיא רייזע פון גאנצען הערצען. ער וואָלט מיט אונז ניט געפאָהרען, ווען זיא וואָלט דערפון קרענקונג געהאט. ער און זיא זיינען אמת'ע גוטע מענשען“.

„פארשטעלט זיך, מיינע דאמען, קין איך זיך ניט אָבוואונדערן, וויא די פרוי בלייבט רוהיג זיצען אין אזא שעהנעם פריהלינגס מאָרגען הינטערן צוים“.

„וואָס זאָגט איהר דערצו? צו זעהט מען דאָס גאָר אנדערש וואו אזעלכע פריהלינגסטעג וויא ביי אונז אין לאנד?“ האָט פרוי ליטוואק געפרעגט מיט א גליקליכען שמייכעל, — „דאָס לעבען דאָ איז אזוי גוט, גאָר ניט צו פערגלייכען!“

און פריעדריך האָט אויך געפיהלט, ווי א שטראָם פון גליק איז דורך זיינע גליעדער. ער האָט אליין ניט געוואוסט פאר וואָס. ער האָט זיך געפיהלט ווידער יונג, כמעט וויא א קינד א שטיפער, און איהם האָט זיך געוואָלט מיט אימיצען וויצלען, אימיצען רייצין.... ער האָט זיך אָנגעצעפעט אָן מרים'ן: „און וואָס איז פון אייער שוהלע געוואָרען, פריילין מרים? און וואָס איז מיט אייערע לעקציאָנען? פערגעסען מיט א מאָל, אז איהר האָט פפליכטען פון א לעהרערין?“

מרים האָט זיך פאנאנדערגעלאכט:

„א גוי גמור, ער הייבט ניט אָן צו וויסען פון אידישקייט!... טאָ ווייסט איהר מיין הערר, אז היינט הויבט זיך אָן דיא פסח־קאניקולעס (פעריען). דערווייל פאָהרען מיר דאָך צו דיא עלטערן אין טבריה, ווייל מיר וועלען דאָרטען אָבהאלטען דעם סדר. צו האָט אייך דוד גאָר ניט געזאָגט?“

„אייער ברודער האָט א פּאָאר מאָהל אָנצוהערען געגעבען, אז אין טבריה װעלען מיר דערגעהן געגױער װיא עס האָט זיך אָנגעהויבען דיא אידיישע עמיגראַ־ציאָן. הייסט דאָס, אז ער האָט גאָר דעם פּסח דערמיט געמיינט? אָבער פון יציאת מצרים דאַרף מען מיר ניט דערצעהלען, איך געדענק דאָס נאָך פון דער שוהלע“.

„און אפשר האָט ער אויך עפּעס אנדערש געמיינט?“ האָט מרים מיט א פערקלערטען טאָן געזאָגט.

דער רייזע װאָגען איז דערװייל אָנגעקומען צו דעם אנדערען ענד פון כרמל נאָס, איז אָבער ניט געפאָהרען װייטער דורכ'ן מיט פון שטאָדט, נאָר ער האָט זיך פערקעהרט אויף רעכטס. זיי זיינען געפאָהרען דורך א פאָרשטאָדט, װאו עס פליסט דער טייך קישון. זיי זיינען פארביי פאר א דאמבע בעפלאנצט מיט בוימער זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט פאר א קליינעם חנו'דיגען פּאלאַץ. נעבען איהם איז געשטאַנען א הערר מיט גרויע װאָנסען, װעלכער האָט שטארק געמאכט מיט דיא הענד און האָט מיט א צוריקגעװאָרפענעם קאָפּ איבער דיא קאנטען פון אראָבגע־גליטשטען פענסנע בעטראכט דיא אָנגעקומענע אורחים.

„אויף אייער שטעל זייענדיג װאָלט איך בכלל שוין ניט געקומען!“ האָט ער זיך ארויפגעװאָרפען אויף זיי מיט א קול,—„צייט א האלבע שעה שטעה איך און װארט, אז דיא פיס זיינען מיר שוין געשװאָלען. איך זאָג אייך צו, פון היינט אָן װעל איך שוין קיין מאָל ניט זיין פּינקטליך“.

דוד האָט אָנשטאָדט צו ענטפערן איהם צוגעטראָגען זיין זייגער.

„דאָס בעװייזט גאָר ניט. אייער זייגער קריכט. איך גלויב בכלל ניט װאָס דיא זייגערס װייזען.... נעהמט שוין חאָטשע צו מיינע פלענער! אָבער צודריקט זיי ניט, איך בעט אייך! מילאָ גוט, פערטיג!“ ער האָט דיא דריי פּאפּיער־מגילות, װעלכע ער האָט געהאלטען אונטערן אָרעם, איבערגעגעבען רעשיד־ביי און דוד'ן און שװער אָטהעמענדיג איז ער ארויפגעקראָכען אויפ'ן װאָגען' קוים אָבער האָט זיך דער װאָגען גענומען ריהרען, װיא שטיינעק האָט מיט א יאָמער א געשריי געטאָהן:

„האלט! האלט! צוריק! איך האָב פערגעסען מיין רייזע טאש“.

„מען װעט דאָס צושיקען מיט דעם שוטרען געפּעק אונזערן“, האָט דוד איהם געפּרובט בערוהיגען.—„איהר װייסט דאָך, אז דיא שוטרע געפּעק האָב איך די־רעקט טראנספּאָרטירט קיין טבריה, װייל מיר מאכען דאָך אזא אומוועג“.

„עס העלפט נים“, האָט שטיינעק מיט א יאָמערדיגע שטימע געענטפערט. איך האָב געלאָזען אין דער רייזע טאש מיין רערע! מיר מוזען זיך אומקעהרען!“

מען איז צוריק געפֿאָהרען. מען האָט ב"ה געקריעגען דיא רײזעטאַש. שטײ־
נעק האָט אָבגעאָטהעמט וויא נאָך א סכנה, און איז פּלוצים געוואָרען פרעהליך
און לוסטיג. און אין וואָגען, וואָס איז פּאָרט געווען א סך קלענער וויא נח'ס תבה,
האָבען זיך צוזאַמינגעטראָפען צוויי פון דיא גרעסטע שרײערס: קינגסקאורט און
שטײנעק. אקוראט וויא דער אלטער מענשענפײנד, פלעגט אויך שטײנעק רעדען
פון דיא געוועהנליכסטע זאכען מיט געשרײען און קולות ביז'ן הימעל. אקאָרשט
האָט מען זיי אײנאנדער פאָרגעשטעלט און זיי האָבען שוין אײנאנדער אָנגע־
ברומט פולע אויערן. דוד און רעשיד ביי האָבען מיט הנאה זיך צוגעהערט. פּלוצים
אָבער האָט קינגסקאורט ארויפגעלײגט זײן צײגע פינגער אויף דיא ליפּען און האָט
דאדורך שטײנעקען געצוואונגען שטיל צו ווערען.

„הערר שטײנעק", האָט דער אלטער שטיל געשעפּטשעט — „איתר האָט
אפילו גערעדט זעהר הויך, נאָר פריצכען איז פּאָרט אײנגעשלאָפען". און בעת
אלע האָבען זיך פאנאנדערגעלאכט, האָט ער פאָרזיכטיג אויפגעהויבען פון שויס
דאָס שלאָפענדע קינד און עס אוועקגעלײגט אין דיא אָרעמס פון דער ניאניע,
וועלכע איז געזעסען מיט'ן רוקען צו איהם אויף דער ענטקעגענדיגען באנק.

„מיסטער קינגסקאורט", האָט געשושקעט שטײנעק שטארק געקרענקט,—
„מיר דאכט זיך, אז איך האָב ניט גערעדט העכער פאר אײך".

דער וועג, דורך וועלכען זיי זײנען געפֿאָהרען, האָט זיי נענעבען גענוג גע־
לעגענהייט זיך אָנצוזאַוואונדערן און אָנצופרעגען. עס האָט, פערשטעהט זיך,
ניט אזוי געשוויבעלט און געגריבעלט וויא אין דער שטאָדט, אָבער עס איז פּאָרט
געווען א לעבען. אלע וויילע פלעגען פערביי פאָהרען וועלאָסיפּעדיסטען (בייסי־
קעלס, און מאָטאָר וואָגענס, אויף א ניט געברוקירטען שמאָלען וועג. אין בײדע
זײטען פון הויפּט וועג האָט מען געזעהן רײטערס אויף פּראכטיגע אראבישע
פּערד, און דיא רײטערס זײנען געווען געקלײדעט אין פערשיעדענע טראכטען.
קעמלען אײנציגוויים, אָדער גאנצע קאראוואנעס, פלעגען זיך ציהען דורך'ן וועג,
א שריד ופליט פון דיא אמאָליגע צײטען, א וואונדערליך בילד, וואָס דיא צײט
מעקט דאָס שוין אוים. דער וועג איז געווען גלאַט, און דיא רעדער האָבען זיך גע־
קוויקעלט, וויא אין א טאנצזאַל. פון רעכטס און פון לינקס זײנען געשטאנען קליי־
נע הײזער מיט גערטענדלעך און הינטער זיי האָט זיך געצויגען גוט בעארבײטעטע
פעלדער, בעדעקט מיט ווייכען יונגען גראָז. קינגסקאורט האָט בעמערקט, אז פון
דיא דראָטען, פון דיא כטאָלבעס ביין זײט ועג ציהען זיך דראָטענע פערעם
און פערקירעווען זיך אין אימליכעם הײזעל.

„צו זיינען דאָס טעלעפאָן־דראָטהען ? און וואָס זיינען דאָס פאר בעלי הבתים וועלכע וואָהנען אין דיא הייזער ?“ האָט קיננסקאורט געפרעגט.

רעשיד־ביי האָט געענטפערט: „דאָ וואָהנען דאָס רוב בעלי מלאכות. דאָס איז א שוסטער דאָרף. דורך דיא דראָטען קריעגען זיי די אעלעקטרישע שטראָם־קראפט פאר איהרע קליינע מאשינען. צו איז דאָס ביי אייך אזא נייעס ?“

„ניין, מיר האָבען שוין אויך געוואוסט דערפון. אָבער פראקטיש האָבען מיר דאָס ניט פערווענדט דאמאָלסט. און פון וואנען נעהמט זיך דער עלעקטריישער שטראָם ?“

„מיר האָבען פערשיעדענע עלעקטריציטעטס געזעלשאפטען. דער שוסטער־דאָרף בעציהט דאָס רוב דיא עלעקטרישע קראפט אָדער פון דיא בערגטייכען פון חרמון און לבנון, אָדער פון ים המלח.

„געהערט א ביסעל ? ניין !“ איז קיננסקאורט פערוואונדערט אויפגעשפרונ־גען.

„יאָ !“ האָט שטיינעק דערלאנגט, וויא מיט א דונער.

דוד אָבער האָט געזאָגט:

„אָט דיא בעלי מלאכות זיינען אויך האלבע לאנדסלייט, אוןביידעס צוזאמען ווערט געמאכט אין שותפישען אופן. דיא בעלי מלאכות ליפערן שותפיש אָב זייערע ארבייט אין דיא גרויסע ווארענמאגאזינען, אין דיא עקספּאָרט געשעפטען א. ז. וו. און אין דערזעלבער צייט פעראייניגען זיי זיך אין לאנדווירטהשאפטליכע חברות. מען קען ביי זיי געפינען פערשיעדענע ארטען פון חברות. נאָהענט פון גרויסע שטעדט בעשעפטיגען זיי זיך דאָס רוב צייט מיט דער מלאכה, און דיא ארבייט אויף'ן פעלד שפּיעלט שוין א קלענערע ראָלע; אזא בעל מלאכה זעהט פריהער פאר אלץ ארויסצוקריעגען פון זיין שטיקעל ערד דאָס וואָס ער דארף פאר זיין הויזגעזיענד. ער קען העכסטענס האָבען א מותרות פון אויבס און גע־מיזען, וועלכע ער שיקט אין שטאָדט צום מארק. אין דיא דערפער, וואָס ליעגען ניט וויט פון דיא ברעגעס פון ים, וועלכע האָבען כמעט אזא קלימאט וויא דיא ריוועראַ, וואקסען וויא ביי ניצא טאָמאטען, ארטישאָקען, מעלאָנען, קליינע אר־בעסלעך און דאָס גלייכען. אונזערע פריהיאָרגעמיזע שיקען מיר מיט דער באהן אין דער גאנצער וועלט, קיין פאריז, בערלין, מאָסקווא און פעטערבורג. ווייטער איז דאָ געגענדען, וואו מען בעשעפטיגט זיך נאָר מיט פעלד־ארבייט, און דיא מלאכה האָט א פנים פון א קליינע שטובינע ארבייט, כאָטש מען בעניצט דערצו

דיא נייעסטע און דיא בעסטע האנדוועױרקצייג. דאַס איז דאָס בילד פון אונזערע דערפער, וואָס ליעגען צושטרייט איבער דאָס גאנצע בליהענדע לאַנד, צום בייַ־שפּיעל, דאָרט אויבען אין עמק יזרעאל. איהר זאָלט נאָר ניט מיינען אז איהר וועט דאָ קריעגען צו זעהן עטליכע צעהנדליג ברודיגע איינגעפאלענע כאטקעס, וועלכע מען פלעגט אמאָל רופען מיט'ן נאָמען דערפער. מיר וועלען נאָך הײנט האָבען דיא געלעגענהייט צו זעהען א דאָרף, וואָס איז דער געוועהנליכער מוסטער פון יעדעס דאָרף אין גאַנץ פּאלעסטינא, סיי אין מערב סיי אין אין מזרח זייט פון ירדן".

זיי זיינען אריבערגעפאָהרען דעם בריק פון טייך קשון און פערבײַ דעם וואָגען האָבען זיך געצויגען אפּעלסינען און ציטראָנען גאָרטענס. דורך דיא גרינע בלעטער האָבען געלויכטען דיא רויטע און דיא געלע פּרוכטען.

„דער טייוועל זאָל מיך נעהמען!" האָט קינגסקאורט אויסגערופען, „ס'איז דאָך וויא אין איטאליען!"

„דיא הויפּטזאכע איז קולטור!" האָט שטיינעק א געשריי געגעבען, אקוראט וויא ער פיהרט מיט אימיצען א וכוח, — „מיר יודען האָבען דאָ אריינגעבראכט קולטור".

רעשיד־ביי האָט פריינדליך געשמייכעלט:

„ענטשולדיגט, מיין טהייערער! דיא דאָזיגע קולטור איז שוין פריהער אויך געוועזען, ווענינסטענס דיא סמנים איהרע. מיין פאָטער האָט שוין געפלאנצט אפּעל־סינען־בוימער". ער האָט קינגסקאורטען געוויעזען מיט'ן פינגער אויף א פּארק פון דער רעכטען זייט. „דאָס ווייס איך נאָך בעסער פאר מיין פריינד שטיינעקען, ווייל דאָס איז אמאָל געוועזען מיין פאָטערס גאָרטען. איצט געהערט ער מיר".

עס איז געווען א מחיה צו קוקען, וויא דיא בוימער זיינען געשטאנען פול פון זאפט און חיות. אויף דעם שטאם פון דיא ציטראָנען־בוימער, וואָס בליהען א גאנץ יאהר, האָט מען געזעהן דיא שפּראָצונגען, דיא גרינע און דיא געלע פּרוכטען.

„איך לייקען ניט", האָט שטיינעק שרייענדיג געענטפערט, — „אז איהר האָט שוין געהאט אייערע באָיארעס נאָך איידער מיר זיינען געקומען, אָבער נאָר צוליעב אונז האָבען זיי אייך אָנגעהויבען טראָגען דיא הײנטיגע רוחים".

רעשיד־ביי האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ: „וואָס אמת איז אמת. אונזערע פערדיענסטען זיינען געוואלטיג געשטיעגען. אונזער אפּעלסינענעקספּארט האָט זיך פערגרעסערט צעהנפאך, זייט מיר האָבען אזעלכע גוטע פערבינדונגס־מיטלען

מיט דער גאנצער וועלט. אליז האט דאך געקריעגען א ווערדע צוליעב אייער קאָ־לאָניזאציע".

„איך וויל אייך א פראגע שטעלען, רעשיד־ביי", האט קינגסקאורט איהם אי־בערגעשלאָגען די רייד, — „דיא הערען וועלען אויף מיר קיין פעראיבעל ניט האבען. זיי זיינען צו קלוג דערצו. צו האט מען צוליעב דיא יודישע קאָלאָניזאציע ניט געמאכט א תל פון דיא פריהערע איינוואָהנער? צו זיינען זיי ניט געווען גע־צוואונגען פערלאָזען זייער לאנד? איך מיין: בכלל, איך רעד ניט פון איינצעלנע מענשען. אז יחידים קענען דערביי אָבלעקען א ביינדעל, פערשטעהט זיך פון זעלבסט".

„א מאָדנע פראגע! פאר אונז איז דאס געווען א ברכה פון הימעל. צוערשט, פערשטעהט זיך, פאר דעם בעמיטעלטען קלאס מענשען, וועלכע האבינן געקענט דעם יודישען געזעלשאפט פארקויפען זייערע פלעצער צו הויכע פרייזען, אָדער ווארטען ביז דיא פרייזען וועלען זיך נאך ווייטער הויבען. איך, צום ביישפיעל, האב איהר פערקויפט מיינע פלעצער, ווייל איך האב איינגעזעהען, אז איך מאך דערמיט א גוט געשעפט".

„צו האט איהר ניט געזאגט פריהער, אז דיא באַיארעס, פאר וועלכע מיר זיינען פערביינעפאָהרען, געהערען צו אייך?"

„אודאי! דערנאך וויא איך האב זיי פערקויפט דער געזעלשאפט, האב איך זיי ווידער גענומען אויף פאכט".

„איז דאך גלייכער געוועזען זיי גאר ניט צו פערקויפען!"

„מיר האט דאס אָבער געלוינט. אזוי וויא איך האב געוואָלט ווערען א מיט־גליעד פון דער נייער געזעלשאפט, האב איך דאך געמוזט אָננעהמען זייערע חוקים און דיא משפטים. דיא מיטגליעדער טאָרען ניט האבען קיין אייגענע פלע־צער און קיין אייגענע ערד".

„פריעדריכסהיים געהערט גאר ניט אייך, הערר ליטוואק?"

„דער פלאץ נים. איך האלט דאס נאר אויף פאכט ביז צום קינפטיגען יובל־יאהר, אקוראט וויא מיין פריינד רעשיד זיינע גאָרטענס".

„יובל־יאהר? וואס איז דאס פאר א אַנשיקעניעם? זייט אזוי גוט און רעדט מיט מיר קלאָרע דבורים. וויא עס ווייזט אויס האב איך אויף מיין אינזעל א סך זאכען פערשלאָפען".

„דאס יובל־יאהר איז ניט קיין נייער געזעץ", האט דוד געענטפערט, — „משה רבינו האט אונז דאס שוין פערזאָגט. נאך זיעבען מאל זיעבען יאהר, צום

פינפציגסטען יאהר, קעהרען זיך אום אלע פערקויפטע פלעצער און פעלדער אומ־
זיסט צום פריהערדיגען בעל־הבית אָדער לאנדסמאן. מיר האָבען דאָס, אמת,
אביסעל פערענדערט. ביי אונז קעהרט זיך אלץ אום צו דער נייער געזעלשאפט.
משה רבינו האָט איינגעפיהרט דאָס יובל־יאהר, בכדי דיא עשירות אין דער מענש־
ליכער חברה זאָל זיך פערטהיילען מיט יושר און גערעכטיגקייט. איהר וועט זיך
איבערציינגען אז אונזער מעטאָדע איז ניט קיין ערגערע. דיא געלד־ווערדע פוי
פלאַץ און פעלד, וואָס פערגרעסערט זיך דורך קולטור און מענשליכע ארבייט,
בלייבט ניט אין דיא הענד פון איינצעלנע מענשען, זאָנדערען געהערט צו דער
גאנצער געזעלשאפט".

שטיינעקען האָט זיך אויסגעדאכט, אז ער מוז פאַראויס פערהאפען קינגס־
קאורטס א שאלה.

„איהר ועט אפשר זאָגען, אז עס מוז אָבפאלען דער חשק צו בעארבייטען און
פערבעסערען א פעלד, וועלכע קען א געוויסע צייט אריבערגעהן אין אנדערע
הענד ?"

„אָי ניין, דאָס וועל איך ניט זאָגען. איהר דארפט מיך שוין ניט האלטען
פאר אזא בהמה. איך וויים, אז אין לאַנדאָן בויען מענשען הייזער אויף פלעצער,
וועלכע וועלען געהערען זיי נאָר אין א משך פון 99 יאָהר. דאָס איז דאָך דיא איי־
גענע זאך.... איך האָב אייך אָבער, מיין ליעבער רעשיד־ביי, עפּעס אנדערש גע־
וואָלט פרעגען. וואָס איז געוואָרען פון דיא איינוואָהנער, וועלכע האָבען ניט גע־
האט אייגענע מיטלען ? איך מיין : דיא טויזענדער טויזענדער אָרעמע אראבישע
מחמר־נער".

„מיסטער קינגסקאורט, דער תירוץ ליעגט שוין אין דער פראגע", האָט רע־
שיד־ביי געענטפערט. — „דיא וואָס האָבען גאָר ניט פערמאָגט, האָבען אויך ניט
געהאט וואָס אָנצואווערען. זיי האָבען נאָך געקענט דורך דיא עמיגראציאָן דערביי
פערדיענען. און אזוי איז טאקי געוועזן : ארבייט האָט ניט געפעהלט, געלעגענהייט
דערצו געענוג, און ברויט האָט זיי ניט געפעהלט און זייער גאנצער מצב איז געוואָ־
רען אן אנדערער. מען קען זיך ניט פאָרשטעלען א אָרעמערען און א יאָמערדיגע־
רען לעבען, וויא דאָס לעבען פון א אראבישען דאָרפסמענשען צו ענדע פון ניינ־
צעהנטען יאָהרהונדערט. אין ליימענע הייזלעך האָבען זיי געלעבט, ערגער פאר
בהמות. דיא קינדער זיינען געלעגען נאקעט אויף'ן גאס, פערלאָזען און שמוציג
וויא דיא הינד. איצט האָט זיך אלץ געענדערט. דיא גרויסע צדקה־הייזער האָט
זיי געבראכט געענוג נוצען. ס'איז קיין חלוק ניט צו האָבען זיי דאָס געוואָלט אָדער

ניט. צו זײנען זײ צוגעשטאנען צו דער נײער געזעלשאפט, צו ניט. בשעת מען האט געלאזט אויסטריקענען דיא זומפען, גענומען דורכצ׳יהען קאנאלען און אנגע־הויבען פלאנצען דיא אויקאליפטוס־בוימער, וועלכע מאכען רײן דיא לופט פון דיא פיעבער מזיקים, האט מען זײ גענומען צו דער ארבײט און זײ גוט בעלוינט. מען האט זײ געמוזט נעהמען, ווײל זײ זײנען געוואהנט געוועזן צום אונגעזונדען קלימאט און האבען דאס אהן סכנות געקענט אויספיהרען. קוקט נאר ארויס א׳ן פעלד! איך געדענק נאך פון יונגעלווײז, אז דא זײנען געוועזן זומפען. אט אזוינע זומפיגע ערד האט דיא נײע געזעלשאפט געקויפט שפאט ביליג, און האט געמאכט דערפון דיא פעסטע פעלדער. דיא אקער־ערד געהערט צו דעם שעהנגעפוצטען דארף, וואס שטעהט דארט אויף א בערגעל. דאס איז א אראבישער דארף. — צו זעהט איהר דארטען א קלײנעם מאשעע (מחמד׳נישער טעמפעל)? דיא ארעמע אראבער זײנען הײנט א סך גליקליכער געווארען. זײ האבען זײער חיונה, זײערע קינדער זײנען געזינטער און לערנען זיך. קײנער האט זײ ניט געשטערט אין זײער אמונה און אין זײערע פיהרונגען, נאר א בעסערן מצב האבען זײ בעקומען פון דאמאלסט אן״.

„מארנע מענשען זײט איהר, מחמד׳נער! צו קוקט איהר ניט אויף דיא יו־דען, וויא אויף אזעלכע וואס האבען זיך מיט געוואלט אריינגעשטופט אין אײער לאנד?״

„קריסט, וויא משונה׳דיג קלינגען מיר אײערע ווערטער״, האט רעשיד פרײנדליך געענטפערט. — „צו קען מען דען בעטראכטען פאר א גזלן א מענשען, וואס נעהמט קײן זאך ניט צו און ברענגט נאך עפעס א מתנה? דיא יודען האבען אונז רײך געמאכט, פאר וואס זשע זאלען מיר האבען צו זײ טענות? זײ לעבען מיט אונז וויא ברידער, פאר וואס זשע זאלען מיר זײ ניט האלד האבען? צווישען מײנע אײגענע האב איך קײן מאל ניט געהאט אזא גוטען פרײנד וויא אט דעם דוד ליטוואקען. ער קען צו מיר קומען בײ נאכט וויא בײ טאג און פערלאנגען פון מיר וואס ער וויל, איך וועל זײן בקשה ממלא זײן. און איך ווײס, אז איך מעג זיך פערלאזען אויף איהם, וויא אויף א ברודער. ער דאווענט אין אן אנדער טעמפעל, וויא איך, ער רעדט אבער צו דעם אײגענעם גאט, וואס איז איבער אונז אלעמען. אונזערע טעמפלען שטעהן נעבען אײנאנדער, איך גלויב אבער, אז ווען אונזערע תפלות הויבען זיך אויף צום הימעל, טרעפען זײ זיך אונטערוועגנס און שמעלצען צוזאמען אין אײנעם. און אין אײנעם קומען זײ פאר גאט״.

רעשיד האָט גערעדט פשוט און פון הארצען, און אלע זיינען געוועזן גערירהרט, אפילו קיננסקאורט. ער האָט זיך א טרייסעל געגעבען:

„הם—הם. גאנץ שעהן און פיין. מען קען שוין גלויבען. איהר זייט אָבער א געבילדעטער מענש. איהר האָט געשטודירט אין אייראָפא. ווער ווייסט, וואָס ווע־לען דערצו זאָגען פשוטע שטאָדט־מענשען און דאָרפפויערים"...

„נאָך א סך בעסער וויא מען קאָן זיך דענקען, מיסטער קיננסקאורט. איהר מעגט שוין מיר מוחל זיין, אָבער פריינדליכקייט צו א פרעמדער אמונה האָב איך זיך אין אייראָפא ניט געקענט לערנען. מיר, דיא מחמד'נער, האָבען זיך שטענדיג בעסער פאר אייך בעגאנגען מיט יודען. שוין אין אָנפאנג, בעת עס האָבען זיך בעוויזען דיא ערשטע קאָלאָניסטען פאר א 20 יאָהר צוריק, פלעגט פאָרקומען, אז אראבער וואָס פלעגען האָבען ספסוכים פלעגען אויסקלייבען צום ריכטער א אידען אָדער זיי פלעגען געהן צו א אידישען ועד, א עצה פרעגען און דאָס גלייכען. און מען קען ניט זאָגען, אז דיא אראבער האָבען דערביי געמאכט א שלעכטען עסק. כל זמן דאָקטאָר גייערס געדאנקען און פלענער וועלען ניט קריעגען קיין אנ־הענגער מעגען מיר האָפען, אז דאָס גליק פון אונזער פאטערלאנד וועט נאָך לאנג, לאנג דויערען".

„וואָס איז דאָס פאר א דאָקטאָר גייער, וועגען וועמען איך הער אזוי אָפט רעדען?"

שטיינעק איז געוואָרען רויט, וויא א אפּאָפּלעקטיקע וואָלט איהם געחאפּט, און ער האָט אָנגעהויבען שרייען אויפ'ן קול:

„א רביל פון דיא שווארצע באנדע איז דאָס, א פרום פנים'על, א צבועה'ניק, א העטצע־מאכער. דיא שנאה געגען פערשיעדענע אמונות וויל ער ביי אונז איינ־פיהרען, דער פערד־גנב. איך בין אודאי ניט קיין פאנאטיקער, אָבער, אז איך דערזעה אָט אזא מין פרה'לע, אזא רביל, וואָלט איך איהם צוטראָטען וויא א וואָרם".

„אויב איהר זייט שוין דער טאָלעראנטער, טאָ וויא זעהן שוין אויס ביי אייך דיא פאנאטישע?" האָט קיננסקאורט געלאכט.

„זיי, פערשטעהט זיך, האָבען ניט דעם אויסזעהן פון א חיה רעה, וויא שטיי־נעק", האָט דוד זיך געוויצעלט.

דער מאָטאָרוואָגען האָט פערלאָזען דאָס גלאטע ברייטע פעלד און האָט זיך פערקירעוועט אויף מזרח זייט, וואו דער וועג האָט זיך געצויגען אין טהאָלען און אין בערגעלעך און האָט אויסגעזעהן, וויא דיא איבערפלעבע פון א ים מיט ווע־

לען. און וואו דיא בערגלעך פלעגען זיך אויפהויבען גלייך וויא א וואנד, זיינען געווען איינגעגראָבען טעראסען, וויא ברייטע טרעפּ, וויא צו שלמה המלך׳ס צייטען. דאָ האָבען געוואקסען וויינטרויבען, אתרוגים און פייגען. א סך גערטנערשולען אונטערוועגענס האָבען געוויעזען, וויפיעל מיה און אַרבייט עס ווענדט אָן די בעפעלקערונג, בכדי צו מאכען דיא נאקעטע שטיינערנע בערג פרוכטבאר, מסוגל צו גאָרטענפלאנצונגען. איבער דיא שארפע קאנטען פון דיא בערג האָט מען נעזעהן, וויא עס הויבען זיך צום הימעל דיא פּיניען און ציפּרעסען.

מיט איינמאָל איז דער וואָגען אריין אין א ליעבליכען טהאָל, ועלכער איז געווען וויא פערשאָטען פון טויזענדער בלומען. וויא א געשטיקטער טעפּיך פון וויס, געלע, רויטע, בלויע און גרינע פארבען האָט זיך אויסגעשפּרייט פאר זיי דער בלומענטאָהל. און עס איז זיי געווען צו מוטה, אקוראט וויא מען וואָלט זיי אָבגעטונקט אין א ים פון טויזענדער פארפומען. א זאנפטער ווינטעל האָט זיי צוטראָגען דיא וועלען פון דיא פארפיומען. און דיא ביידע אורחים זיינען געזעסען, וויא פערכשופט, ניט בענעהמענדיג פון וואנען עס האָט זיך גענומען אָט דער ־ראָזיגער גאָטס וואונדער. מען האָט זיי ערקלערט, אז דאָ געפינען זיך דיא ב־ימען־פלאנצונגען, וועלכע ווערען בענוצט צו פארפום־פאבריקאציע. זשאסמין, טובעראָזען, געראניען, נארציסען, פיילכען און רויזען ווערען דאָ טויזענדערוויי: געפלאנצט און אויסגעהאָדעוועט. דער טאָהל האָט אויסגעזעהן וויא איין גרויסער בלומען־גאָרטען. דיא גערטנער און דיא פעלדארבייטער פלעגען אָפט בעגריסען דיא פארבייפאָהרער, אמאָל ליטוואקען, אמאָל רעשידען, אמאָל שטיינעקען. מען האָט געזעהן בעשיינפערליך, אז זיי אלע דריי האָבען צווישען דיא צופריעדענע לאנדסלייט א סך גוטע פריינד. אין סעפאָרים (ספרית?), א קליין בעזעצטער אָרט, האָבען זיי זיך צום ערשטען מאָל אָבגעשטעלט, ביי׳ן פּלאַץ פאר דער גריכישען צערקעווע איז דוד ארויס פון וואָגען און האָט געבעטען צו ווארטען אויף איהם א וויילע. ער מוז דעם פּאָפּען מאכען א קורצען בעזוך. ער איז אריין אין דאָס געפּוצטע קליין הייזעל פון פּאָפּ.

דיא איבריגע זיינען אויך ארויס פון מאָטאָר וואָגען, בכדי צו צוגעהן ניט וויט אויף׳ן שפּיץ בארג צו דער חורבה פון׳א אלט־פערצייטיגער קירכע. פון דאנען האָט מען געקענט מיט איין בליק ארומנעהמען דיא פלאכע ברייטע פעלדער ביז צום כרמל. און מרים האָט זיי דערצעהלט, אז דיא הורבה איז אמאָל געווען א טעמפּעל, וואָס מען האָט געבויט צום אנדענקען פון יהויקים און ענה (אננאס), דיא עלטערען פון מרים, וועלכע איז געווען דיא מוטער פון ישו הנוצרי און וועל־

כע האָבען דאָ פערלעבט זייערע יאהרען. דיא נייע גריכישע קירכע איז פאר דיא רוסישע קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען זיך בעזעצט ארום כעסארים. דוד איז מיט דעם פאָפּען זעהר בעפריינדעט און ער פערבעט איהם אין טבריה צום סדר. דער־וויל האָט דוד זיך צוריקגעקעהרט צוזאמען מיט'ן הויכגעוואָקסענעם שעהנען פאָפּ. ער האָט בעדויערט, וואָס ער קען ניט באלד מיטפאָהרען מיט דוד'ן, ער וועט אָבער נאָכמיטאג פאָהרען מיט דער עלעקטרישער באהן איבער נאצארעט קיין טבריה, און ער וועט אפשר אָנקומען צו ליטוואקס עלטערען נאָך פריהער פאר דער גאנצער געזעלשאפט.

מען האָט דעריבער באלד אָבשייד גענומען פון גייסטליכען מאן און דער רייזעוואָגען האָט זיך פערקירעוועט אין צפון־זייט, צו דיא פלאכע ברייטע פעלדער.

---

.II

מען האָט ארונטערגעלאָזען דיא גלעזערנע טהיר, וואָס האָט אָבגעטיילט דעם מיטעלען פון פאָדערען טהייל פון וואָגען, בכדי אלע צוזאמען זאָלען זיך קע־נען פערברענגען. הינטער סעפּארים האָבען זיי זיך געמוזט עטליכע מינוט אָב־שטעלען נעבען א שלאגבוים, ווייל א צוג האָט געדארפט פערביי געהן. באלד האָט ער זיך טאקי פערביי געטראָגען, גיך וויא א רוח, צו דרום זייט. דיא אורחים האָ־בען זיך געוואונדערט, דאָס דער לאָקאָמאָטיוו האָט גאָר קיין רויך־קוימען ניט, און זיי זיינען דערגאנגען, אז אלע באהנען אין שטאָדט קאָנען ווערען אין פאלעס־טינא געטריעבען דורך עלעקטריציטעט. דאָס איז געוועזען איינע פון דיא גרעסטע מעלות, בשעת מען האָט אָנגעהויבען איינפיהרען א נייע קולטור. טאקי נאָר דער־פאר, ווייל ביז צו ענדע פון נייצעהנטען יאהרהונדערט איז פאלעסטינא געוועזען ניט בעבויט, וויסט, האָט מען געקענט אָנווענדען דיא נייעסטע טעכנישע ערפינ־דונגען. און אקוראט וויא ביים בויען פון שטעדט האָט מען אויך ביי אלע אנדערע אונטערנעהמונגען זיך געווענדעט צו דיא נייעסטע ענטדעקונגען און פראקטישע

ערפאהרונגען, סיי ביים בויען פון אייזענבאהנען, ביים דורכציהען פון קאנאלען, סיי אין פאבריקאציע און מסחור און אין פעלדארבייט. דיא רייכע ערפאהרונגען פון אלע געבילדעטע פעלקער האבען געדיענט אויף שריט און טריט דיא טויזענ־דער קאלאניסטען, וועלכע זיינען געקומען פון אלע עקען פון דער וועלט. און דיא געשטודירטע, דיא געענדיגטע, וועלכע זיינען געקומען פון דיא אוניווערזיטעטען, פון אגראנאמישע, טעכנישע און האנדעלסשוהלען פון דער גאנצער געבילדעטער וועלט, האבען מיטגעבראכט מיט זיך דיא בעסטע קענטניסען און דיא נויטהיגס־טע ערפאהרונגען פון דער וויסענשאפט. און גראד אט אלע דיא געענדיגטע, אט אלע דיא ארעמע יונגע לייט, וועלכע האבען צוליעב דעם אנטיסעמיטיזמוס ניט געהאט זיך וואו אהין צו טהון אין דיא ציוויליזירטע לענדער, און זיינען ארא־געזונקען צו א מצב פון א פראלעטאריאט אהן א האפנונג אויף ווייטער, וואס קלערט נאר פון מרידה, רעוואלוציע און דאס גלייכען — אט גראד מיט זיי, דיא פערצווייפעלטע יונגע לייט, מעג זיך פאלעסטינא בענטשען, ווייל זיי האבען אהער געבראכט דיא גאנצע וויסענשאפט מיט אלע איהרע פראקטישע אנווענדונ־גען. דאס אלץ האט זיי דוד דערצעהלט, בשעת זיי זיינען געפאהרען ווייטער.

פריעדריך האט זיך פלוצים דערמאנט אהן א ווארט, וואס האט געשפיעלט אזא וויכטיגע ראלע אין זיין לעבען, און ער האט זיך געווענדעט צו זיין אלטען פריינד מיט א פראגע, וואס דיא איבריגע האבען דאס ניט געקאנט פערשטעהן.

„א געבילדעטער און א פערצווייפעלטער יונגער מאן! צו געדענקט איהר נאך, מיסטער קינגסקאורט? עס איז קיין וואונדער, וואס גראד א יוד האט זיך יונג געמעלדעט. צו יענער צייט האבען אזעלכע געשפראצט אין איטליכער שטאדט, אלע זיינען מיר געווען אזוינע יונגע לייט“.

קינגסקאורט האט אבער מעהר אינטערעסירט דוד'ס ערקלערונגען, וויא פריעדריך'ס אנצוהערענים.

„איהר זייט א ממזר'ש פערדארבען פאלק! אונז האט איהר איבערגעלאזען דיא אלטע אייזענס און אליין פאהרט איהר אויף נייע מאשינען“.

שטיינעק האט זיך פערגנרערגעשריען:

„וואס? צו האבען מיר זיך גלאזט אנשאפען אלטע שמאטעס, בעת מיר הא־בען פאר דאס אייגענע געלד געקענט קריעגען גוטע און נייע זאכען! חוץ דעם, אלצדינג וואס איהר זעהט היינט ביי אונז איז שוין אין איירָאפּא און אין אמערי־אויף געווען, בעזונדערס אין אמעריקא. דיא אמעריקאנער האבען א סך אריבער־געיאגט דיא אלטע פערנארטע וועלט. פערשטעהט זיך, אז אין בויען פון עלעקט־

רישע מאשינען און אין אנדערע זאכען זיינען מיר געותען דיא תלמידים פון דיא אמעריקאנער".

„פאר אונז", האָט דוד וויטער ערקלערט — „איז געוועזן פיעל לייכטער און א סך ביליגער איינצופיהרען דיא נייעסטע מאשינען און נייעסטע טעכנישע מי־טעל און וועגען, ווייל מיר האָבען גאָר ניט געהאט וואָס מיר זאָלען דארפען אמאָרטיזירען. שלעכטע מאטעריאל, וויא אלטע שינעס, אלטע וואגאָנעס און דאָס גלייכען האָבען מיר ניט געדארפט אזוי לאנג ניצען, ביז זיי וועלען אונז דעקען די הוצאות, ווייל מיר האָבען זיי פשוט ניט געהאט. אונזערע וואגאָנעס, האָבען אלע בעקוועמליכקייטען: ווענטילאציע, א העלע בעלייכטונג ביי נאכט, ניטאָ דאָרטען קיין רויך, קיין שטויב, און כאָטש מיר פאָהרען א סך גיכער וויא פריהער ווערען מיר ניט אזוי אויסגעמאטערט. דיא פאסאזשירען אין דיא צוגען פאר ארבייטער זיצען ניט צוזאמענגעפרעסט וויא הערינג אין א פאס. מיר זאָרגען, פערשטעהט זיך, אז דיא פערבינדונגסמיטלען זאָלען ניט שאָדען דער געזונדהייט פון פאָלק. עס וועט אייך אויך אינטערעסירען, וויא וואָלוועל ביי אונז איז א נסיעה מיט דער באהן. מיר האָבען פאר פאסאזשירען דעם אייגענעם טאריף, וואָס איז איינגע־פיהרט געוואָרען אין לאנד בארען, צו צייטען פון דעם גוטען און קלוגען גראָס־הערצאָג פריעדריך. מיר זוכען מיט אלע מיטלען צו דערלייכטערען דעם ארבייטער דעם וועג ארבייט צו געפינען. איהר וועט ביי אונז ניט געפינען אזא ווילדען פאקט וויא, למשל, דאָס אין דער צייט בשעת מען זוכט אין איין אָרט ארבייטער וויא א דאָרשטיגער וואסער און אין אנדערען אָרט שטרעקען אוים טויזענדער ארבייטער זייערע הענד און קיינער נעהמט זיי ניט — אז אין אזא צייט זאָלען לויפען הין און צוריק ליידיגע וואגאָנעס, ווייל דיא באהן איז צו טייהער פאר דעם ארבייטער. פון לבנון ביז צום ים המלח און פון דיא ברעגעס פון מיטעלמעער ביז צו דשאָלאן און האוראן ציהען זיך דיא ליניעס, צו בעפרוכטען דאָס לאנד מיט מענשען־קראפט. אקוראט וויא דיא קאנאליזאציאָן מיט וואסער. ער פערשטעהט זיך, אז דיא פראכטען, דיא אייגענע וויא די וואָס ציהען דורך אונזער לאנד, זיי־נען זעהר גרויס, ווייל מיר האָבען דאָך קאָרנקאמערען, האפענס און מיר שטעהען אין פערבינדונג מיט דיא קליין־אזיאטישען און נאָרדאפריקאנישען באהנליניעס.. אבער איך וויל איצט ניט רעדען פון דיא מעלות פון אונזערע באהנען און באהנ־טאריפען, וועלכע נוצען זיי בריינגען דעם סוחרישען לעבען און דעם לעבען פון איטליכען יחיד ביי אונז. דאָס קענט איהר שוין אליין בעמערקען, חאָטש איהר זייט שוין צייט 20 יאהרען געוועזען ווייט פון דער וועלט. דאָס האָבען דאמאָלסט

פאר 20 יאהרען אלע געוואוסט פון דער טעגליכער ערפאהרונג“.

„האָטש דיא ערפאהרונג איז ניט געװען אזױ גװאלטיג גרױס“ האָט שטײ־
נעק זעהר פאססינג בעמערקט.

דוד האָט װײטער גערעדט: „אײן זאך אָבער האָט מען נאָך דאמאָלסט ניט
געװאוסט. קײנער האָט ניט געװאוסט װיא שעהן א־ז אונזער טהײער לאנד. א
סך זאכען זײנען נאָר צוליעב אונזערע קולטור־ארבײט בעשאפען געװאָרען, אָבער
שטענדיג איז געלעגען גאָטס ברכה אױף דאָס לאנד, נאָר הונדערטער יאהרען זײ־
נען אװעק און קײנער האָט ניט געװאוסט, װאָס פאר אוצרות פון רײכקײט און
שײנקײט ליעגען דאָ בעגראָבען. װאו געפינט איהר אין דער װעלט נאָך אזא
לאנד װיא אונזער, װאו דער פריהלינג איז אזױ נאָהענט א גאנצען רונדען יאהר?
מיר האָבען א װארעמען, א מיטעלען און א קאלטען קלימאט, אין פערשיעדענע
ערטער, און דיא ערטער ליעגען ניט װײט פון אײנאנדער.

אין מערב זײט פון ירדן־טהאָל איז כמעט הײס װיא אין טיעף אפריקא, א
טראָפיש קלימאט; ניט װײט בײ דיא ברעגעס פון ים איז דיא לופט אזױ מילד
און װײך װיא דיא איטאליענישע און פראנצױזישע ריװיערא, און א ביסעל װײ־
טער זעהן מיר דיא מורא׳דיגע בערג פון לבנון, אנטי־לבנון און דעם חרמון, בע־
דעקט מיט אײביגען שנעע. און דאָס אלצדינג קען מען זעהן אין עטליכע שעה,
פאָהרענדיג מיט דער אײזענבאהן. גאָט האָט אונזער לאנד געבענטשט מיט אלע
גוטסקײטען“.

„יאָ“, האָט רעשיד געזאָגט, — „עס איז אײנע פון דיא גרעסטע פערגעניגען
בײ א־נ: אביסעל זיך דורכפאָהרען. איך זעץ מיך אָפט אריין אין א צוג און פאָהר
זיך דורך, בכדי צו שטעהן און קוקען דורך דעם פענסטער אויף דיא פאנאָראמען
פון פאלעסטינא“.

„מײן הויכגעשעצטער מכניס־אורח“, האָט קינגסקאורט בעמערקט — „צװײ־
שען אונז גערעדט, האָט איהר אונז דאָס געדארפט װײזען פריהער פאר אלץ. איך
זאָג ניט חלילה אז אײער נח׳ס תבה איז ניט גוט. עס פאָהרט זיך גאנץ פײן און
שעהן, אָבער דיא פאנאָראמעס...“

דוד האָט זיך ענטשולדיגט: צוליעב צװײ טעמים האָב איך אײך ניט גע־
פיהרט קײן טבריה מיט ז׳ער באהן. ערשטענס קען מען זיצענדיג אין מאָטאָר־װאָ־
גען זעהן מעהר לאנד און מעהר מענשען. צװײטענס, פאר פסח זײנען דיא באה־
נען װאָס געהן פון חיפה איבער נאצארעט קײן טבריה פאק און פול. אמת, ס׳איז
א גרױסע הנאה זיך צוצוקוקען צו דיא פאסאזשירען, װאָס שטאמען אָב פון אלע

פעלקער, צו זעהען דיא טויזענדער פעלקער, עולי רגלים, ועלכע פאָהרען צו דיא הייליגע ערטער. איך האָב אייך אָבער פריהער געוואָלט ווייזען דאָס לעבען פון אונזער געזעלשאפט און איהר געוועהנליכען וואָכענדיגען אויסזעהען".

„יא, זאָגט נאָר אקאָרסט, וויא האָט א־הר פותר געוועזען דיא פראגע מכח דיא הייליגע ערטער?" האָט פריעדריך געפרעגט.

„עס איז גאָר ניט געוועזען אזא קונסטשטיק" האָט דוד געענטפערט. „בשעת אין פאָהריגען יאהרהונדערט האָט מען זיך אָנגעהויבען צוליעב דעם ציוניזמוס דערמיט צו בעשעפטיגען, האָבען א סך יודען, פונקט וויא איהר, געמיינט, אז אויף דער פראגע איז גאָר ניט מעגליך צו געפינען א ענטפער. וויא איך זעה קוקט איהר נאָך אויף דעם וויא פאר 20 יאָהרען צוריק. ערשטענס האָט פאר 25 יאָהרען זיך שוין ארויסגעוו־עזען, אז דער אָבהאלט וועגן דיא הייליגע ערטער איז גאָר ניט אזוי מורא'דיג. גרויסע פאָליטיקער און שרייבערס האָבען דאָס שוין דאמאָלסט גוט פערשטאנען. דיא קריסטליכע הייליגע ערטער זיינען דאָך אלע מאָל געלעגען אונטער מאכט פון ניט־קריסטען. אזוי וויא מען האָט שוין צייט יאהרהונדערטען ניט געזוכט זיי צו בעפרייען פון דיא ניט־קריסטליכע הענד, האָבען זיך מיט דער צייט געענדערט בכלל דיא אנזיכטען וועגען דיא פראוועס (רעכטען) אויף דיא הייליגקייטען. גאָטספר־ערען פון בויאָן און אנדערע פערצייטיגע ריטער האָט עס געקרענקט, וואָס פאלעסטינא ליעגט אונטער דער מלוכה פון מוזעלמאנער. צו האָט מען אזא מין געפיהל געקענט געפינען ביי דיא ריטערס און גראפען פון 19־טען יאהרהונדערט אין דיא קריסטליכע מלוכות? צו וואָלטען זיי זיך גאָר דערוועגט ביי דיא פארלאמענטען צו בעטען א קרעדיט, בכדי צו פיהרען מלחמה מ־ט דער טירקיי פאר דיא קריסטליכע הייליגקייטען? צו וואָלט דען אזא קריעג געווען גאָר א קריעג געגען דיא טירקיי און ניט געגען אנדערע אייראָפייא־שע נאציאָנען, וואָס וואָלטען ניט צוגעלאָזען, אז דיא הייליגקייט זאָלען געהערען צו איין נאציאָן? דעריבער איז מען שוין לאנג געקומען צו דער דעה, דאָס פאר אלעמען איז גלייכער, אז עס זאָל בלייבען, וויא עס איז געווען, אין דיא טערק־שע הענד. אָבער דאָס איז נאָר געווען א ענטפער פאר'ן שכל הישר, פאר'ן פראקטישען פערשטאנד, וואָס זוכט נאָר נוצען אין דער פאָליטיק. עס איז אָבער געווען נאָך אין אנדערער געדאנקען, פאר וואָס מען האָט אויפגעהערט צו שטרייטען וועגען דיא פראוועס אויף דיא הייליגקייטען. הייליגקייטען זיינען ניט קיין קלייד, קיין הויז, וואָס מען קען דאָס צונעהמען וויא א שטיק פערמעגען צו אייגענעם געברויך. דער אמת פרומער איז מעהר צופריעדען ווען זיינע הייליגקייטען געהערען קיינעם

ניט, איידער זיי זאָלען אריין אין דיא הענד פון א מענשליכער מאכט. דאָס וואָס איז הייליג זאָל ניט ווערען בעשמוצט פון מענשליכע פראָסטע אינטערעסען, זאָל קיינעם ניט געהערען. דאָס אלץ האָט געפיהרט דערצו, אז דיא הייליגע ערטער און קברים זיינען געוואָרען דאָס גייסטיגע אייגענטהום פון אלע פרומע קריסטען, אָהן א אונטערשיעד פון נאציאָן, און קיינער האָט ניט געזוכט זיי ארויסצוקריעגען פון דיא טערקישע הענד. און אויב איהר וועט זיין אין נאצארעט (נצרת) און ירושלים אָדער אין בית־לחם, וועט איהר זעהן דיא פּילגער (עולי לרגל), וועלכע קומען פון אלע עקען פון דער וועלט, און אויף זייער פרומען פּנים לויכטען דיא געפיהלען פון א אמת'ר אחדות. אפילו איך, וואָס איך בין א יוד מיט לייב און זעעלע, ווער טיעף געריהרט, ווען איך זעה דיא פערפרומטע פּילגער ביי דיא היי־ליגע קברים".

„מען דערמאָנט זיך אין לחרד אין דיא פּירענעען, אז מען געהט קיין נאצארעט אָדער קיין בית־לחם" — האָט שטיינעק געזאָגט, — „קופקעס, קופקעס טוריסטען, פּילגער, אלערליי דורכפאָהרער, נייע האָטעלען, גרויסע אכסניות פאר אונבעמי־טעלטע מענשען און קלויסטערס אָהן א שיעור".

אָט אזוי שמועסענדיג זיינען זיי אריינגעפאָהרען אין דאָס פלאכע לאנד, לאנג האָט עס זיך געצויגען פוןביידע זייטען וועג פערפלאנצט מיט ווייץ, גער־שטען, מאאיס, האָפּען, מאָהן און טאבאק. ווייסע רייגליכע דערפער מיט איינ־פאָהרהייזער און ווײנשענקען זיינען געלעגען צושפּרייט אין טהאָל און האָבען זיך וויא אָנגעלעהנט אָן דיא ותענד פון דיא בערג. גרויסע זאפטיגע לאָנקעס, אויף וועלכע עס האָבען זיך איצט געפּאסעט רינדער און שאָף, זיינען פערביי פאר זייערע בליקען, און מאנכעסמאָהל פלעגט פערבלישצען דיא אויגען דיא גלאנציגע מעסערס און אייזענס פון דיא פעלד־מאשינען. דיא גאנצע פּאנאָראמע איז געווען בעלויכטען פון דער פריהלינגס זוהן און עס איז געלעגען אויף איהר א אָבשיין פון פריעדען און גליק.

זיי זיינען דורכגעפאָהרען קליינע דערפלעך, זיי האָבען אריינגעקוקט אין די ריינע פּויערשע הויפען, זיי האָבען געזעהן ווייבער און מענער ביי דער פעלדאר־בייט, קינדער ביי'ן שפּיעלען זיך און אלטע לייט. וועלכע האָבען זיך געוואָרעמט אויף דער זון. דיא אורחים האָבען זיך געוואונדערט, דאָס מיט יעדער שעה פּער־גרעסערט זיך דיא צאָהל פון דיא פוסגעהר. אלע, בעשיינפּערליך, האָבען געהאט אין אויג איין ציעל, און עס האָט אויסגעוויעזען, אז עס ציהט זיי צו דרום צו אין דער הויך, וואו עס האָט זיך געזעהען א גרעסערעס דאָרף. דער וואָגען פלעגט אלע־

מען אריבעריאָגען, מאנכע צופוס געהער פלעגען זיך געריסען, אנדערע פלעגען בע־געגנען דעם וואָגען מ׳ט א קלינגעדיגען „הידד״. עטליכע אָבער האָבען ווי פער־ביטערט, קווס געצוויגען מיט׳ן הוט און אנדערע פלעגען זיך אפילו אָבקעהרען אָן א זייט. וויא נאָר דער מאָטאָר־וואָגען פלעגט פארבייפאָהרען, פלעגט הינטער איהם נאָך לעבעדיגער ועדען. פון איטליכען פו׳ערשען הויף פלעגען ארויסגעהן מענשען, איילענדיג זיך, מאנכע נאָכלויפענדיג, און נאָך אנדערע פלעגען גיך ארויף אויף א פערד און זיך לאָזען אין גאלאָפּ. וועלאָסיפּעדיסטען זיינען נאָכגעפאָהרען דעם מאָטאָר־וואָגען, זיך בעמיהענדיג איהם אריבער צו יאָגען. דוד׳ס געסט האָבען אָנגעהויבען פיהלען, אז מען ערוואַרטעט זיי ערגעץ וואו.

און דאָס איז טאקי אזוי געוועזן. דאָס דאָרף, וואָס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען דורך זיין רייכקייט, צוליעב די פּראַכטיגע איינפאָהרסהייזער, דיא פּע־טע בהבות און דיא הויכע קולטור פון דיא פעלדער, האָט געהייסען נ י י ד אָ ר ף. דיא קהל׳שע שטוב, א קליין פּאלאצעל, איז געוועזן פול, א גאנצע מחנה מענשען האָבען זיי שוין ערוואַרטעט און וויא באלד עס האָט זיך בעוויזען דער וואָגען, האָבען הונדערטער שטימען אָנגעהויבען שרייען „הידד!״

זיי האָבען ניט באלד געקענט אריין אין שטוב, ווייל א חאָר פון ריינליך געקליידעטע שול־קינדער, אונטער דער השגחה פון לעהרער, האָבען זיי בעגריסט מיט א העברעאישען ליעד. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט צו צוהערען. פריצכען איז ווידער געוואָרען מונטער און אויף׳ן אָרעם פון ניאניע האָט ער געפּרובט מיט־צוזינגען, א שעהנעם טעם האָט עס געהאַט....

דערנאָך איז ארויסגעטרעטען דער קהל׳ס פיהרער פריעדמאַן, א קרעפטיגער פויער פון א ערך 40 יאָהר, און האָט געהאַלטען א קורצע רעדע. ער האָט בעגריסט דיא געסט און נאָך מעהר ליטוואקען און שטיינעקען, וויא דיא טרייע פיהרער פון זייער פּארטיי. ער האָט גערעדט פּראָסט יודיש.

„א דונער זאָל מיר חאפּען!״ האָט קינגסקאורט אריינגעברומט דוד׳ן אין׳ן אויער, „איך האָב גאָר ניטגעוואוסט, אז איהר זייט א פיהרער פון א פּארטיי״.

„נאָר אויף א קורצע צייט, אויף עטליכע וואָכען. דאָס איז ניט מיין פּראָ־פעסיאָן״.

א צווייטער פויער איז ארויסגעטרעטען, א שטארקער, מיט ברייטע פּליי־צעס און מיט א געזיכט פערברענט פון זון. ער האָט גערעדט דעם הוט, אביסעל ניט פעכט ביי זיך, צווישען דיא ברוינע הענד און האָט זיך פערהאַקענדיג אלע ווילע געזאָגט;

„הער ליטוואק און הער שטיינעק, איהר וועט שוין מיר מוזען מוחל זיין, ווען איך וועל עפּעס אויך זאָגען".

עטליכע פּויסטען האָבען זיך א לאָז געטהון צו דעם אונגעבעטענעם בעל-דרשן. עטליכע האָבען געשריען:

„מענדיל זאָל זיך ניט דערוועגען צו ריידען! קיינער האָט איהם ניט גע-בעטען!"

מענדיל איז אָבער געשטאַנען וויא א עקשן, און וואָס מעהר מען האָט איהם ניט צוגעלאָזען איז ער אלץ פעסטער געוואָרען ביי זיך.

„איך וועל רעדען".

עס איז געוואָרען א מהומה: „אונטערשטעהן זאָל ער זיך!" האָט געשריען דאָס רוב. מענדעלס אָנהענגער האָבען אָבער אויך גע'רעש'ט: יאָ! ער וועט רע-דען". דוד האָט זיי אלעמען בערוהיגט, דערלאַנגענדיג א מאַך מיט דער אויפגע-הויבענער האנד:

„אודאי וועט ער רעדען".

מענדיל האָט מיט א קרים זיך געווענדעט צו זיינע געגנער: „זעהט איהר! הער ליטוואק איז א גרעסערער פּקח פאר אייך, חמורים! איך האָב געוואָלט זאָ-גען, אז פריעדמאַן האָט ניט גערעדט פאר'ן גאַנצען קהל".

„שקר! שקר! ער איז אונזער קהלס-פיהרער!"

מענדיל האָט דאָס אָבער ניט געאַרט:

„דיא געסט זאָל ער בעגריסען. דאָס איז זיין חוב, און דאַמאָלסט האָט ער באמת גערעדט אין נאָמען פון אלע מענער און פרויען פון נײַדאָרף. אָבער ער האָט ניט קיין (רעכט) אָנצורופען הערן ליטוואק און שטיינעק פאר אונזערע פּארטיי-פיהרער. ביי אונז אין נײַדאָרף זיינען דאָ אזוינע, וואָס האלטען ניט מיט ליטוואקס פּארטיי. אָט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגען, הערר ליט-וואק און הער שטיינעק". —

אין דער צייט פון מענדעלעס רעדע איז דער עולם איינגעשטילט געוואָרען. עס האָט נאָר א פּנים געהאַט, אקוראט, וויא פיעלע זיינען איינשטימיג מיט מענ-דעלס ווערטער, ווייל דיא גאסט-פריינדליכקייט האָט ער ניט געצעפּעט, נאָך דיא פּארטיי אינטערעסען.

„אָ חאָ!" האָט קינגסקאורט זיך דערקונדיגט ביי שטיינעקען, — „מיר זיי-נען אריינגעפאלען ביי'ן שונא אין דיא הענד".

„אויפעסען וועלען זיי אונז ניט", האָט געענטפערט דער ארכיטעקט, —

„מיר זיינען דאָך דעריבער אהער געקומען, זיי צו מאכען פאר אונזערע פריינד. איך וועל שוין זיי קלאָר מאכען, דיא פערשטויבטע מוחות... אָבער רבונו של עולם! וואו איז מיין רעדע?"

ער האָט דורכגעזוכט דיא רייזעטאַש, וואָס א דיענער האָט איהם צוגע־טראָגען.

„דיא רעדע איז דאָ ניטאָ!"

מאדאם ליטוואק האָט זיך פאנאנדערגעלאכט: „איהר האָט זי דאָך געהאט אין דער רייזעטאַש!"

„איצט דערמאָן איך מיך, אז איך האָב זיא פערפאקט אין מיין טשעמאָדאן".

מרים האָט געזאָגט: „טאָ רעדט פון קאָפּ!"

שטיינעק האָט געמאכט א פנים פון א געהענגטען. מיט דרשות פון קאָפּ האָט ער ביי'ם עולם נאָך קיין מאָל ניט אויסגענומען.

דאָס געזעמעל מענשען האָט זיך צוטהיילט. „רב שמואל געהט!" האָט זיך געהערט און דער עולם האָט געמאכט פאר איהם א וועג.

רב שמואל איז געוועזן א אלטער מאן, געבויגען פון דיא יאהרען, מיט א גוּ־טען פריינדליכען בליק אין דיא אויגען. ער האָט אנגענומען דוד'ן ביי דער האנד און האָט איהם בעגריסט מיט'ן גאנצע הערצען. און מען האָט באלד געקענט זעהן, אז ער האלט ניט מיט מענדעלען און דיא אנדערע עקשנים.

מרים האָט דערווייל שטילערהייט דערצעהלט דיא אורחים, וואָס פאר א מענש דער רבי איז. ער איז געוועזן פון דיא ערשטע וועלכע זיינען געקומען אהער נאָך צו דער צייט, בשעת אָט דיא פלאכע געגענד איז נאָך געלעגען וויסט, בשעת דאָס לאנד פון אשאָשים (עשושית?) דאָרטען אין צפון־זייט איז געוועזן פערטרונקען פון זומפּען און אין עמק יזרעאל האָבען נאָך געפיהרט דיא פעלאכען א אָרעמע ווירטשאפט. ר' שמואל איז געוועזן דער טרייעסטער און דער גייסטיגער פיהרער פון דיא קאָלאָניסטען אין גיידאָרף, דאָס רוב געבירטיגע אין רוסלאנד, וועלכע זיי־נען געקומען אויפלעבען מיט נויט און שוויים דאָס פערוויסטעטע לאנד. ער איז געוועזן דער רב פון דאָרף, און כאָטש ניט איין שטאָדט אין פאלעסטינא האָט איהם אָנגעבאָטען א שעהנערע רבנות, איז ער פערבליעבען אין דאָרף, ביי זיינע ברי־דער דיא קאָלאָניסטען. פאר זיין פרומקייט און איידעלקייט האָט מען איהם אומעטום זעהר געאכטעט און געשעצט. אין מזרח זייט, אין עק־ניידאָרף, וואו מען האָט ר' שמואל'ן אויסגעבויט א הייזעל, ציהט זיך א גאָרטען, וועלכער טראָגט אויף זיך דעם נאָמען „גן־שמואל", און ווען ר' שמואל האלט צו דיא יום־טובים

א דרשה אין שול קומען צו געהן דיא קאָלניסטען פון אלע ארומיגע דערפער, הערען דיא טיעפע הייליגע רייד פון זייער געליעבטען אלטען רב.

דער קהל'ס פיהרער פריעדמאן האָט אונטערדרעסען אַרויסגעטראָגען פאר די געסט ווין און א צובייסענס. אויף דעם פלאַץ הינטער דער קהל'שען שטוב האָט מען פון ברעטער אויפגעשטעלט א לופטיגען זאל. איבער דיא הויכע שטאנגען און דיא שטאמען פון דיא בוימער האָט מען אריבערגעצויגען ברייטע זעגעלטיכער, צום שוץ פאר דער זון. און דער גאנצער עולם איז אוועק אהין.

אין זאאל איז פון ברעטער צוזאמענגעשלאָגען געווען א קליינע בימה פאר'ן רעדנער. אין דער ערשטער שורה פאר דער בימה זיינען געשטאנען שטוהלען פאר ר' שמואל'ן און דיא געסט. און ווייטער האָבען זיך געצויגען לאנגע שורות בענק, אָבער דער עולם האָט געמוזט שטעהן.

צוערשט האָט פריעדמאן גערעדט. ער האָט געבעטען דעם עולם, זיך רוהיג צוצוהערען און ניט שטערען דיא רעדנער, אפילו דאמאָלסט, ווען מען איז ניט איינפערשטאנען מיט אלץ. ניידאָרף האָט א גוטען שם, און לאָמיר זעהן איהם ניט אנצואווערען. דערנאָך האָט ער געגעבען דעם וואָרט צו ארכיטעקטען שטיינעק. שטיינעק איז ארויף אויף דער בימה, זיך א פאָר מאָל אָבגעהוסט און האָט אָנגע־הויבען צו רעדען, פריהער זיך א ווילע אָבשטעלענדיג, דערנאָך אלץ גיכער און לעבעדיגער.

„ליעבע חברים! מיר איז — חם — א — הם — א אונגליק פאסירט אויף דער רייזע — הם. איך האָב, זעהט איהר — הם — מיינע אויפגעשריעבענע רע־דע פערלאָרען אונטערוועגס. איך האָב פערשטעהט איהר, א רעדע אויסגעארבייט פאר איי, דאָס איז געווען א גוטע און א שעהנע רעדע איהר מוזט שוין גלויבען אויף'ן וואָרט, ווייל הערען וועט איהר זיא שוין ניט".

עטליכע האָבען זיך פערנאנדערגעלאכט. שטיינעק האָט ווייטער גערעדט:

„מיר זיינען געקומען אין אונזער נייער געזעלשאפט צו א אָרט — הם — וואו מיר מוזען זיך פערקירעווען — הם — וואו מיר מוזען זיך פערקירעווען. איך זאָג אייך נאָר: מיר מוזען זיך פערקירעווען!"

דער רעדנער האָט זיך אָבגעווישט דעם שוויים פון שטערען.

„אין וואָס בעשטעהט דאָס, וואָס מיר מוזען זיך פערקירעווען ליבע חברים?"

„איידער אָבער מיר ווילען זיך צוקעהרען צום אָרט, וואו מיר מוזען זיך פערקירעווען — הם — וויל איך ריידען — הם —וועגען אונזער פערגאנגענהיים.

וואָס איז דאָס געווען פאר א פערגאַנגענהײט, אײערע, אונזערע? הם? דאָס נהעטאָ!"

פון עולם: „אמת!"

ווער האָט אײך ארױסגענומען פון גהעטטאָ? הם? ווער?"

מענדעל האָט מיט א שטארקער שטימע צוגערופען: „מיר אלײן".

דער עולם שרײט: „רוהיג זײן, רוהיג!"

שטײנעק אָבער האָט זיך נאָך מעהר צוהיצט:

„ווער איז דאָס מיר אלײן? הם? צו איז דאָס מענדעל אָדער א אנדערער?"

און מענדעל האָט ווײטער געשריען „דאָס פאָלק".

„איך בעט, אז מען זאָל מיר ניט איבערהאקען דיא רייד! הם. איבריגענס נעהם איך אָן מענדעלס ווערטער. דאָס פאָלק, אוודאי! וויא דען! הם, אָבער אײנער אלײן האָט דאָס פאָלק זיך ניט געקענט ארױסראַטעווען, הם. אונזער פאָלק איז געווען צוטהײלט אין קלײנע שוואכע כחות. אײדער דאָס פאָלק איז אימשטאנד געווען זיך אלײן צו קענען העלפען, האָט מעז דאָס געמוזט צונױפ־זאמלען פון דער גאנצער וועלט".

מענדעל האָט ווידער אָנגעהױבען צו רעש'ען:

„פערשטעהט זיך, דיא פיתרער. מיר קענען שוין דעם פזמון".

דאָ אָבער האָט פריעדמאַן א דונער געגעבען מיט'ן קול:

„מענדעל! זאָלסט מיר דיא רגע שטיל ווערען! הערר שטײנעק, איך בעט אײך רעדט ווײטער".

„הם, יאָ, איך וועל ווײטער רעדען. דיא פיהרער, זאָגט מענדעל. מיר דאכט זיך — הם — אז ער האָט דאָס געזאָגט מיט א חוזק אויף דיא ליפּען. אָבער עס איז פאָרט אמת, הם. וואו איז געווען דאמאָלסט דער ראבינער גײער, וועל כער העצט אײך איצט אויף? איך וועל דאָס אײך זאָגען. אײער דאָקטאָר גײער איז דאמאָלס געווען א געגנער פון ציוניזמוס. איך האָב איהם געקענט. ער איז דאמאָלסט אויך געווען אונזער דערצאָרענסטער געגנער, אָבער גאָר צוליעב אנדע־רע טעמים, אָה, גאָר צוליעב אנדערע. אין איין זאך איז ער געבליעבען, וויא ער איז געווען — הם. איך וועל אײך זאָגען, וואָס ער איז געווען, וואָס ער איז, און וואָס ער וועט זײן. דאָס איז א ראבינער וואָס רײבט זיך אָן איטליכען פעטען טאָפּ. בשעת מיר ציוניסטען האָבען זיך געלאָזען אין וועג אויפצוזוכען אונזער פאָלק און אונזער לאנד האָט ער אונז געזידעלט און געשאָלטען. יאָ. נארען און מאזוריקעס האָט ער אונז גערופען".

א יונגער קאָלאָניסט פון א ערך 25 יאהר איז צו דער בימה צוגעגאנגען און האָט מיט סטאטיק געזאָגט:

„זייט מיר מוחל, הערר שטיינעק! דאָס קען דאָך ניט זיין מען האָט דאָך שטענדיג געוואוסט. אז מיר זיינען א פאָלק, און אז פאלעסטינא איז אונזער אמאָליגע לאנד. טאָ וויא האָט ד"ר גייער געקענט זיין אקעגען דיא ציוניסטען?"

„ער איז אָבער פאָרט געוועזן אקעגען", האָט שטיינעק געשוימט פאר כעס. „ער האָט פערלייקענט אונזער פאָלק און אונזער לאנד. אליין האָט ער געלייענט אין סדור ציון, ציון, אָבער זיין עולם דיא שאָף האָט ער פערטייטשט דאָס וואָרט גאָר אויף א וואונדערליכען אופן. זאָלען זיי זיך טראַכטען וואָס זיי ווילען וועגען ציון, נאָר דעם געוועהנטליכען טייטש זאָל דאָס ניט האָבען. ציון איז געווען אומעטום אין דער גאנצער וועלט, נאָר ניט אין ציון".

פון עולם האָבען עטליכע געשריען: „ניין, ניין. דאָס האָט גייער ניט געזאָגט. דאָס קען ניט זיין".

אָבער ר' שמואל איז אויפגעשטאנען. ציטערנדיג פאר אלטקייט האָט ער זיך אָנגעלעהנט אויף'ן שטאָק און האָט מיט דער פרייער האנד א מאַך געטהון אין דער לופט. אלע זיינען געוואָרען שטיל.

„עס איז אמת", האָט ער שטיל ארויסגערעדט. „עס זיינען געווען אזעלכע ראבינער דאמאלסט. אפשר האָט גייער אויך געהערט צו זייער חברה. איך ווייס דאָס ניט, אָבער איך מוז דאָס שטיינעקען גלויבען. אָבער עס זיינען געווען אזעלכע ראבינער, אָי, עס זיינען געווען...." און ער האָט זיך פערמאטערט אויסגעזעצט.

שטיינעק אָבער, ביי וועמען דיא ווערטער האָבען שוין ארויסגעשפארט, ווי א קוואל, און וואָס איז שוין געווען שטארק צוהיצט, האָט שוין גערעדט אָן אן אָבהאלט, גיך און גלאט:

„דיא ראבינער, וואָס דרייבען זיך ארום פעטע טעפ, האָבען אונז פערביטערט דאָס לעבען, און היינט טהוט דאָס גייער ווייטער. דאמאָלסט, אין דיא ערשטע שווערע צייט האָט ער ניט צוגעלאָזען, אז מען זאָל גאָר רעדען וועגען פאלעסטינא. איצט איז ער מעהר חובב ציון, וויא מיר אלע. ער איז דער פאטריאָט, דער אמת'ער עכטער נאציאָנאליוד, — מיר זיינען דיא פריינד פון דיא גרים, פון דיא פרעמדע, און אז מיר זאָלען איהם לאָזען נאָך לאנג רעדען, וועט ארויסקומען, אז מיר זיינען דיא ערגסטע יודען, אָדער גאָר וויא גרים אין זיין לאנד פאלעסטינא. יאָ, אָט דאָס איז מיין מיין. ער וויל אונז אָבזונדערען פון

דעם כלל. חשד־געפיהלען צושפרייט ער צווישען אונז און אייך; מאכט א פרום פנים'על, דער צבועה'ניק, פינטעלט אבער דערווייל מיט דיא אויגען צום פעטען טאפ. פריהער בשעת אין קהל'שען לעבען האבען געדרעהט דאס רעדעל דיא גבירים, פלעגט ער רעדען נאך'ן געשמאק נאך פון דיא רייכע. פאר דיא רייכע איז דער ציוניזמוס געווען א דארן אין אויג, און ער האט געטייטשט דיא עקרים פון יודענטהום, וויא זיי האבען דאס פערלאנגט. דאמאלסט האט ער געזאגט, אז דאס יודישע פאלק דארף ניט זוכען דאס אלטע היים, ווייל דאס קען פערדארבען דיא רעפוטאציע און דיא רוהיגקייט פון פערשיעדענע אידישע באנקיירען און קאמערציענרעטהע. דאמאלסט האט ער גע'דבר'ט פון עפעס א משונה'דיגע זאך, אז דיא אידען האבען פון גאט א שליה צו זיין און לעבען אונטער דיא פעלקער. דאס יודענטהום איז דערצו דא, צו געבען דיא פעלקער לעקציאנען אין אמונה, דרך ארץ און ארענטליכקייט. דעריבער האט אונז גאט אמישנע צוזייט און צושפרייט. אויב דיא פעלקער וואלטען אונז סיי וויא סיי ניט געהאסט און ניט פערפאלגט, וואלטען זיי אונז, צוליעב אזא מין נארישע פרעטענזיע, וועניגסטענס געמוזט אויסלאכען און אויסשפעטען. און ציון האט אויפגעהערט צו זיין ציון. אין דער'אמת'ן אבער האבען מיר ניט געגעבען קיין לעקציאנען, נאר אליין געקראגן איטליכען טאג בלוטיגע לעקציאנען פון פיין און וועהטאגען. ביז מיר האבען זיך צוזאמענגענומען און אליין געזוכט און געפונען דעם וועג פון מצרים. פערשטעהט זיך, דאמאלסט איז אויך דער דאקטאר גייער נאכגעקומען מיט זיינע אלטע נארישע פרעטענזיעס און דיא פאלשקייט אויף'ן פרום פנים'על. דאס יודישע קהל'שע לעבען האט אויך, גאט צו דאנקען, אן אנדער פנים געקראגען. ניט דיא גבירים פיהרען דאס ראד, נאר אלע, אלע צוזאמען. דיא קהל'שע פיהרערס קלייבט מען ניט אויס פאר זייערע גביר'עש, נאר פאר זייערע מעלות פון האראקטער און פאר זייערע פעהיגקייטען. דעריבער מוז מען שוין היינט שמייכלען דעם המון, דיא מאסע. דעריבער מוז מען בעשאפען א נייע תורה, לויט וועלכער דיא מאסע קען עפעס קריעגען אבצולעקען א ביינדעל, אדער אויסטראכטען אזא מין תורה, וואס דיא מאסע זאל מיינען, אז דערין שטעקט איהר מזל און הצלחה. און דעריבער האט מען אנגעהויבען צו רעדען וועגען דיא פרעמדע, זיך צו בעקלאגען דערויף, וואס דיא גרים האבען אלע רעכטע ביי אונז. נאר לויט פון רעדישער נאציאן זאלען מעגען אריין אין דיא נייע געזעלשאפט. וואס וועניגער מענשען עס זעצען זיך צו דער שיסעל, קריגט איטליכער אלץ א גרעסערען דלק. צו מיינט איהר, אז דאס איז א נוצען פאר אייך? דאס איז ניט אמת. פער־

אָרעמען וועט דאָס לאנד, און אויסטריקענען וועט עס, ווען איהר וועט אָנהויבען צו פיהרען; אזא המור'שע שלעכטע פּאָליטיק. ביז איצט לעבען מיר מיט דעם גע־זעץ, דאָס איטליכער מענש, וואָס האָט פערלעבט ביי אונז צוויי יאהר אין דער נייער געזעלשאפט און האָט אין פערלויף פון צוויי יאהר גענומען אויף זיך די פפליכטען פון דער געזעלשאפט און האָט זיך די גאנצע צייט גוט אויפגעפיהרט — קען ווערן ביי אונז מיטגליעד פון דער געזעלשאפט מיט אלע פראוועס. אמונה און נאציאָן טאָר דערביי ניט שפּיעלען קיין ראָלע. אונזער הצלחה און אונזער גליק הענגט אָב פון דעם געזעץ. וויא באלד איהר זייט איהם מבטל, צושטערט איהר דאָס גאנצע בנין, וואָס מיר האָבען אויפגעבויט. און דעריבער בעט איך אייך, האלט זיך טריי אָן דעם געזעץ וואָס האָט אונז גרויס געמאכט, אונז אויסגעלערענט צו קוקען און פיהלען פריי און האָט אונז דערצויגען צו טאָלעראנץ. נאָר דאמאָלסט וועט ציון זיין ציון. איהר וועט אויסקלייבען א דעלעגאט צום קאָנגרעס. קלייבט אויס אזוינעם, וואָס קלערט ניט פון א נאָהענטען רוח, נאָר פון אייביגע רוחים. ווען איהר וועט אָבער א גייער'יאנער אויסקלייבען, זייט איהר ניט ווערט, אז דיא זון פון הייליגען לאנד זאָל אויף אייך שיינען. און אויס! איך האָב גע־ענדיגט“.

מען האָט וועניג וואָס געפּאטשט בראוואָ. טליכע שטעלען פון דער רעדע האָבען, וויא עס ווייזט אויס, געמאכט א רושם אויף דעם עולם, אָבער דער סוף איז קיינעם ניט געפעלען. נאָר איין איינציגען זיינען דיא לעצטע ווערטער געפעל־לען, און ער האָט דאָס אויך ארויסגעזאָגט דעם ארכיטעקטען, וועלכער האָט זיך נעבען איהם אנידערגעזעצט, אויסגעווייקייט פון שוויים. דאָס איז געווען מיסטער קינגסקאורט, אָבער ער האָט ניט געהאט קיין שטימע ביי דיא אויסקלייבענעש אין ניידארף.

---

.III

„צו וויל נאָך אימיצער רעדען?“ האָט פריעדמאן געפרעגט.

„איך!“ האָט מענדעל הויך אויסגעשריען, און אין דער אייגענער רגע איז ער שוין געשטאנען אויף דער בימה.

„דער הערר ארכיטעקט שטיינעק האָט געהאלטען פאר אונז א רעדע. מען

קען זאָגען, אז דאָס איז געווען א שיינע רעדע, מען קען אָבער אויך זאָגען, אז דאָס איז געווען א גראָבע רעדע. איך זאָג אייך דאָס איז געווען א גראָבע רעדע".

פריעדמאַן איז איהם אריינגעפאַלען אין דיא רייד:

„הער מענדעל, דוא זאָלסט ניט גראָב פערצעפּענען מענשען. דאָס וועל איך ניט דערלאָזען".

מענדעל אָבער האָט געענטפערט:

„פערצעפּענען? ועמען פערצעפּע איך? ער האָט אונז גראָב אָנגעריהרט, ער האָט געזאָגט, אז מיר זיינען ניט ווערט, אז דיא זון זאָל אויף אונז שיינען. פאר וואָס זיינען מיר דאָס ניט ווערט? ווייל מיר ווילען ניט אלעמען דערנעהערען צו זיך? ווער האט בעגאָסען דאָס לאנד מיט זיין שווייס? מיר. ווער האָט ארויס־געצויגען דיא שטיינער? מיר. ווער האָט געמאכט אויסטריקענען דיא זומפּען, דורכגעצויגען קאנאלען, געפלאנצט דיא בוימער, ווער האָט געשוויצט און געפּיי־רען ביז אלץ האָט געקראָגען דעם היינטיגען פּנים? מיר, מיר, מיר! און מיט איינמאָל זאָל דאָס געהערען ניט אונז? דאָס איז דאָך אָבער א משוגעת. בשעת מיר זיינען דאָ געקומען איז דאָס געווען א מדבר, א דיינער מדבר. איצט אָבער קען מען זיך פון אונזערע ווירטשאפטען א מוסטער אָבנעהמען. דערינען געפינט זיך אונזער שווייס און בלוט און אונזערע ארבייט. וואָס מען האָט דאָ גערעדט פון נאָהענטע און אייביגע רוחים — הויבט דאָס מיין שכל ניט אָן צו בענעהמען. אפשר בענעהמט איהר דאָס. וואָס דאָקטאָר גייער אנבעלאנגט, געפעלט ער מיר גאָר ניט. זיינע פריהערדיגע רייד געפעלען מיר נאָך ווייניגער, אָבער איך וויים, אז איצט האָט ער רעכט. דאָס וואָס מיר האָבען בעשאפען מיט אונזערע אייגענע הענד טאָר קיינער פון אונז ניט צונעהמען, מיר וועלען דאָס ניט דערלאָזען. אוים! מעהר האָב איך ניט וואָס צו רעדען".

עטליכע הענד האָבען וויא פערשעהמט געפּאטשט בראוואָ. מען האָט זיך בעשיינפערליך איינגעהאלטען צוליעב דיא געסט.

נאָך מענדלען איז ארויף אויף דער בימה דוד ליטוואק. אויף זיין פּנים איז געלעגען א טיעפע ערנסטקייט. בעת ער האָט אָנגעהויבען מיט א קלאָהרע הויכער שטימע צו זאָגען:

„מיינע פריינד! איהר וועט מיך אויסהערען, איהר ווייסט דאָך, אז איך שטאם אָב צוגלייך מיט אייך פון א פעלדארבייטער, צוגלייך מיט אייך האָב איך געבען מיין פאָטער געאקערט און גערייניגט דאָס פעלד, מיר האָט אָבגעגליקט און מיין מצב האָט זיך געהויבען, איך וויים אָבער דיא שמערצען און ליידען פון

לאנדסמאן ; איך ווייס, וויא עס איז אייך אויף'ן הארצען, און פון דעסטוועגען זאָג איך אייך, מענדעל איז אונגערעכט.

ערשטענס קלעהרט קיינער ניט עפּעס צוצונעהמען פון אייך, וואָס געהערט צו אייך. און ווען איינער זאָל זיך דערוועגען דאָס צו טהון, וואָלט איך געוועזען דער ערשטער, וועלכער וואָלט געשטריטען פאר אייך ביז צום לעצטען אָטהעמצוג. ניין,קיינער קלערט גאָר ניט צוצונעהמען פון אייך דיא רעכטען, וועלכע איהר האָט פערדיענט כשר ויושר. דיא פּירות פון אייער ארבייט זאָל בלייבען ביי אייך און זאָלען זיך נאָך מעהרען. די פראגע זעהט גאָר אנדערש אויס, ווי מען שטעלט זיא אייך פאָר.

מענדעל מיינט דאָס מיט'ן גאנצען הארצען,ער לעבט אָבער אין טעות,ערשטענס איז א טעות, ווען ער מיינט, אז אלע דיא עשירות וואָס ער זעהט ארום זיך האָט איהר דאָס געמאכט מיט אייערע אייגענע הענד. אייערע הענד האָבען דאָס געמאכט, אָבער ניט אייערע קעפּ האָבען דאָס אויסגעטראכט. איהר זייט אפילו גאָט צו דאנקען, ניט אזוי אונוויסענד, וויא דיא פויערים אין פריהערע צייטען אין אנדערע לענדער, איהר ווייסט אָבער פאָרט ניט דיא אבשטאמונג און דיא געשיכטע פון אייער היינטיגען גליקליכען מצב. וואָס איז ניידאָרף ? ווער עס זעהט דאָס צום ערשטען מאָהל און קען ניט דיא געשיכטע פון דער דאָזיגער קאָלאָניע, קען זיך נאָר וואונדערען אָדער זיך פרעהען, דאָס אויף דעם אלטען שאָסעע פון די ראָמער, וועלכע געהט קיין טבריה, אין וואדי רומאנע געפינט זיך אין אזא בליהענדער אָרט. איך בין היינט ארויסגעפאָהרען מיט צוויי העררען, און איך בין שטאָלץ געוועזען, זיי צו קענען ווייזען אונזער רייכטהום און פּוץ.אונזערע לאָנקעס אין גערטנערשולען, אונזערע גרינע באָיארעס און פראכטיגע געפּוצטע הייזער. אונזערע פעטע בהמות און אונזערע מאשינען, דיא בעוואססערונג פון לאנד און דיא פעלדער אויף דעם אָרט פון אמאָליגע זומפּען. איך האָב געזאָנגט „אונזערע", האָטש איך פערמאָג דאָ ניט קיין איינציגע בהמה, קיין שום שטיקעל פּלאָץ. אלע געהערט אייך, אָבער איך פיהל זיך אזוי וויא אין דער היים, און רעד בלשון רבים „אונזערע". און ווען דיא דאָזיגע הערען ועלען מיר פרעגען, ווער האָט דאָס אלץ בעשאפען אין א משך פון צוואנציג יאהרען, וועל איך ענטפערען צו גלייך מיט אייך : מיר, מיר מיר.

אמת, אָבער וויא ? צו זיינען מיר, וויא מענדעל זאָגט, געקומען און דאָס פשוט אליין בעשאפען מיט דיא צעהן פינגער ? מיט דיא צעהן אונגעלומפּערטע פינגער, וועלכע זיינען פריהער גאָר ניט געוועזען מסוגל צו ערדארבייט ? וויא האָ־

בען מיר דאָס געקענט אויספיהרען, בעת אנדערע האָבען דאָס פריהער ניט גע־קענט? ווענינגסטענס, איז דאָס ביז צום סוף 19־טען יאהרהונדערט, בעת דיא דייטשע פראָטעסטאנטישע פויערים זיינען געקומען — קיינעם ניט געלונגען צו מאכען פרוכטבאר דיא ערד. און אזעלכע געניטע לאנד־ארבייטער האָבען מיר נאָכגעטהון און נאָך זיי אריבערגעיאָגט, וויא קען דאָס געמאָלט זיין?

אמת, איהר האָט געארבייט מיט דיא התלהבות, אויף וועלכע עס זיינען נאָר מסוגל יודען, וואָס זיינען צוגעבונדען צו זייער הייליג לאנד. פאר אנדערע איז דאָס געוועזען א אונפרוכטבארעס לאנד, פאר אונז איז עס געוועזען א גוט פעט שטיק ערד, ווייל מיר האָבען זיא דורכנעצט מיט אונזער טרייער ליעבע צו איהר. שוין מיט 30 יאהר צוריק האָבען דאָס בעוויעזען אונזערע ערשטע קאָלאָניסטען. אָבער דיא קאָלאָניעס אלס ווירטשאפטען האָבען גאָר ניט געהאט קיין ווערדע, ווייל זיי זיינען געוועזען געבויט אויף א פאלשען יסוד. זיי אלע האָבען מיט זייערע נייע מא־שינען מעהר ניט געקענט עררייכען וויא דאָס וואָס דיא אלטע דערפער אין איי־ראָפּא. איהר אָבער האָט בעשאפען א מוסטער פון א ניימאָדנעם דאָרף, און דאָס האָט איהר ניט געמאכט מיט דיא הויהלע צעהן פינגער.

איהר וועט זיך אויסלאכען, ווען איך וועל אייך זאָגען, אז ניידאָרף האָט מען גאָר ניט געבויט אין פאלעסטינא, זאָנדערן ערגעץ וואו אנדערש. עס איז גע־בויט געוואָרען אין ענגלאנד און אין אמעריקא, אין פריינקרייך און אין דייטש־לאנד. דאָס האָט זיך אויפגעבויט פון ערפאהרונגען, פון קענטניסע פון ביכער און פון פאנטאזיעס. אלע נסיונות פון פראקטישע און אונפראקטישע מענשען, וועלכע האָבען אייך געדיענט און אייך אָנגעוויעזען דעם וועג, הייבט איהר אפילו ניט אָן צו קענען און צו וויסען.

א מאָהל זיינען געוועזען פויערים, וועלכע זיינען געוועזען מתמידים אין דער אר־בייט וויא איהר, און זיי האָבען זיך פאָר ניט געקענט דערשלאָגען צו א חיונה אָהן דאגות. דער אמאָליגער לאנדסמאן האָט נאָך ניט געקענט דיא כוחות פון זיין איי־גען שטיק ערד, ער איז געוועזען פויל צו לאָזען אונטערזוכען חעמיש זיין שטיק לאנד. ער האָט נאָר געארבייט און געשוויצט, אָנגעווענדט מעהר קראפט וויא נויטהיג איז, אָדער וואו מען האָט דאָס ניט גענויטיגט, און האָט בענוצט דיא ערג־סטע מיטלען דערצו. דער אמאָליגער פויער האָט ניט געקענט שפּאָרעוודיג אר־בייטען, ווייל ער איז געשטאנען אין א געדיכטען טומאן, בעת מען זעהט ניט דריי טריט ווייט פון זיך. צו האָט ער גענויטיגט קרעדיט אויף פערבעסערונגען, פלעגט ער אריינפאלען אין דיא הענד פון דיא וואָכערניקעס, און דאָס גערעטעניש

האט ניט געקלעקט אויף אבצוצאהלען דעם חוב, וואס איז שטענדיג געוואק־
סען. ער איז ניט געווען פערזיכערט ביי דער אסעקוראנץ קעגען האגעל־וועטער
און אנדער שלעכטע סבות. צו בעוואסערן אדער אויסצוטריקענען זיין לאנד האט
בען ניט געסטייעט זיינע מיטעל. אין א ניט געראטענעם יאהר פלעגט ער פער־
ארעמט ווערען, און ווען דאס געראטעניש איז געווען גרויס, איז ער דערפון ניט
רייכער געווארען ווייל ער האט ניט געהאט פערבינדונגס מיטעל, צו ברענגען
אליין דיא תבואה אויפ'ן וועלט־מארק. ער האט געהאט אדער צופיעל אדער צו
וועניג העלפערס ביי דער ארבייט. זיינע הונגעריגע קינדער האט ער ניט געקענט
געבען לערנען, און זיי פלעגען אויפוואקסען פערחמור'ט וויא ער און זיינע אבות,
און בשעת עס האבען זיך בעוויזען די נייע גרויסע פערבינדונגס מיטלען, וויא
באהנען, עלעקטרישע און אנדערע, האט זיך אויסגעראכט, אז זיי זיינען נאר דער־
צו דא צו מאכען א תל פון דעם קליינעם לאנדסמאן. אין מאנכע לענדער איז דער
אקערבוי צוזאמענגעשמאלצען אין איינצעלנע גרויסע גיטער. דיא מאשינען פלע־
גען בערייכערען דעם גרויסען גוטסבעזיצער (פאמיעסטשיק) און דעם קליינעם
נאך ארעמער מאכען. א נייע פאנסטשינע (קנעכטשאפט) איז בעשאפען געווארען.
דער פרייער פויער איז געווארען א פעלד־קנעכט ביים גרויסען גוטסבעזיטצער
און זיינע קינדער פלעגען זיך פערדינגען פאר לאהן אין דיא פאבריקען.

דיא אמאליגע געזעלשאפט מיט איהרע פיהרונגען איז געשטראפט געווארען
מיט דעם אונגליקליכען מצב פון איהרע פויערים, און א סך עהרליכע און טיעפ־
בליקענדע מענשען האבען דערויף געזיפצט, געזוכט צו דערגעהן גענויער דיא
סבות פון דעם מצב,געפרובט אנווענדען פערשיעדענע מיטלען. אלץ וואס דיא ווי־
סענשאפט און דיא ערפאהרונג האט נאר געוואוסט האט מען אנגעווענדעט. א ן
איין זאך זיינען אלע געווען איינפערשטאנדען, אז אין א דור פון מאשינען, איי־
זענבאהנען און עלעקטריציטעט מוז מען זיך סטארען צו בייטען דיא בעדינגונגען
פון דער מענשליכען ארבייט, לויט דעם נאך, וויא עס פאדערן אונזערע נייע
קענטניסע פון דיא קרעפטען אין דער נאטור. דאס ניינצעהנטע יאהר־הונדערט
האט אויפגעצויגען א הינקעדיגען דור.

אין אנפאנג פון דעם 19־טען יאהרהונדערט האט מען אבגעגעבען כבוד דיא
גרעסטע בעלי־חלומות און דיא פראקטישע ערפינדער האט מען געהאלטען פאר
משוגע. נאפאלעאן דער גרויסער האט ניט געגלויבט, אז פולטאנס דאמפף־שיף
קען ברענגען א מאהל אימיצען א נוצען. דערפאר אבער האט אזא צומישטער מוח
וויא פוריע געקראגען א סך אנהענגער פאר זיינע פלענער, וואס האבען ניט גע־

האט קײן שום װערדע. סטעפּענזאָהן, דער, װעלכער האָט אײנגעפּיהרט די אײזען־באהן, און סאבעט, װעלכער האָט גע'חלומ'ט פון אי קאריען, האָבען געלעבט אין אײן צײט. איך קען אײך אָנרופען נאָך א סך אנדערע נעמען, פון װעלכע איהר הערט אפשר צום ערשטען מאָל".

אלע האָבען זיך צוגעהאָרכט צו דוד'ס װערטער, װאָס איז מעהר געװען א בילדונגס לעקציאָן װי א פּאָלקסרעדע, רוהיג און שטיל. איצט אָבער, בעת דוד האָט אויף א רגע אָבגערוהט, האָט זיך מענדעל אויפגעהויבען און האָט מיט א סטאטיק אָבער הויך געזאָגט:

„רעד צו דער זאך! װאָס פאר א שײכות האָט דאָס מיט נײדאָרף?"

דוד האָט געלאָסען נעעטנפערט:

„א גאנץ גרויסע, מײנע פרײנד! איטליכע נײעגטדעקטע מאשינע פלעגט בעשאפען א נײעם סאָציאליסטישען חלום. דאָס פאָריגע יאהרהונדערט דאכט זיך מיר אויס װיא א גרויסע פאבריק, װאו שכל'דיגע מאשינען זײנען געלעגען אין די הענד פון אונגליקליכע מענשען. פון דיא פאבריק קוימענס פלעגען זיך אויפהויבען געדיכטע װאָלקען פון רויך צום הימעל, װאָס איז א מאָהל געװען בלוי. װיא דיא װאונדערליכע, משונה'דיג אויסזעהענדיגע רויכװאָלקענס, װאָס פלעגען צו־פליסען און װעהרען פערװעהרט אין דער לופט, האָבען א פּנים געהאט דיא נבואות פון דיא דאמאָלסטריגע סאָציאליסטען, און װען דיא מענשען פלעגען אויפהויבען זײער בליק אין דער הויך, פלעגען זײ שוין ניט זעהען דעם אמאָליגען הימעל, זאָנדערן דיא רויך װאָלקענס פון סאָציאליסטישע משיח'ס צײטען.

עס זײנען אויך געװען װאָלקענס אין רויזענפארב װיא, למשל, דער בע־ריהמטער װאָלקען פון אמעריקאנער ב ע ל א מ י, װעלכער האָט אין זײן בוך „א בליק פון יאָהר 2000 צוריק אויף דאָס יאָהר 1887" אונז פאָרגעשטעלט א ערדלע קאָמונסיטישע געזעלשאפט: אין דער געזעלשאפט קען איטליכער עסען פון זײן שיסעל װיא פיעל דאָס הארץ געלוסט. וגר זאב עם כבש (שעפּס און װאָלף װאָהנען צוזאמען), שעהן, גאנץ שעהן. נאָר דאמאָלס זײנען דיא װעלף שוין מעהר קײן װעלף ניט, און דיא מענשען זײנען שוין מעהר ניט קײן מענשען. נאָך ב ע ל ל א־מ י איז געקומען דער בעל חלומות ה ע ר צ ק א און האָט געשריעבען זײן חלום װעגען א גליקליכע צוקונפט פאר אלע מענשען אין דעם בוך „פרײלאנד". זײן פּלאן איז א פראכטיגע קונצשטיק, פון דעם סאָרט װאָס מען קען פערגלײכען מיט דיא גענױטקײט פון א כישוף מאכער, װעלכער ציהט ארויס פון הוטעל בלומען, טויבען, אײער, זײד, קופּער און מעש. דאָס זײנען שעהנע חלומות; אויב איהר

ווילם, זיינען דאָס לופט־באלאָנען, וואָס לאָזען זיך ניט קירעווען. ווייל דיא ווערק פון דיא ערדלע בעלי חלומות, דורכגעדרונגען פון מענשענליעבע, האָבען איין חסרון: זיי בעווייזען דיא ריכטיגקייט פון זייערע ווערק מיט אזעלכע טעמים, וואָס דארפען נאָך אליין בעוויעזען ווערען. זיי בויען אויף דעם געדאנקען, דאָס דיא מענשען זיינען שוין גענוג דערוואקסען און גענוג פריי אין זייערע מיינונגען, בקיצור אז דיא מענשען פערמאָגען אלע מעלות, וועלכע עס זיינען נויטהיג ביי דער גרינדונג פון א נייער בעסערער געזעלשאפט. און אפשר האָבען זיי געוואוסט זיינע פעהלער נור זיי האָבען אומישנע אָנגענומען א פעסטען פונקט, אויף וואָס זיי זאָלען קענען בויען דיא פאָרשטעלונג פון א געזונדער, עהרליכער, איידעלער, פרייער מענשליכער חברה? זיי האָבען געמיינט, אז דיא מאשינע איז דיא הויפטזאכע, בכדי צו בעשאפען א נייעס. ניין, דיא הויפטזאכען איז דיא קראפט, נאָר דיא קראפט, וויא אמאָל אזוי איצט. עס פערשטעהט זיך, אז ווען מען בעזיצט שוין דיא קראפט, וועל איך צוליעב דיא נייעסטע ערפינדונג זיא קענען אָנווענדען אין א העכערן גראד. מיר אָבער האָבען בעזעסען אָט די קראפט. פון וואנען האָט זיא זיך ביי אונז גענומען? פון דער גערעכטיגקייט, אין וועלכע מיר זיינען שטענדיג געווען און וועלכע האָט געדריקט אויף אונז פון אלע זייטען, פון אונזערע צרות, נויט און רדיפות. דיא רדיפות האָבען צוזאמענגעפרעסט דיא צושפרייטע און צוזייטע, זיינען געוועזן דיא סבה פון אונזער אחדות און אונז שטארק געמאכט, ווייל ניט נאָר דיא אָרעמע זיינען געקומען, נאָר אויך דיא רייכע; ניט נאָר דיא יונגע לייט נאָר אויך דיא חכמים דיא זקנים; ניט נאָר בעלי חלומות נאָר אויך דיא געלערענטע; ניט נאָר דיא הענד נאָר אויך דיא קעפּ. א פאָלק, א גאנץ פאָלק האָט זיך צונויפגעקליעבען, אָדער נאָך בעסער, האָט זיך ווידער צוזאמענגעטראָפען. און מיר האָבען בעשאפען דיא נייע געזעלשאפט ניט דעריבער, ווייל מיר זיינען געוועזן בעסערע מענשען, נאָר דערפאר ווייל מיר זיינען געוועזן פשוטע מענשען מיט דיא געוועהנליכע מענשליכע בעדערפעניסען, וואָס פאָדערן לופט און ליכט, א געזונדען גוף, א לעבען בכבוד, סוחרישע פרייהייט און דיא אחריות, אז דאָס וואָס איך האָב — געהערט מיר. און אזוי וויא מיר האָבען געמוזט בוי־ען א נייעם בנין, האָבען מיר ניט געבויט נאָך דיא פלענער פון 1900 און ניט נאָך דיא פלענער פון 1800, אָדער 1600, אָדער נאָך עפּעס אנאנדער פלאן פון פערצייטיגע דורות. מען דארף אונז דערפאר ניט גלעטען איבער'ן בעקיל, מיר האָבען ניט געטהון קיין נסים, מיר האָבען נור געטהון דאָס, וואָס אונזער דור, אונזער מצב האָט געפאָדערט פון אונז מיט געוואלט, מיט נויטווענדיגקייט".

מענדעל האָט פערלאָרען דיא געדולד און האָט ווייטער אָנגעהויבען צו רעש'ן:

„רעדט צור זאך צור זאך!"

דוד האָט פריינדליך געענטפערט:

„איך בין באלד פערטיג, ווייל איך וועל אייך נאָך ווייזען דעם אָנהויב פון אייער היינטיגען מצב. אייער קאָלאָניזאציע אין אָנפאנג וואלט גאָר א אנדער פנים געהאט, ווען ניט דיא ערפאהרונגען און דיא חברה'שע ארבייטען פון 19-טען יאָהרהונדערט. איינצעלנע יודען האָבען א אנטייל גענומען ביי דיא שינוים פון חברה'שען לעבען אין אייראָפא, אָבער ניט דיא יודען אליין. דאָס וואָס איז ארויסגעקומען צליעב אלעמענס אָנשטרענגונגען צוזאמען טאָר קיין נאציאָן דאָס ניט אָנרעכענען נאָר זיך אליין. דאָס געהערט אלע מענשען. דיא וועלכע האָבען א דאנקבאר הארץ און א תשוקה אלץ צו דערגעהן, וועלען אפשר וועלען וויסען, ווער זיינען געוועז דיא קאָפּ מענשען וועלכע האָבען געפונען דיא נייע שטעגען פאר דעם מענשליכען כלל. דיא אנגלאָזאקסען, מיינע פריינד, זיינען געוועז דיא ערשטע, פאר זיי דאַרפען מיר זיך בוקען, ווייל ביי דיא ענגלענדער געפינען מיר דיא ערשטע פראָבען פון שותפישע אונטערנעהמונגען, וואָס מיר האָבען דאָס אי־בערגענומען און ווייטער אויסגעברויט. דיא דייטשע וויסענשאפט האָט אונז גע־געבען ט׳עפע ביאורים און הגהות דערצו. און אויב איינער פון אייך וויל זיך דער־מיט גענויער בעקאָנען, וועל איך איהם אָנווייזען אויף דיא ביכער ותעגען דיא געשיכטע פון שותפשע און חברה'שע אונטערנעהמונגען אין ענגלאנד, דייטשלאנד און פראנקרייך".

א יונגער פויער האָט אויפגעהויבען דיא האנד, וויא ער וואָלט וועלען עפּעס זאָגען.

פריערמאַן האָט דאָס דערזעהען און הויך געפרעגט:

„וואָס ווילסט דו יעקב?"

דער בחור איז געוואָרען רויט, ווייל ער האָט זיך באלד אליין דערשראָקען צו וואָס ער דערוועגט זיך, און ער האָט מיט א עניו'שע שטימע געזאָגט:

„איך האָב נאָך געוואָלט זאָגען הערען ליטוואַק, אז מיר האָבען אין אונ־זערע קהל'שע ביבליאָטהעק „דיא געשיכטע פון פּיאָנערען אין ראָקדעל".

„ניט דאָס מענדלען דורכצוליינען", האָט דוד געענטפערט.—„דאָס איז א שעהנע און א ניצליכע געשיכטע. דיא לייטישע פּיאָנערען פון ראָקדעל, וויא מען רופט זיי, האָבען א סך געטהון פאר אייך. דאָס הייסט, זיי האָבען דערביי געהאט

נור זיך אין זינען. ווען איהר געהט היינט אריין אין דיא חבדה'שע קראַמען פון לעבענסמיטעל און איהר קריעגט דיא בעסטע סחורה צו דיא וואָלוועלסטע פרייזען, האָט איהר דאָס נאָר דיא פּיאָנערען פון ראָקדעל צו פערדאנקען. און אויב אייער ניידאָרף איז היינט דיא רייכע חברה אויף אויסאַרבייטען און פערקויפען פון אלערליי לאנד־פּראָדוקטען. — האָט איהר דאָס צו פערדאנקען דיא אָרעמע פעכטערס פון רעהעליין אין אירלאנד. זיי האָבען אויך ניט פערשטאנען, וואָס פאר א וויכטיגע טהאט זיי זיינען בעגאנגען, בשעת זיי האָבען אין 1831 געגרינדעט דאָס ערשטע נייע דאָרף אין דער וועלט, מיט דער הילף פון זיינע גוטסבעזיצער וואנדעלער. נאָך מעהר יאהרען זיינען פערביי, איידער דיא געלערנטע און דיא חכמים האָבען פערשטאנען דיא נייע אידעע פון רעהעליין. ראָקדעל מיט דיא חברה'שע קראָמען פאר לעבענסמיטעל האָט מען א סך פריהער פערשטאנען, וויא דיא וויכטיגקייט פ.ן דאָרף רעהעליין, וואָס האָט אין שותפישען אופן אויסגעארבייט און פערקויפט דיא אייגענע לאנדפּראָדוקען. בשעת מיר האָבען אָבער געגרינדעט אונזער נייע געזעלשאפט, האָבען מיר, בערישטעהט זיך, איינגעפיהרט דיא יסודות פון נייעם דאָרף, איידער זיך אָנצוקווועלען מיט דיא יסודות פון אלטען פערצייטיגען דאָרף אלץ וואָס איהר זעהט דא אין ניידאָרף, איז שוין געווען אין רעהעליין. דער חילוק איז נאָר דער, דאָס אָנשטאָט מיסטער וואנדעלער שטעהט איהר אונטער דער השגחה פון דער גרויסער חברה, וואו איהר זייט אויך מיטגליעדער; אונטער דעם שוץ פון דער נייער געזעלשאפט".

נאָך אמאָל האָט יענער יונגער פויער אויפגעהויבען דיא האנד, און בשעת דער רעדנער האט פערוואונדערענדיג זיך אָבגעשטעלט האָט ער מיט עניות געזאָגט:

„צו וועט איהר אפשר אזוי גוט זיין, אונז דערצעהלען דיא געשיכטע פון רעהעליין און וואנדעלער, הערר ליטוואק?"

„מיט דעם גרעסטען פערגעניגען, מיינע פריינד!.... צו יענער צייט איז אירלאנד געווען א אָרעמע לאנד מיט אונגליקליכע איינוואָהנער. דיא פעכטער פון לאנד זיינען געווען אָרעמע שלעפּערס, גנבים און גזלנים. עס איז געווען דאמאָלסט א גוטסבעזיצער מיט'ן נאָמען וואנדעלער. ביי איהם אויף דיא גיטער זיינען דיא פעכטער געווען פשוטע רוצחים. אין אָנפאנג פון 1831 איז דיא נויט געווען זעהר גרויס. דיא דאָרפסלייט האָבען פאר הונגער אָבגעטהון עטליכע שרעקליכע רציחות. וואנדעלער האָט געהאט א עקאָנאָם, וועלכער איז געווען זעהר שטרענג אין בענעהמען זיך מיט דיא ארבייטער, און זיי האָבען געטראָגען אויף איהם א שרעקלי־

כע שנאה. פון פערצווייפלונג האָבען זיי איהם אוועקגעהרגת'ט. וואָס האָט געטהון וואנדעלער? א העלדענטהאט. אָנשטאָט דיא ארבייטער נאָך ערגער צו בעהאנדלען איז איהם איינגעפאלען א געדאנק זיי גוטעס צו טהון. ער האָט צוזאמען גערופען דיא פעראָרעמטע שלעפּערס, זיי פעראייניגט צו איין ארבייטער חברה, און האָט זיי אוועקגעגעבען זיין גוט רעהעליין אויף ארענדע. דער צוועק פון דער חברה איז בעשטאנען דארין, דאָס זיי זאָלען שותפיש בענוצען איין קאפיטאל, זיי זאָלען זיך איינער דעם אנדערען העלפען, זעהן בעסער צו לעבען, זייערע קינדער בעסער צו ערציהען. די זאפּאסען (פּאָראטחען) און די געווערקציינען געהערען אזוי לאנג צום גוטסבעזיצער ביז דיא חברה וועט זיי אויסצאָהלען. דעריבער זאָל דיא חברה דיא רייכע רוחים קלייבן אין א בעזונדערען פאָנד. דיא חברה קלייבט אוים פון זיך אייגענע משגיחים און פיהרערס. דיא חברה האָט אויסגעקליבען צווישען זיך זיי־ערע הנרים א קאָמיטעט פון 9 מענשען. איטליכער פון דיא 9 האָט געהאט אונ־טער זיך א אייגענע קאָמיסיע: איינער פאַר לאנדווירשאפט, דער אנדערער פאר פאבריקאציע, דער דריטער פאר דיא האנדעלס עסקים, דער פיערטער א שול־קאָמיסיע א. ז. וו., דאָס קאָמיטעט האָט בעשטימט דיא טעגליכע ארבייטען. איט־ליכער האָט געמוזט ארבייטען לויט זיינע קרעפטען. דער לוין, וואָס דיא חברה־לייט פלעגען קריעגען, איז געוועזן דער געוועהנליכער לוין אין דיא ארומיגע דער־פער. פון זייער לוין פלעגט מען קלייניגקייטען אָבציהען פאר דיא קראנקענקאסע און דאָס גלייכען. פון אויסען געזעהן זיינען דאָס געוועזן לויגארבייטער ביי א רענ־דאר, אין דער אמת'ן אָבער זיינען זיי געוועזן זייערע אייגענע רענדארעס, וואנדע־לער האָט נאָר גענומען פאר זיך דאָס רעכט, צו האָבען אויף דיא חברה דיא אויי־בערשטע השגחה. און דיא פּראָבע האָט משונה'דיג גוט געלונגען. וואנדעלער האָט ארוסגעצוגען פון זיין גוט מעהר ארענדע געלד און צינזען, וויא פריהער, און דיא ארבייטער, וועלכע האָבען פריהער געלעבט אין נויט און שמוץ, האָבען געקראָגען פלעצליך גאָר אָהן א איבערגאנג א נייע אויסזעהן. גאָר ניט צו דערקענען. זיי האָ־בען נעקריעגען חשק צו דער ארבייט, און דיא פרנסה פון איטליכען בעזונדער און געוואקסען פון טאָג צו טאָג. זיי האָבען געוואוסט, אז זיי ארבייטען פאר זיך און דאָס האָט זיי צוגעגעבען גאָר וואונדערליכע כחות. דיא אייגענע ארבייטער פון רעהעליין, וועלכע האָבען גע'הרג'ט זייער עקאָנאָם, האָבען איצט געמאכט דיא שווערסטע ארבייטען, אָן עמיצענס השגחה דערביי. וייל אלע זיינען געוועזן אונ־טער אלעמענס השגחה. מען האָט געפיהרט א בוך, וואו עס זיינען געוועזן פערציי־כענט איטליכענס ארבייטס־צייט און דיא סאָרט ארבייט פון איטליכען בעזונדער

נאָך דיא ווערדע פון דער ארבייט. און צום סוף וואָך האָט יעדער געקריעגען גענוי אזוי פיל, ווי פיל ער האט אין דער אמת'ן פערדינט. ניט אלע האָבען גלייך פער־ריענט. דער גענימערער, דער וואָס האָט מעהר געארבייט האָט מעהר פערדיענט, וויא דער פוילער און לאנגזאמערער".

„בראוואָ!" האָט עמיצער פון עולם א געשריי געגעבען. מען האָט זיך פער־נאנדערגעלאכט.

דוד האָט אָבער ווייטער גערעדט:

„מען האָט באלד בעמערקט, אז א ארבייטער פון רעהעליין ארבייט דורכ־שניטליך אויס דאָס דאָפּעלטע פון דיא לוין־ארבייטער אין דער ארומיגען געגענד און דאָס איז דאָך געווען דיא איינענע סאָרט ערד, דיא איינענע מענשען. זיי אָבער האָבע געפונען דעם ריכטיגען פּתרון; דעם געדאנקען צו גרינדען א חברה, וועלכע זאָל שותפיש אויסארבייטען און פערקויפען זייער לאנד און אנדערע ארבייטס־פּראָדוקטען. דיא לוין האָט מען ניט געצאָהלט מיט געלד, נאָר מיט צעטלעך, וועל־כע האָבען נאָר געהאט א ווערדע פון געלד אין קראָם פון רעהעליין, אָבער אלץ, וואָס זיי האָבען געוואלט פלעגען זיי קריגען אין זייער קראָם, וועלכע איז אויך גע־ווען א חברה'שע זאך. אין קראָם זיינען נאָך געווען דיא בעסטע סחורות, צו אָנלגע פּרייזען. דיא געשיכטס־שרייבער דערצעהלען אונז, אז דיא ארבייטער פון רעהע־ליין האָבען אלץ געקויפט אין זייער קראָם מיט 50 פּראָצענט ביליגער, וויא או־מעטום. יעדער חברה־מאַן איז שטענדיג געווען זיכער צו קריעגען ארבייט, און איטליכער האָט געמעגט זיכער רעכענען צו קריעגען אויסגעצאָהלט דאָס גאנצע יאהר אין צייטען פון קראנקהייט זיין געוועהנליכען טעגליכען לוין פון דעם אויס־האלטונגספאָנד. קראנקע און אלטע פלעגט מען קורירען און שטיצען. און ווען א פאמיליען־פאָטער פלעגט שטארבען, פלעגט מען זאָרגען פאר זיינע קינדער....

אָבער צו וואָס זאָל איך דערצעהלען זאכען, וואָס איהר קענט דאָס געפינען בעסער בעשריעבען אין פערשיעדענע ביכער? איך וועל אייך גלייכער שיקען דיא ביכער פון אועב־ספּאָטער, אָפּענהיימער, זייפערס, הובערט און נאָך פון א סך אנדערע קעפּמענשען".

צו דריטענמאָהל האָט יעקב ליטוואקען איבערגעשלאָגען דיא רייד:

„העהר ליטוואק, וויא האָט זיך רעהעליין ווייטער ענטוויקעלט?"

דוד האָט געענטפערט:

„אין א משך פון צוויי יאהר האָט רעהעליין געבליהט מיט איטליכען טאָג אלץ מעהר און מעהר. דיא וואָהנונגען, דאָס מעבעל, דאָס עסען, דיא קליידער,

דער ארט לעבען און וויא מען האט דיא קינדער ערצויגען, אלצדינג האט געוויזען אין וואס פאר א הויכען מצב עס געפינען זיך דיא פויערים פון רעהעליין. דיא יאהריגע רוחים זיינען אריבערגעוואקסען דאס ארענדע געלד, און דיא חברה־לייט פון רעהעליין וואלטען געוויס אין א קורצע צייט אויסגעקויפט דאס גוט, — ווען מיסטער וואנדרעלער וואלט זיי ניט געלאזען אין שטיך. וואנדרעלער האט אין דוב־לין ביים קארטען־טישעל פערלארען זיין גאנצעס פערמעגען, און ער איז ענטלאפען אין אמעריקא. דיא גליקליכע אינזעל איז וויעדער פערזונקען אין א ים פון צרות און נויט... אבער דער מוסר, וואס מען האט זיך אראבגענומען פון רעהעליין איז ניט געגאנגען לאבוד. דיא וויסענשאפט האט פערצייכענט דיא געשיכטע פון רעהעליין, און בשעת מיר האבען אונזער פאלק צוריק געבראכט אין דאס געליעב־טען לאנד פאלעסטינא, האבען מיר בעשאפען טויזענדער רעהעליינס דערפער. אויף א וואנדרעלער, אויף א יחיד האט מען זיך ניט געטארט מעהר פערלאזען, א גאנצער כלל האט זיך דערצו געמוזט נעהמען, און דער כלל איז אונזער נייע געז־זעלשאפט. זיא איז אייער פריץ, ועלכער האט אייך געגעבען לאנד, געווערקצייג און דעם היינטיגען מצב אייערען. דיא נייע געזעלשאפט האט דאס אויך ניט בעד־שאפען פון זיך אליין, מיט׳ן איינענעם שכל פון איהרע פיהרער און דיא מיטלען פון דיא גרינדערס. דיא געזעלשאפט איז געבויט אויף דיא יסודות פון געדאנקען און אידעען, וועלכע זיינען בעשאפען געווארען פון אלע געבילדעטע נאציאנען אין איינעם. צו פערשטעהט איהר איצט, מיינע פריינד, וואס איך מיין דערמיט? עס וואלט געווען א מדה רעה, ווען מיר וואלטען פערוועה־רען עמיצען, פון וואס פאר א נאציאן און אמונה ער מעג זיין, אנטהייל נעהמען אין דיא גוטסקייטען, וואס מיר האבען פערזייט און פערפלאנצט אין אונזער נייעס לאנד. מיר שטעהן אויף דיא פלייצעס פון אנדערע פעלקער. וויל זיך עמיצער פון זיי צו אונז בעהעפ־טען, וויל ער אויף זיך נעהמען דיא פליכטען פון אונזער געזעלשאפט, טא זאל ער אויך האבען דיא אייגענע רעכטען וואס מיר. דאס וואס מיר בעזיצען פערדאנקען מיר נאר דער פריהערדיגען ארבייט פון מענשען, פון אנדערע נאציאנען. דעריבער זיינען מיר מחויב אבצוצאהלען א אלטען חוב. און דאס קענען מיר טהון אין איין אופן: ניט זיין קיין קנאים, טאלעראנט זיין. מיר מוזען זיך טיעף איינחזר׳ען אין הארצען: איטליכער מענש איז מיין ברודער!“

דער אלטער ר׳ שמואל האט זיך אויפגעהויבען און מיט ציטערדיגע הענד האט ער געפאטשט „בראוואָ“ ליטוואקען פאר זיין רעדע. דער עולם איז אויך ארויס פון דיא כלים. מיט גליקליכע פנים׳ער האט מען דוד׳ן ארומגעריננעלט,

בעת ער האָט געוואָלט אראָבגעהן פון דער בימה. אָבער מענדעל האָט א געשריי געגעבען, אז ער האָט פערהילכט דיא אויערען:

„דאמאָלסט וועלען אָבער דיא פרעמדע לייט קומען און אויפעסען אונזער לעצטען שטיקעל ברויט".

דוד האָט זיך אומגעקעהרט צום עולם און געגעבען א וואונק, אז ער וויל נאָך עפעס זאָגען:

„ניין מענדעל. דאס איז א טעות. דיא פרעמדע לייט וועלען אייך ניט מאכען אָרעמער, נאָר רייכער. דיא רייכקייט פון א לאנד הענגט אָב פון דער צאָהל מענשען וואָס ארבייטען. וואָס מעהר עס וועלען קומען ארבייטער, אלץ מעהר עשירות וועלען אייך צוקומען, אויב עס וועלען זיך נאָר ניט ענדערען דיא הויכע סדרים און פיהרונגען פון דער נייער געזעלשאפט. עס פערשטעהט זיך, אז איהר טאָרט ניט אויסליפערען דיא שפעטערקומענדיגע אייערע פעלדער און אייערע רעכטע, וואָס איהר האָט זיך דערוואָרבען. אָבער אקוראט, וויא עס איז ניצליך פאַר נייי-דאָרף, ווען עס בילדען זיך ביי זיי קאנטען נייע דערפער, אזוי איז דאָס אויך ניצ-ליך פאר אונזער געזעלשאפט. איטליכער מוז אויסארבייטען דיא גוטסקייטען, וואָס ער וויל געניעסען. און וואָס מעהר גוטסקייטען, פּראָדוקטען פון ווערדע ווע-רען אויסגעארבייט, ווערט דיא חברה אלץ רייכער און רייכער. דיא עלטערע לייט. וועלכע האָבען אליין דורכגעלעבט דיא ערשטע צייטען פון אונזערע גרינדונגען, ווייסען דאָס פון אייגענער ערפאהרונג. צו ערשט זיינען דאָ געווען עטליכע און צוואנציג פאמיליען. איך פרעג, צו איז דאָס געווען פאר זיי א רעה וואָס עס זיינען צוגעקומען נאָך 30, 50, נאָך הונדערט פאמיליען? איך פרעג אייך: צו זיינען דאדורך דיא אָרעמע קאָלאָניסטען אָרעמער געוואָרען, אָדער רייכער?"

דער עולם, וואָס האָט ערשט איצט אָנגעהויבען דוד'ן אין גאנצען צו פער-שטעהן, האָט אָנגעהויבען צו רעש'ען און שטורמען:

„ליטוואק איז גערעכט, אלעמענס מצב האָט זיך פון דאמאָלסט פערבע-סערט! אודאי בעסער געוואָרען!"

דוד האָט געענדיגט: „אָט הערט איהר דיא אנטוואָרט אויף מיין פראגע. וואָס איז נאָך נעכטען געווען גוט, איז נאָך היינט ניצליך. וואָס מעהר מענשען עס וועלען קומען ארבייטען אהער, אלץ בעסער ועט ווערען אייער מאטעריעלער צושטאנד. דעריבער זאָלען מיר ניט נאָר צוליעב דעם פערזאָג: ואהבת לרעך כמוך (האָב ליעב דיין אייגענעם וויא זיך אליין) זאָגען: איטליכער מענש איז מיין ברודער! נור אויך צוליעב אונזער אייגענעם גראָבען נוצען מוזען מיר זאָגען:

פרעמדער, זיי ביי מיר וויא א ברודער! דיא עלטערע צווישען אייך געדענקען נאָך, וויא ניידאָרף האָט ביי אייך אויסגעזעהן פאר 20 יאהר צוריק. דיא ערשטע קאָלאָניסטען האָבען פערנומען דאָס בעסטע לאנד. דיא וויטערע האָבען שוין גע־קריעגען א מיטעלע לאנד און האָבען אויך ניט צוגעלעגט דערצו. און וואָס ווייטער האָט מען צוגענומען אלץ ערגערע פאסען פון לאנד, מען האָט געמאכט פרוכטבאר, זומפען זיינען געוואָרען טרוקען און דיא שטייניגע ערד איז געוואָרען מסוגל צו פלאנצונגען. ווייל ביי דיא גרעניצען פון א בעזעצטען אָרט ציהט אָן צו זיך אפילו דאָס שלעכטע לאנד דיא מענשליכע ארבייטסקראפט. דאָס מענשליכען אונטערנעהמונגס־גייסט. און היינט איז פון ניידאָרף געוואָרען א גאָרטען, א גרוי־סער, ברייטער, פראכטיגער גאָרטען, וואו עס איז א מחיה צו לעבען. אָבער אלע אייערע פלאנצונגען זיינען א שמעק טאבאק ניט ווערטה, ווען עס זאָל ניט וואקסען ביי אייך א פרייער גייסט, א ברייטער יושר און א ליעבע צום מענשען. אָט דיא מדות טובות דארפט איהר זעהען טיעף ביי אייך איינצואוואָרצלען, אָט דיא פלאנ־צונגען זאָלען ביי אייך וואקסען און בליהען, און אזוי וויא ביי מיר איז ניט קיין ספק, אז איהר טהוט דאָס פון זיך אליין, ניט ווארטענדיג אויף מיין עצה, רוף איך אויס פון גאנצען הארצען: ניידאָרף זאָל לעבען! הידד! הידד!"

דעם עולם האָט אָנגעכאפט א התלהבות. „הידד ליטוואק! הידד ניידאָרף!" האָבען געשריען מענער און ווייבער. זיי האָבען ארויפגעזעצט דעם רעדנער אויף זייערע פלייצעס, און כאָטש ער האָט זיך לאכענדיג געוועהרט אקעגען, האָבען זיי געמאכט מיט איהם עטליכע הקפות.

אין דעם טאָג האָט דאָקטאָר גייער פערלאָרען דיא שטימען (גאלקעס) פון די אויסקלייבערס אין ניידאָרף.

---

## IV.

דוד'ס קאָמפאניע האָט נאָך בעזעהען דיא בנינים און דיא ארטען פון לאנד־ווירטשאפט אין ניידאָרף. מיסטער קינגסקאורט האָט זיך שטארק אינטערעסירט מיט דעם כעמיישען לאבאָראטאָריום אויף צו מאכען פערשיעדענע נסיונות און פרובען אין דער לאנדווירטשאפט, אויך פון דעם בנין מיט דיא נייעסטע מאשינען איז ער שטארק נתפעל געוואָרען. פריעדריך לעווענבערג האָט א לענגערע צייט

פערבראכט אין דער פּאָקסשולע און אין דער ביבליאָטהעק, וואו עס זיינען געווען א גרויסע צאָהל פון פּאָפּולער וויסענשאפטליכע ביכער. מרים, וועלכע האָט וויא א לעהרערין גוט געוואוסט דיא סדרים פון שולען, האָט איהם א סך זאכען ; ער־קלערט. צוערשט האָט ער זיך אויף אלץ געוואונדערט מיט א פרעהליכען הארצען, אָבער שפּעטער, אז ער איז דערגאנגען וויפיעל מיה און מיטלען עס ווערען אָנגע־ווענדעט צו דערהייבען דעם גוף און דעם גייסט פון דעם אויפוואקסענדעם יונגען דור — איז ער געוואָרען אלץ אומעטיגער און אומעטיגער. לסוף האָט ער שווער אָבגעזיפצט.

„וואָס איז מיט אייך געשעהען, הערר דאָקטאָר ? האָט מרים פריינדליך געפרעגט.

„עס ווערט מיר שווער צו מוט, פריילייין מרים ! איך זעה, אז איך האָב פער־געסען אָבצוטהון מיינע פליכטען. איך האָב אויך געהאט דעם חוב מ־ט צו טהון, מיט צו העלפען, בשעת עס איז געקומען דיא צייט פאר אונזער פאָלק אויפגעריכט צו ווערען. איך בין געווען איינער פון דיא געבילדעטע אוון האָב געדארפט פער־שטעהן, דאָס וואָס דיא צייט האָט פארגעברייט. איך אָבער בין געווען פערנומען מיט מיינע אייגענע נארישע וועהטאָגען. איך בין ענטלאָפען געוואָרען פון לעבען און האָב פערבראכט 20 יאהר פון מיין לעבען נאריש און אָהן א שום נוצען. איך קען אייך גאָר ניט איבערגעבען, וויא מיר איז איצט צום מוט. איך — איך שעם זיך וויא א גנב“

זיא האָט געמאכט א מינע, וויא צו וועלען איהם בערוהיגען.

„ניין, פריילייין מרים,הויבט גאָר ניט אָן מיך צו טרייסטען. איהר מיט איי־ער ניצליכען לעבען קענט נאָר פון רחמנות וועגען זוכען פאר מיר א טרייסט. איך שעם זיך, וואָס איך בין געזעסען מיט דיא הענד אין שויס, וואָס איך ב־ן געווען אזא עגאָאיסט. איטליכער געבילדעטער יוד צו מיין צייט האָט געהאט או־ף זיך א חוב צו ארבייטען פאר זיין אונגליקליך פאָלק. וויא א ענטלאָפענער זעלנער בין איך געווען, וואָס ענטלויפט פון דער מלחמה, בעת עס גיסט זיך דאָס בלוט פון זיינע חברים. איהר מעגט מיך בעקלאָגען, פריילייין מרים, אָבער האלט מיר נ־ט פאר א בזוי“.

„איך !“ וויא קען דאָס מיר גאָר איינפאלען ?“ האָט זיא געענטפערט מ־ט איהר ווייכע שטימע, — „איך, דעם, וואָס האָט גליקליך געמאכט אונזער גאנצע פאמיליע ?“

„איך בעט אייך, רעדט מיר ניט דערפון“ האָט ער געזאָגט, — „איהר ווארפט

מיך נאָך מעהר ארונטער אין מיינע אויגען, בשעת איהר הויבט מיך אָן צו לויבען. איך ווייס שוין ביי זיך, אז איך פערדין ניט דיא שבחים אייערע. דיא געבילדעטע האָבען איצט געוויסע פליכטען, וויא פערצייטען דיא ערעלליים. דאָס איז דיא פליכט מיט צו העלפען דעם כלל מענשען זיך צו דערהויבען צו א העכערער מדרגה, און וויא גוט איהר זאָלט ניט זיין צו מיר, איהר וועט מיר ניט ארויסנעהמען פון הארצען, אז איך האָב זיך גענוג גענוג זאכען פאַרצוואווארפען".

„צו איז שוין צו שפעט פאר אייך א נייעס לעבען אָנצוהויבען? איהר קענט דאָך איינטרעטען אין די נייע נעזעלשאפט. מען וועט אייך שוין אָנווייזען א פלאץ, וואו איהר זאלט קענען ארבייטען. מיר נעהמען צו איטליכען מענשען, וואָס קען אונז נאָר העלפען אין דער ארבייט. איהר האָט דאָס אויך היינט געהערט פון מיין ברודער. און מיט וואָס פאר א פערגעניגען וועט מען אייך דאָ צונעהמען!"

„מיינט איהר דאָס אין דער'אמת'ן, פריילין מרים?" האָט ער געפרעגט מיט א גליקליכער מינע, — „איהר רעכענט, אז עס איז נאָך ניט צו שפעט? איך קען נאָך ווערען א ניצליכער מענש?

„אודאי", האָט זיא געשמייכעלט.

א קוואל פון האָפנונגען האָט זיך ביי איהם געעפענט. ער האָט זיך פלעצליך געפיהלט מיט 20 יאהר אינגער. ער האָט געזעהן ארויסשפראָצען א נייעס לעבען פאר זיך. מיט איינמאהל איז איהם עפּעס איינגעפאלען און ער האָט נאָך שטארקער אָבגעזיפצט:

„ניין, פריילין מרים. עפּעס צו גוט וואָלט דאָס געווען. איך קען אָבער ניט טהון וויא איך וויל, איך מאָר דאָ ניט בלייבען, איך בין ניט פריי".

א לייכטע בלאסקייט האָט זיך בעוויעזען אויף איהר ליעב געזיכט, און איהר שטימע האָט א ביסעל געציטערט:

„איהר זייט ניט פריי?"

„ניין, איך בין מיט איינעם א מענשען פערבונדען אויף'ן גאנצען לעבען".

איהר שטימע האָט שוין פערלאָרען אין גאנצען דעם קלאנג: — „צו קען מען וויסען, וואָס איז דאָס פאר א מענש?"

„מיסטער קינגסקאורט" און ער דערצעהלט איהר, וואָס פאר א בונד זיי האָבען צווישען זיך אָבגעמאכט. ער האָט זיך פערפליכטעט מיט זיין עהרענוואָרט, אז ער וועט קינגסקאורט קיין מאָל ניט לאָזען אליין. ער קען נאָר דאָ בלייבען, ווי

לאנג עס וועט געפעלען זיין פריינד, און דער וועט מן הסתם באלד וועלען פאָהרען צוריק.

מרים'ס געזיכט איז נאָך דיא ווערטער ליכטיגער געוואָרען. זיא האָט געפרעגט:

„און ווען מיסטער קיננסקאורט וועט אייך פריי מאכען פון דעם געגעבענעם וואָרט?"

„ער וועט מיר מיין וואָרט ניט צוריק געבען, סיידען אז איך זאָל מיך ביי איהם בעטען. אָבער אזא בקשה וואָלט שוין געווען א אונדאנקבארקייט און א ניט־געטריישאפט אקעגען אזא פראכטיגען מענשען. איך האָב אויף דער גאנצער וועלט ניט קיין בעסערען פריינד פאר איהם, און ער האָט אויך קיין אנדערען, חוץ מיר. וואָס וועט פון איהם ווערען, ווען איך זאָל איהם פערלאָזען?"

„זאָל ער אויך ביי אונז בלייבען!" האָט מרים געענטפערט.

„אזוינס איז אָבער אונמעגליך לויט דעם וויא איך קען איהם ביז יעצט", האָט פריעדריך ערקלערט. אין בעסטען פאַל קען זיין, קיננסקאורט זאָל נאָך ארומפאָהרען עטליכע וואָכען, בכדי צו בעזעהען דיא וואונדער פון לאנד, דערנאָך וועט איהם מיט אלע כחות ציהען קיין איירָאפּא.

בעת זיי האָבען געפיהרט דעם דאָזיגען געשפרעך האָבען שוין דיא איבריגע געענדיגט צו בעזעהן דיא סדרים און דיא בנינים פון ניידאָרף. אין הויז פון קהל'שען פערטרעטער פריעדמאן האָט מען אָנגעבאָטען דער גאנצער קאָמפּאניע א איינפאכען מיטטאָג. מען איז נאָך געזעסען א ביסעל ביים טיש און געשמועסט פון דעם אמאָליגען און צוקינפטיגען ניידאָרף. נאָר א קליינע צאָהל מענשען, וועלכע זיינען שטענדיג געזעסען אין ניידאָרף, זיינען געקומען בעלייטען דיא געסט. און בשעת דער מאָטאָרוואָגען האָט זיך גענומען ריהרען האָבען געפלאַטערט דיא טיכלעך און עס האָבען זיך געהויבען דיא הים פון בעגלייטערס.

רעכטס און לינקס פון דעם לאנדוועג האָבען זיך געצויגען גוט בעבויטע פעלדער, וויין־און טאבאקפלאנצונגען, גערטנערשולען, און אין ערגעץ האָט מען ניט געזעהן א פאס ערד, וואָס זאָל שטעהן וויסט. אין א קליינעם מרחק פון א גרויסען פאָהרוועג האָבען זיי געזעהען פאָהרען א שניידמאשינע איבער א קלעווערנעם פעלד. פון צייט צו צייט איז פערביי־געפאָהרען, זיך שאָקלענדיג וויא א שכור, א וואָגען בעלאָדען מיט היי. מרים האָט פריעדריכען, וועלכער האָט וועניג וואָס געוואוסט פון פעלדארבייט, דערקלערט וואָס עס טהוט זיך אָב אין א געוועהנליכען טאָג אויף דיא פעלדער, וועלכע זיי פאָהרען איצט פערביי. אָט דאָרטען שפּראָצען

שוין ארויס פון דער ערד דיא זאט פון זומער: מאאיס, זעזאם, לינזען א. ז. וו. אויף פארעוע פעלדער ארבייטען איצט דיא עלעקטרישע אקערמאשינען, וועלכע צואקערען איצט דיא פייכטע ערד, כדי זיא פארצובערייטען פאר דיא ווינטער זאט צו סקומענדינען ווינטער. דעם טאבאק האט מען גראד איצט איבערגע־פלאנצט פון דיא זאטבעעטען, און דיא לייט אויפ׳ן פעלד זיינען איצט געוועזן פערטהון דערמיט פון דיא צוויי פלענצלעך, וועלכע דער פלאנצער פעראייניגט צוזאמען, דאס שוואכערע אויסצולאזען. דיא האפענשטעק האבען שוין ארויסגע־טריעבען זייערע שפראצונגען, און דיא פויערים האבען געבראכט צווייגען פון אויקאליפטוסבוימער, בכדי זיי זאלען זיין א שטיצע פאר דיא האפענשטענגליך ביי׳ן ווינדעווען זיך. אנדערע האבען צו דעם אייגענעם צוועק בענוצט געפלאכ־טענע דראהטען. דיא, וועלכע האבען אבער גענומען צווייגען פון אויקאליפטוס, האבען דיא זייטיגע צווייגלעך ניט ארומגעשניטען, כדי דיא געווינדעוועטע שטענגליך זאלען זיך גוט קענען פערפלעכטען און כדי זייערע שפראצונגען זאלען האבען א בעהעלטעניש פאר דער זון.

דער ארכיטעקט שטיינעק האט זיך ארייננעמישט אין געשפרעך און האט אנגעהויבען זינגען א שיר השירים אויף דעם אויקאליפטוסבוים, אויף דעם בוים פון אויסטראליען, פון וועלכען מיר קענען הונדערטע סארטען, מיט וועמען מען האט הונדערטער שיפען בעלאדען און לעבעדיגערהייט זיי געבראכט קיין פאלעס־טינא, בשעת עס האט זיך אנגעהויבען דיא גרויסע קולטור־ארבייט. אהן זעם אויקאליפטוס, וועלכער וואקסט אזוי גיך, און וועלכער טריקענט אוים דיא זומ־פען וויא מיט א כשוף, און וועלכער האט נאך אנדערע ניצליכע און שעהנע מעלות, — אהן איהם וואלט מען אפשר בכלל גאר ניט געקענט אנהויבען צו טהון אין פאלעסטינא, ווענינסטענס ניט געקענט האבען אזא גיכע הצלחה אין אונזער קולטור־ארבייט.

„דעריבער האט טאקי שטיינעק פון דאנקבארקייט אונזער גוטען פריינד אויקאליפטוס געשטעלט א אייביגע מצבה“, האט פרוי ליטוואק לאכענדיג געזאגט.

„אלע דיא צאצקעס־ארנאמענטען, מיט וואס ער פוצט אוים דיא הייזער, גיעבען איבער דיא פערשיעדענע פארמען פון אויקאליפטוס־בוים“.

אזוי זיינען זיי אלץ ווייטער געפאהרן, און דיא גרינע לעבעדיגע פאנאראמע ארום האט פרעהליך געמאכט זייערע הערצער. א ליעבער פריהלינג האט דאך געבליהט ארום און ארום. דיא לאנקעס און דיא קאנטען ביים וועג זיינען געווען

בערעקט מיט א שלייער פון בלומען. דיא קליינע בלויע אירריסבלום, דיא הויכע רויזענפארביגע ליליען האבען זיך אויסגעמישט מיט דיא פלאמענדיגע טולפען און דיא שעהנסטע ארכידעען. ערטערווייז זיינען געשטאנען אין דיא פעלדער די פלאנצונגען פון מאנדעלאפריקאזען און קופקעס ריטלעך מיט יאגערעס. דער לאנדוועג האט זיך איצט אראבגעלאזען צווישען צוויי פעלזען, וואס זיינען גע־שטאנען נאהענט נעבען איינאנדער. אין דיא הויהלען פון דיא פעלזען האבען אין ענגע צייטען געשטריטען אמאל דיא העלדען פאר דאס יודישע לאנד. דא האבען זיי זיך פערבארגען געהאלטען ביז צו דער לעצטער מלחמה.

דוד האט מיט ריהרענדע ווערטער גענומען ריידען פון דער דאזיגער צייט. א קורצע שטרעקע זיינען זיי געפאהרען צווישען די פרה־שחורה'דיגע פעלזען, דערנאך אבער האט זיך דער מאטאררוואגען פערקירעוועט און פאר זייערע אויגען האט זיך פלעצליך אויסגעשפרייט דאס ליעבליכע פלאציגע לאנד פון גענעצארעט (כנרת). פאר זייערע בליקען האט זיך געשפיעגעלט דער זעע (אזערא). פון פריי־עדריך'ס מויל האט זיך פאר התפעלות ארויסגעריסען א געשריי, דערזעהענדיג פאר זיך אונפערהאפט אזא פראכטיגעס בילד.

אויף דער ברייטער איבערפלעכע פון ים כנרת האבען זיך געקייקעלט לויכ־טיגע וועלען פון דיא קליינע און גרויסע שיפען אויף איהם. עס האבען געפלא־טערט דיא ווייסע זעגלען און דאס מעער פון דיא עלעקטרישע שיפלעך האט גע־בליצט אין דער זון. אויף'ן אנדערען זייט פון ברעג און אויף דיא בערגלעך צווי־שען דיא גרינע וועלדער האט מען געזעהן ארויסשיינען דיא ווייסע ווילען (זומער־וואהנונגען). אט האט זיך געזעהן מגדלה, א שפאגעל־ניי שטעדטעלע מיט שעהנע גערטנער און פערפוצטע הייזלעך, אבער דיא רייזענדער זיינען געפאהרען דירעקט קיין טבריה, דרום־זייט צום שטראנד־צו. פאר זייערע אויגען האט זיך אבגעשפי־עלט א טהעאטער שטיק, וואו מענשען פרייען זיך און הולענען. מאנכמאל האט זיי זיך אויסגעדאכט, אז זיי געפינען זיך אין דער ריוויערא צווישען קאן און ניצא אין סיזאן פון דיא קורגעסט. פרעהליכע קאמפאניעס אויף רייכע וואגענס פלעגען פערבייפאהרען. דאס רוב זיינען דאס געווען שעהנע מאטארוואגענס פאר צוויי, דריי פערזאנען. עס פלעגען אבער אויך פערבייפאהרען פערצייטיגע וואגענס, בעשפאנט מיט פערד אדער קעמלען, און מיט זיי אין איינעם פלעגען זיך אויס־מישען דיא וועלאסיפעדען, דיא רייטערס אויף פערד און שפאציערגענגער ביים ברעג פון וואסער.... דאס זיינען געווען דאס אייגענע פובליקום פון דיא בעדער, וואס פאהרען געראד אין דיא קורפלעצער, וועלכע זיינען דעם יאהר אין דער

מאָדע. קינגסקאורט און פריעדריך זיינען באלד דערגאנגען, אז טבריה איז צוליעב דיא ווארעמע בעדער און דער שעהנער נאטורלאגע געוואָרען א בעריהמטער קור־אָרט, דאָס אלע פון אייראָפּא און אמעריקא, וועלכע פלעגען פריהער אנטלויפען פון הארטען ווינטער אין סיציליען און מצרים געהען איצט קיין טבריה, וואו דער פריהלינג הערט קיין מאָל ניט אויף. באלד, וויא עס זיינען נאָר געבויט געוואָרען דיא ערשטע רייכע האָטעלען האָבען שוין זיך א שטראָם געלאָזען צו אונז , א קורגעסט פון אלע לענדער. געניטע שווייצערישע דירעקטאָרען פון האָטעלען האָ־בען פריהער פאר אלעמען פערשטאנען, וואָס פאר וואונדערליכע מעלות עס בע־זיצט דיא אומגעגענד פון טבריה, זיי האָבען אָנגעהויבען באלד צו שפּעקולירען און האָבען געמאכט דיא בעסטע געשעפטען.

דער מאָטאָר איז איצט פערבייגעפאָהרען פאר עטליכע אזעלכע האָטעלס. אויף דיא באלקאָנען זיינען געזעסען דאמען און הערען און האָבען זיך מיט פער־געניגען צוגעקוקט, וויא עס האָט געשוויבעלט אויף'ן לאנדוועג אין אלערליי קאָ־ליערען, זיך צוגעקוקט וויא עס האָט געשוועבט און געלעבט אויף'ן ברייטען זעע. הינטער דיא האָטעלען זיינען געווען לאָנקעס אָבגעצוימט, צו שפּיעלען אין קראָ־קעט, טענים און ז. וו. מיידלעך און יונגע בחורים אין ווייסע קליידער האָבען גע־שפּיעלט פּילקעס (באל). אויף עטליכע גרויסע טעראסען האָבען געשפּיעלט מוזיק: אונגארישע, רומענישע און איטאליענישע אָרקעסטער אין זייערע נאציאָנאלטראכ־טען. דאָס אלץ האָבען דוד און זיינע געסט נאָר געזעהן פערבייאיילענדיג, ווייל זייער ציעל איז געלעגען ווייטער. זיי זיינען דורכגעפאָהרען דיא שטאָדט טבריה אין דער לענג פון צפון קיין דרום, ארייגקוקענדיג אויף א רגע אין דיא שטילע געסלעך, וואָס האָבען זיך געצויגען פון דער הויפּטגאס, ווארפענדיג א קורצען בליק אויף דיא פּלעצער מיט דיא שטילע פיינע פּאלאצלעך אויף דעם קליינעם לעבעדיגען האפען, זיי האָבען געזעהן גרויסארטיגע מאָשען, קירכען מיט א קאָ־טוילישען אָדער א פּראוואָסלאוונעם צלם און סינאגאָגען פון שטיין פּראכטיג גע־בויט. דערנאָך זיינען זיי אָנגעקומען צום עק שטאָדט, וואו מען האָט ווידער גע־זעהן ווילען און האָטעלען, ארומגערינגעלט פון גאָרטענס, און פּראכטיגע בנינים האָבען זיך געצויגען אין א לאנגער גלייכער שורה ביז צו א קופּקע פון געביידען: דאָרטען זיינען געווען דיא הייסע קוועלען און דיא גרויסע באָד־אנשטאלט.

אין מיטען, א ערך, צווישען דער שטאָדט און דיא בעדער, פאר א צוים פון א ווילע, וואָס האָט זיך וויא בעהאלטען הינטער דיא בלעטער פון דיא בוימער, האָט זיך אָבגעשטעלט דער מאָטאָרוואָגען.

„מיר זײנען געקומען צופאָהרען", האָט דוד מודיע געװען, און האָט זיך אויפגעהויבען פון זײן פּלאַץ.

דער אײזערנער צוים האָט זיך געעפענט. א אלטער מאַן האָט זיך בעװיזען אויף דער שטײנערנער שװעל, האָט מיט א גליקליך פּנים אראָבגענומען דיא יאַרמעלקע און האָט געפרעגט:

„דוד, מײן קינד, װאו איז ער?"

פריעדריך איז װיא א צוטומעלטער געשטאַנען. אויך דאָ, אין שטוב פון אל־טען ליטװאַק, האָט מען איהם שוין ערװאַרט, װיא א אײגענעם. און עס איז זיך ניטאָ װאָס צו װאונדערען, װײל דיא פרעהליכע בשורה, אז פריעדריך קומט, האָבען דוד און מרים שוין פון פריעדריכסהײם פער טעלעפאָן מודיע געװען זײערע עלטערען.

און דער אלטער מאַן מיט דער אַסאַבע איז א מאָהל געװען דער פּעדלער, װאָס פריעדריך האָט אמאָל געװאָלט אין קאפעהויז א נדבה אָנבאָטען! װאָס פאַר א װאונדערליכע און א גליקליכע פעראַענדערונג. און דערנאָך איז דאָ קײן נסים ניט געשעהען. דיא ליטװאַקס זײנען געװען פון דיא ערשטע, װעלכע זײנען געקומען צום אָנהויב פון דער קולטורארבײט אין פּאַלעסטינא. זײ האָבען געזאַמעלט דיא פּורות פון דיא זוימען, װאָס זײ האָבען עהרליך אלײן צוזאַמען מיט אנדערע פער־זײט און װאָס האָט באלד געגעבען אזא גרויס גערעטעניש.

נאָר אין שטוב איז געװען א צרה. און מיט דיא צרה האָט זיך אויך פריעדריך באלד בעקענט. מרים'ס און דוד'ס מוטער איז געװען קראַנק. אויבען אין ערשטען שטאָק אויף דער װעראַנדא, פון װאַנען מען האָט געקענט זעהען דעם גאַנצען זעע דאָרטען איז זיא אין איהר לעהנזעסעל מעהר געלעגען װיא געזעסען. און בעת פריעדריך איז צוגעגאַנגען צו איהר האָט זיא איהם אויסגעשטרעקט א אָבגעצעהר־טע געלבליכע האַנד, און איהרע אויגען, פול פון שמערץ און װעהטאָג, האָבען גע־קוקט אויף איהם פון א געזיכט, געל װיא װאַקס, מיט א טיעפער דאַנקבאַרקײט.

„אמת", האָט זיא געזאָגט צו איהם דערנאָך, װיא מען האָט זיך בעגריסט, אָנגעװײנשעװעט אײנאנדער און דאָס גלײכען, — „אמת, ליעבער העדר דאָק־טאָר, טבריה איז שעהן, און דיא בעדער זײנען גוט, אָבער קומען זאָל מען דאָ בעת עס איז נאָך צײט. איך בין שוין צו שפּעט געקומען. צו שפּעט!"

מרים איז געשטאַנען נעבען דער מוטער און האָט זיא געגלעט:

„מוטער, דוא זעהסט בעסער אויס, צײט דוא ביסט דאָ, דיא קור האָט דיר

געבראכט נוצען. דוא װעסט ערשט דאמאלסט זעהן, װען דוא װעסט שוין זיין אין דער היים".

פרוי ליטוואק האָט ביטער געשמייכעלט :

„מיין טהייער קינד, איך בין שוין סיי וויא סיי צופריעדען. איך פיהל זיך מאנכעסמאָל דאָ וויא אין א גן־עדן. קוקט נאָר ארונטער, העררך דאָקטאָר, צו איז דאָס ניט א גן־עדן ?"

פריעדריך איז צוגעגאנגען צום עק װעראנדע און האָט ארויסגעקוקט אויף דיא פאנאָראמע. דער זעע פון גענעצארעט (ים כנרת) האָט געגלאנצט. דיא ליניען פון דיא ברעגעס און פון דיא וױיטע בערג האָט דער פריהלינג געמאכט וױיך און מילד, וױא א הויך. דאָרטען זעהט מען דיא בערג פון גולן, גלייך וױא א וואנד זיך אָבשפּיעגלען אין וואסער. ביי'ן ברעג פון צפון זייט פאלט אריין דער ירדן; הינטען גרויסארטיג, וױא א מלך אין א מאנטעל פון שנעע, שטעהט דער בארג חרמון, און וױא אלטע װעכטערס אויף וױא עוג־מלך חבשן'ס שטעהען דיא קלע־נערע בערג און קוקען אויף דאָס לאנד, וואָס דער פריהלינג האָט עס איצט אָבגע־פרישט און געמאכט אזוי יונג.

און פון דער לינקער זייט זעהט מען אלץ נעהענטער די מילדע בוכטען,די ליב־ליכע גרינע לאָנקעס, דאָס פלאכע לאנד פון גענעצארעט, מגדלה, טבריה, דער נײי־ער שטיינערנער בריליאנט איבער װעלכען עס ציהען זיך דיא פינסטערע מויערען פון א אלטער גרויסארטיגער חורבה אויף א בארג. און פון אלע זייטען שפּראָצט עס און בליהט עס, אומעטום א יונגע שמעקעדיגע װעלט.

„עס איז א גן־עדן", האָט פריעדריך שטיל געזאָגט, וויא צו זיך, און דערפיה־לענדיג נעבען זיך מרים'ן האָט ער אומגערען גענומען איהר ביי דער האנד און האָט דאָס איידעל געדריקט, אקוראט וויא ער וואָלט איהר געוואָלט דאנקען דער־פאר, וואָס דאָס לעבען איז אזוי שעהן.

דיא קראנקע האָט דאָס בעמערקט. א פרייד איז אריין אין איהר זעעל, און איהר הארץ האָט שטארק אָנגעהויבען קלאפּען.

„קינדער", האָט זיא קוים געמאכט מיט דיא ליפּען, און זיא איז פערזונקען אין זיסע חלומות.

## V

אין דער קליינער זומער־וואָהנונג, וועלכע דיא אלטע ליטוואקס האָבען גע־דונגען אויף דיא צייט פון באָד סעזאָן, האָבען דיא אורחים ניט געהאט וואו זיך אהינצוטהון. נאָר מרים איז געבליעבען ביי דיא עלטערען. דוד האָט פאר זיך און זיינע פריינד בעשטעלט צימערן אין א האָטעל נעבען דער בארע אנשטאלט.

דאָס געפעק האָט מען שוין לאנג אריבערגעשיקט אין האָטעל. און דערנאָך ווי זיי האָבען אבשיעד גענומען פון ליטוואקס עלטערען און זיינען אוועק אין האָטעל זיך צו רייניגען פון שטויב, האָבען זיי שוין אלץ געפונען איינגעאָרדענט מיט אלע בעקוועמליכקייטען. אין דעם גרויסען זאאל פון האָטעל, וואו עס קומען זיך צו־נויף אלע אורחים, האָבען שוין געווארט אויף זיי א עלטערע פרוי און צוויי הע־רען. דוד האָט אלעמען פאָרגעשטעלט. דיא עלטערע פרוי איז געווען א יודיש'ע ראמע פון אמעריקא, מיסטרים גאָטלאנד. אויף איהר געזיכט איז געלעגען א וואונדערליכע מילדקייט, און אלע פלעגען ווערען פון איהר שטארק איינגענומען. פון אונטער דיא גרויע האָר האָט געשראהלט א געזיכט, וואָס איז געווען מילד, גוט און נאָך שעהן. פון דיאביידע הערען איז דער מיט דעם צוגעקנעפטען שווא־רצען ראָק אָחז קלאפעס געווען אן ענגלישער גייסטליכער, רעווערענד וויליאם ה. האָפקינס, דער גייסטליכער פון דער ענגלישער קירכע אין ירושלים. ער האָט גע־האט א זילבערווייסען ברייטען באָרד פון א פערצייטיגען מאור הגולה און בלאָע שעהנע פערקלערטע אויגען, און צו קינגסקאורט'ס פערוואונדערונג האָט ער זיך זעהר געפרייט בעת קענגסקאורט האָט איהם אָנגענומען פאר א יודען. דער אנ־דערער הערר נעבען מיסטרעס גאָטלאנד איז געווען דעם ארכיטעקטענס ברודער. דער באקטעריאָלאָג פּראָפעסאָר שטיינעק. דאָס איז געווען א פערעהליכער, האַס־טיגער, פערשמע'יעטער מענש, וועלכער האָט גערעדט אזוי הויך, אקוראט וויא ער וואָלט אייביג געהאלטען לעקציאָנען פאר טויבע תלמידים. אין פינף מינוטען ארום, וויא דיא ברידער פלעגען זיך צוזאמענטרעפען, פלעגט שוין אויס צווי־שען זיי א קריעג און א לאנגער וכוח, און האָלד האָבען זיי זיך איינאנדער געהאט, וויא דאָס לעבען. איצט האָט פאסירט דאָ איינענע. דער ארכיטעקט האָט פאָרגע־שלאָגען צו בעזועהן דאָס אינסטיטוט פון שטיינעק, דעם בעריהמטען אָדט, וואו זיין ברודער ארבייט אין זיין וויסענשאפט.

דער פּראָפעסאָר איז געווען מיט אלע כחות אקעגען דעם פלאן און האָט קנייטשענדיג דעם שטערען געשריען:

„איך בין מוכן ומזומן, פערשטעהט איהר? אָבער עס איז ניטאָ וואָס צו זעהען ביי מיר. ניט ווערט אייער מיה. א בנין מיט א סך חדרים, און שטאלען פון קראָליקעס. אין איטליכען חדר שטעהט א מענש, וואָס מאכט עקספערימענטען. דאָס איז אלץ, פערשטעהט איהר? מיין ברודער מאכט שטענדיג אזעלכע חכמה־דיגע פלענער“.

מיסטרים גאָטלאנד האָט געשמייכעלט;

„דיא העררען ווערען אייך סיי וויא סיי ניט גלויבען. אייער אינסטיטוט איז בעקאנט אין דער וועלט און איטליכער וויל עס בעזעהען“.

פראָפעסאָר שטיינעק האָט זיך פערנאנדערגעלאכט, אז דער זאל האָט גערונערט.

שקר! מיקראָבען ווילט איהר זעהען? דאָס איז דאָך דאָס אונגליק מיט דיא מיקראָבען אז מען קען זיי ניט זעהן, וועניגסטענס מיט'ן פשוט'ן אויג זיינען זיי ניט צו זעהן. א שעהנען פנים וועט איהר האָבען, אויב איהר ועט זיי ווערען דורכאויס זעהען. און בכלל ווייסט איהר דאָך מיינע אנזיכטען דאריבער. איך גלויב ניט אין מיקראָבען. מיט איין האנד האָדעווע איך זיי און מיט דער אנדע־רער פער'סם איך זיי. איהר פערשטעהט?“

„ניין“, האָט קינגסקאורט א ברום געטהון, האָבענדיג שטארק הנאה, — איך פערשטעה ניט א וואָרט. איהר מוזט עפּעס האָבען א מין כעמישען קאכעלאויווען. וואָס קאָכט איהר דאָרטען, הערר פּראָפעסאָר?“

דער פּראָפעסאָר האָט פרעהליך געצויגען מיט דיא ליפּען:

„פּעסט, האָלערע, דיפטעריט, שווינדזוכט, קדחת פאר קינפּעטאָרען, פּראָס־טע קדחת, און הינטישע משוגעת“....

„א קלאָג צו מיר!“

מיסטרים גאָטלאנר האָט געזאָגט:

„ער מיינט מן הסתם דיא רפואות געגען דיא 'אלע אויסגערעכענטע קרענק. לאָמיר איהם בעסער ניט פרעגען, און אליין געהן בעזעהען זיין אינסטיטוט. אנ־שטענדיגע אורחים לאָזט מען אריין. מען וועט אונז שוין דאָרטען אלצדינג ווייזען אָהן איהם“.

„וואָרט!“ האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען, — „אויב אזוי וועל איך שוין אליינמיט אייך מיטגעהן. אז ניט פאלט איהר גראָד אויף רעם גרעסטען עם־הארץ פון מיינע אסיסטענטען, וועלכער וועט אייך דיא סטרעפּטאָקאָקען פאָר־שטעלען פאר דיא כאָלעראבאקצילען. פערשטעהט איהר?

„א אות אויך ניט, האָט קינגסקאורט זיך מודה געווען.

דיא קאָמפּאניע האָט זיך צושיידט. דער ארכיטעקט האָט מיטגעבראכט פאר מיסטער האָפּקינס דיא פּלענער צו א נייעם ענגלישען שפּיטאָל, וואָס האָט גע־דארפט ווערען געבויט אין קורצען, און זיי האָבען געהאט זיך עפּעס דורכצורעדען. פרוי ליטוואק איז געגאנגען זעהען, וואָס עס הערט זיך מיט פריצכען; דוד האָט זיך ענטשולדיגט. ווייל ער האָט געמוזט פאָהרען אין דעם פראנציסקאנער־קלויס־

טער, בכדי מיטצונעהמען דעם קסאַנדז איגנאַץ, וויא איינעם פון דיא געלאַדענע צו דעם היינטיגען אָווענד. מען האָט אָבגערעדט אלע צונויפצוקאָמען צום אָווענד־עסען אין דער ווילע פון דיא אַלטע ליטוואקעס. פרוי גאָטלאַנד האָט איבערגענו־מען אויף זיך. דיא הערען פינקטליך מיטצובריינגען, און דערנאָך איז זיא אוועק געפאָהרען צוזאַמען מיט פריעדריכען, קינגסקאורט, רעשיד־ביי און דעם פּראָפע־סאָר צום אינסטיטוט, וואָס איז געווען א פערטעל־שעה וועג צו פאָהרען. דאָס איז געלעגען אין דרום זייט פון ברעג, הינטער א בארג, איז געווען מיטעלמעסיג גרויס און האָט געהאַט א פשוט'ן אויסזעהען. ,

דער פראָפעסאָר האָט זיי דערקלערט :

פאר אונזערע צוועקען דארפען מיר ניט קיין גרויסען בנין. מיקראָבען פער־נעהמען ניט קיין פיעל אָרט. מיינע שטאַלען געפינען זיך אין דיא זייטיגע בנינים, וועלכע איהר זעהט דאָרטען. איך דארף האָבען א סך פעֶרד און אנדערע חיות. פערשטעהט איהר?"

„אהא! איהר רייט אָפט אוים?" האָט קיננגסקאורט געזאָגט. — „איך קען בעגרייפען — אזא שעהנע געגענד".

„וואָס ווילט איהר פון דער געגענד?", האָט דער פראָפעסאָר א געשריי גע־טהון. -- „איך דארף האָבען מיינע פערד, אייזלען און הינד, קורץ, מיין גאַנצען זייערינעץ, ווייל איך מאך פון זיי דיא בלוטוואסערלעך קעגען אלערליי אַנשטע־קענדע קראנקהייטען. מיין אינסטיטוט ארבייט אוים טויזענדע אזוינע פלעשער מיט רפואות. מיינע שטאַלען ציהען זיך ווייט אראָב. ביז צו דער לופט־פאבריק".

„וואָס? איז קיננגסקאורט נתפעל געוואָרען, — „מיין טהייערער פערד'סם־ער, איהר וועט דאך מיר ניט איינריידען, אז איהר פאבריצירט דיא לופט. עס איז דאָך ביי אייך גענוג לופט צום איינאָטהעמען, און טאקי פון דעם בעסטען סאָרט".

„פערשטעהט זיך, אז איך מיין פליסיגע לופט, מיסטער קיננסקאורט! איהר פערשטעהט שוין?"

„אזוי, דאָס פערשטעה איך שוין, דערמיט האָב איך זיך שוין בעקענט נאָך איידער איך בין אוועק פון דער געבילדערט געשמילדערטען וועלט. הייסט עס, דיא פאבריקאציע האָט איהר אויך איינגעפיהרט ביי אייך?"

„דאָס און נאָך א סך אנדערע זאכען, בקצור, אלץ. וואָס אנבעלאַנגט אין אָב־צוקיהלען כעמישע קערפּער ביז צו 100 גראד פראָסט און נאָך מעהר, האָבען אונזערע כעמישע פאבריקען שוין א שם געקראָגען. ווייל מיר האָבען א ווארעם לאנד, ווענינסטענס פון ירדן ארונטער פיהלט מען זיך א גאַנץ יאָהר וויא אין א

אײנגעהײצטען צימער, דעריבער האָבען מיר זיך אזוי בעמיהט, דיא פאבריקאציע פון אָבקיהלונגסמיטלען צו ענטוויקלען. פערשטעהט איהר שוין ? אקוראט, וויא דיא בעסטע אויוועננס געפינען זיך אין דיא קאלטע לענדער, בעת אין דיא ווארע־מע פריהרט מען ווינטער וויא דיא הינד, אזוי האָבען מיר אויסגעטראכט דיא בעסטע מיטלען, וויא דיא האָבען שטענדיג אייז. ווען איהר וועט, למשל, אין דיא הייסע צייט ארײנגעהן אין הויז פון מיטעלען בעל־הבית׳שען שטייגער, וועט איהר אלע מאָל געפינען א קלאָץ פון אייז אין מיטען פון חדר, וועלכער פערברייט ארון זיך א פרישע קיהלקיים. ווער עס וויל מעהר בעצאָהלען, קויפט זיך א בלו־מענשטרוים פון אייז און שטעלט אועק אויפ׳ן עסטיש".

„אויך קיין נייעס נים"" — האָט קינגסקאורט געזאָגט, — „דיא חכמה מיט׳ן אײזקלאָץ און דעם בלומענבוקעט האָב איך שוין געזעהן אויף דער פאריזער אויסשטעלונג אין יאהר 1900".

„איך וויל אייך גאָר נים דערצעהלען קיין נייעס׳ן. מיר האָבען, פערשטעהט איהר, טאקי · אלע ניצליכע זאכען פון אנדערע פעלקער אײנגעפיהרט ביי אונז. דיא קאלטע מיטלען זיינען ביי אונז א בעדערפניש פאר׳ן גאנצען פאָלק, און וועו־רען צוליעב דיא קאָנקורענץ פערקויפט שפּאָט ביליג אין גרויסע מאסען. דיא וועו־ניגער בעמיטעלטע קענען דאָך נים, וויא דיא רייכע, פאָהרען אין דיא הייסע צייי־טען אין דיא בערג פון לבנון. ביי דיא גוט־בעמיטעלטע אײראָפּייער זעהען מיר דאָס אייגנע. אָבער דיא וויסענשאפט האָט אונז געלערנט, וויא מיר קענען זיך אײנריכטען אומעטום אויף דער וועלט־קוגעל אין א געזונדען און א אנגענעהמען אופן. פערשטעהט איהר שוין ? צוליעב אונזערע לייט מיט טעכנישע קענטניסע און צוליעב טויזענדער אונטערנעהמער האָבען מיר דאָ פערפלאנצט אלע ארטען פון האנדעל און פאבריקאציע. אז דער האנדעל איז ניט געוועזן א מאָנאָפּאָל פון איין נאציאָן האָט מען שוין קלאָר געזעהן נאָך אין אייער צייט. פאר וואָס זאָלען מיר דאָס אויך נים בענוצען, ווען עס ברענגט אונז נאָר עפּעס איין ? אין אונזער לאנד זיינען געלעגען פארבאהאלטען אוצרות ; מען האָט נאָר געדארפט זיי קענען געפינען. דער האנדעל מיט בעמישע ארטיקלען האָט זיך פריהער פאר אלץ ענט־וויקעלט. מיסטער קינגסקאורט, צו האָט איהר אפשר אין אייער יוגענד געלערענט אין א אוניווערזיטעט כעמיע ?".

„ניין".

„א שאָד, איהר וואָלט שוין דאמאָלסט געקענט הערען, וויא ביי דיא געלע־רענטע כעמיקער האָט מען גערעדט פון פאלעסטינא, וויא פון א לאנר, וואו עס

לינען אוצרות בענראבען. רעשיד־ביי, וועלכער איז א דייטשער דאקטאר פון כע־מיע, מעג אייך דאס דערצעהלען".

רעשיד האט מיט עניוות געזאגט:

„איהר ברענגט מיר אריין אין פערלעגענהייט, ווען איהר צווינגט מיך, פאר אייך אין דיא אויגען צו רעדען וועגען כעמיע. איבריגענס האט דאס פאר צוואנציג יאהרען געוואוסט איטליכער יונגער סטודענט פון כעמיע, אז אין פאלעסטינע ליעגען אוצרות; אז דער טהאל פון ירדן און דער ים המלח האבען אין זיך פעו־שי־דענע טייערע זאלצען — האט געוואוסט כמעט שוין א הדר־איינגעל. א דייטשער כעמיקער האט נעשריעבען צום סוף פון יאהרהונדערט וועגען ים המלח: דער דא־זאגער וואסער־טהאל, וואס ליעגט טיעפער וויא אלע אנדערע אונטער דער אויבערפלעכע פון ים, איז כמעט וויא אנגעזעטיגט פון אזעלכע זאלצען, וואס עס זיינען אין ערגעץ ניט צו געפינען, און עס ליגען דארטען אזעלכע מאסען אס־פאלטען, וועלכע קומען אין אזא ארט אין ערגעץ ניט פאר. אז איהר וועט זיך בעקאנט מאכען מיט אונזערע וואסער־קרעפטען, וועט איהר זעהן, וויא מיר האבען בענוצט צו אונזערע צוועקען דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען די טיעפע לאגע פון ים המלח אין פערגלייך צו דיא אויבערפלעכע פון ים. אבער דאס איז א אנדער זאך, איהר וועט דאס נאך שפעטער זעהן. איך וויל אייך נאר זאגען, אז דער ים המלח איז כמעט אנגעזעטיגט מיט זאלצען, און מען געפינט אפשר אין שטראספורט, דערצו נאך א צוגלייכען צו איהם. איהר האט דאך מן הסתם געהערט פון דיא שטראספורטער קאליזאלצגריעבער, וועלכע האלטען אין דיא הענד דעם גאנצען וועלטמארק. פון ים המלח מעג מען דאס היינט אויך זאגען..."

„וויא א בבא מעשה קלינגט דאס", איז קיננסקאורט נתפאל געווארען.

„פאר וואס?" האט רעשיד ביי געשמייכעלט— „דאס איז אזוי נאטירליך וויא נאר מעגליך. דאס וואס מען האט געקענט מאכען אין שטראספורט קען מען אויך מאכען ביים ים המלח. געווים, אונזער וואסער איז נאך א סך רייכער מיט זאלצען, ווי ערגעץ וואו אנדערש אין דער וועלט. מען דערמאנט זיך אן דיא אלטע בבא מעשיות, וואו עס דערצעהלט זיך, אז מען האט אמאל ארויסגעלאזען אין וואסער א גרויסען שאץ (אוצר). קליינע קינדער מיינען, אז דאס איז א שאץ פון גאלדענע רינגען, ארעמבענדער, קייטען און גאלדענע מטבעות. אבער פון דיא זאלצען פון ים המלח שמידט מען אויך גאלד. אין זיינע וואסערן געפינען זיך מאסענהאפט בראם־זאלצען, און איהר ווייסט דאך, וואס פאר א טהייערער אר־טיקעל דאס איז דער בראם. היינט וואס פאר א טויזענדער אנדערע פאבריקאטען

ציהען מיר ארויס פון אונזער פרוכטבארסטען אָרט, וואָס איז א מאָל געווען טוידט און וויסט וויא אין א מדבר. אין טאָהל פון ירדן אוןביין ים המלח געפינען זיך אזוינע קאלך, פון וועלכע מען מאכט היינט דעם בעסטען אספאלט פון דער וועלט. דער דייטשער חעמיקער עלשנער האָט שוין דאמאָלס פאָראויס געזאָגט, אז לויט דעם געבוי פון אונזער ערד מוזען זיך אויך איינגעפינען קוואלען פון פעטראָלעאום (קעראָסין). מען האָט טאקע אזוי לאנג געבויערט, ביז מען איז צוגעקומען צו זיי. שוועבעל און פאָספאָרזאלצען געפינען זיך אויך ביי אונז גענוג און איבערגענוג. וואָס פאר א ראָלע דיא פאָספאָר זאלצען שפּיעלען ביי דעם קינסטליכען מיסטיגען פון פעלדער—ווייסט איהר אזוי גוט, ווי איך. און אין דער'אמת'ן קאָנקורירען אונזערע פאָספאָרזאלצען מיט דיא פון טונים און אלזשיר, און מיר קריגען זיי ארויס פון דער ערד לייכטער און וואָלוועלער, ווי למשל, דיא אמעריקאנער זייערע פאָספאטען פון פלאָרידא. און אזוי, וויא צוליעב דעם קאָסט דאָס קינסטליכע מיסטיגען פון פעלדער א סך וואָלוועלער וויא אומעטום, האָבען דיא קאָלאָניעס געקענט לייכטער און גיכער אויפבליהען און זיך ענטוויקלען.... איך רעכען אָבער, אז מיסטרים גאָטלאנד הייבט שוין אָן גענעצען פון אונזער פראָסט בעל־הבית'שען שמועס".

„וואָס פאלט אייך איין!" האָט זיא פראָטעסטירט מיט א פריינדליכען שמייכעל.

דער פראָפעסאָר האָט פון זיין זייט געזאָגט:

„אין היינטיגען לעבען זעהען מיר, וויא דיא לאנדווירטהשאפט איז אָפט פערקניפּט מיט האנדעל און פאבריקאציעס. פערשטעהט איהר? אלצדינג איז אויסגעבונדען מיט איינאנדער. מען מוז נאָר זיין אָן אונטערנעהמער און מען מוז האָבען דיא קענטניסע, דערמיט מען זאָל וויסען וויא דאָס צו פערבינדען. איך אליין, וויא איהר זעהט מיך, חאָטש איך בין א שטיק אייזעל פון א פּראָפעסאָר, איך ברענג אויך נוצען דעם האנדעל און דער לאנדווירטהשאפט".

„וויא אזוי?" האָט זיך קינגסקאורט פערוואונדערט, — „אפשר וועט איהר מיר דאָס ערקלעהרען, מיין מיקראָבען האָדעוועך!"

„איך וועל אייך שוין טאָהן דיא טובה!" האָט שטיינעק פרעהליך געענטפערט, „עס איז געווען שוין פון לאנג אָן בעקאנט, אז דער ריח פון פערשיעדענע קעזען, אז דער אראָמאט פון פערשיעדענע טאבאקען קומען צוליעב אזעלכע קליינע בעשעפענישלעך, מיקראָבען, מיט וועלכע איך וואָיעווע שטענדיג. מיר האָבען זיך דעריעבער אין דעם אינסטיטוט בעמיהט, ארויסצוגעפינען דיא קליינע חברה־

לייט און זיי אויסצוליפערן אין דיא הענד פון קעז־פאבריקאנטען און טאבאק־פלאנצער דיא פערשיעדענע קעזען אונזערע קענען איצט גוט קאָנקורירען מיט די שווייצערישע און פראנצויזישע פאבריקאנטען. און אין ווארעמען ירדן־טהאָל קריעגען מיר ארוים אזעלכע קרייטאכצען, וועלכע מעגען זיך ניט שעהמען פאר די פיינסטע האוואנאבלעטער".

און ער האָט אריינגעפיהרט זיינע געסט אין דיא לאבאָראטאָריען פון זיין אינסטיטוט, וועלכער איז געוועזן נאָכגעמאכט דעם פאריזער אינסטיטוט פון פאסטהער.

דיא פיעלע אסיסטענטען זיינע האָבען זיך ניט געלאָזט שטערען פון דער ארבייט, און האָבען ווייטער געהאט צו טאָהן מיט זייערע פראָבעגלעזער און מיקראָסקאָפּען ביי דיא קאָלאָניעס פון דיא מיקראָבען, און ווען מען פלעגט זיי עפּעס פרעגען, פלעגען זיי ענטפערן פריינדליך און קורץ. זיי זיינען שוין געוואָהנט געווען צו זעהן ביי זיך געסט פון פערשיעדענע לענדער. איינער אָבער איז פשוט אָנגעפאלען אויף זיין לעהרער און האָט אויף א גראָבען אָבער א פריינדליכען אופן געזאָגט:

„לאָזט מיך צורוה, הערר פּראָפעסאָר! איך האָב איצט ניט קיין צייט פאר אזעלכע קשיות. דער שיינגעץ ועט זיך ווייטער ארויסגליטשען פון אונטער מיינע הענד".

שטיינעק האָט באלד אוועקגעצויגען זיינע געסט פון דעם צימער און האָט געזאָגט:

„ער איז גאנץ גערעכט! דער שיינגעץ זיינער איז א באציל, פערשטעהט איהר שוין?"

ער האָט זיי באלד דארויף געפיהרט אין זיין אייגענעם לאבאָראטאָריום, וועלכעס האָט געהאט דעם אייגענעם פשוט'ן אויסזעהן, וויא דיא פון זיינע העלפערס דיא אסיסטענטען.

„אָט דאָ ארבייט איך".

„אין וואָס בעשטעהט איצט אייער ארבייט?" האָט פריעדריך געפרעגט.

„צו עפענען פאר דיא מענשען גאנץ אפריקא".

דיא געסט האָבען געמיינט, אז זיי האָבען זיך פערהערט, און אפשר איז דער פּראָפעסאָר גאָר א שטיקעל משוגענער? קינגסקאורט האָט איבערגע'חזר'ט מיט א חשד־בליק אין דיא אויגען:

„איהר זאָגט: צו עפענען גאנץ אפריקא?"

„יאָ, מיסטער קינגססקאורט. מיר דאכט זיך, אז איך וועל געפינען א מיטעל קעגען מאלאריא. דאָס האָבען מיר צו פערדאנקען דעם אויקאַליפּטוס בוים, דער קאנאליזאציע און דיא ארבייטען אויסצוטריקענען דיא זומפּען. אין אפריקא זיינען דיא פערהעלטניסע אָבער גאָר אנדערע. דאָרטען קען מען דאָס אלץ ניט בענוצען, ווייל דיא הויפּטקראפט, דיא מאסען־איינוואנדערונג איז ניטאָ. דער ווייסער מענש, דער קאָלאָניסט געהט דאָרטען אונטער. אפריקא קען נאָר ; אַ־מאָלסט ווערען געפּענט פאר דיא קולטור, ועןן מען וועט געפינען א זיכערן מיטעל קעגען מאלאריא. ערשט דאמאָלסט וועלען געעפענט ווערן גאנצע לענדער פאר דיא אייראָפּייאישע בעפעלקערונג, וועלכע געפינען זיך שוין ניט קיין אָרט פאר ענג־שאפט; ערשט דאמאָלסט וועט פאר דיא מאסען איבערפליסיגע ארבייטער זיך בעווייזען א נייער וועג, וואו אָנצואווענדען זייערע קרעפטען. פערשטעהט איהר שוין?"

קינגסקאורט האָט זיך פאנאנדער געלאכט.

„וואָס, איהר כשוף־מאכער! איהר ווילט פאַרטראנספּאָרטירען דיא ווייסע מענשען אין דעם שווארצסטען טהייל פון ערד קוגעל?"

שטיינעק אָבער האָט ערנסט געענטפערט:

„ניט נאָר דיא ווייסע! דיא שווארצע אויך. עס איז נאָך פאראנען איין צרה־דיגע פראגע ביי דיא פעלקער, און נאָר א איד קען אויסמעסטען דיא גאנצע בי־טערקייט פון דער פראגע. דאָס איז דיא ניגערפראגע. לאכט נאָר ניט, מר. קינגס־קאורט! דערמאָנט זיך נאָר אָן דיא שרעקליכע אכזריות פון שקלאפענהאנדעל. מענשען, חאָטש שווארצע מענשען, האָט מען געפאנגען וויא ווילדע חיות, אוועק־געשלעפּט און זיי פארקויפט פאר שקלאפען. און זייערע קינדער און קינדס־קינדער זיינען אויפגעוואקסען אין דער פרעמד, און אלע האָבען זיי פיינד געהאט און פער־אכטעט, ווייל זיי האָבען געהאט איין אנדער הויט־פארב, וויא מיר. איך שעהם זיך ניט צו זאָגען, מען מעג פון מיר לאכען, אז נאָכדעם, וויא איך האָב דערלעבט, דאָס אידען זיינען צוריקגעקעהרט אין זייער לאנד, וואָלט איך וועלען פאַרבע־רייטען א וועג אין אפריקא, כדי דיא נעגער זאָלען אויך קענען צוריקקעהרען אין זייער אַלטער היים".

„איהר זייט אין טעות", האָט קינגסקאורט געזאָגט, — „איך לאך גאָר ניט. אומגעקעהרט, מיר געפעהלט דאָס מורא'דיג, — א רוח זאָל מיך נעהמען! איהר שפּרייט אויס פאר מיינע אויגען א בילד, פון וואָס עס האָט זיך מיר אין לע־בען ניט געחלום'ט אפילו".

„דעריבער ארבייט איך צו עפענען א וועג אין אפריקא, אלע מענשען זאלען האבען א היים. דאמאלסט וועלען זיי זיך בעסער און עדלער פערטראגן מיט איינאנדער. דאמאלסט וועלען זיי זיך בעסער פערשטעהן, און מעהר ליעב האבען איינאנדער. פערשטעהט איהר שוין?"

און מיסטרים גאטלאנד האט מיט איהר מילדער שטימע הויך ארויס געזאגט דאס, וואס אלע דריי האבען געטראכט:

„הערר פראפעסאר שטיינעק — דער אויבערשטער זאל אייך בענשען".

---

# VI

מיט יום טוב'דיגע פנים'ער האבען זיי פערלאזען שטיינעקס אינסטיטוט. אונטערוועגס זיינען זיי גאר געווארען מונטער און פרעהליך, דען בשעת זיי זיינען פערביי פאר דער בארעאנשטאלט האט רעשיד ביי געמאכט דעם פארשלאג: אריינצוגעהן אויף א האלבע שעה אין קורהויז און פערברייגנען א ווייל ביי דער מוזיק. זיי זיינען ארויס פון מאטארוואגען און זיינען אריין אין דעם שעהנעם פארק, וואו א סך מענשען זיינען איצט געזעסען, ארומשפאציערט און זיך צוגעהערט צו דער מוזיק. דאס איז געוועזען דער געוועהנליכער עולם פון דיא קורערטער: לעדיגגעהער, אויסגעפוצטע דאמען; אונטער פאלמען זיינען זיי געזעסען אויף שטוהלען פון ווייכען אייזענבלעך, בעקוקט דיא פערבייגעהערס, געפאטשט בראווא און געקאקעטירט, בקיצור, זיך אויפגעפיהרט, וויא אומעטום אין דער גאנצען וועלט. קיננסקאורט האט דאס מיט א בייזער הנאה בעמערקט און געזאגט:

„גאט צו דאנקען, אט זיינען זיי דיא אידינעס מיט זייערע בריליאנטען. איך האב שוין א צייט געבענגט דערנאך. מיר האט זיך אויסגעדאכט, אז אלץ וואס מען האט מיר דערצעהלט, איז מעהר ניט וויא א מעשה, און מיר זיינען גאר ניט אין א אידיש לאנד. איצט זעה איך אבער, אז אלץ איז אמת. אט זיינען זיי דיא שוועבענדע פערערהיט, דיא זיידענע קליידער און מיתה־משונה'דיגע פארבען דיא בריליאנטענע אידענעס. נעהמט ניט פאר אומגוט, פרוי גאטלאנד. איהר געהערט ניט צו דער באנדע".

פרוי גאָטלאנד האָט גאָר ניט געהאט קיין פאראיבעל, און פראָפעסאָר שטיי־
נעק האָט הויך געלאכט אויפ'ן קול.

„מיר עסען זיך ניט אָב דאָס הארץ, מר. קינגסקאורט. אזעלכע בעמערקונגען
האָבען אונז א מאהל געקרענקט, אָבער איצט ניט א האָר. פערשטעהט איהר שוין?
אמאָל האָט מען דיא יודענעס מיט דיא ברילליאנטען, דיא פראָמענאדע פראנטען
און דיא אויפגעבלאָזענע אויפגעקומענע גבירים געהאלטען פאר דיא פאָרשטעהער
פון אונזער פאָלק. איצט ווייס מען אָבער, אז עס זיינען אויך פאראן אנדערע
אידען. איצט מעגט איהר אָט דיא פוילע פירות זידלען וויא פיעל איהר ווילט,
מיין עדלער אורח. אז עס ווערט פינסטער ווערען, וועל איך אייך מיטהעלפען צו
זידלען זיך".

דיא קליינע לאכעדיגע קאָמפאניע האָט צוגעצויגען צו זיך אלע בליקען, בעת
זיי זיינען דורך דיא הויפט אלעע. דעם פראָפעסאָר, וויא עס ווייזט אויס, האָבען
אלע געקענט, און דעריבער האָבען זיי אלע אויסגעצויגען דיא העלזער, קוקענדיג
אויף דעם פרעמדען, וועלכער איז געגאנגען מיט איהם. שטיינעק האָט געוואָלט
אויסווייכען דיא נייגעריגע בליקען און האָט זיך פערקירעוועט אין א זייטיגע
אלעע. אָבער גראָד דאָ זיינען זיי אריינגעפאלען צווישען א קאָמפאניע, פון וועלכע
זיי האָבען געוואָלט ווייכען וויא פון ווייהרויך. אויף א רונדען פלאטץ, ארומגערינ־
געלט פון בוימער, זיינען געזעסען דאמען און העררן און האָבען לעבעדיג גע־
שמועסט. איינער פון דיא העררן איז אויפגעשפרונגען, איז צוגעפלויגען מיט א
שמחה צו פריעדריכען, נאָך פון וויטען שרייענדיג אויף'ן קול:

„הערר דאָקטאָר! הערר דאָקטאָר! פון וועמען מיינט איהר האָבען מיר
נערעדט איצט דיא גאנצע צייט? נו? טרעפט אקאָרשט! פון אייך! איך בין
מלא שמחה!"

דער פרעהליכער הערר איז געווען שימאָן. ער האָט פריעדריכ'ן ארייג־
געצויגען אין עגול פון רונדען פלאץ, האָט איהם מיט א שאָק ווערטער פאָר־
געשטעלט פאר דיא אנדערע, האָט איהם אונטערגערוקט א שטוהל און איהם
כמעט אליין אנידערגעזעצט. דאָס אלץ איז געמאכט געוואָרען אזוי גיך, אז פריעד־
ריך, ווען ער וואָלט אפילו ניט פערטויבט געוואָרען, וואָלט זיך אויך ניט גע־
קענט ווערען אקעגען. וויא פערטויבט אָבעראיז ער געוואָרען דאדורך, וויל ער
איז פלעצליך געשטאנען נעבען זיין אמאָליגער ליעבע, ערנעסטינע לעפלער. זי האָט
איהם בעגריסט מיט א בליק און א שמייכעל, נאָך איידער זיא האָט געזאָגט א
וואָרט, און ער האָט ניט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבען. דערווייל איז שיפמאן

צוגעלאָפּען צו שטיינעקען און צו דיא אנדערע, וועלכע ער האָט שוין פון פריהער געקענט. האָט זיי אויך וויא געווים נאָהענטער צוצוגעהען, אקוראט וויא א קרע־מערקע נויט דעם סוחר, צו זעהען איהר ביסעל רומעל. דער פּראָפעסאָר האָט ניט געהאט קיין טראָפּען חשק צוצוגעהן צו דער קאָמפּאניע, אָבער קינגסקאורט האָט גע'טענה'ט, מען קען דאָך ניט לאָזען פריעדריכען אליין: אין איינעם אין דער תפיסה, אין איינעם צו דער תליה. שיפמאן האָט זיך פערנאנדערגעלאכט איבער אזא מאָרנעם קאָפּלימענט, דערנאָך האָט ער געבראכט שטוהלען און אָנגעדופען די נעמען פון דער געזעלשאפט.

הערר, פרוי און פריילין שלעזינגער, הערר און פרוי דאָקטאָר וואָלטער, פרוי וויינבערגער, פריילין וויינבערגער, דיא הערען גרין און בלוי, הערר וויינ־בערגער.

פריעדריך האָט דאָס אלץ געהערט און געזעהען, וויא דורך א טומאן. וויא אין א וואָלקען איז אויפגעשטאנען פאר איהם דיא אלטע צייט. ער האָט זיך וויע־דער דערזעהען ביי דיא תנאים אין לעפלערס הויז. דיא גאנצע עקעלדיגע חברה, פאר וועלכע ער איז ענטלאָפען מיט פערצוויפלונג אין הערצען, איז וויעדער נע־בען איהם געזעסען. אלע זיינען זיי עלטער געוואָרען, אָבער פאָרט דיא איינענע, וואָס פריהער. נאָר דיאביידע יונגע פריילינס געהערען שוין צו אן אנדער דור. איינע קוקט אויף איהם מיט פרעמדע אויגען אין צאַרטען געזיכט, א קאָפּיע פון דיא אמאָליגע ערנעסטינע. פון דעם גאנצען געשפּרעך ארום האָט ער נאָר געהערט א רעש'ען אָהן ווערטער, אזוי פערזונקען איז ער געווען אין אלטע זכרונות. ערשט שפּעטער, בעת מען איז אויף איהם וויא אָנגעפאלען, האָט ער זיך אויפגעכאפּט פון זיין פערקלערטקייט.

הערר גרין, דער ווערטעל־זאָגער, האָט איהם געפרעגט:

„נו, הערר דאָקטאָר לעווענבערגער, וויא געפעהלט אייך דאָ? וואָס, איהר האָט קיין דבורים ניט? אפשר געפעלט אייך ניט, וואָס דאָ זיינען צופיעל יודען?"

אלע האָבען זיך פערנאנדערגעלאכט. פריעדריך האָט פאמעליך געענטפערט:

„אָפען גערעדט, איהר זייט דער ערשטער, וועלכער האָט מיר געבראכט אויף דעם געדאנקען".

„אויסגעצייכענט, הע — הע — הע!" האָט שיפמאן געהירזשעט וויא א פערד. דיא איבריגע האָבען זיך אויך פערנאנדערגעלאכט. דערפון ערשט האָט פריעדריך פערשטאנען, אז זיין ענטפער האָט מען אָנגענומען פאר א וויץ, אפילו נים קיין פריינדליכען, אָבער וואָס פאסט זיך גאנץ גוט אין אזא געזעלשאפט.

הערר גרין, וועלכער איז שוין צוגעוואָהנט געווען צו אנדערע זאכען, האָט זיך ניט שטארק אָבגעגעסען דאָס הארץ. הערר בלוי אָבער, דער אנדערער וויצלינג, האָט מיט א פערקרימטען געלעכטעריל אָנגעהויבען רודף'ן זיין קאָנקורענטען:

„גרין איז אפילו אָט דאָ בכח צו מאכען פון דיא איינוואָהנער אנטיסעמי־טען".

„אייערע חכמות זיינען שוין אביסעל פערשימעלט, הערר בלוי", האָט זיך ד"ר וואלטער אריינגעמישט. — „עס זיינען שוין ב"ה אויסגעגאנגען דיא אנט־סעמיטען אין דער גאנצער וועלט".

„ווען איך וואָלט דאָס געוואוסט זיכער" האָט בלוי זיך נעחכמה'ט, „וואָלט איך אפשר געמאכט דערמיט א שטיקעל עסק".

קינגסקאורט האָט זיך איינגעבויגען צו פּראָפעסאָר שטיינעק און איהם שטיל איינגערוימט אין אויער:

„מיין ליעבער פּראָפעסאָר, מיר דאכט זיך, אז איהר דארפט זיך חלילה ניט אויסרעדען פאר דער קאָמפּאניע וועגען אייערע ליעבשאפט צו דיא נעגער. מען וועט דאָ פון אייך גוט חוזק מאכען!"

„וואָס בעווייזט דאָס אקעגען מיין אידעע?", האָט שטיינעק געענטפערט, „אָט דיא קאָמפּאניע האָט אויך אין אָנהויב זיך אויסגעלאכט פון דעם יודישען נאציאָנאלען געדאנקען. וועגען גרויסע געדאנקען רעדט מען זיי ערשט דאמאָלסט, ווען קינדער אין דיא וויעגען הויבען שוין אָן דערפון צו פערשטעהן".

פריעדריך אָבער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דאָקטאָר וואלטערס בעמערקונג.

„צו איז טאקע אמת", האָט ער געפרעגט, „דאָס דער אנטיסעמיטיזמוס האָט זיך פערקלענערט?"

„וואָס הייסט: פערקלענערט?", האָט שלעזינגער אויסגערופען — „זאָגט בעסער: פערשוואונדען".

„מכח דער פראגע וועט אייך געבען דיא בעסטע ידיעות ד"ר פיינעלשטאָק" איז בלוי ארויסגעשפרונגען מיט א חוצפה, — „ער האָט זיך בענומען וויא א שיפסקאפּיטאן. ער איז געווען דער לעצטער, וועלכער האָט פערלאָזען דאָס שיף. דעם אדוואָקאט האָט דאָס פערדראָסען.

„הערט נאָר בלוי, איך וועל אייך נאָך אמאָל אָננעהמען ביי דיא אויערען און איך איינדרומלען דעם נאָמען מיינעם! וואלטער איז מיין נאָמען. איהר זאָלט זיך דאָס איינ'חזר'ן איינמאָל פאר אלע מאָל. חאָטש איך האָב זיך קיינמאָל ניט גע־שעמט מיט מיין פאָטערס נאָמען. נאָר אין פריהעריגע צייטען האָט מען שוין גע־

מוזט עפּעס נאָכגעבען, אויב מען האָט ניט געוואָלט זיך לאָזען פון דיא אנטיסע־מיטען שינדען דיא הויט".

„און איצט איז דאָס שוין ניט נויטהיג מעהר ?" האָט פריעדריך ווייטער גע־פאָרשט.

„ניין. איבריגענס איז בלוי מיט זיינע נארישע חכמה'לעך היינטיגעס מאָל נערעכט, וואָס איך בין ערשט פאר קורצען געקומען אהער. דערפון אָבער קען מען זעהן, אז איך האָב דאָס ניט געטהון פאר נויט, נאָר מיט'ן אייגענעם פרייען ווילען".

„ענדע יוד, אלעס יוד", האָט דער מאכל'דיגער גרין געמעקעט וויא א ציג. בלוי, וואָס האָט זיך שוין ניט דערוועגט דעם אדוואָקאטען ווייטער אויפצורייצען, האָט שטיל איינגערוימט אין עמעצענס אויער, אז דעם אדוואָקאט'ס קליענטען זיינען צורונען וויא וואסער.

ד"ר וואלטער האָט נעמאכט א ערנסט פנים און גענומען מיט גדלות דער־צעהלען, וואָס פאר ווירקונגען עס האָט אָנגעמאכט דיא גרויסע יודישע אויסוואנ־דערונג. ער האט שוין פון ערשטען טאָג קלאָהר איינגעזעהן, אז דיא ציוניסטישע בעוועגונג איז פון גרויסען נוצען, סיי פאר דיא עמיגראנטען, סיי פאר דיא וואָס בלייבען איבער אין פערשיעדענע לענדער. ער איז געווען פון דיא ערשטע, וועלכע האָבען פערשטאנען דיא גרויסע ווערדע פון ציוניזמוס, און האָטש זיין דאמאָליגע פאלאָזשעניע (לאגע) האָט איהם ניט דערלויבט ארויסצו־ווייזען זיינע געפ־הלען און פריי ארויסצוזאָגען זיינע איבערצייגונגען, האָט ער אין א שטילען פערבעהאל־טענעם אופן ניט אויפגעהערט צו ארבייטען פאר דעם נאציאָנאלגעדאנקען; א ראיה, דאָס ער האָט אין זיין קאנצעלאריע געהאלטען ביי זיך דאמאָלסט א אָרע־מען שטודענטען פאר א שרייבער און האָט ביי איהם ניט צוגענומען דאָס שטיקעל ברויט, ער האָט איהם ניט ארויסגעיאָגט, כאָטש ער האָט גוט געוואוסט, אז דער יונגער מאן קומט אויף ציוניסטישע אסיפות. פאר דעם נאציאָנאל־פאָנד האָט ער אויך געגעבען געלד דאמאָלסט, בעת דער פאָנד האָט שוין געהאט עטליכע צעהנ־דליג מיליאָנען רובעל, און מען האָט שוין געמענט ערוב זיין פאר איהם אָהן ד"ר וואלטערס פאָר גראָשען.

בלוי, דער וויצלינג, האָט געזוכט א קליינע נקמה אויף וואלטערען פאר דיא פריהערדיגע גראָבהייטען:

„זייט נאָר מוחל, הערר דאָקטאָר, צו האָט איהר מנדב געווען אויפ'ן נאציאָ־נאל־פאָנד נייע מטבעות, אָדער אָבגעריבענע ?"

ד"ר וואלטער האָט זיך געמאכט ניט פערשטעהענדיג. ער האָט נאָר א קוועטש געגעבען מיט דיא פּלייצעס און מיט א קאלטען בליק אָבגעמאָסטען בלוי פון קאָפּ ביז דיא פיס. אז דיא עמיגראנטען האָבען אין פּאלעסטינא געפונען א געבענשטעס היים, ווייסט היינט א קינד אין וויעג. אָבער אויך דיא יודען, וואָ זיינען געבליעבען זיצען אויף אנ'אָרט, האָבען פרייער אָבגעאָטהעמט. צייט דיא יודישע קאָנקורענץ איז שוואכער געוואָרען, אָדער אין גאנצען פערשוואונדען, האָט מען זיי מעהר ניט געצעפּעט. אין דיא לענדער, וואָס זיינען געוועזען פול מיט יודען, זיינען געקומען לייכטערע צייטען פאר דיא גאנצע בעפעלקערונג. עס האָבען אפילו אָבגעפּלייצט צוערשט דיא אונטערע קלאסען, דיא אָרעמע און דיא ארבייטער, דאָס פּראָלעטאריאט, אָבער דאָס האָט האָט אויך געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דיא מיטעלערע און אויבערע קלאסען. פריהער פאר אלעמען זיינען אוועק דיא, וועלכע האָבען גאָר ניט געהאט צו פערליערען און האָבען נאָך געהאט א האָפנונג אויף א בעסערע צוקונפט. אזוי וויא דיא עמיגראציע איז געוועזען א פרייע, זיינען נאָר גע־גאנגען דיא, וואָס האָבען געהאָפט אויף א בעסערען מזל. דיא פערצוויפעלטע און דיא ארבייטער אָהן א שטאָך ארבייט האָבען זיך געלאָזען אין א לאנד, וואו עס האָט זיך געעפענט פאר זיי א קוואל פון ארבייט און האָפנונגען. עס פערשטעהט זיך, אז נאָר אויף דעם אופן האָט זיך געמוזט אָנהויבען דיא קאָלאָניזאציע. אין דער גאנצער וועלט האָט מען געוואוסט, אז צוליעב דיא טויזענדער אונטערנעה־מונגען אין פּאלעסטינא, וועלכע האָבען זיך געמעהרט וויא גראָז אויפ'ן פעלד, קען מען לייכט פערדיענען זיין שטיקעל ברויט, קען מען אויך זיך אפשר דערשלאָ־גען צו א ביסעל נגידות. היינט דיא פרייהייט, וואָס האָט געצויגען. אמונה און נאציאָן האָבען ניט געשפּיעלט קיין ראָלע. שוין דאָס אליין וואָלט געקלעקט. דערצו איז נאָך צוגעקומען, וואָס אלע גרויסע יודישע צדקה־חברות האָבען זיך פּשראייניגט מיט דעם צוועק, צו שטיצען א ברייטע יודישע קאָלאָניזאציע. פריהער האָבען זיך זייערע פּאָרשטעהער געבראָכען דיא קעפּ מיט אלערליי פּלענער, וויא צו העל־פען זייערע ברידער, וועלכע ווערען צוליעב דיא רדיפות און צוליעב זייער אָרעמ־קייט געיאָגט פון לאנד צו לאנד וויא חיות־רעות. אמאָל פלעגט איטליכע אָרמיגע יודישע נויט ווערען א צרות־הכלל. ווען דיא אָרימע יודען האָבען שוין ניט גע־קענט אויסהאלטען אין איינע פון דיא לענדער אין מזרח־אייראָפּא און פלעגען זיך לאָזען אין וועג אריין, געטריעבען פון נויט און פּיין, פלעגט עס מאכען ארושם אויף אלע יודישע קהילות. מען האָט געגעבען און געגעבען און קיינמאָל האָט ניט געקלעקט פאר אלע דיא נע־ונד־ניקעס מיט דער בעטלערשער טאָרבע אויף דיא

פלייצעס. מיליאָנען רובעלס האָט מען אויסגעטהיילט, ניט האָבענדיג דיא מענ־
ליכקייט חוקר ודורש זיין וועמען מען דארף און וועמען מען דארף ניט געבען.

און אהרי ככלות הכל האָט מען דיא נויט קיינמאָל ניט געקענט לינדערען,
און דיא צדקה־חברות האָבען נאָך אויפגעהאָדעוועט א גאנצע מחנה פון געבאָרענע
שלעפּערס מיט שלעפּערשע עסקים און רוחים. צוליעב דעם ציוניסטישען געדאנ־
קען איז בעשאפען געוואָרען א פּלאַץ, וואו אלע ערעלע שטרעבונגען ביי יידען האָ־
בען זיך געקענט פעראייניגען, זיך און דעם ציוניזמוס צום נוצען. דיא יודישע
קהילות פון דער גאנצער וועלט האָבען אונטערשטיצט דיא אָרעמע קאָלאָניסטען
אין פּאלעסטינא. דאדורך האָבען זיי זיך בעפרייט פון דיא פיעל אָרעמע לייט, און
דאָס איז אויסגעקומען א סך וואָלוועלער וויא דיא פריהערדיגע מעטהאָדע זיי צו
פערשיקען אין פרעמדע לענדער; דערצו האָבען זיי נאָך געקענט ערוב זיין פאר
זיך, אז זיי שטיצען נאָך אזעלכע, וואָס ווילען ארבייטען, וואָס פערדיענען אז מען
זאָל זיי העלפען. איטליכער, וועלכער האָט נאָר געוואָלט כשר פערדיענען זיין
שטיקעל ברויט, האָט אין פּאלעסטינא געפונען פאר זיך א פּלאַץ צו ארבייטען.
און דער, וואָס האָט גע'טענה'ט, אז מען קען אין פּאלעסטינא ניט לעבען, האָט זיך
דערמיט ארויסגעשטעלט פאר א פוילען און פאר א שלעפּערשע נאטור: אזעלכע
האָבען ניט פערדיענט, אז מען זאָל אויף זיי רחמנות האָבען. אין דיא ערשטע
צייטען האָבען מאנכע געמיינט, אז אזעלכע קאָלאָניעס פון אָרעמע ארבייטער קע־
נען ניט האָבען קיין קיום. וויא נאריש און אונגעבילדעט דאָס איז אזוי צו טראכ־
טען, דאָס האָט ד"ר וואלטער און אלע, וואָס האָבען געהאט א וויטען קוק, באלד
פערשטאנען, פון אָנהויב אָן. צו האָבען ניט שטענדיג בעזעצט דיא נייע קאָלאָני־
עס אָרעמע הונגערליידער? דיא רייכע און דיא זאטע האָבען גאָר ניט געהאט
קיין גרונד, צו פערלאָזען דיא איינגעלעבטע ערטער. דיא זאטע ריהרען זיך ניט;
דיא הונגעריגע אָבער נעהמען איין דיא וועלט. דיא ענגלישע פּוריטאנער פער־
פּאָלגט פאר זייער גלויבען האָבען בעזעצט נאָרד־אמעריקא. דיא וואָס יאָגען זיך
נאָך רייכטהום און גליק געהן קיין אינדיען און זיד־אפריקא. און צו איז נאָך גע־
ווען אזא קאָלאָניע, וואָס איז בעשאפען געוואָרען פאר א ערגערע סאָרט מענשען,
וויא אויסטראליען? און היינט איז אויסטראליען גרויס ביי זיך, בליהענד וויא
א גאָרטען און רייך. צום אָנפאנג פון 19־טען יאָהרהונדערט איז דאָס געווען א
קאָלאָניע פון קאטאָרזשניקעס און אין עטליכע צעהנדליג יאָהר איז דאָס געוואָרען
א שטארקע געזונדע מלוכה. צום סוף פון 19־טען יאָהרהונדערט איז זיא געווען

איינע פון דיא שעהנסטע דימענטען אין קרוין פון דער ענגלישער וועלט־מלוכה.

ד"ר וואלטער און זיינסגלייכען, וויא געזאָגט, האָבען זיך אויסגעלאכט פון דיא, וואָס האָבען ניט געגלויבט אין דעם קיום פון דיא נייע יודישע קאָלאָניעס. אויב קאטאָרזשניקעס אין אויסטראַליען האָבען געהאט הצלחה אין זייער ארבייט, פאר וואָס זאָלען דאָס ניט האָבען דיא פיאָנערען (חלוצים) פון יודישען פאָלק, ווען זיי ווערען נאָך דערצו פון כל ישראל אונטערשטיצט אין זייער הייליגער אר־בייט פאר דיא פרייהייט און דעם כבוד פון דער נאציאָן? מיט גרויס עניות דער־צעהלט ד"ר וואלטער, וויא זיינע נביאות זיינען מקוים געוואָרען. דען דיא גרויסע ארבייטען אין דיא קאָלאָניעס האָבען געפאָדערט א מאסע געשטודירטע אינזשע־נירען, אדוואָקאטען און געבילדעטע סוחרים. דאדורך האָבען פּלוצלונג בעקומען א בעשעפטיגונג מאסען פון געשטודירטע יונגע לייט, וועלכע זיינען פריהער צו־ליעב דעם אנטיסעמיטיזמוס ארומגעגאנגען אָהן שטעלען. בעת פריהער פלעגען דיא געענדיגטע ארומגעהן פוסט און פאס מיט א שרעקליכע פערצווייפלונג אין הארצען, — האָבען זיי איצט געקריעגען אין פּאלעסטינא ארבייט ביז איבער'ן קאָפּ, געקראָגען שטעלען ביי דיא קהל'שע און פּריוואטע אונטערנעהמונגען. דער פּועל יוצא דערפון איז געווען, אז זיי האָבען שוין ניט קאנקורירט מיט זייערע קריסטליכע חברים. מען האָט שוין אויפגעהערט צו קוקען אופן יודען, וויא א פגע רע, און דאדורך זיינען אויך בטבע קלענער געוואָרען דיא שנאה און דיא קנאה צום יודען אין סוחרישען און אין מאטעריעלען לעבען. מען האָט אָנגעהויבען צו זעהען דיא יודישע מעלות, וויא באלד מען האָט זיך שוין ניט געריסען ווענגען שטיקעל ברויט. וואָס זעלטענער מען באָט זיך אָן, אלץ העכער שטייגט די ווערדע פון דעם אָנבאָטען זיך.דאָס ווייסט שוין היינט א קינד אין וויעג. און דאָס איינענע איז אויך אָנגעפּאסט פאר דעם יודען, וואָס האָט אויפגעהערט אין מאַ־טעריעלען לעבען צו זיין פאר דעם קריסטען א דאָרן אין אויג. און אזוי האָט זיך פון אלע זייטען געבעסערט דעם מצב פון דיא אידען. אין די לענדער, וואו מען האָט ניט געוואָלט, אז ס'זאָלען אויסוואנדערן צופיעל יודען, האָט זיך שטארק אומגעביטען ביז כלל די מיינונג ועגען זיי; מען איז זיי שוין נעגאנגען אנטקעגען ניט נאָר אויף פּאפּיער האָט מען זיי געגעבען אלע רעכטע, נאָר אויף צו דער־אמת'ן, מיט'ן גאנצען פולען הארצען. מיט געוואלט קען מען דיא יודען ניט נויט־טען, אז זיי זאָלען זיך מיט א פרעהליכען הארצען בעשעפטיגען מיט קונסט און וויסענשאפט, מיט האנדעל און פאבריקאציע אין דיא לענדער, וואו מען האלט זיי

ניעדעריגער פאר זיך. נאָר ליעבשאפט און פריינדשאפט קען דאָס ברענגען דערצו. דאמאָלסט ערשט, בעת דיא געפייניגטע יודען האָבען אויפגעהערט צו זיין נע־ונד'ניקעס און האָבען זיך בעזעצט אין זייער אייגענעם לאנד, ערשט דאמאָלסט האָבען דיא יודען אומעטום געקראָגען דיא אמת'ע עמאנציפאציאָן. דיא גלייכע רעכטען וויא אלע בירגער פון לאנד. און דיא, וועלכע האָבען זיך געוואָלט צומי־שען, זיך אסימלירען מיט אן אנדער פאָלק, האָבען דאָס געמעגט טהאָן אָפען, אָהן פשטט'ליך און אָהן גנבת הדעת. עס האָבען זיך איינגעפונען אזעלכע, וואָס האָבען געוואָלט אָננעהמען דיא אמונה פון זייער לאנד, און זיי האָבען דאָס געמעגט אָפען טהון, און זיך ניט שרעקען דערפאר, אז מען וועט זאָגען זיי טהוען דאָס צו־ליעב געלד, אָדער א שטעלע צו קריעגען, ווייל אוועקצוגעהן פון יודענטהום האָט אויפגעהערט עמיצען א נוצען צו ברענגען. דיא איבערגעבליוועני יודען, וועלכע זיינען געוועזן אין אלץ, חוץ גלויבענס זאכען, איינס מיט דיא אנדערע בירגער פון לאנד, האָבען אויך אין אמונה אנגעלעגענהייטען ניט געהאט דאָס מינדעסטע צו ליידען. דען טאָלעראנץ מוז זיין אויףביידע צדדים, און ערשט בעת דיא יודען האָבען זיך בעוויעזען פאר טאָלעראנטע מענשען צו פעלקער פון אנדערע נאציאָ־נען דאָרטען, וואו זיי זיינען דאָס רוב פון לאנד, האָט מען זיי אָבגעצאָהלט מיט דער אייגענער מדה טובה.

„דארום" האָט ד"ר וואלטער געענדיגט זיין קליינע דרשה, ווארפענדיג א חניפה'לע־בליק אויף פראָפעסאָר שטיינעקען, — דארום בין איך א אנהענגער און א טרייער סנגור פון דיא אידעען פון דער ליטוואק־שטיינעק'שען פארטיי, און איך וועל מיט לייב און זעעל ביז מיין לעצטען טראָפען בלוט שטרייטען פאר דיא דאָ־זיגע אידעען".

הער בלוי פון זיין זייט האָט געזאָגט מיט א שטאָך:

„איך בעט אייך, הערר פראָפעסאָר, איהר זאָלט חלילה ניט פערגעסען דאָס צו זאָגען אייער ברודער. ותען איהר האָט אויף אייער זייט ד"ר וואלטער, האָט איהר דאָס רוב שטימען פאר זיך".

דער אדוואָקאט איז א אָנגעצונדענער געוואָרען:

„וואָס מיינט איהר דערמיט איהר... איהר....?"

„גאָר ניט" האָט בלוי זיך גע'חכמה'ט מיט א פערשטעלטע רוהיגע מינע. „איך האָב קיין מאָל ניט געזעהען האַלטען פאר אן אנדער זייט, וויא פאר דער וואָס האָט פאר זיך דאָס רוב שטימען (גאלקעס). דעריבער מעג מען שטענדיג

גראטולירען דיא מענשען פאר װעלכע איהר האלט״.

„אויב איהר װילט מיט אײערע פערשימעלטע װיצען זאָגען, אז איך פלעג ענדערען אָפט מײנע אנזיכטען, קען איך זיך נאָר אויסלאכען פון אײך. איטליכער בר דעת װערט מיט דער צײט קליגער. דיא הויפּטזאכע איז, דאָס װיא באלד איך האלט פון עפּעס האלט איך שוין דערפאר מיט אלע כחות״.

„אודאי״, האָט זיך אדײנגעמישט גרין, װעלכער האָט געהאלטען זײן „ניט געװעלגערטען״ אויער צװישען דעם גראָבען פינגער און דעם צײגעפינגער, — „עס פערשטעהט זיך. װען דר. װאָלטער האלט שוין פון עפּעס, האלט ער זיך דערפאר פעסט מיט בײדע הענד. װען ער פערליערט אָבער זײנע איבערצײגונג, װאָלט דאָך פיר איהם א נארישקײט געװען צו האלטען מיט בײדע הענד א זאך, װאָס ער האָט שוין לאנג אָנגעװאָרען״.

הערר שלעזינגער, װעלכער איז נאָך אלץ געװען א געשעפט־מענש בײ באראָן גאָלדשטײן, און פאר װעמען מען האָט נאָך אלץ בושה געהאט אין דער קאָמפּאניע, האָט ברײטליך א סוף געמאכט צװישען דיא שטרײטערס.

„װאָס איז מיט אײך געשעהען? צו זײנען מיר אויף א פאָלקס־פערזאמלונג? װאָס ארט אונז איבערצײגונג! איך װײס נאָר צװײ זאכען: „געשעפטען און פערגעניגען״.

„בראװאָ!״ האָט קיננסקאורט אויסגערופען, — „און קודם כל דאָס עסק׳ל״

„איהר זעהט, דער הערר האָט אויך דיא אײגענע מײנונג. צו איז איצט א צײט פון געשעפטען צו רעדען?! טאָ לאָזט אונז צו רוה!״.

„איהר טרעפט אלע מאָל אין פּינטעל אריין, הערר שלעזינגער״, האָט זיך שיפמאן צונע׳חנפ׳ט צו איהם, און זיך װענדענדיג צו קיננסקאורט און פריעדריכען האָט ער האלב הויך, נאָר אזוי, אז אלע זאָלען קענען הערען, געזאָגט: „ניט אומ־זיסט האָבען דיא בארָאנען פון גאָלדשטײן אזא צוטרויען צו איהם. ער איז א־ין יפו דער פּערטרעטער פון אָט דער בעקאנטער פירמע״.

„װאָס איך הער!״ איז קיננסקאורט אויף א געלעכטער שטארק נתפּעל גע־װאָרען, דערװײל האָבען זיך דיא דאמען װײטער גענומען פאר׳ן אלטען שמועס מכח פאריזער היט. פרוי לאשנער האָט גערעדט העכער פון אלעמען. זיא שרײבט אויס איהרע פּוצזאכען דירעקט פון פאריז.

פרוי ערנעבטינא װײנבערגער האָט פריעדריכען אָנצוהערען געגעבען, אז ער מעג זײן זעסעל נעהענטער צורוקען און זיא האָט מיט א שטיל קול אָנגעהויבען:

„יאָ, און דאָס איז מיינע טאָכטער. ווי דיא צייט פערגעהט! וויא געפינט איהר זיא? שעהן, מיאוס?“

„אין גאנצען אין דיא מוטער“, האָט ער געענטפערט אָהן אינטערעסע, וויא א מאשינע.

„מיאוס, הייסט דאָס? אך, וואָס פאר א בייזער מענש איהר זייט!“ און זיא האָט קאָקעט א וואָרף געטהון מיט דיא ווימפּערען.

איהם איז געוואָרען זעהר שווער אויפ'ן הארצען, קוקענדיג אויף דיא פערבליהטע פרוי, וואָס האָט זיך נאָך בעמיהט צו געפעלען. אָט אזא פּנים האָבען אלע סבות פון אונזערע שמערצען אין צוואנציג יאהר ארום. מען הויבט ניט אָן צו פערשטעהן, וויא האָט מען צוליעב אזוינס געקענט האָבען אזעלכע עגמת נפש. אָך, א רחמנות אויף דיא פערלאָרענע דאמאָליגע צייט!

זיא אָבער, וואָס האָט ניט אָנגעהויבען צו פערשטעהן, וואָס אין איהם טהוט זיך, האָט ווייטער געקאָקעטירט: וואָס רעכענט ער צו טהון? צו בלייבט ער דאָ, אָדער צו קעהרט ער צוריק קיין אייראָפּא? אויב ער ועט דאָ בלייבען, וועט ער דאָך מן הסתם טראכטען צו גרינדען א פאמיליע, צו הייראטען.

„איך? אין מיינע יאהרען? איך האָב דאָס שוין פערזאמט, וויא א סך וויכטיגערע זאכען“.

„איהר רעדט שוין וויא ניט קיין עהרליכער מאן“, האָט פרוי וויינבערגער איהם געענטפערט דארויף... „איהר זייט נאָך גאָר ניט אין דיא יאהרען. איהר זעהט אויס פיעל יינגער, וויא איהר זייט אין דער'אמת'ן. אויף אייער אייניזאמער אינזעל האָט איהר אייער יוגענד ניט פערברויכט... ווארט נאָר א ווייל'ע, איך ועל לאָזען טרעפען א יונג ריין קינד, וויא אלט איהר זייט... פיפי, טרעף אָקאָרשט, וויא אלט מוז שוין זיין דער ד"ר לעווענבערג?“

פריילין פיפי, דאָס יונג ריין קינד, האָט א ווייל'ע איהם אָנגעקוקט, אראָבגעלאָזען דיא אויגלעך און דערנאָך געזאָגט פערשעהמט:

„אָנפאנג דרייסיג, מאמא“.

„א טעות. ליעבעס פריילין, איהר האָט זיך ניט גענוי איינגעקוקט מן הסתם“.

„איך זעה אייך שוין ניט צום ערשטען מאָל“ האָט זיא געענטפערט פערשעהמט, „איך האָב אייך שוין געזעהן אין אָפּערענטהעאטער צוזאמען מיט מריב ליטוואק“.

„גוט וואָס איך האָב זיך דערמאָנט“, האָט ערנעסטינא געזאָגט, — „וויא

געפעלט אייך מרים ליטוואק ? איך מיין ניט איהרע אויסערע געשטאלט. זיא איז דאָך זעהר א שעהנע. אָבער וויא זיא האלט זיך, איהר פּאָזע. זיא גרויסט זיך אלץ עפּעס דערמיט וואָס זיא טהוט איהרע פליכטען, און נאָך אזעלכע נארישקייטען.

זיא שפּיעלט דיא ראָלע פון א לעהרערין. דאָס איז איצט דיא נייעסטע מאָדע".

פריעדריך איז געוואָרען צוקאָכט :

„מיינע טייערע, לויט איך ווייס, שפּיעלט ניט פריילײן ליטוואק דיא ראָלע פון א לעהרערין, זאָנדערן איז טאקי א לעהרערין. זיא נעהמט זיך פאר איהר זאך זעהר ערנסט, וויא דאָס פאָדערט דיא פליכטען פון א לעהרערין".

„קוקט זיך נאָר איין, וויא ער נעהמט זיך אָן פאר פריילײן ליטוואק !" האָט ערנעסטינא גע'חוזק'ט פון איהם.

„מיין פריינד האָט מיר געגעבען א צייכען", האָט זיך פריעדריך אויפגעהויבען פון שטוהל, — „מיר מוזען אבשיעד נעהמען".

ער האָט אויך אבשיעד גענומען פון דיא איבריגע פון דער קאָמפּאניע און איז אוועק. קינגסקאורט האָט איהם גענומען אונטערן אָרעם און געזאָגט :

„פריטץ, טרעפט אקאָרשט וועגען וואָס איך האָב געקלערט, זיצענדיג דאָ אין דער שיינענדיגען גזועלשאפט".

„פרעגט מיר בחרם !"

„אז עס איז שוין צייט פאר אונז אוועקצופאָהרען. ניט צוליעב דעם זיינען מיר געוואָרען אזעלכע גזלנים און רוצחים, בכדי צו נעהמען א פינסטערען סוף אין דער קאָמפּאניע פון פערטרעטער פון באראָן גאָלדשטיין. אָדער רעכענט איהר אפשר זיך דאָ צו בעזעצען אויף שטענדיג ?"

„איהר פרעגט נאָך, קינגסקאורט ? ווייסט איהר נאָך ניט אז איך געהער אייך אין גאנצען און געה מיט אייך וועו נאָר איהר ווילט און וואו נאָר איהר ווילט ?"

דארויף איז דער אלטער קינגסקאורט געבליעבען שטעהן וויא א צונעשמידטער און פריעדריכען שטארק געדריקט דיא האנד.

ענדע דריטעם בוך.

## פריוואטעס בוך.

### פסח.

### I.

אין דער ווילע פון אלטען ליטוואק האט מען זיך צוגערייט צום סדר. עס איז שוין געוועזן א שטיק אין אווענד, בשעת דיא געסט זיינען אנגעקומען. דער רוסי־שער פאפ פון ספרית איז שוין געקומען מיט א שעה פריהער. צום סוף איז אויך געקומען דוד צוזאמען מיט'ן גלח איגנאץ פון פראציסקאנער קלויסטער: דאס איז געוועזן א געזונדער שעהנער מאן מיט פריש־רויטע באקען און א בלאנדען בארד. אין זיין ברוינעם קלויסטער מאנטעל האט ער נאך אויסגעזעהען שלאנקער. ער איז געבארען געווארען אין קעלן ביים רהיין און חאטש ער לעבט שוין זייט 25 יאהר אין טבריא, האט ער זיך נאך אלץ ניט אבגעוועהנט צו רעדען דייטש מיט א קעלנישער אויסשפראכע.

דעם סדר־טיש האט מען געדעקט אין עסצימער פון אונטערשטען שטאק. אויף דעם קלארווייסען טישטוך זיינען געווען אויסגעשטעלט געשיר פאר א ערך 20 פערזאנען. דוד האט אלעמען אנגעוויזען דיא ערטער, און אליין האט ער זיך געזעצט ביים אונטערשטען ענדע טיש, געגענאיבער זיין פאטער, וועלכער איז גע־זעסען אויבען־אן. רעכטס פון אלטען ליטוואק איז געשטאנען א לעדיגער שטוהל. דיא אלטע פרוי ליטוואק האט זיך געפיהלט ערגער און האט ניט געקענט קומען צום סדר. אין דער לינקער זייט פון בעל־הבית איז געזעסען מיסטריס גאטלאנד.

עס האט זיך אנגעהויבען דאס שעהנע פערצייטיגע טהעאטער שטיק, וואי עס זיינען אויסגעמישט טרעהרען און פרייד; דער סדר האט זיך אנגעהויבען.... מען האט אנגעגאסען פול דעם ערשטען כוס. דער בעל־הבית האט הויך געמאכט קדוש, געבענשט דעם זאפט פון וויינשטאק און געדאנקט פאר אלע גענאד הא־רער אויבערשטער טהוט מיט זיין פאלק.

„ברוך אתה ה' אלחינו מלך העולם שהחינו וקימנו...."

מען האָט אויסגעטרונקען דעם ערשטען כוס. קינגסקאָורט אָבער האָט זיך נאָר צוגעקוקט. מיסטריס גאָטלאַנד האָט זיך צוגערוקט צו איהם און איהם אויף ענגליש איינגעשושקעט אין אויער: „איהר מוזט אלץ נאָכטהון, וואָס דיא אנדערע מאכען. עס איז אזא מנהג“.

קינגסקאורט האָט ארונטערגעשווענקט עטליכע „א רוח אין זיין“... האָט אָבער געהאט גענוג שטאָט ביי זיך, געגען פרעהליכקייט נאָכצוטהון דיא וואונדערליכע מנהגים אין איינעם מיט אלע געסט. דיא קריסטליכע גלחים האָבען זיך אויך ניט אָבגעשיידט פון אלעמען.

דער אלטער ליטוואק האָט קאָמאנדירט „ורחץ“. איבער א זילבערנעם וואַשׁשיסעל האָט ער זיך געוואַשען דיא הענד, און מרים האָט איהם בעדיענט. דערנאָך האָט ער זיך גענומען צו דעם „כרפס“. אלע אורחים האָבען געקראָגען צו שטיקעל ציבעלע. ליטוואק האָט געמאכט דיא ברכה און אלע האָבען מקיים געווען דיא מצוה פון כרפס. קינגסקאורט האָט זיך דערביי פרעהליך פערקרימט און מיסטריס גאָטלאַנד האָט זיך דערביי ניט געקענט אָבהאלטען פון א שמייכעל. ליטוואק האָט אראָבגענומען פון סדר־שיסעל דאָס איי און דיא זרוע, האָט אויפגעהויבען דעם פערדעקטען טעלער און האָט מיט א ערנסטען יום־טובדיגען פנים אָנגעהויבען: „כהא לחמא עניא“.

וויעדער האָט פריי גאָטלאַנד אויסגעלייזט קינגסקאורטען פון א פערלעגענהייט. זיא האָט איהם מיט׳ן פינגער אָנגעוויעזען אין זיין הגדה דיא דייטשע איבערזעצונג פון דער שטעלע „כהא לחמא“ דערנאָך האָט מען אָנגעפיהלט דעם צווייטען כוס, און דוד׳ן, וויא דעם יונגסטען פון אלע מאנסבילען ביי׳ן טיש, איז אויסגעקומען צו פרעגען דיא פיער קשיות. ער האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

„מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות? מיט וואָס האָט זיך פערענדערט דיא דאָזיגע נאכט פון פסח פון אנדערע נעכט? דען אין אלע אנדערע נעכט עסען מיר סיי חמץ סיי מצה און היינטיגע נאכט נאָר מצה. אין אלע נעכט....“

ליטוואק האָט אָבגעדעקט דיא מצות פון סדר־טישעל און אלע אין איינעם האָבען געענטפערט:

„קנעכט זיינען מיר אמאָל געווען ביי פרעה׳ן אין מצרים, און דער אויבערשטער אונזער גאָט האָט אונז ארויסגעצויגען פון דאָרטען מיט זיין שטארקער האנד און זיין אויסגעשטרעקטען אָרם“.

און אזוי איז זיך געגאנגגען ווייטער דער סדר, איינגעמישט מיט דער פרומ־
קייט פון דער הגדה און דיא פרעהליכקייט פון א פאמיליען-יום־טוב. און איטלי־
כען, וועלכער האט נאר א חוש פאר אלטע פארצייטיגע מנהגים און זמירות,
האט דער סדר געמוזט פערנעהמען ביים הערצען, ווייל דער פסח מיט זיינע
מנהגים, דער טהייערסטער יום טוב ביי אידען, אין וועלכע עס שפיגעלט זיך אפ
דאס גרעסטע שטיק אידישקייט, איז עלטער וויא אלע אנדערע לעבעדיגע מנהגים
ביי היינטיגע געבילדעטע פעלקער. שוין פאר פיעלע פיעלע יאהרהונדערטען
האט מען דעם פסח געפראוועט מיט דיא אייגענע פיהרונגען און מנהגים. פון דא־
מאלסט אן האט דיא וועלט א אנדער פנים געקריעגען, פעלקער זיינען געגאנגען
צו גרונד, נייע האבען זיך בעוויעזען אין דער געשיכטע, דיא ערד אליין האט זיך
פערגרעסערט פאר אונזער גייסטיגען בליק, נייע לענדער האט מען ענטדעקט,
טויזענדער נאטורקרעפטען זיינען געווארען אונזער קנעכט און האבען אונז דער־
דערלייכטערט און פערשעהנערט דאס לעבען, — נאר איין פאלק איז נאך געבלי־
בען, וויא א מאל, טריי צו זיין גלויבען און צו זיין אלטע פערצייטיגע מנהגים,
טריי צו זיך אליין און צו זיין עבר און מיט א שטארקען זכרון, וואס פערגעסט
ניט דיא צרות פון דיא פריהערדיגע אידישע דורות. דאס פאלק פון קנעכט־שאפט
און פרייהייט רעדט נאך עד היום מיט דיא ווערטער פון טויזענדיעהריגע תפילות,
רעדט צום רבונו של עולם, צו דעם גאט פון זיינע אבות, צום אלהי ישראל!

ביי'ן סדר־טיש איז געזעסען איינער, וועלכער האט געזאגט דיא הגדה מיט
א התלהבות פון א בעל תשובה. ער האט זיך געפיהלט וויא א פערוואגעלטער,
וואס דערמאנט זיך אן זיין אמאליג היים, אונצייטענוייז האט ער געשפיערט
וויא עס שטעקט איהם אין האלז א שטראם פון טרעהרען. דרייסיג יאהר זיינען
אוועק, פון דער צייט בעת ער האט נאך אליין געפרעגט דיא פיער קשיות, דער־
נאך איז געקומען דיא השכלה, דיא צייט, בעת ער האט זיך צושיידט מיט דער
אידישקייט און פערלאהרען איטליכען צובונד סיי צו דעם אידישען, וויא צו
דעם קריסטליכען לעבען. ביי'ן איצטיגען סדר איז ער זיך פארגעקומען, וויא א
נע־ונד'ניק, וועלכער איז צוריקגעקומען צו זיין אלטע טהייערע משפחה.

ביי'ן עסען האט איהם קינגסקאורט צוגעשריען איבערן טיש:

„פריטץ, איך האב גאר ניט געוואוסט, אז איהר זייט אזא למדן אין לשון
קודש“.

„אפען גערעדט, איך האב דאס אויך ניט געוואוסט ביז איצט“ — האט

ער געענטפערט, — „אָבער עס ווייזט אויס, אז עס פערגעסט זיך ניט אזוי לייכט, וואָס מען האָט געלערענט אין דעריוגענד".

ביי'ן טיש האָט מען זעהר אָפט דערמאָהנט א נאָמען, וואָס פריעדריך און קיננסקאורט האָבען נאָך קיין מאָהל ניט געהערט. מען האָט אלץ גערעדט פון א מיסטער יאָזעף לעווי. — דיא ביידע שטיינעקס האָבען איהם פראָסט גערופען „דשאָע", און אין זייערע מיילער האָט זיך דאָס געהערט וויא „טשאָה".

„א ווילדע עולה, וואָס טשאָה איז דאָ נימאָ!" האָט דער ארכיטעקט הויך געזאָגט.

„ס'איז אין דער אמת'ן גאָר ניט כשורה, וואָס דשאָע פעהלט אונז דאָ", האָט צוגעשטימט זיין ברודער, — „עפּעס איז גאָר דער סדר קיין סדר ניט אָהן איהם. פערשטעהט איהר שוין ?"

„גאָר קיין סדר ניט", האָט קיננסקאורט מיטגעבאָמט. — „עס הויבט מיר שוין אָן צו נוקענען. וואָס ווילט איהר אייגענטליך האָבען פון דעם אונבעקאנטען דשאָע ?"

„ער קען ניט טשאָה!" האָט זיך צושריען דער ארכיטעקט און ער האָט זיך פאר לאכען געהאלטען ביי דיא באָקעס.

„אויב איהר קאָנט ניט טשאָה, זאָלט איהר וויסען זיין אז עס פעהלט אייך א שטיק בילדונג", האָט דער פּראָפעסאָר פון זיין זייט געענטפערט, „טשאָה מוז איטליכער קענען. אָהן איהם, וואָלטען א סך ניט געזעסען היינט דאָ וואו זיי זי־צען. טשאָה האָט מיט דיא קלענסטע מיטלען דיא גרעסטע און וואונדערבארסטע זאכען געמאכט. טשאָה איז א זעלטענער מענש. ער האָט אין זיך אזא מעלה, וואָס איז זעלטענער וויא גאָלד, וויא פּלאטין, וויא אוראן, זעלטענער פאר דיא זעלטענסטע זאכען אין דער וועלט".

„ רוח זאָל נעהמען! איך ווער שוין ניטעריג, פּראָפעסאָר. און וויא הייסט דיא דאָזיגע מעלה ?".

„דער פּשוט'ער געזונדטער מענשענפערשטאנד! פערשטעהט איהר שוין?"

„איך הויב שוין אָן צו בענעהמען. איך וואָלט אָבער אויך וועלען א קוק טאָהן אויף דעם זעלטענעם מאן."

דער ארכיטעקט האָט געמאכט מיט ביידע הענד א רעדער פאר'ן מויל און האָט לוסטיג לעבעדיג א געשריי געגעבען:

„טשאָה, טשאָה!"

מיסטער גאָטלאנד האָט א וואונק געטאָהן צום שרייער, אז ער זאָל איינ־
שטילט ווערען.

דערנאָך האָט זיא געזאָגט:

„מיין ליעבער פריינד, אייער קול איז שוין אויך צו שטיל, אז ער זאָל אייך
קענען דערהערען,סיידען אז איהר זאָלט זיך בעמיהען צום טעלעפאָן,און דאמאָלסט
איז שוין קיין קונץ ניט. איהר פערלאנגט נור אז מען זאָל אייך פערבינדען מיט
דער שטאָדט מארסייל. אונזער דשאָע איז היינט נאָכמיטאָג אָנגעקומען קיין מאר־
סייל. ער לאָזט אלעמען גריסען. איך האָב איהם פאר א ווײלע ארויסגערופען
צום טעלעפאָן".

„וואָס? מיט איין מאָהל!" האָט זיך פערוואונדערט דער ארכיטעקט, —
„און קיינעם א וואָרט ניט געזאָגט?"

„יא, ער האָט זיך מיט עטליכע טעג צוריק פלעצליך ענטשלאָסען". האָט פרוי
גאָטלאנד ווייטער גערעדט. „איהר קענט דאָך זיין נאטור. מען האָט איהם גע־
בראכט א ידיעה, אז א פאבריקאנט אין ליאָן האָט א נייע מאשינע ערפונדען.
מען מוז א קוק טאָהן, האָט ער זיך געזאָגט, און איז באלד אוועקגעפאָהרען קיין
אייראָפא. און אזוי ווי די בלעטער האָבן תיכף ומיד טעלעגראפיש מיטגעטהיילט
וועגען זיין נסיעה, איז ער מן הסתם איצט שוין בעלאגערט פון אלערליי פאברי־
קאנטען, אגענטען פון מאשינעס און אינזשענירען. ווען דשאָע פאָהרט קיין אי־
ראָפא קומט שוין אלע מאָל אזוי ארויס".

רעשיד־ביי האָט זיך אריינגעמישט.

„עס ערווארטען איהם שוין געוועהנליך דיא פערטרעטער פון אלערליי פאב־
ריקען און געשעפטספירמען. ער ארבייט מיט ענגלאנד, דייטשלאנד און פראנק־
רייך און בעזאָנדערס מיט אמעריקא. מאָרגען וועט ער שוין מן הסתם זיין אונטער־
וועגס נאָך אמעריקא, ווען ער וועט ניט פאָהרען קיין לאָנדאָן, אָדער זיך ניט אומ־
קעהרען אהיים. ביי יאָזעף לעווי ווייס מען קיין מאָהל ניט, וואָס ער רעכענט צו
טאָהן מיט'ן מאָרגעדיגען טאָג. איין זאך ווייס מען נאָר, אז וואָס ער וועט נור
טאָהן, וועט דאָס זיין דאָס בעסטע און דאָס ניצליכסטע, וואָס מען קען נאָר אונ־
טערנעהמען. ער שליסט אָב א עסק פון 5 מיליאָנען גיכער, וויא א אנדער קויפט
זיך א ראָק. דיא אמעריקאנער זיינען פאר איהם איינגענומען. ער מאכט גיך
זיינע רשימות, צאָהלט גוט און לאָזט זיך קיין מאָהל ניט נארען".

דאָנערוועטער! דער מאן געפעהלט מיר!" האָט קינגסקאורט א ברום גע־
טאָהן, „וואָס פאר א שטעלע האָט ער ביי אייך?"

„גענעראל דירעקטאָר פון דעפּארטמענט פאר האנדעל און פאבריקאציע" האָט דוד גענטפערט. — „עס איז אודאי ניטאָ אזא דעפּארטמענט, וואו לעווי זאָל ניט קענען זיין דירעקטאָר. דאָס איז שוין אזא מענש, וועלכער פּארטינט אַנ איטליכע זאַך אין דער וועלט, צו וואָס עס פאָדערט זיך נאָר א געזונדטער שכל און א אײזערנער ווילען. זיין השגחה איז ניך וויא א בליץ, און אין איין רגע וועט ער אייך אויספּלאָנטערן דיא פערדרעהטסטע חשבנות, וועט ער אייך קלאָהר מאכען דעם מצב פון יעדער זאַך. און אויב דשאָע לעווי זעצט זיך וואָס אריין אין מוח, מענט איהר שוין נעהן שווערען, אז ער וועט דאָס אויפיהרען ביז אויף א האָאר. איך האָב שוין פריהער געטראכט, אז דער מענש, מיט אלע זיינע יעלטענע מעלות וועט אייך געוויס פאראינטערעסירען מיינע העררן. איהר זאָלט א הם ווענינסטענס נאָך'ן עסען הערען ריידען, ווייל היינט קען איך אייך איהם נאָך וויזען אין דער פאָטאָגראפיע זיינער".

„הייסט עס, מיר זאָלען צום טעלעפאָן געהן?" האָט קיננסקאורט געפרעגט.

„עס איז ניט נויטהיג", האָט דוד געשמייכעלט. „איהר קענט דאָס האָבען א בּך בעקוועמער, און נים איהר, אויך דיא שפּעטערע דורות וועלען הערען זיין דרשה. איך האָב מיר געטראכט, אז ס'וועט אלע מאָהל זיין אינטערעסאנט צו הערען די שטימע פון פעלדמארשאל, וועלכער איז געגאנגען פאראוים ביי אונזער־לעצטען יציאת מצרים. דעריבער האָב איך געבעטען יאָזעף לעווי, זיינע רעדע וועגען דער קאָלאָניזירונג פון אונזער לאנד אריינצורייידען אין פאָנאָטראפען. שוין פאר 20 יאָהרען האָט איהר געקענט דיא שכל'דיגע ערפינדונג פון פאָנאָ־גראפען. איך האָב געלאָזען נאָכמאכען עטליכע הונדערט מיט וואקס בערעקטע וואלצען, אויף וועלכע עס איז איינגעצייכענט דיא געשפּראָכענע רעדע פון אונ־זער פיהרער. איך האָב דיא וואלצען לכבוד פסח פערשענקט פאר דיא פאָלקס־שו־לען. מיר אָבער וועלען הערען דיא רעדע פון דער ערשטען אָרגינאל־וואלצע.

קיננסקאורט איז דאָס זעהר געפעהלען.

„א מחיה! א וואָהלער געדאנקען. איך האָב שוין סיי וויא סיי געפרעגט דיא גאנצע צייט, וויא איז דאָס אלץ ביסלעכוויז געוואָרען. דיא פּארטינע פירות האָבען מיר שוין געזעהן. אָבער ווי איז דאָס איינגעפלאנצט געוואָרען? און דאָס איז דאָך סוף כל סוף א גרויסע רעטעניש. אז עס איז דאָ אייזענבאהנען, האפענס, פאבריקען, אויטאָמאָבילען, טעלעפאָנען, טעלעגראפען, פאָטאָגראפען, פאָנאָגראפען און נאָך אזעלכע ווייכ איך וועלט גראפען, דאָס אלץ האָבען מיר, פערגרעבטע אײראָפּייער, שוין געוואוכט נאָך איידער אונזערע פיס האָבען מיט

התפעלות נעטראַטעטן דיא ערד פון פּאַלעסטינא. אָבער וויא האָט איהר דאָס אלין אריבערגעפּלאַנצט ביי זיך? דעריבער וואָלט איך אייך געבעטען, זיך אביסעל טאַ־קע מטריח צו זיין".

„דערנאָך וויא מיר האָבען אייך געוויעזען דעם סוף, וועט אייך דשאָע ווייזען דעם אָנהויב", האָט דוד געענטפּערט, — „און ביים סדר איז נעראָד דיא ריכטיגע צייט צו שמועס'ן דערפון. מיר האָבען אָקאָרשט געלייענט אין דער הגדה, וויא אונזערע חכמים האָבען זיך א מאָל צוזאמען געקליעבען צום סדר און בני ברק און האָבען א גאנצע נאכט פערבראכט שמועסענדיג וועגען יציאת מצרים. מיר זיינען איצט דיא אור־אור־אור אייניקלאך פון רבי אליעזר, רבי יהושע, רבי אליעזר בן עזריה, רבי עקיבא און רבי טרפון. און היינט האָבען מיר אזא סדר וויא אין בני ברק. אלטע צייטען וועלען זיך מחדדש זיין, קריגען נייע פּארבען. צו־ערשט וועלען מיד ענדיגען דעם סדר אין דעם איינענעם אופן, וויא אונזערע טאַ־טעס האָבען דאָס געטאָהן. דערנאָך זאָל קומען דיא נייע צייט און אונז דער־צעהלען וויא זיא האָט זיך אָנגעהויבען. עס איז ווייטער געקומען א צייט פון קנעכטשאפט, און סאיז ווייטער געקומען א יציאת מצרים. און דאָס צווייטע יציאת מצרים האָט אן אנדער פנים געהאט, דאָס פנים פון סוף נײנצעהנטען יאהרהונדערט. א אנדער בילדונגס צושטאנד, אנדערע טעכנישע מיטלען האָבען אונז געפיהרט דורך אנדערע וועגען צום דעסאיינציגען ציעל פון אונזער נאציאָ־נאלער בעפרייאונג. און עס האָט געמוזט דערצו קומען. און עס האָט ניט געקענט פריהער קומען. עס האָט געמוזט קומען דער דור פון נייע טעכנישע ענטדעקונגען דיא פעלקער האָבען געמוזט פריהער דערוואקסען ווערען, בכדי צו פערשטעהן דיא וויכטיגקייט פון א קאָלאָניאלער פּאָליטיק. אָנשטאָט דיא זעגעלשיפען האָבען נאָך בעדארפט קומען דיא געשווינדטע שרויפדאמפפערס, וועלכע שווימען 22 ים־מיילען אין א שעה. בקיצור, דיא גאנצע בעל הבית'שקייט פון 20טען יאהרהונ־דערט האָבען מיר בעדארפט האָבען, בכדי אויסצופיהרען צום צווייטען מאָל א יציאת מצרים. א נייע הויט האָבען מיר בעדארפט קריעגען, ווערען צו היינטיגע מענשען, און דערביי בלייבען דיא געטרייע קינדער פון א אלטען פאָלק. עס האָט אויך ניט געטאָרט פעהלען דערביי דער גוטער רצון פון דיא ארומיגע פעלקער און זייערע פירסטען און קעניגע, דען אָהן דעם וואָלטען מיר קיינמאָל ניט דערגרייכט אונזער ציעל".

„דער אויבערשטער איז אונז ביינעשטאנען", האָט געזאָגט דער אלטער ליט־וואַק.

פאסטאָר האָפקינס האָט זיך דערמאָנט אָן דיא אמאָליגע וכוחים ועגען פסח, וויא אלץ האָט איצט גאָר א אנדער פנים, וויא שטיל און רוהיג עס לעבען צווישען זיך דיא פערשיעדענע אמונות. היינט קענען גלחים פון פערשיעדענע אמונות זיצען ביי א יודישען סדר, און קיינער פיהלט זיך ניט געקרענקט פון דעם אנדערענס אמונה, דען עס איז צוריקגעקעהרט צו דיא מענשען דער אמאָליגער פריהלינג.

„בעשיינפערליך, דער אמאָליגער פריהלינג", האָט צוגעשטימט דער פּאָפּ פון ספורית.

## II.

נאָך׳ן עסען און נאָך דער הגדה זיינען זיי אריבער אין זאאל, וואו עס איז שוין געשטאנען אויף א קליינעם טישעל דער פאָנאָגראף מיט דשאָעס רעדע. דאָס איז געוועזען פון אויסען־זעהענדיג דער אמאָליגער פאָנאָגראף, וויא קיננס־קאורט האָט איהם נאָך געקענט, אָבער ער האָט געהאט אין זיך א מאשינקע, ועלכע האָט אָבגעדרעהט דיא וואלצען איינע נאָך דער אנדערער. דאָס גאנצע געשפּו עך האָט זיך געהערט פון אָנפאנג ביז׳ן סוף, ניט מערקענדיג קיין שום אָבהאלט. האָט מען אָבער געוואָלט מאכען א אָבהאלט, איז נאָר נויטהיג געוועזען צו טהון א קליינעם דריק און דיא וואלצע איז געגאנגען אויף א פּאָר פראזען צוריק. מען האָט זיך אויסגעזעצט אויף זעסלען און זאָפעס. דוד האָט זיך אותקגעזעצט נעבען טישעל, האָט אָנגעשטעלט דיא רעהר וואו עס פערשטארקט זיך דער קול צו דיא געסט צו, האָט אָבגערוקט א קליינעם פערהאלטער ביי׳ן אפאראט און געזאָגט:

„אונזער פריינד דשאָע לעווי האָט דאָס ווארט".

פון פאָנאָגראפען האָט זיך צוערשט געהערט א גערויש, וויא פון א פערביי־זערטער קאַץ, דערנאָך איז ארויס א קלאָרע שטארקע מענערשע שטימע, ועלכע האָט אָנגעהויבען הויך:

„הויכגעשעטצטע פערזאמלונג! איהר ווילט איך זאָל אייך אָבגעבען א בע־ריכט ועגען דיא נייע אידישע אויסוואנדערונג. דאָס איז צוגעגאנגען פשוט. מיר דאכט זיך, אז מען מאכט דערפון א צו גרויסען ועזען. איהר ווילט וויסען די פּאָליטישע הכנות דערצו, דאָס איז אָבער ניט מיין עסק. איך בין ניט קיין פּאָ־ליטיקער, איך בין דאָס ניט געוועזען און וועל דאָס קיין מאָל ניט זיין. איך האָב נעקריגען א אויפטראג, און איך האָב איהם ממלא געוועזען. אונזערע גע־זעלשאפט איז געגרינדעט געוואָרען מיט דעם נאָמען „נייע געזעלשאפט צו קאָלאָניזירען פּאַלעסטינא". דיא געזעלשאפט האָט מיט דער טערקישע מלוכה אָבגעשלאָסען א קאָנטראקט מכח דער קאָלאָניזאציע. דיא בעדינגונגען פון דעם אָבמאך זיינען

בעקאנט אין דער גאנצען וועלט. בשעת מען האָט מיך געפרעגט, נאָך איידער מיר האָבען אונטערגעצייכענט דעם טשארטער, צו וועלען מיר אים שטאנדע זיין אויפצוהאָרעווען א גרויסע סומע געלד, וועלכע מיר פערפליכטען זיך צו צאָהלען אלע יאָהר דער טערקישען רעגיערונג — האָט איך געענטפערט אָהן א ספק: יאָ! ביין אונטערצייכנען פון טשארטער האָבען מיר אריינגעטראָגען דער טערקישען רעגיערונג 20 מיליאָנען רובעל. דערצו האָבען מיר זיך מתחייב געווען אין א משך פון 30 יאָהר צו צאָהלען איטליכעס יאָהר א אָבגאבע פון 500 טויזענד רובעל, חוץ דעם נאָך א פיערטעל פון דעם ריינעם רוח פון דער „נייענגעזעלשאפט צו קאָלאָניזירען פאלעסטינא“. נאָך דעם דרייסיגסטען יאָהר וועלען מיר, וויא ס'איז בעוואוסט, דעם ריינעם רוח פון דעם נייעם געזעלשאפט מהיילען מיט דער רעגיערונג גלייך אויף גלייך. סיידען זיא זאָל וועלען זיך בענוגנען מי דיא דורכשניטליכע הכנסה פון איטליכען יאהר, וואָס זיא האָט בעקומען פון אונז אין דיא לעצטע צעהן יאָהרען, און דעם דורכשניט פעסטזעטצען אלס א שטענדיגע יאָהריגע אָבגאבע. דיא מיינונג וועגען דעם איז אונז מחויב דיא רעגיערונג מודיע צו 'זיין נאָך אין דעם 27־טען קאָנטראקט יאָהר. מיר קענען אָבער שוין היינט פאָראויס זעהען אז דיא טערקישע רעגיערונג וועט גלייכער וועלען בעקומען דעם ריינעם האלבען רוח, ווייל דערביי וועט זיא געווים מאכען א סך א בעסערען עסק. דערפאר האָט דיא געזעלשאפט דאָס רעכט צו זיין דער איינציגער בעל־הבית אויף דיא שטיקעל לאנד, וואו עס וועט זיך אָנהויבען דיא קאָלאָניזאציע. דיא אויבערשטע ממשלה אָבער געהערט דעם סולטאן.

עס איז ניט קיין קלייניגקייט, צוזאמען צו ברענגען אזעלכע גרויסע קאפיטאלען, און אין אָנהויב איז מען שטארק מסופק געווען, צו וועט זיך נאָר קענען דיא נייע געזעלשאפט האלטען ביי אזעלכע שווערע אָבגאבען. דאָס לאנד איז געווען א בעטלערשע און אונזערע קאָלאָניסטען האָבען מיר געדארפט צונויפנעהמען פון דיא אָרימסטע קלאסען אין דער גאנצען וועלט. עס זיינען אפילו דאָמאָלסט געווען א סך אידישע חברות מיט גרויסע קאפיטאלען פאר נאציאָנאלע צוועקען. אין סך־הכל האָט מען געשאצט דיא קאפיטאלען אויף 120 מיליאָנען רובעל. אָבער חוץ דיא צאָהלונגען אין דיא טערקישע קאסע האָט מען נאָך געדארפט האָבען מיליאָנען אויף אָבצוקויפען ביי פריוואטע מענשען זייערע ערד אין פלעצער און בנינים, אויף צו בעזעצען דיא אונבעמיטעלטע קאָלאָניסטען, אויף צו בעפלאנצען, צו פערבעסערען דאָס וויסטע לאנד... וואו זאָל מען דאָס אלצדינג נעהמען? אין אונזערען קאָמיטעט האָבען זיך איינגעפונען עטליכע

שרעקעדינגע מיטגלידער. זיי האבען געציטערט און גע'טענה'ט, אז מיר וועלען מו־זען מאכען א באנקראט. מיינע פריינד און איך האבען געמאכט זייערע נביאות צו שאנד. מיר האבען זיי אײנגעוויזען, אז מען טאר ניט בויען דיא חשבונות נאר אויף דעם וואס איז דא, מען מוז זיך נאך רעכענען דערמיט, וואס וועט לויט דער מענלשליכער ערפאהרונג צוקומען פון דעם טאג אן, וויא מיר וועלען נאר אנ־הויבען אונזער ארבייט. דאס וואס מיר בויען פאר יער צוקונפט, וועט שוין פון דער צוקונפט אליין ווערען געשטיצט און בעפעסטיגט. אין צעהן יאהר ארום, ויערען פון דיא צעהן יאהריגע איגגלעך, וועלכע מיר ברענגען אהין, קרעפטיגע מענשען. און וויא באלד מיר האבען מענשען, האבען מיר שוין אלץ. דיא מענשען אבער ברענגען מיר אליין צו פיהרען, מיר האדעוועון זיי אויף לויט דעם נאך וויא מיר דארפען, און בענוצען זיך מיט זיי לויט דעם נאך וויא עס איז צום בעסטען פאר אונז און פאר זיי, דאס הייסט, פאר'ן כלל. דאס איז, דאכט זיך, דיא איינ־פאכסטע חקירה פון דער וועלט. דאס אייגענע פאסירט אין קלענסטען לאנד, ביי דיא אונגעבילדעטסטען פעלקער. נאר דיא אידען האבען דאס ניט געוואלט פערשטעהן

און נאך עפעס איז געוועזען, פאר וואס מען האט געצווייפעלט אין אונזער פלאן. דיא אידען האבען געראד פערגעסען אן דעם, וואס שפיעלט, דאכט זיך, ביי זיי אליין ניט דיא קלענסטע ראלע. איך מיין, דיא אונטערנעהמונגס־לוסט, דעם חשק צו ספעקולאציע. אט לאמיר נעהמען א פראסטען ביישפיעל. בשעת צו ענדע פון 19־טען יאהרהונדערט האט מען ענטדעקט גאלדגריבער אין קלאנ־דאיקע אין אלאסקא, האבען זיך א לאז געטאהן טויזענדער סוחרים און קרעמער אין א לאנד פון אייז, שנעע און קעלט. איך רעד דא ניט פון דיא גאלדגריבער און איך מיין דא דיא אונטערנעהמער און קרעמער, וועלכע האבען זיך בעהעפט צו די גאלדגריבער און זיי נאכגעגאנגען וויא א שאטען. מיט איין מאל האבען אנגעהויבען צו וואנדערן קיין אלאסקא בעטען, טישען, שטוהלען, העמדער, שטיוועל, רעק, געפיקעלטע פליישען, איינגעמאכטס, וויינפלאשען, דאקטוירים, לעהרערס, זינגער און טענצער, — בקיצור: אלצדינג וואס א מענש דארף און דארף ניט האט זיך א לאז געטאהן קיין קלאנדייק. און אלץ צוליב דעם, וואס עטליכע לייט האבען דארט געגראבען געלד אליין, גאלד. נאר א קליינער טהייל פון זיי זיינען אויך געוועזען גאלדגרעבער. דיא אונטערנעהמער האבען זיך ניט אזוי געיאגט נאך דעם רוח, וואס ליעגט נאר אין דער ערד, וויא נאך דיא גאלדענע רוחים, וואס זיי־נען שוין געלעגען אין דיא קעשענעס פון דיא גאלדגרעבער. זיי האבען געצווינגען די

רוחים פון דעם געלד, וואס איז שוין געווען אויסגעגראבען".

דער פראפעסאר האט זיך ניט געקענט איינהאלטען ניט א געשריי צו טאן אין מיטען: „פערשטעהט איהר שוין?" זיין ברודער אבער האט אזא בייזען „טשש" דערלאנגט, אז ער איז א פערשעהמטער ענטשווינגען געווארען. און דער פאנאגראף האט ווייטער גערעדט:

„איך האב גראד גענומען אזא ווילדען ביישפיעל, בכדי צו ווייזען, וויא יערע געלעגענהייט עפעס צו פערדינען האט א טבע צו בעשאפען נייע סוחרישע אונטער נעהמונגען. איטליכער פראקטישער מענש וויים דאס פון זיך אליין. ער דארף גאר ניט ווארטען ביז ס'וועט קומען א פראפעסאר און וועט דאס איהם געבען צו דערקלעהרען מיט טונקעלע פלפול'דיגע ווערטער. אין דער אמת'ן זיינען מיר אידען געבענטשט מיט א השגחה אויסצוטראכטען דיא קונציגסטע אונטער־נעמונגען. נור וואס אנבעלאנג אונזערע איינענע צוקונפט האבען מיר קיין מאל ניט געהאט דעם ריכטיגען סוחרישען בטחון. פאר וואס? ווייל מיר זיינען קיינמאל ניט געווען געזיכערט. ווי באלד אבער מיר האבען געקראגען א זיכערהייט, האבען מיר שוין געקענט ארויסווייזען אונזער אונטערנעהמונגסגייסט ניט ווייניגער, וויא אין אנדערע לענדער.

דעריבער האב איך מיך ניט געזארגט וועגען די קאפיטאלען, וואס דארפען נאך קומען. וויא באלד נאר דאס לאנד וועט זיין צוגעגרייט און עס וועט זיך אנהויבען דיא איינוואנדערונג, וועלען זיך שוין געפינען מיטעל, וויא צונויפצוקריענען דיא ווייטערדיגע נויטהיגע קאפיטאלען, און דעריבער האב איך ניט געצווייפעלט א רגע, צו וועלען מיר קענען אין גאנצען ממלא זיין דעם קאנטראקט וועגען דיא אב־גאבען, כאטש מיר האבען נאך ניט דיא קאפיטאלען צו אלע איטריגע קאלאניזא־ציאנס־בעדערפניסע. איך האב דערביי זיך ניט בעגאנגען וויא א ספעקולאנט, וואס פרובירט נאר צו וועט זיך איהם איינגעבען זיין ספעקולאציע. איך האב נאר אנגעווענדעט בעקאנטע פאקטען און ערפאהרונגען, וואס זיינען שוין אלט וויא די וועלט.

דער טשארטער איז געווארען אונטערצייכענט. מיר האבען איינגעטראגען דיא צאהלונג. און אזוי וויא פון דער רגע אן האט מען מיר איבערגעגעבען צו פיה־רען דיא גאנצע קאלאניזאציע, האב איך מיר אויסגעדונגען א תנאי, אז דער אב־מאך אין טשארטער זאל נאך דערווייל ווערען געהאלטען בסוד. איך האב ניט געוואלט, אז דיא קאלאניזאציע זאל זיך אנהויבען מיט א צו גרויסען טומעל. עס וואלט געווים געווארען א מהומה. דיא ארעמסטע און דיא שנארערס וואלטען צר

ערשט געקומען, אלטע און קראנקע וואָלטען זיך אָנגעשלעפּט. א הונגערסנויט וואָלט געקומען און עס וואָלט זיך בעוויעזען אלערליי קראנקהייטען און מגפות. עס איז דאָ א אלט פראנצויזיש טהעאטערשטיק, וואָס רופט זיך אָן: דער פחד פאר פרייד. אקוראט וויא דאָרטען האָב איך פחד געהאט פאר דיא פרייד פון מיי:ע אָרעמע ברידער. איך האָב זיי געמוזט פאָרזיכטיג פאָרבערייטען. איך האָב אויך געמוזט פאָרבערייטען אונזער נאָהענטע אייגענע מענשען.

מען האָט אויסגעקליעבען דירעקטאָרען פון דער נייער געזעלשאפט, און זיי האָבען מיך געמאכט צום הויפּטפיהרער אויף פינף יאהר. דיא ערשטע הוצאות האָב איך געקראָגען א קרעדיט פון 10 מיליאָן רובעל. איינער פון מיינע אינזשע־נערען האָט געמיינט, אז עס איז צו וועניג...“

„וועניג, כאָטש צו פלאצען!“ האָט קינגסקאורט אויסגערופען און האָט א שטארקען וואונק געטהון: „פערשטאָפּט, זייט מוחל, דיא בלעכערנע געמבע אויף א ווײלע!“

דוד האָט שוין אליין אָבגעשטעלט דעם פאָנאָגראפען.

„אויב איר ווילט אין דער'אמת'ן א אלטען ים־מענשען דערקלערען אלצדינג וויא עס דארף צו זיין, מוזט איהר מוחל זיין און מיר עפּעס פערטייטשען, אז ניט הוים איך ניט אָן צו בענעהמען אייער גאנצען דשאָע, צוזאמען מיט זיין טעלע־פאָנאָגראפען... וואָס איז דאָס פאר א נייע געזעלשאפט? צו איז דאָס דיא אייגע־נע, וועלכע מען האָט אזוי אָפּט דערמאָנט אין ניידאָרף? און וואָס זיינען דאָס פאר דירעקטאָרען? און פון וואנען האָבען זיי גענומען דאָס געלד, כאָטש ניט אזעלכע גרויסע?

דוד האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„איך פערשטעה גאנץ גוט אייערע פראגען. דשאָע לעווי האָט אוודאי ניט געגלויבט, אז ער האָט געדארפט רעדען פון אזוינע זאכען, ווייל דאָס וויים היינט איטליך קינד. דיא נייע געזעלשאפט פון אמאָל און היינט איז דיא אייגענע גע־זעלשאפט, און דערנאָך איז צווישען זיי א גרויסער חלוק פאראנען. פריהער איז דאָס געווען א אקציענגעזעלשאפט און היינט איז זיא א שותפישע געזעלשאפט. דיא שותפישע געזעלשאפט איז, נאָכ'ן געזעץ נאָך, וואָס אנבעלאנגט פערמעגען דיא יורש'טע פון דער אקציענגעזעלשאפט“.

„פערשטעהט איהר שוין?“ האָט אויסגערופען דער פּראָפעסאָר.

„הייבט זיך ניט אָן! צו האָבען דיא אקציאָנערען זייער געלד צושענקט? אויב אזוי איז דאָס אין גאנצען א בבא מעשה.

„מיסטער קינגסקאורט“, האָט דוד איהם ווייטער דערקלערט, — „איהר וועט דאָס אלץ גאנץ גוט פערשטעהן, ווען איהר וועט נאָר וויסען דעם חלוק צווי־שען דיא דריי אָרגאניזאציעס, וואָס האָבען עקזיסטירט. צוערשט דיא יודישע צדקה־ חברות, וועלכע האָבען געהאט אין יאהר 1900 א קאפּיטאל פון א ערך 120 מיליאָנען רובעל ; צווייטענס, דיא אקציענגעזעלשאפט, וועלכע איז געגרינ־דעט געוואָרען פון יודישע לאָנדאָנער קאפּיטאליסטען מיט א קאפּיטאל פון 100 מיליאָן רובעל, וויא באלד נאָר מען האָט געוואוסט זיכער, אז דיא טערקישע מלוכה איז מושב צו געבען א טשארטער. דריטענס, די שותּפישע חברה פון קאָלאָניסטען. דיא קאָלאָניסטען האָבען געשיקט צו דיא קאָנגרעסען זייערע אייגענע דעלעגאטען. און ערשט, בשעת אָט דיא דעלעגאטען זיינען אייניג געוואָרען מיט דער אקציענ־געזעלשאפט, אז זיא זאָל ווערען פערוואנדעלט אין א שותּפישע חברה, האָבען זיי אנגעהויבען צו פיהרען דיא מאסען קיין פּאלעסטינא“.

„איך ווער נאָר שטארק נתפּעל, מיין טהייערער בן־מלך“, האָט קינגסקאורט זיך פערנאנדערגעלאכט, — „איהר ווילט מיר איינרעדען, אז אקציאָנערען, בער־זענשפּעקולאנטען וועלען זיך אריינלאָזען אין אזעלכע עסקים ? !“

„דאָס זיינען ניט געוועזן קיין בערזענשפּעקולאנטען, מיסטער קינגסקאורט“, האָט דוד געענטפערט, — „דאָס זיינען געוועזן אָרענטליכע סוחרים, וועלכע האָבען זיך בעגעניגענט מיט עהרליכע רוחים. דער אָבמאך צווישען דיא קאפּיטאליסטען, און דיא ארבייטער, דיא קאָלאָניסטען, איז געוועזן אָרענטליך און גוט פארביידע צדדים. זאָל דער קאפּיטאליסט זיין בטוח מיט זיין געלד, און זאָל דער ארבייטער געזיכערט זיין פון זיין צר. ווענמען וואָלט וועגען דעם זיך ניט געזאָרגט פון אָנ־הויב אָן, וואָלט מיט דער צייט זיך ארויסגעוויעזען, אז איינער פון דיא ביידע צדדים האָט א עולה געליטען. אָדער דאָס פאָלק וואָלט בעגזלט דיא רעכטען פון דיא אקציאָנערען, אָדער דיא אקציאָנערען וואָלטען געמאכט פון קאָלאָניסטען א שקלאווען, א עבד כנעני. מען האָט געזעהען אויסצומיידען סיי דאָס ערשטע, וויא דאָס צווייטע דאדורך, וואָס מען האָט אָבגעמאכט צווישען זיך א קאָנטראקט, אז נאָך צעהן יאהר האָבען דיא קאָלאָניסטען דאָס רעכט אָבצוקויפען דיא אקציען פון דער נייער געזעלשאפט. און זיי זיינען מחויב צו צאָהלען פאר דיא אקציען 20 מאָל אזוי פיעל, וויפיעל עס טרעפט אָן דער ריינער יאהריגער רוח אין דורכ־שניט פון דיא לעצטע פינף יאהר. דער צוואנציגפאכיגער רוח דארף אָבער ניט ווייניגער בעטרעפען, וויא דאָס גאנצע אקציענקאפּיטאל צוזאמען מיט דיא צינזען“.

דאָ האָט אויך פריעדריך, ניט פעסט ביי זיך, דערוועגט זיך צו שטעלען א פראגע:

„מיר דאכט זיך, אז דאָס איז א שווערע בעדינגונג. פון וואנען זאָלען דיא אונבעמיטעלטע קאָלאָניסטען צוזאמענהאָרעווען אזא קאפיטאל, וואָס זאָל קענען דעקען אלע אקציעס?"

„פערשטעהסטו, מיין זון", האָט קינגסקאורט פערענטפערט, — „איצט איז שוין פאר מיר דיא זאך קלאָהר וויא יויך. אויב דיא קאָלאָניזאציע איז נאָר אָבגע־לונגען, איז שוין קיין קשיא ניט, פון וואנען זיי האָבען גענומען דאָס געלד. פאר א שותפישע חברה, וואָס האלט אין בליהען, האָט מען שוין געקענט קריגען א קרעדיט".

„אודאי", האָט דוד נעזאָגט, „בשעת דיא שותפישע קאָלאָניסטען־חברה האָט בעשלאָסען אָבצוקויפען דיא אקציעס, האָט זיא געליהען געלד אויף פיער פראָצענט, זיא האָט געמאכט א פיערפּראָצענטיגע אנלייהע, און שוין דערמיט אליין האָט זיא געמאכט א גוט געשעפט. דער ריינער רוח פון פינפטען ביז'ן צעהנטען יאהר האָט בעטראָפען 10 מיליאָן רובעל. בכדי אָבצוקויפען דיא אק־ציעס האָבען זיי געמוזט האָבען לויט דעם קאָנטראקט נאָך 200 מיליאָן רובעל. וויא באלד אָבער זיי האָבען זיך פערפליכטעט צו צאָהלען דעם גאנצען ריינעם רוח פאר דיא נייע פיערפּראָצענטיגע אנלייהע, האָבען זיי געקראָגען 250 מיליאָן רו־בעל. און לויט דעם נאָך איז ביי זיי איבערגעבליעבען חוץ דיא אקציעס נאָך ריינע 50 מיליאָן רובעל".

„א ממזר'שע חברה!" איז קינגסקאורט שטארק נתפעל געוואָרען — „אָבער וויא אזוי איז דיא אקציענגעזעלשאפט געקומען דערצו, צו פערדאָפּלען איהר קא־פיטאל?"

„הויפּטזעכליך דאדורך, וואָס דער מקח פון לאנדערד איז שטאַרק געשטיע־גען," האָט דוד נעענטפערט — „דאָס וואָס דער מקח האָט זיך אזוי געהויבען האָ־בען מיר נאָר דיא קאָלאָניסטען צו פערדאנקען, און דעריבער האָט מען געמוזט זאָרגען דערפאר, אז כוף כל סוף זאָל דאָס לאנדערד צו זיי געהערען. איצט זעהט איהר שוין, וויא עס איז פּאמעליך איבערגעגאנגען דיא ערד אין דיא הענד פון דעם גאנצען כלל קאָלאָניסטען. אויף דיא כלל־ערד איז דיא שותפישע חברה געוואָרען דער איינציגער בעל־הבית, און פון דאמאָלסט אָן טראָגט זיא אויף זיך דעם נאָ־מען „נייע געזעלשאפט".

דער ארחיטעקט האָט זיך ווייטער צושריען:

„אונזערע טהייערע אורחים וועט אפּשער ניט געפעלען, וואָס מיר האָבען געהאט צו טהון מיט אזעלכע מיאוסע זאכען, וויא אקציעס און דאָס גלייכען. אָבער מיר האָבען זיך אנדערש ניט געקענט העלפען".

„אויב איהר האלט מיר פאר אזא חמור, האָט איהר א גרויסען טעות" האָט קיננגסקאורט געענטפערט, — „איך בין ב"ה געוועזן אין אמעריקא, און האָב געזעהען א לאָקשענברעט. א אקציענגעזעלשאפט איז א טאָפּ, וואו מען קען אריינטהון גוטס און שלעכטס, וואָס מען וויל. מען קען דאָס אייגענע זאָגען פון א פלאַש, אז זיא הויבט ניט אָן צו טויגען, ווייל מען קען זיא אָנפּיהלען מיט סם המות אָדער מיט שלעכטען שנאפּס. אזעלכע קאָלאָניאל געזעלשאפטען האָט מען שוין אויך געקענט אין דער וועלט געשיכטע. עס זיינען געוועזן חזר'שע, אָבער עס זיינען אויך גוטע געוועזן. דיא אָסטאינדישע קאָמפּאניע איז געוויס ניט געוועזן קיין שלעכטע חברה. אין אייער נייער געזעלשאפט געפין איך נאָך דערצו דיא מדה טובה מיט־צופיהלען מיט'ן כלל, צו ארבייטען פאר'ן כלל. אָט, למשל, וואָס אלץ כמעט איז ביי אייך א שותפישע אונטערנעהמונג... לאָמיר אָבער דערווייל הערען, וואָס איז ווייטער געוועזן. עפענט איהם, זייט מוחל, ווייטער אויף זיין בלעכערנע געמבע".

III.

דוד האָט ווייטער אָנגעשטעלט דעם פאָנאָגראַפען און פון דער רעהר, וואו עס פערשטארקט זיך דער קול, האָט זיך דערהערט דזשאָע'ס שטימע, וועלכע האָט איבערגע'חזר'ט דיא פריהערדיגע לעצטע ווערטער:

„מען האָט אויסגעקליבען דירעקטאָרען פון דער נייער געזעלשאפט, און זיי האָבען מיר געמאכט צום הויפּט פיהרער אויף פינף יאהר. אויף די ערשטע הוצאות האָב איך געקראָגען א קרעדיט פון 10 מיליאָן רובעל. איינער פון מיינע אינזשע־ניערען האָט געמיינט, אז עס איז צו ווענינ. אויף א אָנהויב אָט דאָס אָבער גע־קלעקט. איך האָב אויסגעארבייט מיין פלאן. עס איז דאמאָלסט געוועזן חשון־צייט. נאָך דיא ווינטערדי׳גע רעגענס האָב איך געוואָלט אָנהייבען דיא מאסענאיינוואנ־דערונג לויט דעם בעשטימטען סדר. עס איז מיר געבליעבען אין גאנצע פיער חדשים צייט, און איטליכע מינוט איז מיר געוועזן טייער.

פריהער פאר אלץ האָב איך איינגעאָרדענט אין לאָנדאָן מיין הויפּטקאנטאָר פאר דיא אויסוואנדערונג, געמאכט נאָך פערשיעדענע אָבטהיילונגען און אוועק־געזעצט אויף יעדער אבטהיילונג א דירעקטאָר. דיא דירעקטאָרען האָב איך אויס־געקליעבען פון מיינע בעקאנטע פעהיגע מענשען, אָדער פון דיא, וועלכע האָבען געבראכט מיט זיך גוטע אטעסטאטען. סמ׳ט איז געוועזן דער דירעקטאָר פון טראנספּאָרט פון דיא איינוואנדערער, ריבענץ — פון דיא פראכטען, שטיינעק—

פון בוימאטעריאל און פּאַסטראַיקעס (בויאנגעלעגענהייטען), ווארשאווסקי האָט צו טהון געהאט מיט קניות פון מאשינען, אלאדינא — מיט קניות פון לאנד און פּלעצער, קאָהן און ברוינשטאָק האָבען געדארפט זעהען, אז עס זאָל דיא ערשטע צייט קיין לעבענסמיטעל ניט פעהלען, הארבורגער איז געוועזן דער דירעקטאָר אין ענין פון זוימען און בוים־פּלאנצונגען. לעאָנקין האָט געפיהרט דיא קאסא־ביכער א. ז. וו. וועלנער איז געוועזן מיין הויפּט סעקרעטער, מיין ערשטער מיטהעלפער און הויפּט אינזשעניר איז געוועזן פישער,וועלכער איז שוין צום אונגליק געשטאָרבען. דאָס איז געוועזן א געהויבענער, ערנסטער און הייסער מענש. מיר וועלען קיינמאָל ניט אויפהערען צו טרויערען אויף איהם.

צוערשט האָב איך אלאדינא געשיקט קיין פּאלעסטינא, אז ער זאָל אָנקויפען ערד וויפיעל ער וועט נאָר קענען. ער איז געוועזן א שפּאניאָלישער יוד, וועלכער האָט גוט געקענט אראביש און גריכיש, א קלוגער מענש, אויף וועלכען מען האָט זיך געקענט פערלאָזען מיט א רוהיגען געוויסען. ער האָט אָבגעשטאמט פון יענע שטאָלצע יודען, וועלכע האָבען געלעבט אין שפּאניען נאָך פאר דער פערטרייבונג און זיין לוח היוחסין איז דערגאנגען ביז צו אברבנאל'ס צייטען. איידער מען האָט נאָך פערעפענטליכט דעם טשארטער איז דער מקח אויף ערד אין פּאלעסטינא געוועזן א מעסיגער. איך האָב זיך פערלאָזען אויף דעם שטילען אלאדינא, אז קיין ממזר'שער קאָפּ וועט זיך ניט חאפּען, צו וואָס ער קויפט אזוי פיעל ערד. דיא קניות זיינען, פערשטעהט זיך, געגאנגען אויף א אנדער קאָנטאָ פון דער נייער געזעלשאפט. דארויף חאָט מען פעסט געזעצט 20 מיליאָן רובעל. פאר דעם דאמאָליגען מצב אין פּאלעסטינא איז דאָס געוועזן זעהר א גרויסער קאפּיטאל. און אזוי וויא איך האָב אָבגערעדט ביי'ן אָבמאך פון טשארטער מיט דער טערקישען רעגיערונג, אז ביז צו א געוויסע צייט זאָל דיא גרענעץ נאָך בלייבען פערשלאָסען פאר עמיגראנטען, בין איך בטוח געוועזן, אז דיא עמיגראציע וועט זיך ניט אָנהויבען מיט דער מהומה פון צעהנדליגער טויזענדער אָנגעלאָפענע עמיגראנטען.

אין מיין ביורא איז געלעגען א לאנדקארטע פון פּאלעסטינא, וועלכע איז געווען קליין געקעסטעלט און איטליך קעסטעל מיט א נומער פערצייכענט. א געגוייע קאָפּיע דערפון האָט מיטגענומען אלאדינאָ. ער האָט מעהר ניט וויא געדארפט טעגליך צו טעלעגראפירען דיא נומערן פון דיא שטיקער ערד וואָס ער האָט געקויפט, און איך האָב טעגליך געוואוסט, וויפיעל און וואָס פאר א לאנד מיר האָבען שוין, און לויט דעם נאָך האָב איך שוין געקענט מאכען נייע ווייטערע ראספּאָריאזשעניעס (דיספּאָזיציאָנען).

אין דער אייגענער צייט האָב איך געשיקט דעם באָטאניקער (א קענער פון פלאנצען) הארבורגער קיין אויסטראליען, איינצוקויפען אויקאליפּטוסבוימלעך. חוץ דעם האָט ער געקריגען א געהיימען אויפטראג איינצוהאנדלען זעץ־פלאנצען פון געוויקסען, וועלכע געפינען זיך ביי׳ן מיטעלמעער און וועלכע מען זאָל קענען פערפלאנצען אין פאלעסטינא צו פערשיעדענע צוועקען. אלארינא און הארבור־גער זיינען צוזאמענגעפאָהרען קיין מארסייל. דאָרט האָבען זיי זיך צושיידט פון איינאנדער.

אלארינא איז מיט דער שיף געפאָהרען קיין אלעקסאנדריען. הארבורגער איז געפאָהרען דורך די ריוויערא, בעשטעלענדיג ביי פערשיעדענע גערטנער און פלאנצער זוימען און זעץ־פלאנצען צום קומענדיגען פריהלינג. אלע זיינע בעשטע־לונגען האָט ער אָבגעשיקט צו ריבענצען. אין א וואָך שפּעטער איז הארבורגער מיט א שיף פון נעאפּאָל געפאָהרען קיין פּאָרט־סאאיד, און איך האָב ערשט גע־קראָגען פון איהם א ידיעה, בשעת ער איז שוין געווען אין מעלבורן.

אויסער דעם האָב איך דעם מאשינענאינזשעניער ווארשאווסקי געשיקט קיין אמעריקא, ער זאָל איינקויפען דיא נייעסטע מאשינען און געצייג צו פעלד־אר־בייט, ער זאָל איינהאנדלען מאָטאָרען און גאסענטואלצען פאר שווערע משאות א. ז. וו. ווארשאווסקי, צוגלייך מיט מיינע אלע אנדערע דירעקטאָרען, האָט גע־קראָגען דעם אויפטראג, ניט צו האלטען זיך אזוי גענוי אָן מיין בעפעהל, נאָר צו זעהען אלץ אויספיהרען, וויא נאָר פּראקטישער. איך אָב ניט פערלאנגט קיין לאנ־גע בעריכטען. וואָס נאָר וויכטיגעס האָט מיר געדאַרפט ווערען באלד טעלעגרא־פירט גענוי מיט ציפערען און דאטען. ווער נאָר פון דיא דירעקטאָרען האָט עפּעס געפונען וויכטיגעס און פּראקטישעס, כאָטש דיא זאך געהערט ניט צו זיין אָב־טהיילונג, איז פערפליכטעט געוועזן מיר באלד דערפון מודיע צו זיין, און, נאָך גלייכער, טעלעגראפירען. צוליעב דעם פלעג איך אָפט טאקי קריעגען א זייטיגע אונערווארטעטע הילף: א נייעם איינפאל, א גוטע המצאה. אונזער גרויסעס ווערק האָט אונז זיך נאָך איינגעגעבען דערפאר, ווייל מיר האָבען ניט אויסגעלאָ־זען דיא נייעסטע און לעצטע מיטלען פון אונזער צייט. איך האָב ווארשאווסקי פאר זיין אָברייזע נאָר געזאָגט: קויפט ניט קיין אלטע שמאטעס. און ער האָט פערשטאנען מיין וואונש.

ווארשאווסקי האָט נאָך געהאט א זייטיגען אויפטראג. ער האָט געדאַרפט אָרגאניזירען דיא צוריקוואנדערונג אין פאלעסטינא פון דיא יודישע עמיגראנטען. אויף דיא דאָזיגע עמיגראנטען האָב איך שטארק געבויט. דאָס זיינען געוועזן מענ־

שען, וועלכע האָבען זיך שוין איינמאָל ארויסגעריפען פון זייער שלעכטען מצב און האָבען זיך געגוג אָנגעלערענט אין חדר פון הארטען אמעריקאנישען לעבען. נויאָרק איז צום סוף פון 19־טען יאהרהונדערט געווען דיא גרעסטע יודישע שטאָדט פון דער וועלט. ס'פערשטעהט זיך, דאָס אזוי פיעל עמיגראנטען האָבען ניט געקענט געפינען פאר זיך א פעסטע פרנסה. מען האָט זיך איינער דעם אנדע־רען דאָס ביסען פון מויל געריסען, און פערלאָזענדיג איין חורבה זיינען זיי ארייג־געפאלען אין א צווייטער. און אקוראט, וויא פאר מזרח־אייראָפא וואלט אויך פאר נויאָרק געווען א גליק, ווען א טהייל פון דיא איינגעוואנדרעטע וואָלט אָב־געפלייצט קיין פאלעסטינא. וויא אין מזרח אייראָפא, האָט מען אויך אין אמערי־קא געמוזט אָרגאניזירען דיא איינוואנדערונג קיין פאלעסטינא. ווארשאווסקי, האָט געהאט א אויפטראג, צוזאמענרופען אויף א געהיימע אסיפה דיא פיהרערס פון ציוניסטישע חברות. דערמיט, אז מען זאָל ניט צו פריה דערגעהן פון טשאר־טער א. ז. וו. האָט מען איהם פערזאָגט, צו רעדען מיט זיי בזה הלשון: „עס האָט זיך געגרינדעט א געזעלשאפט מיט גרויסע קאפיטאלען, וועלכע האָט געקראָגען קאָנצעסיעס אין פאלעסטינא, צו בעבויען דאָס לאנד און צו ענטוויקלען דאָרטען האנדעל און פאבריקאציע. צו טבת־צייט וועט מען דארפען האָבען א סך געניטע געלערענטע ארבייטער און אויך פראָסטע ארבייטער. מאכט מיר פארטיג א בוינען מיט דיא נעהמען פון אייערע מיטגליעדער, וואָס קענען דערצו טויגען. אויפ'ן בויגען זאָל שטעהן פון איטליכען פארצייכענט זיין נאָמען, זיינע יאָהרען, דער אָרט פון וואנען ער שטאמט, זיינע בעשעפטיגונג ביז איצט, צו איז ער בעווייבט אָדער ניט, זיין מאטעריעלער מצב. פון פראָסטע ארבייטער וועט דיא געזעלשאפט בע־סער נעמען ניט בעווייבטע, פון געניטע געלערענטע בעלי־מלאכות און ארבייטער, בעווייבטע. איטליכע חברה נעהמט אויף איהר געוויסען דיא פערא̇נטוואָרטונג פאר דיא אויסגעצייכענטע בויגענס. דיא פעראנטוואָרטונג קריעגט נאָך א בעזונ־דערען טעם ווייל דיא חברה, וואָס שטעלט ארויס מענשען, וועלכע זאָגען זיך נאָכ־דעם אָב, אָדער וועלכע בעווייזען זיך פאר גאָרנישטען, פערליערט דערנאָך איהרע ציוניסטישע רעכטען (זכיות). דיא חברה דארף האלטען פאר איהר הייליגע פליכט, נאָר צו פערצייכענען דיא פאסיגסטע און דיא בעסטע מענשען. דאָס איז שוין איהר זאך, וויא זיי צו נפינען, צו דורכדעם, וועמען דיא חברה לייט וועלען אויסקלייבען, צו דאדורך אויף וועמען דיא קאָמיטע לייט פון דער חברה וועלען אָנווייזען. זיי האָבען אין איטליכען פאל געגוג וועגען, וויא גע־נוי אויסצופאָרשען, צו טויג דאָס מיטגליעד אָדער ניט פאר דיא איינוואנדערונג אין פאלעסטינא, ווייל זיי קענען זיך איינאנדער, און ווייסען וויא איטליכער לעבט און ארביים.

דעם גלײכען צירקולאר, װאָרט בײ װאָרט, האָב איך אויך פערשיקט צו דיא ציוניסטישע חברות אין רוסלאנד, רומעניען, גאליציע און אלזשיר. צו דעם צװעק האָב איך אותקגעשיקט לעאָנקינען קיין רוסלאנד; ברוינסטאָנען, װעלכער איז אליין געװען פון יאסי, קיין רומעניען; קאָהן — קיין גאליציען און סמיט קיין אלזשיר. לעאָנקין איז שוין געװען בײ מיר אין לאָנדאָן נאָך דרײ װאָכען, דיא איבריגע שלוחים אין 14 טעג. אומעטום האָבען זײ שוין איינגעאָרדענט א זיכערע קאָרעספאָנדענץ. אלץ האָט, בטבע, געמוזט קריעגען א פשוטען און א פעסטען סדר. איך האָב דיא פערשיעדענע לענדער מודיע געװען, אז מיין ביוראָ װעט נאָך האָבען צו טהון מיט דיא צענטראלע שטעלען. װען ניט דאָס װאָלטען מיר דערטרונקען געװאָרען אין א ים פון טינט. דיא קאָמיטעלײט פון א געװיסע צאָהל שטעדט האָבען אויסגעקליעבען פון זיך א נײעם גובערנסקען קאָמיטעט, און דיא קאָמיטעען האָבען װײטער פון זיך אויסגעקליעבען א לאנד קאָמיטעט, און מיין ביוראָ האָט נאָר געהאט צו טהון מיט'ן לאנד קאָמיטעט. איך האָב נאָר געדארפט האָבען דיא רשימה פון דיא חברות לויט דעם נאָך, װיא זײ זיינען געװען איינגעטהײלט אין גובערניעס און לאנד־קאָמיטעטען.

בכדי איך זאָל קענען שטענדיג האָבען א איבערבליק האָב איך אָנגעװענדעט פאָלגענדע המצאה: איך האָב בעשטעלט שפילקעס מיט גלעזערנע קעפּלעך פון פערשיעדענע פארען: טונקעלבלוי, העלבלוי, געל, רויט, גרין, שװארץ, װײס. דיא שפילקעס אָב איך אריינגעשטעקט אין דיא לאנדקארטען פון פערשיעדענע מלוכות, װעלכע זיינען געלעגען בײ מיר אויסגעשפאנט אויף הילצערנע טאָװלען. איטליכע פארב האָט אָנגעגעבען װיא װײט א געװיסע חברה האלט שוין אין איהרע הכנות. װײס, למשל, האָט בעטײט, אז אין דעם אָרט איז דאָ א חברה, װאָס פילט נאָך דערװײל אויס דעם בויגען מיט ארבײטערנעהמען. גרין בעטײט — פעלד ארבײטער, רויט — פאבריק ארבײטער, געל — בעלי מלאכות פאר זיך, העלבלוי דיא פערשיעדענע שותפישע חברות פאר פעלדבוי און אקערבוי, װעלכע קומען מיט א שותפישען פערמעגען און פערלאנגען נאָר, אז מען זאָל זײ פערפאכטען א שטיק לאנד, װאו זיך צו בעזעצען. שװארץ איז געװען א סימן פאר דיא חברה, בײ װעמען דיא פערצײכענטע ארבײטער האָבען ניט געטויגט צו דער ארבייט. איך האָב אויך געהאט שפילקעס מיט קעפּלעך פון עטליכע קאָליערען, װיא גרין — רויט — העלבלוי — געל, א. ז. װ. דאָס זיינען אפילו קלײניגקײטען, אָבער זײ האָבען מיר פערשפּאָרט א סך מיה. צוליעב דיא גוט איינגעאָרדענטע קאָרעספאָנדענץ און צוליעב דיא קארטען מיט דיא קאָלירטע שפּעילקעס האָב איך

אין א משך פון יאהרען איטליכען טאָג געווי געקענט וויסען איטליכע פּיצעלע פון דעם מצב אין דער בעוועגונג. דיא לאַנדקאַרטען און דיא טעלעגראַמעס זיינען מיינע שטענדיגע בעגלייטער. שפּעטער זיינען נאָך צוגעקומען שפּילקעס מיט ציפער, צו בעצייכענען דיא וועגען פון שיפען און אייזענבאַהנען. איך האָב צו יעדער צייט געוואוסט וויפיעל טראַנספּאָרט עס געפינט זיך אונטערוועגענס און וואו זיי געפינען זיך איצט. בין איך אָבער געווען אליין אונטערוועגענס, פלעגט מיר מיין טרייער וועלנער צוויי מאָל א טאָג טעלעגראַפירען דעם אינהאַלט פון דיא אָנגעקומענע דעפּעשען.

זעהר אָפט פלעגט מען אמאָל הערען, אז וויא באַלד דיא אָרעמע מענשען וועלען האָבען א אויסזיכט אין גיכען אויסצואוואַנדערען, וועט דאָס ענטוויקלען אין זיי דיא ערנסטע מדות. קיינער וועט ניט האָבען מעהר דעם חשק צו אַרבייט, אָדער ממלא צו זיין זיינע פליכטען, ווען ער ווייסט, אז ער פערלאָזט באַלד דאָס לאַנד. מיר האָבען געראָדע געזעהן דערפון דעם היפך. אזוי, וויא דיא היימישע חברות האָבען פון אייגענעם אינטערעס וועגען פאָרגעשלאָגען נאָר דיא בעסטע און דיא אָרדענטליכסטע, האָט מען זיך אָנגעהויבען איינער דעם אנדערען ארויבערצושטייגען אין אָרענטליכקייט, בכדי נאָר אריינצוקומען אין ארבייטערבויגען. דער ארבייטערבויגען איז ממילא געוואָרען דאָס גאָלדענע בוך פון איטליכער יודישע קהילה מען האָט זיך שוין געמוזט א ביסעל אָנשטרענגען, איידער מען האָט עמיצען געפונען פאר מסוגל צו געהן קיין ארץ ישראל. און דערפון האָט זיך גענומען אזא ווירקונג, פון וואָס, איך מוז מודה זיין, עס האָט זיך מיר אפילו ניט געחלום'ט. און אייגענטליך האָט מען דאָס געקענט זעהר לייכט פאָראויסזעהען. א סך אָבגעלאָזענע, פערדאַרבענע מענשען האָבען גענומען קוקען אויף זיך און אָנהויבען צו ווערען בעסער, צו נעהמען עפּעס א ארבייט אין דער האַנד. ניט איין פאַמיליע האָט זיך שטאַרקער גענומען צו דער מלאכה, ניט איין שכור האָט אַוועקגעוואָרפען דעם טרונק, און דארום האָט די אויסוואַנדערונג מיט א כדר און א פּלאַן אויך געמאַכט א גוטע ווירקונג אויף דיא, וואָס זיינען געבליעבען אין דער היים. און אקוראַט, וויא דאָס האָט געמאַכט אויף זיי א שינוי אינווענינ, האָט זיי דיא אויסוואַנדערונג אויך געצוואונגען פון אויסען ממלא צו זיין זייערע פליכטען. אין דיא צירקולאַרען צו דיא היימישע חברות איז קלאָר אָנגעזאָגט געוואָרען, אז נאָר דיא קענען ווערען אָנגענומען, וועלכע האָבען בעקומען פון דער פּאָליטישער נאַטשאַלסטווא א ריכטיגע צייגנים ביי'ן פערלאָזען דאָס לאַנד. ארומשלעפּערס דארפען מיר נים. דיא מלוכות, וועלכע האָבען געווי געוואוסט פון אלץ, האָבען געהאָל־

פען מיט אלע מעגליכקייטען. איבריגענס, דאָס איז שוין געוועזן שפּעטער.

אין דיא ערשטע וואָכען, בעת ווארשאווסקי, אלאדינאַ און דיא איבריגע די־רעקטאָרען זיינען געווען צוזייט און צושפּרייט אין אלע לענדער, בין איך נאָר גע־וועזן אין לאָנדאָן צוזאמען מיט מיין הויפּטאינזשעניער פישער מיט שטיינעקען און ועלנער. דאָ האָט מען צוערשט זיך אויפגעצייכענט דיא ערשטע גרויסע טעכ־נישע פּלענער. א סך פון אונזערע פּלענער זיינען שוין אויסגעפירט געוואָרען, פון עטליכע האָבען מיר זיך געמוזט אָבזאָגען; אנדערע פּלענער זיינען נאָך אויסגע־פיהרט געוואָרען פּראקטיגער וויא מיר האָבען דאָס אליין געהאָפט. איך זאָג ניט, אז מיר האָבען אויפגעטהון חדושים. דיא אמעריקאנישע, ענגלישע, דייטשע און פראנצויזישע אינזשעניערען האָבען דאָס שוין אלץ געמאכט נאָך פריהער פאר אונז. אָבער אין מאָרגענלאנד זיינען מיר פאָרט געווען דיא ערשטע, וועלכע האָבען אריבערגעפלאנצט דיא אייראָפּייאישע קולטור.

שטיינעקען האָב איך אויפגעגעבען צו מאכען פּלענער פאר ארבייטערהייזער און וואָקזאלען. פאר'ן אָנהויב האָט מען זיך געדארפט בעגנוגענען מיט וואָלוועלע בנינים. דער עיקר איז געווען, זיי גיך פאַרטיג צו מאכען; וועגען שעהנקייט האָט מען אין דיאערשטע צייט ניט געקענט קלערען. דיא בעריהמטע, צוועקמעסיגע, געפוצטע און אויך גרויסארטיגע בנינים, וועלכע מיר זעהען היינט אין גרעסערע דערפער און שטעדט, האָט שטיינעק ערשט א סך שפּעטער געבויט. אין דער ער־שטער צייט האָט ער נאָר געזועהען צו מאכען וואָס מעהר פּראָסטע בנינים פאר די ערשטע איינוואנדערער. אויף זיין פאָרשלאג האָב איך בעשטעלט אין פראנקרייך 500 באראקען נאָך א נייעם סיסטעם, וועלכע לאָזען זיך צונעהמען וויא א געצעלט און קענען אין א שעה צייט ווידער אויפגעשטעלט ווערען. דיא באראקען האָבען שוין געמוזט זיין אין מארסעל אין האלבען טבת, וואו ריבענץ האָט זיי געדארפט ווייטער טראנספּאָרטירען. נאָכדעם, וויא דיא וויכטיגסטע פּלענער זיינען שוין פארטיג געווען, האָב איך שטיינעקען געגעבען דעם אויפטראג, דאָס בוימאטערי־אל און דיא אינזשעניערען צו קריעגען וויא מעגליך באלד און וואָלוועל, לויט דעם נאָך, וויא ער פערשטעהט, שטיינעק האָט גיך געמוזט איינאָרדענען זיין אָבטהיי־לונג, און איך האָב געוואָלט, אז ער זאָל זיין זעלבסשטענדיג וויא נאָר ווייט עס לאָזט זיך. איך האָב איהם געזאָגט: פערליערט ניט א רגע און געהט אויף אייער אָרט! זיין ענטפער האָט מיך שטארק פערוואונדערט. ער האָט געזאָגט: „קודם כל פאָהר איך קיין שוועדען און פינלאנד"......

דערביי האָט זיך דער ארכיטעקט שטיינעק אזוי הויך פערנאנדערגעלאכט,

אז ער האָט מיט זיין געלעכטער פערהילכט דיא לעצטע ווערטער פון פּאַנאַגראַף. ער האָט זיך געמוזט אָן עפּעס דערמאָנען, און ער האָט זיך געקוויקעלט פאַר געלעכטער. זיין ברודער האָט איהם שטריינג אויסגערעדט:

„וויא קען מען זיך דאָס ניט איינהאלטען! דוא לאָזט דאָך אונז ניט צוהערען".

דוד האָט געמוזט ווידער צוריקרוקען דיא וואלצע און מען האָט נאָך אמאָל געהערט דיא לעצטע ווערטער:

„....מיך שטארק פערוואונדערט. ער האָט געזאָגט: קודם כל פאָהר איך קיין שוועדען און פינלאנד. דורך שוועדען און פינלאנד פאָהרט מען דאָך אָבער ניט קיין פּאלעסטינא. איך האָב זיך אָבער טועה געווען. ער איז געפאָהרען קיין שוועדען בויהאָלץ צו קויפען. דערנאָך איז ער געפאָרען קיין שווייץ, עסטרייך און דיישלאנד און האָט צונויפגענומען פון דיא פּאָליטעכניקומס יונגע לייט, וועלכע האָבען אקאָראט געענדיגט זייער פאך.

אין זעקס וואָכען ארום האָט ער שוין אין יפו געעפענט זיין הויפּט קאנטאָר פאר בויאנגעלעגענהייטען, וואו עס האָבען שוין געארבייט א ערך פון הונדערט ארכיטעקטען און צייכנערס, און צווישען וועלכע עס האָבען זיך שוין ארויסגעשטעלט עטליכע זעהר בעגאבטע און פעהיגע פאכמענשען. דיא אונפערהאָפטע בשורה, אז מען זוכט יודישע טעכניקער, האָט זיך דורך דיא שטודענטישע חברות באלד פערברייט אין אלע איניווערסיטעטען. און דערביי האָבען מיר ווידער געזעהען דאָס אייגענע, וואָס מיר האָבען שוין בעמערקט אין דיא היימישע ציוניסטישע חברות. וויא באלד עס האָט זיך בעוויעזען א אויסזיכט צו קריעגען א שטעלע אין פּאלעסטינא און צו מאכען דערביי אפשר א גוטע קאריערע, האָט דאָס אויפגעוועקט ביי דיא יונגע לייט א חשק צום לערנען. זיי פלעגען שוין גיכער מאכען דיא עקזאמענס, און זיי פלעגען שוין ניט פערליערען דיא צייט מיט נארישע פּאָליטישע שמועסען און קאָרטענשפּיעל. זיי פלעגען זיך בעמיהען וואָס גיכער צו ווערען פארטיגע מענשען, וועלכע פערשטעהן א פאך.

דאָס האָלץ, וואָס שטיינעק האָט איינגעהאנדעלט אין שוועדען און אין פינלאנד, וויא זיינע בעשטעלונגען אויף אייזען אין דייטשלאנד און אין עסטרייך האָט ער טראנספּאָרטירט צו אונזערען געניטען קענער פון אלערליי טאריפען, צו ריבענצען. ריבענץ איז דערוויל אריינגעטרעטען אין פערבינדונג מיט אייזענבאהנען, שיפסגעזעלשאפטען און דירעקטאָרען פון דאָקען (קינסטליכע וואסערבעקען פאר שיפען). ריבענץ איז געווען א גרויסער בקי אין טאריפען און האָט אָב-

געטהון זיין זאך אין דיא וויטערדיגע מאנאטען אויפ'ן בעסטען אופן. איצט, בשעת עס געהען אזוי פיעל שיפען צווישען אונזערע אין דיא אייראפּייאישע האפענס, האט מען שוין פערגעסען, וואס פאר א שווער שטיקעל ארבייט ריבענין האט גענומען אויף זיך. דאמאלסט האט מען גערארפט האבען א געשארפטען מוח, בכדי צו געפינען מיטעל, וואלוועל צו פערשיקען פערשיערענע פראכטען. ריבענין האט ניט דורכגעלאזען קיין קאמבינאציע, ער האט בענוצט אלע געלעגענהייטען, שפאנישע, גריכישע און נארדאפריקאנישע שיפען. איך האב איהם שטענדיג חושד געווען, אז ער שפּיעלט זיך מיט זיין עקספעדיציאנס-געשעפט. ער האט געמאכט מיט דיא פראכטען דיא משונה'דיגסטע נסיעות און אלערליי אומוועגען. אבער אין דעם טאג, בשעת מען האט זיי גערארפט פלעגען זיי אנקומען, וויא צו דער מינוט, און דערנאך האט זיך ארויסגעוויעזען, אז ער האט עקסטרא אויסגעקליעבען פאר געוויסע פראכטען א לענגערען וועג, ווייל ער האט געוואלט איינשפארען לאגערגעלד. דאס שיף האט ער בעהאנדעלט, וויא אראק, וואס שווימט. ער האט אויך געהאט אין זיין אבטהיילונג פערשיערענע ארטען פון לאנדקארטען מיט מאליערטע שפּילקעס. וועלכע נאך'ן קאליער נאך האבען בעטייט תבואה, מעהל, צוקער, קוילען, האלץ, אייזען א. ז. וו. אויב איך האב נאר געוואלט קריעגען א פאדישטעלונג פון דיא טראנספּארטען, האב איך נאר גערארפט ארייגגעהן צו איהם אין קאנצעלאריע; אין עטליכע מינוטען האב איך שוין געהאט א גענויע פארשטעלונג און אלע ידיעות וועגען אונזערע זאפּאסען (פּארראטהען). ריבענין איז געווען א גרויסער איינשפּארער, און צוליעב דיא מעלה האט ער אונז איינגעבראכט הונדערטער, הונדערטער טויזענדער רובעל.

דער איינער ריבענץ איז צוערשט איינגעפאלען אויף דעם געדאנקען: זיך צונויפצורערען מיט דיא גרויסע ווארעמאגאזינעס אין ענגלאנד, פראנקרייך און דייטשלאנד, נאך איידער עס האט זיך אנגעהויבען דיא וואנדערונג. אט דיא ווארענמאגאזינען האבען געהאט מאסען סחורות וואס זיינען שוין ארויס פון דער מאדע, און זייערע בעלי-חבתים האבען זיך געמענט פרעהען, וואס זיי האבען געקראגען א ארט וואו דאס אבצוזעצען. פאר אונז, פון דער אנדערען זייט, איז דאס געווען א דערלייכטערונג, ווייל מיר האבען שוין ניט גערארפט אליין זארגען פאר אלע נויטיגע בעדערפניסע פון דיא עמיגראנטען. וויא האבען מיר דאס געקענט אליין פערזארגען דיא איינוואנדערער מיט בעטען, טישען, שאפען, מאטראצען, קישענס, קאלדרעס, שיסעל, טעלער, טעפ, וועש, קליידער, שטיוועל א. ז. וו.? שוין דאס אליין וואלט געווען איינע פון דיא גרעסטע ארבייטען. מיר האבען דאס

דעריבער איבערגעגעבען אין דיא הענד פון דיא גרויסע אונטערנעהמערס, וועלכע קאָנקורירען מיט איינאנדער און איטליכער זוכט זיך דערביי רוח. די אונטערנעה־מער האָבען אפילו געהאט צו טהון מיט קונדען, וועלכע זיינען שוואך אין דיא מזומנים. דיא איינוואנדרערער האָבען נאָר געקענט קויפען אויף אָבצאָהלונג. דיא אונטערנעהמערס אָבער זיינען געווען זיכער מיט דיא געלד, ווייל דיא נייע געזעל־שאפט פלעגט אָבציהען דיא אָבגעמאכטע וועכענטליכע אָדער מאָנאטליכע אָב־צאָהלונגען פון דעם ארבייטערלאָהן און עס צושטעלען צו דיא בעלי הבתים פון דיא ווארע מאגאזינען. צוליעב דעם האָבען מיר אויך געהאט א דעה צו זאָגען אויף דעם מקח פון דער סחורה פאר אונזערע איינוואנדרערער. אונזער קאנטאָר פאר געלד־חשבונות האָט זיך נאָר דאמאָלסט אריינגעלאָזען מיט א ווארעמאגאזין, ווען זיא האָט געהאט פאר זיך דיא אויסגעצייכענטע פעסטע פרייזען פון אלע סחורות. און דורך דעם האָבען מיר ניט צוגעלאָזען אָבצורייסען דיא הויט מיט דיא מקחים, און געבראכט דערצו, אז דיא ווארעמאגאזינען זיינען געווען בטוח מיט זייער געלד און האָבען געקענט מאכען דעם גרעסטען אומזאץ. יאָ, עס איז זעלטען פאָרגעקו־מען אין דער וועלטווירטשאפט, אז דיא ליפעראנטען זאָלען קענען אזוי אָבשאצען וויפיל א ערך און וואָס פאר סחורה עס נויטהיגט זיך אין א געוויסער צייט, וויא דאמאָלסט ביי אונז. דיא ליפערונגען זיינען געגאנגען מיט א סדר פון א ארמעע, און דערביי איז זיא געווען פריי, דיא קאָנקורענץ איז געבליבען אָפען. און צוליעב דעם איז אלץ וואָלוועלער געוואָרען. און פון דיא געשעפטען, וואָס האָבען געמאכט צווישען זיך יד־אחת, אום צו העכערען דיא מקחים, פלעגען מיר ניט אָננעהמען דיא חשבונות פון דיא אָבצאָהלונגען. זיי האָבען שוין דאמאָלסט געמעגט זיצען און ווארטען אויף קונדען. א אָרערנטליכען קונד האָט מען שוין ניט אָנגעזעהען ביי זיי.

אויף דעם אופן האָבען מיר אין צוויי דריי מאָנאטען בעשאפען א מארק מיט אלערליי סחורות פאר דיא ערשטע צייט. און בעת אין אלע לענדער האָבען דיא חיימישע חברות זיך בעמיהט אויסצוקלייבען דיא בעסטע און געניטעסטע ארביי־טער, האָבען דיא ענגלישע, דייטשע און פראנצויזישע ווארענמאגאזינען געעפענט זייערע פיליאלען אין חיפו, יפו, יריחו און ביי דיא טהויערען פון ירושלים. דיא איינהיימישע האָבען געקוקט אויף דיא אייראָפייאישע ארטיקלען מיט אָפענע מיי־לער. פון אָנהויב האָבען זיי גאָר ניט פערשטאנען פון וואנען נעהמען זיך פלעצ־ליך דיא פיליאלען. א וויטציגער בריעף פון ארכיטעקטען שטיינעק פון יענער צייט שילדערט דיא אמאָליגע קינדערשע התפעלות פון דיא מחמראנער. „קעמלען מיט

פערקלערטע פּנים'ער זיינען געשטאנען פאר דיא פענסטער און האָבען געשאָקעלט מיט דיא קעפּ", שרייבט אונזער פריינד. דיא איינהיימישע האָבען אָבער באלד אָנגעהויבען צו קויפען פערשיעדענע ארטיקלען, און ביז צו דמשק און אלעפּאָ, ביז צו בגדד און דעם פּערזישען גאָלף האָט זיך פערברייט דיא בשורה פון דיא נייע מאגאזינען. פון אלע זייטען זיינען געקומען קויפער. און נאָך איידער מיר האָבען זיך בעוויזען דאָרטען האָט שוין גענומען אויפלעבען מסחור און האנדעל. אין עט־ליכע מאָנאטען, וויא דיא געשעפטען זיינען גוט אוועק, האָבען פערשיעדענע גרויסע סוחרים אָנגעהויבען פאבריצירען דיא גאנגבארסטע סחורות אויפ'ן אָרט גופא, ווייל דאדורך האָבען זיי איינגעשפּאָרט דיא טראנספּאָרטקאָסטען. דאָס איז געווען דער ערשטער אָנהויב פון אונזער היינטיגער גרויסארטיגער פאבריקאציע.

מען האָט מיר שפּעטער פּאָרגעוואָרפען, אז איך האָב צוגעלאָזען דיא אונ־טערנעהמערס נתעשר צו ווערען. מען האָט מיך דערפאר אויך געזידעלט אין דיא צייטונגען. מיר ארט דאָס וויא דער וואנד. אנדערש האָט מען ניט געקענט מאכען, און עס לאָזט זיך ניט אלעמען צופריעדענשטעלען. איך האָב נאָר געדארפט אכ־טונג געבען, אז קיין בעאמטער פון דער נייער געזעלשאפט זאָל ניט מעהר פערדיע־נען, וויא דאָס געהאלט וואָס ער קריעגט. אויף דעם האָב איך שטרענג אכטונג געגעבען, און אָהן רחמנות; דאָס וועט מיר איטליכער מודה זיין. אז איך האָב מיך ניט בערייכערט, איז אויך נענוג בעוואוסט. ווען אָבער פרייע אונטערנעהמער האָ־בען געמאכט גוטע עסקים, האָב איך גאָר ניט געהאט וואָס צו זאָגען אקעגען. דיא מענשען לויפען אהין, וואו עס וואקסט גאָלד פון דער ערד; וויא דאָס גאָלד איז אויסגעשפּראָצט — איז קיין חלוק ניט. איך האלט ניט פאר קיין קלייניגקייט דיא קראפט פון אידעאלען און הויכע געפיהלען, אָבער אויך דיא נשמיות'ע, מאטעריע־לע געפיהלען שפּיעלען ביי מיר ניט קיין קליינע ראָלע.

איצט דערצעהל איך אייך פון א שפּעטערע ענטוויקלונג, און כאָפּ אביסעל פּאָראויס. נאכדעם וויא שטיינעק איז אוועק האָב איך געהאט גענוג צייט, צו שטודירען דיא פּלענער פון מיין געליעבטען פישער. זיינע פּלענער פאר גאסען, קאנאלען, האפענס, וויא זיך מיט וואסער צו פערזאָרגען און עלעקטרישע קראפט צו קריעגען, זיינען היינט בעריהמט אין דער גאנצער וועלט. שוין דאמאָלסט האָט ער מיר אויף פּאפּיער געוויעזען זיין גאונישען פּלאן, וויא דורכצופיהרען א קא־נאל פון מיטעללענדישען ים צום ים המלך און דערביי צו בענוצען דעם אומשטאנד וואָס דער ערשטער ים ליעגט א סך העכער פאר'ן צווייטען. א שווייצער אינזשע־ניער, א קריסט, וועלכער איז געווען א פערברענטער ציוניסט און האָט זיך דערי־

בער מניר געוועז און אַנגענומען דעם נאָמען אברהם, האָט איהם געהאָלפען ביי דער ארבייט. פישער, א גרויסער עניו, פלעגט שטענדיג זאָגען, אז אין זיין גאונ'־ ישען ווערק שטעקט אברהם'ס קאָפּ. דערביי האָבען מיר בענוצט דיא פּראכטיגע לאנדקארטען פון ענגלישען גענעראלשטאב און, הויפּטזעכליך, ארמעסטראָנגס קארטע, וואו איטליכעס בערגעל קומט ארויס בולט. אָהן דיא קארטען, ווער ווייסט וויא לאנג מיר וואָלטען זיך אָבגעמיהט אומזיסט. צו דערזעלבער צייט האָב איך גענומען ארבייטען אויף צו גרינדען דיא ערשטע אייזענבאהנגעזעלשאפטען. דיא אָרעמע קליינינקע ליניע צווישען יפו און ירושלים האָט שוין ניט געקענט הילעקען פאר אונזערע ווייטערדיגע בעדערפניסע. צוערשט האָט מען געזיכערט דיא באהן וואָס געהט ביי דיא ברעגעס פון ים, פון יפו נאָך דרום־צו קיין פּאָרט־סאאיד, נאָך צפון־צו איבער קסריא, חיפה, צור, צידון קיין ביירוט מיט א פערבינדונג קיין דמשק. באלד דערנאָך האָבען מיר געבויט דיא נייע ליניע קיין ירושלים, דיא באהן פון ירדן־טהאָל מיט דיא זייטיגע ליניעס קיין מזרח און מערב ביי ים־כנרת, דיא לבנון באהנען. דיא קאפּיטאלען האָט ווארשאַווסקי צוזאמענגעבראכט פון אמעריקא און לעאָנקין פון רוסלאנד. אין דירעקטאָריום האָב איך געהאַט אויסצו־ שטעהן א מלחמה וועגען דיא צינזענגאראנטיען. מען האָט מיר געהאַלטען פאר א משוגע'נעם, ווייל איך האָב געוואָלט גאראנטירען רוח פון דיא ליניעס. איך בין געשטאנען אויף מיין רצון און דיא צייט האָט בעוויעזען, אז איך האָב מיך נישט טועה געוועזען. דאָס האָט זיך געצויגען, פון דעסטוועגען, פינף יאהר ביז איך האָב דורכגעפיהרט אלע ליניען איינע נאָך דער אנדערער. היינט איז דאָס שוין א אל־ טע מעשה, דיא באהנען זיינען שוין אריבער אין דיא הענד פון דער נייער געזעל־ שאפט.

חוץ דיא פראגען וועגען טראנספּאָרט האָט מיך שטארק אינטערעסירט דיא פראגע וועגען בהמות וואָס טויגען משאות צו שלעפּען. איך האָב דאָך געדארפט זעהען איינצואָרדענען א גרויסע פעלדווירטשאפט. דיא דאָזיגע בהמות האָט מען געמוזט קויפען אויסווערטס, זיי בריינגען קיין פּאַלעסטינא און זיי פיטערען. דאָס איז געוועזען ברוינסטאָנס עסק, און איך האָב אָפט מיט איהם דעריבער גערעדט. זיינע פּלענער זיינען מיר ניט געפעלען. איך האָב פּשוט געציטערט ביי דעם געדאנ־ קען, אָנקויפען גאנצע סטאדעס (הערדען) פון טויזענדער אָקסען אין דיא דאָנוי־ לענדער און זיי אויף לאנגע וואסער און לאנדוועגען אריבערטראנספּאָרטירען קיין פּאַלעסטינא. ברוינסטאָן האָט מיר ניט געלאָזט אָטהעמען, עס איז שוין דער לעצ־ טער טערמין, האָט ער געטענה'ט. איך האָב זיך אָבער ניט געקענט ענטשליסען.

מעהר איז מיר נעפעלען דער פּלאן צו ברייננגען בהמות פון מצרים. אָבער צוליעב א סך זאכען האָט דאָס וויערער ניט געלוינט.

אין דיא ערשטע וואָכען האָב איך זיך פון לאָנדאָן ניט געקענט ריהרען. אָבער איינמאָל האָב איך זיך פאָרט אויף א טאָג אויסגעריסען קיין דייטשלאנד, מיט דער דעת א קוק צו טהון אויף דעם נייעם עלעקטרישען מאָטאָרפּלוג. איך בין פּשוט ארויס פון דיא כלים.דעם עלעקטרישען פּלוג האלט איך פאר איינע פון דיא גרעב־טע מתנות, מיט וואָס דאָס נייִנצעהנטע יאהרהונדערט האָט אונז בעשענקט. היינט איז ער, פערשטעהט זיך, נאָך א סך פּראקטישער וויא דענמאָלסט. אָבער שוין אין זיין אלטער געשטאלט איז ער מיר געוואלטיג געפעלען געוואָרען. איך האָב באלד געקויפט דעם גאנצען זאפּאס (פּאָרראט) פון דער פאבריק און געמאכט א בעשטע־לונג אויף אזוי פיעל, וויפיעל זיי קענען אויסארבייטען ביז טבת־צייט און האָב ווארשאווסקי'ן טעלעגראפירט קיין נויאָרק: „קויפט עלעקטרישע פּלוגען וויפיעל איהר קענט נאָר קריגען ביז טבת־צייט. „ער האָט געענטפערט: „איך וועל זע־הען". בשעת איך בין געקומען צוריק קיין לאָנדאָן האָב איך שוין געפונען זיין דע־פּעשע: „300 מאָטאָרפּלוגען ועלען העלפט טבת זיין אין יפו".

דורך דעם צופאל בין איך בעפרייט געוואָרען פון עטליכע דאגות. צוריקקו־מענדיג פון דייטשלאנד האָב איך געהאט א מאָדנע בעגעגעניש מיט ברוינסטאָנען. איך זעה נאָך זיין געקרענקט און פערוואונדערט געזיכט, בשעת איך האָב איהם מלא שמחה געזאָגט: „מיין ליעבער פריינד, איהר זיינט אונז א איבריגער ראָד אין וואָגען. מיר דארפען שוין ניט קיין אָקסען". ערשט, בעת דיא ארומיגע האָבען אנגעהויבען צו לאכען האָב איך איינגעזעהען, וויא פאלש איך האָב מיך אויסגע־דריקט, האָב איהם געבעטען מחילה און איהם דערקלערט דעם גאנצען ענין, וועגען דיא פּלוגען. ברוינסטאָן האָט געטאנצט פאר פרייד, און דיא ארומיגע האָבען זיך מיטגעפרעהט. ס'פערשטעהט זיך, אז אונזער ברוינסטאָן איז נאָך לאנג ניט געווען ביי אונז קיין ארויסגעוואָרפענער. ער האָט נאָך געהאט גענוג פאר זיך צו טהון, כאָטש מען האָט שוין ניט געדארפט אזוי פיעל אָקסען. מיר האָבען נאָך געדארפט מאסען פערד, מילכקיה, שעפסען, עופות און גענוג זאפּאסען צו פיטערן אלע דיא בהמות און עופות. אָט דיא מעשה האָט זיך פערלאָפען באלד, וויא ברוינסטאָן איז צוריקגעקעהרט פון רומעניען. איך האָב איהם באלד געשיקט קיין האָלאנד, שווייץ און אונגארען איינצוהאנדלען בהמות.

אָנשטאָט אָקסען האָבען מיר איצט געדארפט קוילען פאר דיא פּלוגען, דאָס איז שוין געווען ריבענץ'ס עסק. דאמאָלסט האָט מען נאָך ניט געקענט אזוי לייכט

קריעגען דיא אזיאטישע קוילען, וויא חיינט. ריבענץ האָט פשוט מיט דעפּעשען אָבגעשלאָסען זיין געשעפט מיט ענגלאנד וועגען קוילען. אין איין מעת־לעת איז דער עסק פארטיג געוואָרען. דאָס איז געווען איינע פון דיא גליקליכע מינוטען, כשעת מען פיהלט אויפ'ן אייגענעם לייב דיא גרויסקייט פון אונזער קולטור. דען שוין דאָס אליין האָבען מיר דאמאָלסט געהאלטען פאר א געוואלטיגע זאך. און עס איז טאקי אזוי געווען. מיר האָבען נאָך דאמאָלסט ניט געהאט דיא וואסערקראפט פון קאנאל, וואָס ציהט זיך פון ים־המלח. היינט דארפען מיר שוין ניט דיא ענג־לישע קוילען, בכדי צו בעאקערען דאָס לאנד; אפילו דער לאָקאָמאָביל, וואָס פלעגט שטעהן ביים קאנט פון פעלד, זעהט שוין אויס אין אונזרע אויגען וויא א פערצייטיגע מאשינע. מיר האָבען איצט דראָטהען, דורך וועלכע עס צוגיעסט זיך דיא קראפט פון דיא פאליגע וואסער פון ירדן, פון ים־המלח־קאנאל און פון דיא בערגטייכען וואָס פאלען פון לבנון און חרמון, און דיא דראָטהען זיינען צושפּריי ט אויף דאָס גאנצע לאנד און גיעבען איבער זייער קראפט איטליכען עלעקטרישען פלוג. אָנשטאָט קוילען בענוצען מיר היינט וואסער. דאָס זיינען געווען, קורץ גע־רעדט, מיינע ערשטע ארבייטען.

דאָ האָט אָבער פּראָפעסאָר שטיינעק געמאכט א ליארם און געבעטען דאָס וואָרט. דוד האָט באלד אָבגעשטעלט דיא וואלצע.

„איך מוז מאכען א בעמערקונג“, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט — „דיא בעמערקונג האָט מעהר צו טהון מיט ליטעראטור, און האָט קיין פאראיבעל ניט דערפאר. צו ווייסט איהר וואָס בעטייט דאָס, וואָס מיר האָבען איצט געהערט פון פערבאָרגענעם רשאָע? א נייעם חד־גדיא. פערשטעהט איהר שוין?“

קינגסקאורט האָט מן הסתם ניט פערשטאנען. מען האָט איהם געמוזט געבען צו דערקלעהרען. מיט חד גדיא, א ציגעלע, א ציגעלע ענדיגט זיך דיא הגדה. דאָס איז א מעשה'לע וואָס איז געשריעבען געוואָרען האלב אין גלעכטער און האלב מיט א פערבעהאלטענעם מיין. דיא קאץ פרעסט אויף דאָס ציגעלע, דער הונד צו־רייסט דיא קאץ, דער שטעקען חרגנ'ט דעם הונד, דאָס פייער פערברענט דעם שטעקען. דאָס וואסער לעשט אויס דאָס פייער, דער אָקס טרינקט אויס דאָס וואַ־סער, דער שוחט קוילעט דעם אָקסען, דער מלאך המות קוילעט דעם שוחט און אי־בער אלעמען איז גאָט, וועלכער הערשט איבער דער גאנצער וועלט, פון מלאך המות ביז צוריק צו דעם ציגעלע.

„אָט אזוי“, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט, — „געהט עס אויך צו מיט דיא

קרעפטען פון פלוג. נאָכ'ן אָקסען קומען דיא קוילען, נאָך דיא קוילען — דאָס וואסער..."

„און איבער אלעמען איז גאָט ביז צוריק צו דעם ציגעלע" האָט דער אלטער ליטוואק געענדיגט.

## VI

עס איז שוין געווען שפעט און דיא געסט זיינען שוין מיער געוואָרען, און מען האָט בעשלאָסען דעם ווייטערן טהייל פון דער רעדע אָבצולייגען אויף א אנדער טאָג.

דיא געסט האָבען זיך צושיידט פון איינאנדער.

עס איז געווען א קלאָרע לבנה'דיגע נאכט, און עס איז געווען א מחיה'דיגער שפאציערגאנג, צו געהן ביי'ן ברעג פון ים פון דער ווילע פון אלטען ליטוואק ביז צו דעם האָטעל. קיננסקאורט איז געגאנגען פאָר אוים מיט'ן פּראָפעסאָר שטיינעק, און ער האָט איהם בעשאָטען מיט אלערליי פראגען. ביסלעכווייז האָט ער זיך דערוואָרעמט פאר דיא אידען מיט זייער צווייטען יציאות מצרים. ער האָט אָבער געהאלטען פאר גויטיג אלע ווײלע איבערצוחזר'ן, אז ניט דאָס יודענטהום אינ־טערעסירט איהם ביי דער גאנצען מעשה, וויא דיא נייע פאָרמען פון האנדעל און פאבריקאציע. פאר מענשען אין זייער מזל, זאָלען זיי זיין אידען, קריסטען אָדער געצענדינער, קען ער זיך לחלוטין ניט אינטערעסירען. ער איז און בלייבט א מענשענפיינד און ער האלט דאָס פאר אמשוגעת, זיך צו אינטערעסירען פיר א מענשען, ווייל דער מענש איז בטבע דער גרעסטער כפוי טובה. עס געפעהלט איהם אָבער דיא גאנצע מעשה פון דער מאסענהאפטען איינוואנדערונג פון אידען, דאָס געפעהלט איהם וויא איטליכע גרויסארטיגע אונטערנעהמונג. ער וואָלט שוין מאָרגען וועלען הערען דעם המשך פון דעם פּאָנאָגראפישען רעדנער.

דיא איבריגע געסט זיינען געגאנגען פּאָארווייז, אָדער זאלבע דריט. צו לעצט זיינען געגאנגען פרוי שרה און פריעדריך, וועלכער איז געווען פערזונ־קען אין זיינע חלומות, און האָט מיט זיין פריינד בעגלייטערין ניט גערעדט א וואָרט.

זיי זיינען שוין כמעט אָנגעקומען צום האָטעל, בשעת זי האָט אָנגעהויבען צו חוזק'ן פאר וואָס ער שווייגט. דענסטמאָל האָט ער זיך אויפגעכאפט פון שלאף:

„וואס פאר א שעהנע נאכט! דער בלייכער גאָלדענער אָבשיין פון דער לבנה אויף'ן ים כנרת — אלץ וו'א פערכשוף'ט, און פאַרט ניט קיין כשוף. עס ווילט זיך מיר איצט ווייטער פרעגען דיא קשיא „מה נשתנה": מיט וואס אונטערשיידעט זיך דיא דאָזיגע נאכט פון אלע אנדערע נעכט. און איך הערר שוין דעם אייגענעם גרוין: מיט דער פרייהייט אומעטום, צוליעב וועלכע מיר ווערען ערשט צו מענ־שען.... יאָ, יאָ, פרוי ליטוואק, ווען עס וואָלט מיר נאָר בעשערט געוועזען מיטצו־ארבייטען, מיטצולעבען.

„צו לאָזט מען אייך ניט?"

„ניין, קינגסקאורט וויל שוין אוועקפאָהרען".

„וואס רעדט איהר?" האָט זיא זיך פאנאנדערגעלאכט, — „מיר ועלען יהם שוין פערהאלטען א ביסעל. איהרביידע זייט שוין אונזערע אויף שטענדיג, יהר, וויא דער רעטער פון אונזער פאמיליע און ער וויא אייער נאָהענסטער זייניצער פריינד. איך וועל שוין זעהען, אז דער הערר דאָקטאָר לעווענבערג זאָל זיך שוין ביי אונז ערגעץ וואו בעזעצען. איך בעט אייך, רעדט מיר נאָר ניט אקע־ען! איך האָב דאָ אויך, דוכט זיך, צו זאָגען א שטיקעל דעה! און וואס אָנבע־לאנגט צו דעם אלטען ברומער, וועל איך שוין זעהען איהם דורך ליעבעסבענדער צובינדען איהם צו אונזער לאנד".

פריעדריך האָט זיך פריילִיך פאנאנדערגעלאכט:

„וואס? איהר ווילט איהם חתונה מאכען?"

„ווען איך וואָלט שטארק געוואָלט, וואָלט איך דאס אויך געקאָנט", האָט זי ליטוואק געענטפערט — „איך וואָלט איהם, למשל, חתונה געמאכט מיט יסטרים גאָטלאנד, אָדער מיט מיין שוועגערין מרים".

„עס איז שוין א שטיקעל אכזריות פון אייך, אזוי אָבצולאכען פון א אלטען אן".

„א מאנסביל", האָט זיא דארויף געזאָגט,—„איז קיין מאָל ניט צו אלט אויף תונה צו האָבען. ניט קוקענדיג אויף דעם וואס פרויען און מעננער האָבען היינט ייכע רעכטען, זייט איהר אין דעם פאָרט ווייטער פאר אונז. איבריגענס רעכען יך אייער קינגסקאורט גאָר צו בינדען דורך אנדערע ליעבעסבענדער. ער איז אר מיין פריטצכען אוים דיא וועלט, איך האָב שוין דאס בעמערקט. און דאס וואונדערט מיך גאָר ניט, וואָרום איטליכער מוז דאך מודה זיין, אז אזא קינד, וויא מיין פריטצכען, איז גאָר ניט צוגעפינען".

פריעדריך איז איינגעגאנגען אויף דיא ליעבע נארישקייט פון א מאמען:
„יא, ער איז דאך אזא שעהן קינד“.

„ער איז נאך קליענער וויא שעהן, נאך ווייכהערציגער וויא קלוג“, האט זיא לעבעדיג געזאגט. וואס רעכענט איהר, ווען איך וועל קינגסקאורטען לאזען אפט אליין מיט פריצכען, צו וועט ער זיך נאך קענען אפרייסען פון קינד? און דאמאלסט וועט ער שוין מוזען דא בלייבען, און איהר מיט איהם“.

פריעדריך איז געווען אמת געריהרט און האט געשמייכעלט איבער דיא ליעבע נארישקייט פון א קלוגער מוטער, וועלכע לעבט אין דעם גלויבען, אז עס איז זיך פון איהר פריצכען ניט אפצוהרייסען. און ער איז טאקי געווען א לעבעדיג ליעבעס אינגעלע, און עס האט אפילו אויסגעוויעזען, אז פרוי ליטוואק איז גע־רעכט געווען דערמיט וואס זיא האט בעמערקט, אז קינגסקאורטען ציהט צו דעם קינד, וויא מיט צוואנגען. אויף'ן אנדערען מארגען האט טאקע פריעדריך אנגע־טראפען קינגסקאורטען אין אזא לאגע, אז דער אלטער איז פערשעהמט געווארען: ער איז ארומגעקראכען אויף אלע פיער אין קינדער צימער און פריצכען האט גע־ריטען אויף איהם וויא אויף א פערד.

„דאס אינגעל וועט נאך א מאהל זיין א קאוואלעריסט“, האט ער פערשעהמ־טערהייד געזאגט, בשעת פריעדריך האט איהם געהאלפען אויפשטעהן — „און איצט מארש צו דיין ניאנע, פריטצקע, אויב דוא ווילסט ניט אז איך זאל דיך פערשמייסען אויפ'ן ארט“.

אין בייזער זיינעם איז [illegible]ער געלעגען אזא פריינדליכער טאן אז דער קליי־נער האט גאר קיין פחד ניט [illegible]עקראגען און האט זיך נאך פעסטער אנגעטשעפעט און איהם. דער קליינער פריטץ האט בעשיינפערלעך ניט געוואוסט, אז ער האט צו טאהן מיט איינעם פון דיא פערביסענסטע מענשענפיינד. נאך מעהר, בשעת מען האט פריצכען מיטגענומען צו זיידע באבען און קינגסקאוט איז ניט מיט־געגאנגען האט ער געמאכט אזא געוואלד, אז פרוי ליטוואק האט געבעטען קינגס־קאורטען זיך צו דערבארמען אויף איהר זון. וואס האט ער געזאלט טאהן? ער האט לפנים געמאכט א מינע וויא ער אפפערט זיך קעגען זיין אייגענעם רצון, האט אבער ברייט געשמייכעלט בעת אויף פריצכענס פנים'ל האט זיך ווידער בעוויע־זען דער זונענשיין פון א רוהיגע צופרידענקייט. לאזען דיא איבריגע קומען נאך איהם, ער וועט זיך נאך צום לעצטען מאהל אפפערן פארן שייגעץ, דעם שטיפער. דוד מיט דער פרוי און פריעדריך זיינען אויף א'ן איניגע מינוטען נאכגעגאנגען, און פון דערווייטען האבען זיי דערזעהן וויא קינגסקאורט איז געגאנגען הינטער

דער ניאנע און וויא דער קליינער פריטץ האט אלץ פאריסען צו איהם דאס קע־
פעל. דעם גאנצען וועג, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער ברעג איז פול געווען
פון שפאציער געהערס, האט זיך קינגסקאורט געשפיעלט מיט דעם קינד און זיך
צום נארען געמאכט. דען ער איז אלט געווארען, און האט נאך ניט געוואוסט
וואס פאר א תענוג דאס איז, צו פיהלען דעם כישוף און די עקשנות פון א קליין
קניד. עס איז איהם גאר אין זינען ניט איינגעפאלען, וואס פאר א סכנה עס איז,
צו האבען צו טאהן מיט אזא איננגלע מיט רויטע בעקלעך, און ער האט אליין
ניט בעמערקט, וויא ער איז ביסלעכווייז געווארען א שקלאף פון פריצכענס קאפ־
ריזען. פריצכען האט איהם א נאמען געגעבען אטא. די אשפראכענקענער צווישען
דוד'ס בעקאנטע האבען ערקלעהרט, אז דאס האט זיך גענומען פון דעם „היה־
האטטאה" מיט וואס עס האט זיך צוערשט אנגעהויבען דער שמועס צווישען
אדאלבערט פון קעניגסהאף, היינט קינגסקאורט, און פריטצכען ליטוואק. וויא די
מעשה איז געווען, מיסטער קינגסקאורט האט ביי פריטצכען קיין אנדערן נאמען
ניט געהאט, וויא „אטא".

כל זמן פריצכען איז מונטער געווען, האט אטא ניט געטארט זיך מיט קיינעם
אבגעבען. ערשט דאמאלסט, ווען דער יונגער אכזר מיט דיא רויטע בעקלעך האט
נאך מיטאג איינגעדרעמעלט, האט קינגסקאורט געקענט פערלאנגען דעם המשך
פון דשאע'ס רעדע. ניט אלע פון דיא נעכטיגע צוהערער זיינען געקומען. מיס־
טריס גאטלאנד, וועלכע איז געווען דיא אויבערשטע פון א געזעלשאפט פון בא־
רעמהערציגע שוועסטער, האט געהאט צו טאהן ארום א קראנקען. דער פאפ פון
ספורית האט געמוזט זיין אין דער היים. דער גלח איגנאץ איז אויך געווען פער־
נומען. דיא שטיינעקס האבען געקענט קומען ערשט שפעטער. נאר אזוי וויא מען
האט געקענט דעם פאנאגראפען צו איטליכער צייט לאזען איבער'חזר'ן דיא רעדע
האבען דיא, וועלכע זיינען נאך ניט געקומען, דיא מעגליכקייט געהאט צו הערען
דיא רעדע ווען זיי וועלען צייט האבען.

דוד האט געהייסען ארונטער טראגען דאס אפאראט אין זאל פון ערשטען
שטאק, וועלכער איז געווען דערביי פון זיין מוטערס צימער, וואו זיא ליעגט צייט
איהר קראנקהייט. דיא קראנקע מוטער האט זיך היינט געפיהלט עפעס בעסער.
מען האט זיא געקענט אריינברענגען אויף א שטוהל מיט רעדלעך. זיא איז געזעסען
מיט א פריינדליך אוכיעטיג שמייכעל אויפ'ן פנים, געל ווי וואקס, און האט זיך צו־
זאמען מיט אלעמען צוגעהערט. אויף א נידעריגען זעסעל איז געזעסען נעבען איהר
מרים, אננעהמענדיג פון צייט צו צייט דיא מוטערס האנד. דער אלטער ליטוואק

אַט זיך בעקוועם געמאַכט אויף א ברייטען פאַטעל. קיגנסקאורט דאַס גלייכען.
עשיד ביי האַט דוד'ן געהאָלפען אין אָרדנונג צו ברענגען דעם פאַנאָגראַפען,
ון דערנאָך האַט ער זיך אוועקגעזעצט שטיל ביי סזייט. דער גייסטליכער מיט־
ער תאַפקינס האַט צוזאַמען מיט פריעדריכען זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל
ון זאל. פון זיין ווינקעל האַט פריעדריך געקענט ארויסקוקען דורך דאַס פענס־
ער ווייט אין דרויסען ביז צו דיא בערג. און צווישען איהם און דאַס בילד פון
רויסען האַט איהם געשעמערירט אין דיא אויגען מרים'ס פיגור, בעגאָסען פון
נענשיין.

דוד האַט איינגעשטעלט דיא וואלצע און רזשאָע'ס שטימע האַט אָנגעהויבען
ט דיא נעכטיגע לעצטע ווערטער:

„דאַס זיינען געוועזען, קורץ גערעדט, מיינע ערשטע ארבייטען. דיא גאַנצע
ושינע איז שוין געגאַנגען וויא געשמירט. אלאדינאַ האַט אונז געגעבען גוטע
יעות וועגען דעם, וויא עס געהען דיא קניות פון לאנד. שטיינעק האַט אונז
ודיע געוועזען, דאַס סוף טבת וועט ער עפענען א ציגעל פאַבריק. לעאָנקין און
ארשאַווסקי האָבען אונז מיטגעטהיילט, דאַס דיא היימישע חברות ארבייטען
יט א ווארימקייט און א לעבעדיגקייט. ברוינסטאָן און קאָהן האָבען זיך שוין
ארזאָרגט צו פריהיאָהר מיט ליעפערונגען פון תבואה און בהמות.

מיר האָבען אָבער ניט געדאַרפט האָבען אין זינען דיא אונבעמיטעלטע
יר האָבען זיך אויך געמוזט בעמיהען צוצוציהען רייכערע אידישע קלאַסען צו
אלעסטינא. ניט דערמיט וואָס מען וועט זיי צוזאָגען ארבייט אָדער שטיצע
עט מען זיי קענען אריינציהען אין דער איינוואַנדערונג. מען האַט געמוזט גע־
ינען א אנדער אופן זיי ארייגצוקריעגען. איך האָב זיך דערביי בענוצט מיט א גע־
אנקען פון עניפּטישען חעדיוו איזמאאיל. איטליכער, וועלכער האַט זיך פערפליכ־
עט צו בויען א הויז פון 12 טויזענד רובעל א ערך, קריעגט אומזיסט דעם נויי־
יגען פלאַטץ דערצו. דאַס איינענע האָב איך אויך געטאָהן, איך האָב מיר נאָר
ויסבעדונגען, אז סוף 50 יאָהר (יובל) געהט אריבער דער פלאַץ אין דיא בעל־
בית'שקייט פון דער נייען געזעלשאַפט. מיר האָבען דאָך בעשלאָסען דעם יובל
ייטער איינצופיהרען ביי אונז. עס איז דאָך בעוואוסט, ווי דער חעדיוו האַט
ורך דיא עצה, וואָס ער האַט זיך אליין געגעבען, געבראַכט דערצו, אז עס איז
עשאַפען געוואָרען דיא שעהנע שטאָדט קאַאירא. ביי אונז האַט דאָס אויך גע־
האַט דיא איינענע ווירקונג. מיר האָבען נאָך ניט אויסגעיעט צו פערברייטען דיא
ריעה ענען דער תנחת, וואָס מיר גיבען, וויא עס האָבען זיך שוין פון אלע

לענדער געמעלדעט אונטערנעהמערס מיט דער בקשה, זיי צו געבען פלאטץ אויף צו בויען. מיין הויפטסעקרעטאר וועלנער האט צוזאמען מיט דעם הויפט־אינזשעניר פישער אויסגעארבייט א מיטעלען פלאן, נאך וועלכען דיא בוי־אונ־טערנעהמערס זאלען זיך קענען ריכטען א ערך. דיא שטאדט פלענער פון חיפה, יפו, טבריא און אנדערע ערטער זיינען שוין געווען אין דיא הויפטפונקטען פאר־טיג נאך איידער שטיינעק איז אוועקגעפאהרען. דערצו האט נאך שטיינעק גע־ליעפערט עטליכע פארמען פון שעהנע בעלי־הבית'שע הייזער. מיר האבען איבער־געדרוקט דיא פלענער צוזאמען מיט דיא הצאות א ערך אויף יעדער בנין אין טויזענדער עקזעמפלארען און האבען זיי פערשיקט צו דיא בויאונטערנעהמערס. זיי זיינען אבער דורכאויס ניט מחויב געווען אנצונעהמען דוקא אונזערע פלענער. זיי האבען נאר געדארפט פון אונזערע פלענער זעהן א ערך, וואס עס קאסט דאס בויען פון א מיטעלען בנין. דעם 21 מערץ האט מען צום ערשטען מאל געדארפט צוטהיילען דיא פלעצער. ביי דיא טהיילונג האט מען נאר געהאט אין זינען דיא, וועלכע האבען זיך שוין געמעלדעט פאר דעם ערשטען מערץ. דערביי האבען מיר געמאכט א תנאי, אז דער וואס וויל קריעגען א פלאץ, מוז בייטרעטען דער שותפי־שען חברה פון דיא איינוואנדערער אלס חברה־מאן. חוץ דעם איז ער מחויב צו געבען דער נייער געזעלשאפט א משכון א ערבות, צו אין געלד אדער אין פראצענ־טנע פאפירען, וואס זאל אנטרעפען א דריטעל פון דיא הוצאות פון דעם בנין, וואס ער רעכענט צו בויען. דערצו איז ער מחויב אליין, אדער דורך זיין פערטרוי־טען, צו זיין אין פאלעסטינא צו דער צייט, בשעת מען טהיילט צו דיא פלעצער. וויבאלד ער האט שוין אנגעהויבען צו בויען דאס הויז קען ער צוריק פאדערען דעם משכון אדער ערבות. וועלנער'ן האב איך געהייסען אויסארבייטען א סדר, וויא צו צוטהיילען דיא פלעצער. דעם 21־טען מערץ האט א בעאמטער פון דער נייער געזעלשאפט אין איטליכען ארט, וואו עס זיינען דא מענשען וועלכע האבען א חלק צו בויען — געזעהען, אז עס זאל ווערען אויסגעקליעבען א קאמיסיע פון דריי, פון פינף, אדער זיעבען מיטגליעדער, לויט דעם נאך, וויפיעל בויאונטער־נעהמער עס געפינען זיך אין א געוויסען ארט. דיא אונטערנעהמערס האבען צווי־שען זיך אליין אויסגעקליעבען דיא מיטגליעדער. ביים טהיילען פון פלעצער הא־בען דיא געהאט דיא פארהאנד, וועלכע וועלען באלד אנהויבען צו בויען, און צווי־שען דיא לעצטערע האבען געהאט דיא פארהאנד דיא, וועלכע זיינען געווען מעהר אין צאהל. נאך זיי זיינען געגאנגען דיא וועניגערע אין צאהל און צולעצט — דיא יחידים, וואו אבער אלע בעדינגונגען זיינען געווען גלייך, האט מען געווארפען א

גורל. מיר האָבען דערפאר פאַרנעצויגען דיא דאָזיגע בויאונטערנעהמער־חברות וועלכע זיינען געוועזען מעהר אין צאָהל, ווייל מיר האָבען זיך בעמיהט צו בעשאפען א קרעפטיגען קערן פון תושבים. חוץ דעם איז אונז לייכטער געוואָרען דאדורך צו בעשאפען א קהילה, וואָס זאָל באלד קענען נעהמען אויף זיך דיא היימישע קהל׳־שע הוצאות. צוליעב דעם האָבען זיך טאקי א סך יחידים באלד בעהעפט צו א קלענערע חברות, און דיא קלענערע צו דיא גרעסערע, נאָך איידער עס איז געקר־מען צו דער פערטהיילונג פון פלעצער. און עס איז אויסגעקומען, אז ניט דריקענ־דיג עמיצענס פרייהייט האָבען מיר אויסגעמיערען א סך סכסוכים. צווישען דיא זבורים פון דיא חברות האָבען מיר צוטהיילט דיא פלעצער לויט דעם נאָך, וויפיעל איטליכער נעהמט אויף זיך דיא דעקונג פון קהל׳שע הוצאות, וויא, למשל, ברוּ־קירען גאסען, דורכפיהרען שאָסעען, איינפיהרען קאנאליזאציע, בעלייכטונג, וואסער־לייטונג. וועד עס האָט אויף זיך גענומען גרעסערע אָבגאבען, דער האָט אויך בעקומען א ברייטערען פלאץ. און דיא איינפאכע און גלייכע כללים איז אויך לייכט געווען דורכצוזעצען. דער בעאמטער אין נאָמען פון דער נייער געזעלשאפט האָט געהאט אויף זיך דיא פפליכט, צו זיין דערביי ביים צוטהיילען זיך שרייבען וועגען דעם א פראָטאָקאָל, וועלכען דיא קאָמיסיע האָט געדארפט אונטערשרייבען. נאָך אין דעם איינענעם טאָג האָט געדארפט דער פראָטאָקאָל אָבגעשיקט ווערען אין חיפה אין דיא בית־דין קאנצעלאריע פון מיין הויפט־דירעקצי׳ע. ווען אלץ האָט זיך געפיהרט לויט דעם בעקאנטען סדר און קיינער פון דיא, וועלכע האָבען זיך געמעלדעט, האָבען ניט פראָטעסטירט אקעגען, האָט דיא פערטהיילונג פון דיא פלעצער בעקומען א שטענדיגע גילטיגקייט, אין א משך פון א וואָך צייט האָט איטליכער געקראָגען דעם טיטעל פון א בעל־הבית אויף זיין פלאץ. וויאבאלד אָבער עס איז אָנגעקומען א פראָטעסט, פלעגט מען תיכף ומיד חוקר ודורש זיין אויף אָרט און שטעל פון דיא פלעצער־פערטהיילונג. צו דעם צוועק האָב איך שוין דאמאָלסט געגרינדעט דיא קליינע בית־דין קאנצעלאריעס, וואָס פאָהרען ארום פון אָרט צו אָרט, אום חוקר ודורש זיין אלערליי פרעטענזיעס און וועלכע שטעהן אונטער דער הויפט בית־דין־קאנצעלאריע אין חיפה. אזא בית־דין קאנצעלאריע פלעגט בעשטעהן פון צוויי יוריסטען און איין שרייבער א סעקרעטאר. זיא פלעגט קריגען אויסגעצויכענט דיא ערטער, פון וואנען עס קומען פערשיעדענע פרעטענ־זיעס, און זיי האָבען געהאט דעם אָנזאָג, ניך פארט׳ג צו ווערען און זיך ניט לאנג צו פערזיצען אויף איין אָרט. דיא הוצאות פלעגט פאלען אויף דעם, וועלכער פלעגט זיך ארויסשטעלען פאר אונגערעכט. קיין אפעלאציעס און קאסאציעס האָב

איך ניט צוגעלאָזען. צו דעם צוועק און נאָך אנדערע צוועקען פון אונזער הויפט־קאנצעלאריע פאר יו־יסטען אנגעלעגענהייטען האָב איך געבעטען וועלכערען, וועלכער איז געווען דער דירעקטאָר דארויף, אז ער זאָל מיר שאפען א ערך 50 יונגע געענדיגטע אדוואקאטען און דאָקטוירים־יוריסטען און זאָל זיי נעהמען פון פערשידענע לענדער. מיר האָבען געדארפט דיא פיעלע שפּראַכען, ניט נאָר פאר אונזערע אדוואָקאטסקע זאכען, נאָר אויך פאר אונזער קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע איז דאָך געפיהרט געוואָרען אין אלע שפראכען.

דער וויכטיגסטער טהייל פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ איז בעשטאנען דארין, וואָס מיר האָבען פערשידענע פאבריקאונטערנעהמער נעגעבען אלערליי אויס־קינפטע. האנד אין האנד מיט דער יוריסטישער קאנצעלאריע פון וועלכער האָט געארבייט דיא טעכנישע קאנצעלאריע פון פישערען. מיר האָבען מודיע געווען אין דיא וויכטיגסטע בלעטער פון אלע לענדער, אז איטליכער אונטערנעהמער, וועלכער וויל גרינדען מיט א מיטעלען קאפיטאל פאבריקען אין לאנד, וואָס גע־פינט זיך ביים ברעג פון מיטעללענדישען ים — קענען קריעגען ביי אונז פראַק־טישע עצות, אלערליי אויסקינפטע מכח ארבייטער און אומזאץ און, אין געוויסע פעלען, אויך קרעדיט אויף מאשינען. מיט איטליכער פּאָסט פלעגען מיר קריגען הויפענס בריעף פון דיא צייטונגס־עקספּעדיציעס, וואו מיר האָבען געדרוקט אונ־זער מוו עה. אָנפאנגס איז געווען לייכט צו ענטפערען אויף דיא בריעף, ווייל מען האָט נאָר אָנגעפרעגט דעם נאָמען פון לאנד. און אין דער ערשטער צייט האָט מען געקענט אָבדרוקען א געוויסע צאָהל בריעף, וואָס האָבען פאר אלעמען געפאסט. אין דער קאנצעלאריע האָט מען נאָר געדארפט אויספילען דיא אדרעסען. באלד אָבער האָבען זיך צווישען דיא טויזענדער אָנפרעג־בריעף בעוויעזען הונדערטער בריעף מיט וויכטיגע פּראָיעקטען. און ניט נאָר יודען אליין האָבען זיך געווענדעט צו אונז. צים אָנהויב זיינען אפילו אָנגעקומען מעהר בריעף פון קריסטען, בעזונ־דערס פון פראָטעסטאנטישע דייטשען און ענגלענדער, ווייל זיי זיינען דאָך צווי־שען דיא פעלקער דיא גרעסטע אונטערנעמערס אין פערשידענע קאָלאָניעס. אונ־זער ענטפער האָט זיך ניט געקימערט ווענ'ן אָבשטאמונג אין אמונה. איטליכער, וועלכער האָט נאָר חשק געהאט צו קומען ארבייטען דאָס יודישע לאנד, איז גע־ווען ביי אונז פערעכענט פאר א גוטען סיטנד. אונזערע טעכנישע קאנצעלאריע האָט געליפערט דיא רעעלסטע אויסקינפט. מיר האָבען, בטבע, זיך ערקונדיגט פריהער וועגען איטליכען בעזונדער, איידער מיר האָבען זיך אריינגעלאָזען מיט עמיצען אין א וויכטיגען עסק. און דער, וועלכער איז געווען א אמת'ער בטוח,

פלעגט קריגען ביי אונז ניט נאָר אומזיסט דיא בעסטע אויסקינפטע, נאָר אויך א סך פערלייכטערונגען. דיא אונטערנעהמער וועלכע פלעגען צו אונז אָנקומען פלעגען אויך צאָהלען א סך וויניגער געלד, וויא ערגעץ אין א אנדער אָרט. מיר פלעגען זיי אפילו מודיע זיין אין וועלכער בראנזשע איז שוין גרויס געוואָרען, דען פאר דיא נייע געזעלשאפט איז געווען אטובה, אז דיא נייע אונטערנעהמונגען זאָלען האָבען א זיכערען יסוד און זאָלען קענען שטייגען און וואקסען, און דערי־בער האָבען מיר דיא פרייע אונטערנעהמערס בעהאנדעלט וויא אייגענע מענשען. פון דיא אָנפרעג בריעף און ענטפערס פון לאַנדאָנער קאנצעלאריע פאר אלערליי אויסקינפטע האָט זיך שפעטער ענטוויקעלט דיא קאנצעלאריע פאר ארבייטער־סטאטיסטיק און אונטערנעהמער־סטאטיסטיק. און דער דאָזיגער קאנצעלאריע האָט אונזער היינטיגער האנדעל און אונזערע פאבריקאציע א סך צו דאנקען. צו־ליעב איהר האָבען מיר דערגרייכט צו אונזער היינטיגען מצב, וואָס לאָזט צו א פרייע קאָנקורענץ און פערהיט אונז דערביי צו פאבריצירען מעהר וויא מיר דארפען, וואָס אלץ פיהרט זיך מיט א סדר, און דערביי איז דער יחיד ניט געדריקט אויף א האָר.

דערנאָך ווי איך האָב דאָס אלצדינג איינגעפיהרט און נאָך א סך הארבע זאכען, האָב איך פאר פאסיג געפונען זיך צו נעהמען צו א ענין, וואָס האָט גאָר א אנדע־רען, א תרעהליכען כאראקטער“.

אין דעם אויגענבליק אָבער האָט דיא אלטע פרוי ליטוואק געמאכט דעם זון א צייכען. דוד האָט זיך אָבגעשטעלט דיא וואלצע און איז צוגעלאָפען צו דער מו־טער. זיא האָט זיך נעפיעלט מיעד, און האָט געבעטען מען זאָל זיא צוריק אוועק־לייגען אין בעט. דוד און מרים האָבען פאמעלעך ארויסגערוקט איהר זעסעל אין איהר צימער. דיא אונגליקליכע קראנקע פרוי האָט מיט דיא אויגען אָבשיעד גע־נומען פון דיא געסט. מען האָט צוגעמאכט הינטער איהר דיא טהיר. דער אלטע־ליטוואק האָט זיך אָבגעזיפצט, און אויך דיא געסט זיינען געוואָרען אומעטיג.

---

V

אין א ווייל ארום איז דוד צוריק געקומען. ער האָט געפרעגט, צו ווילען דיא געסט ווייטער הערען דשאָעס ריידע. אלע האָבען געוואָלט הערען דעם המשך, און

דוד האָט וויעדער אָנגעשטעלט דעם פּאָנאָגראַפען. און דער פערבאָרגענער רשאָע
לעווי האָט ניערעדט:

„האָב איך פאר פאסיג געפונען זיך צו נעהמען צו א ענין, וואָס האָט גאָר א
אנדערען, פרעהליכען האראקטער. צום אָנהויב האָט מען דאָס אָנגענומען פאר א
שפּיעלכעל אוז פאר א צייטפערברייננגנעש, און מען האָט דאָס קריטיקירט. איך
האָב צוגעברייט א רייזעשיף פאר דיא מאורי הדור, פאר דיא וועלט־חכמים. איך
האָב געוואָלט אז אזא שיף זאָל וויא דער אמאָליגער פייערזייל פאָראויס געהן פאר
דיא יודען, וואָס קעהרען צוריק אין זייער אלטעם און נייעם לאנד. שוין דאָס
אליין, ווען אזא שיף זאָל זיך בעווייזען אין מיטעללענדישען ים, וועט שוין זיין א
בשורה, אז עס הויבט זיך אָן א נייע צייט.

דיא הוצאות זיינען ניט געוועזן אזוי שווער. איך האָב זיך געווענדעט צו א
ענגלישען בעאמטען פון א גרויסע קאנצעלאריע, וואָס גיט אויסקינפטע וועגען
אלערליי נסיעות און האָב איהם דערצעהלט פון מיין פּלאַן. און אין א משך פון
צוויי וואָכען האָב איך שוין געוואוסט דיא הוצאות פון דעם ענין, און וויא מען
דארף דאָס פאָרבערייטען ביז אויפ'ן האָר. דער הויפּט־סארוועך פון אזא רייזע־שיף
האָט מיר פאָרגעשלאָגען, צו דינגען ביי א איטאַליענישע שיף־געזעלשאַפט דאָס
שיף „פּוטוראַ“ (צוקונפט), וואָס געהט געוועהנליך צווישען נעאפּאל און אלעק־
סאנדריע. דעם 15־טען מערץ האָט דאָס שיף געדארפט ווערען צוגעשטעלט אין
גענוא, און אין א משך פון זעקס וואָכען האָט עס געהערט צו אונז. ווייטער האָב
איך דורך אונזער הויפּט־סארוועך געלאָזט בעזאָרגען פאר 500 פּאַרשוין דיא פיינ־
סטע בעקעסטיקונג אין דיא שעהנסטע האָטעלען פון דיא איטאַליענישע, עגיפּטי־
שע, קליינאזיאַטישע און גריכ׳ישע שטעדט. דיא רייזענדער האָבען געקענט, לויט
וויא זיי האָט בעסער געפּאסט, זיך זעצען אויפען שיף אין נעאפּעל, צו אין גענוא.
דיא בילעטען האָבען זיי געגעבען דאָס רעכט, פריי צו פאָהרען אויף אלע איטאַ־
ליעניַשע אייזענבעהנען און פריי זיך צו בעקעסטיגען אין דיא בעסטע האָטעלען.
לפנים האָט אויסגעזעהן אונזער עקספּעדיציע, וויא עטליכע געוועהנליכע נסיעה,
וואָס מען מאכט פון פערגעניגען וועגען קיין מאָרגענלאנד. אין דר'אמת'ן אָבער
איז דאָס ניט געוועזן קיין געוועהנליכע רייזע שיף. דיא פרויען און די הערין,
וועלכע מיר האָבען פערבעטען צו זיין אונזערע געסט און מאכען א שפּאַציערפאָהר
אויף זעקס וואָכען קיין מאָרגענלאנד, זיינען געוועזן דיא געהויבענסטע מענשען פון
יענער צייט, זיינען געוועזן דער אדעל פון דער דאמאָליגער געבילדעטער וועלט.
א קאָמיטעט פון ליטעראַטען און קינסטלער האָט זיך געגרינדעט, אויף אויסצו־

קלייבען און אויסצואורבייטען א בויגען מיט דיא נעמען פון דיא געסט, וואָס זאָלען ווערען איינגעלאדען. דיא גרעסטע מענשען פון דער וועלט האָט מען איינגעלאדען נימ מאכענדיג דערביי, פערשטעהט זיך, קיין חלוק צווישען נאציאָנען און גלויבענס. דיא מאורי הדור, דיא געהויבענסטע האָט מען גערופען, און זיי זיינען באלד געקומען נימ דעריבער, ווייל מיר האָבען זיי אָנגעבאָטען א שיינע פריהלינגס רייזע, נאָר דער עיקר צוליעב דעם, ווייל דאָס האָט זיי געגעבען א זעלטענע געלעגענהייט זיך צונויפצוטרעפען מיט דיא גרעסטע מענשען, מיט דיא צושפרייטע ברידער פון דעם אייגענעם הויכען גייסט, פון דעם אייגענעם טיעפען בליק. אויפן „פוטרא" האָבען זיך צונויפגעטראָפען פּאָעטען און פילאָזאָפען, ערפינדער און ענטדעקער, אלערליי חכמים, פאָרשער און קינסטלער, פּאָליטיקער און זשורנאליסטען. פאר'ן גוף און פאר דער נשמה איז געווען גענוג געזאָרגט. די געסט פון פוטורא האָבען אין דיא גאנצע זעקס וואָכען נימ געזעהען קיין איינציגען וואָלקען אויפן הימעל. פון דער מוזיקקאפעלע אָן, ועלכע פלעגט אויפשפּיעלען צום עסען, ביז צו דער צייטונג, וואָס פלעגט זיך דרוקען אויפן שיף, — איז אלץ געווען וואָס נאָר א מויל קען אויסרעדען.

און וואו עס געפינען זיך אזעלכע פאסאזשירען קען שוין דיא צייט נימ זיין לאנגווייליג. מען איז פיעל געפאָהרען ביי דיא ברעגעס פון ים און אין אלע האפענס האָבען שוין געוואַרט פאר פוטורא דיא נייעסטע דעפעשען פון דער גאנצער וועלט. ווען דאָס שיף פלעגט זיך אויף א נאכט אויסרוהען אויף דער רהעדע, פלעגט מען שוין אויף מאָרגען אין בלאט לייענען דיא בעקומענע דעפעשען. אָבער א אמת'ר תענוג איז געווען צו לייענען דעם ליטעראטישען טהייל פון בלאט. דען דאָס וואָס איז פאָרגעגאנגען דעם טאָג איז בעשריעבען געוואָרען מיט דיא געבענטשטע פעדערס פון דיא גרעסטע זשורנאליסטען און ליטעראטען. א בעזונדערער תענוג איז געווען צו לייענען אין דער צייטונג פון פוטרא דיא טישגעשפּרעכען, וואָס פלעגען ווערען פערצייכענט פון טאָג צו טאָג. מען האָט דאָס שפעטער אָנגערופען: דיא נייע פּלאטאָנישע געשפּרעכען. אין דיא געשפּרעכען האָט מען בעריהרט דיא העכסטע און טיעפסטע פראגען. דיא געהויבענסטע גייסטער האָבען זיך דורכגעשמועסט, און זייערע ווערטער האָבען אָפטמאָלס געלויכטען וויא פּערעל, וועקענדיג דיא טיעפסטע רעיונות, דערקלעהרענדיג דיא פערבאָרגענסטע רעטענישען. איך וויל נאָר אויסרעכענען א קליינעם טהייל, פון וואָס מען האָט דאָרטען גערעדט. מען האָט אָפט געשמועסט וועגען דיא געזעלשאפטליכע שטרעבונגען ביי דעם היינטיגען מענשען, וויא עס דארף זיין איינגעאָרדענט דאָס חברה'שע

לעבען, וויא מען זאָל אויף שעהנקייט און קונסט אויפהאָדעווען דיא מענשהייט, וויא מען זאָל רעפאָרמירען דיא פערטהיילונג פון לאנד־ערד צווישען מענשען, ווי מען זאָל אָרגאניזירען דיא צדקה־חברות, ווי מען זאָל פארזאָרגען דעם ארבייטער און דעם בעל מלאכה. מען האָט גערעדט פון דער היינטיגער פרוי און וואָס פאר א ראָלע זיא שפּילט אין דער געבילדעטער וועלט, וויא דיא טעכנישע ענטדעקונגען פיהרען צו נייע וויסענשאפטען און צו א נייער פּראקטיקע, און פון נאָך אנדערע זאכען האָט מען גערעדט, פון וואָס דיא מענשען וועלען ציהען א אייביגען נוצען. דאָס בוך „דיא מישגעשפּרעכען פון פוטוראָ" געהערט היינט צו דיא געצעהלטעס־טע ביכער פון דער וועלט. איך אליין קען דיא געשפּרעכע נאָר פון לייענען, וייל עס איז מיר ניט בעשערט געוועזן דאָס צו הערען מיט מיינע אייגענע אויערען. איך האָב קיין צייט ניט געהאט מיטצומאכען דיא זעלטענע רייזע, ווייל איך בין גע־וועזן פערנומען ביז'ן האלז מיט אלערליי ארבייט. אָבער געלייענט האָב איך דיא פוטוראָ־צייטונג מיט אזא תענוג און אזא דאנקבארקייט, וויא נאָך קיין מאָל ניט אין מיין לעבען. איך בין ניט קיין פילאָזאָף און צו יענער צייט האָב איך זיך נאָך וועניגער געקענט בעשעפטיגען מיט פילאָזאָפישע געדאנקען. אָבער דאָס נאָר, וואָס מען האָט געקענט פון דיא טישגעשפּרעכען א נוצען האָבען אין דער פּראקטיקע, האָב איך זיך שוין בעמיהט ארויסצוקריעגען און אָנצו־ווענדען. מיר האָט זיך דאַ־מאָלסט אויסגעדאכט, אז דער גייסט פון דער גאנצער מענשהייט האָט גערעדט פון שיף פוטוראָ צום יודישען פאָלק, וואָס איז געגאנגען גרינדען א נייע נאציאָ־נאלען לעבען. דאָס איז געוועזן א וויכטיגע תורה, וואָס מען האָט זיך גערארפט גוט איינחזר'ן. און נאָך רייכער און פרוכטבארער איז זיא געוואָרען, בשעת אונ־זערע אורחים האָבען בעטראכט דאָס לאנד פון פאלעסטינא.

דאָס שיף פון דיא וועלט־חכמים איז געשוואומען אין דער לענג פון ברעג, דיא געסט האָבען זיך צוטהיילט אויף דעם לאנד קופּעסווייז. דער הויפּט־סארווער מיט זיינע בעהעלפערס האָבען שוין געזאָרגט פאר אלע בעקוועמליכקייטען. ניט אלע האָבען געהאט פאר אלי'ן דאָס אייגענע אינטערעס. דיא געלאָזגען האָבען גע־וואָלט אנדערע זאכען זעהען, וויא דער עלעקטראָטעכניקער; דיא באָטאניקער האָ־בען אנדערע זאכעי בעטראכט, וויא דער ארכיטעקט, און דיא קונסטמאָלער האָבען אנדערש געקוקט וויא דער פאָלקס עקאָנאָם. ו"י, וועלכע האָבען געהאט אינ־טערעסען, האָבען זיך צונויפגעפּאָרעט, געגאנגען אין דאָס לאנד און צוריקגעקו־מען צום שיף, ווען זיי האָבען געוואָלט. דיא פרעהליכקייט און אנגענעהמע אונ־טערהאלטונג אויף דיא פוטוראָ האָט אויף אנדערע אזוי געווירקט, אז זיי האָבען

זיך גאָר ניט געוואָלט שײדען פון איהם. עטליכע פון דיא האָבען אין גאַנצען גע־זעהען פון פּאַלעסטינא דיא ליניע וואָס ציהט זיך קיין ירושלים, און דיא שטאָדט פון דער װײטען. מען דערצעהלט פון אײנעם א גרױסען ליטעראַטען, איך װײס ניט, וויא ווייט דאָס איז אמת, — אז ער איז בכלל ניט אראָב א רגע פון שיף. ער האָט גע'טענהט: „אין מײנע אויגען איז דאָס שיף „ציון". דער אײגענער לי־טעראַט האָט דערנאָך געגוי בעשריעבען דאָס לאַנד און דיא לייט פון פּאַלעסטינא.

ער האָט געקענט, בטבע, דערצו בענוצען דיא בעסטע קוועלען. דען דיא געסט װעלכע זײנען געגאַנגען אין דאָס לאַנד, האָבען צוריקגעבראַכט אין פוטוראָ דיא בעסטע ידיעות מכח פּאַלעסטינא, בעקוקט מיט דיא אויגען פון פּאכלײט און גע־שילדערט מיט דיא קלאָרסטע פאַרבען. דיא טישגעשפּרעכען האָבען געקראָגען א נײע װענדונג, און עס האָבען זיך אָנגעהויבען א גאַנצע רײהע פון שמועסען װע־גען פּאַלעסטינא, און וואָס פאַר אונטערנעהמונגען מען קען דאָ מאַכען. אָט ז'עם דאָזיגען טהייל פון דיא טישגעשפּרעכען פלעג איך לײענען מיט דער גרעסטער כונה, לײענען און לײענען אָהן א אויפהער. איך געדענק זײ נאָך הײנט אויף אויס־װענדיג כמעט אות ביי אות. דעם ט'עפּסטען רושם האָבען אויף מיר געמאַכט דיא פערשיעדענע עצות פון דיא קינסטלער, אפשר דערפאַר, װײל איך האָב דאַרין א קלײנע השגה, וואָס פּראַקטישע פראַגען אנבעלאַנגט, האָט מען גאָר ניט געדאַרפט האָבען א פּשוט'ן געזונדען מענשענפערשטאַנד, בכדי אײנצופיהרען דיא זאַכען, וואָס זײנען שוין פאַראַנען אנדערסוואו — אויך ביי אונז. דיא קינסטלער אָבער פון פוטוראָ דאַנק איך פאַר דעם וויכטיגען געדאַנקען, אז אונזער לאַנד מוז מען נעהמען אין זײן נאַטירליכער שעהנקייט און דיא שעהנקייט אין נאַטירליכען אופן װײטער ענטוויקלען. שעהן זאָל אַלץ װערען, שעהן אומעטום, װײל דיא שעהנקייט מאַכט ברײט דאָס מענשליכע הארץ און פיהלט עס אָן מיט פרייד.

עס וועט אײך א פּלאַן זײן ווען איך וועל אײך זאָגען, אז איך האָב אויף פו־טוראָ ניט אײנמאָל א קוק געטהון, וויא עס דאַרף צו זײן. איך האָב פאַרבערײט דיא נסיעה, איך האָב גע'דעגה'ט, אז אַלץ זאָל זײן כשורה, איך האָב אָפּט גע־טראַכט װעגען פוטוראָ און האָב זיך צוגעהאָרכט צו דיא רײד פון דיא װעלט־חכמים פון שיף. אָבער איך האָב דאָס שיף ניט געזעהען, װעניגסטענס ניט געגוי זיך אײנגעקוקט אויף איהם. און דאָס איז צוגעגאַנגען אויף אזא אופן:

בשעת פוטוראָ האָט זיך דערנעהערט צו אונזער ברעג בין איך גראָד געװען טיעף אין פּאַלעסטינא. פישער, שטײנעק און אלאדינאָ האָבען מקבל פּנים געװען דאָס שיף אין נאָמען פון דער נײער געזעלשאַפט, בשעת דאָס שיף האָט געאַנ־

קערט אין יפו. איך האָב געוואָלט זיך פאָרשטעלען פאר אונזערע אורחים, וויא באלד איך וועל אָבטהון דיא נויטהיגסטע ארבייטען. דען גראָד דאמאלסט איז גע־ ווען פאר מיר א צייט, בשעת איך פלעג טאָג און נאכט זיין אונטערוועגענס, און איילען פון איין ארבייטסשטעלע צו דער אנדערער. איך פלעג אָפט שלאָפען אין מיין גרויסען מאָטאָרוואָגען וועלכער פלעגט מיך ארומשליידערען טאָג וויא נאכט. פון דיא היינטיגע בעקוועמליכקייטען איז נאָך דאמאָלסט קיין זכר ניט געווען. אויב איך פלעג יאָ אמאָל וויסען, וואו איך וועל איבערנעכטיגען, פלעג איך פריי־ הער הייסען אויפשטעלען א געצעלט. אָבער איך האָב דאָס ניט געקענט שטענדיג וויסען פאָראויס. חוץ דעם איז געווען זעהר נויטיג, אז איך זאָל אומעטום קומען אונעפרהאָפט, בכדי צו קענען קאָנטראָלירען דיא וועג־ארבייטען, דיא פערטהיי־ לונג פון לאנד, דעם פעלדבוי א. ז. וו.. עס איז אפילו געווען פארטיגע פלענער און גענויע צירקולארען וועגען אלץ; איך האָב אָבער געוואָלט מיט מיינע אייגענע פערזאָן זיך איבערצייגען, אויב אלץ געהט כשורה. מיט מיין הויפטקווארטיר אין חיפה בין איך געשטאנען אין א שטענדיגער פערבינדונג, און פון דאָרטען פלעג איך אלע וויילע קריעגען ידיעות, וועלכע פלעגען מיר נויטהיגען צו אלערליי נסיעות, וועלכע פלעגען מיר פערשליידערען אויף אלע זייטען. וויא גענוי דער סדר אזי ניט געווען אויסגעארבייט, פלעגען דאָך אלע וויילע פאָרקומען אונפערהאָפטע זאכען, וויא סכסוכים מיט ארבייטער, אָדער א אונאָרדנונג אין לעבענסמיטעל־ טראנספּאָרט. און ביי אלצדינג האָט מען געדארפט אליין זיין, זעהען צו ענדערען, וואו מען קען, בייטען דעם פערזאָנ, אויסטראכטען נייע פערזאָנען. ביי דיא צו־ טהיילונג פון לאנד פלעגען מאנכמאָל זיך אזוי דיא זאכען פערפלאָנטערען, אז נור איך אליין האָב געקענט צורייסען דעם קנופּ. אויף דיא אייגענע ערד פון דער ניי־ ער געזעלשאפט האָט מען שוין אָנגעהויבען צו אקערן און צו זייען. מיר האָבען אפילו איינגעריכטעט אונזערע שותפישע חברות פאר לאנדווירטשאפט נאָכ'ן מוסטער פון רעהעליין, אָבער דיא קאָלאָניסטען זיינען נאָך געווען צו אונערפאה־ רען, זיי האָבען נאָך געדארפט האָבען א אויבערשטען איבער זיך, און צייטענווייז האָט מען געדארפט זיך ארייננמישען אין זייערע סכסוכים. דאָס אלץ איז אייגענט־ ליך גאָר ניט אזוי שווער געווען אויסצופיהרען, מען האָט נאָר ניט געדארפט שלאָ־ פען. מען האָט שטענדיג געדארפט זיין אויף דיא פיס. ס'איז קיין קונץ ניט צו זייען ווייץ, גערשטען, האָבער, מאאיס, ריבען, אָבער אויף טריט און שריט האָבען זיך בעוויעזען נייע מניעות. מיר האָבען געמוזט מלחמה האלטען מיט דער תארטער

ערד. מיר האָבען געהאט דערצו דיא נייעסטע מיטעל און א אייזערנעם רצון, און דיא ערד איז געוואָרען מיט אונז גוטע פריינד.

דער עיקר איז געוועזן דיא אָרגאניזאציע, און דיא האָבען מיר שוין אויסגע־ארבייט, נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען דיא איינוואנדערונג. דיא אר־בייטסצייט פון דיא לייט, וועלכע זיינען געוועזן אָבהענגיג פון דער נייער געזעל־שאפט, האָט געדויערט זיעבען שעה, אָבער דיא צייט האָט מען געארבייט מיט א ווילדען חשק. א טהייל האָבען געבויט שאָסעען, א טהייל האָבען געגראָבען קאנא־לען, א דריטער טהייל האָט אויפגעקליעבען שטיינער פון דיא פעלדער, וועלכע האָבען געזאָלט בעאקערט ווערען מיט'ן עלעקטרישען פלוג, און אנדערע ווייטער האָבען געפלאנצט בוימער א. ז. וו. און איטליכער האָט געוואוסט, אז ער ארבייט פאר'ן כלל, און דער כלל ארבייט פאר איהם. מיט זינגעדיגע נגונים פלעגען זיי קומען צו דער ארבייט. מיט א ליעד אויף דיא ליפען פלעגען זיי פערלאָזען דיא ארבייט. און דיא צייט פון אונזער נאציאָנאלען תחית המתים איז בעשרענקט גע־וואָרען מיט א גיכען פריהלינג, וויא מען זעהט דאָס אין דער נאטור, בעת טרו־קענע צווייגען הויבען אָן פלעצליך זיך צו בעדעקען מיט גרינס. און מיט א־טליכען טאָג איז געשטיעגען דיא האסטיגקייט פון אונזער פאָלקספריהלינג. פריהער פאר אלץ האָב איך געמוזט בויען א נעץ פון טעלעפאָנען און טעלעגראפען. פאר דער וועלט האָט דאָס נאָך ווענים נוצען געקענט האָבען, פאר אונז, אויף אָרט און שטעל איז דער נוצען געוועזן זעהר גרויס, פון חיפה האָבען זיך געצויגען דיא דראָטהען צו דיא הויפטפלעצער פון אונזערע אונטערנעהמונגען. אין א הינטער־שטען וואָגען איז מיט מיר שטענדיג מיטגעפאָהרען א טעלעגראפיסט, און צו א־יט־ליכער צייט האָב איך געקענט זיך פערבינדען מיט חיפה, און דורך חיפה מיט מיין הויפטקאנצעלאריע אין לאָנדאָן. גיכע און גענויע ידיעות איז פאר מיר שטענדיג געוועזן דער עיקר. נור צוליעב דעם האָב איך זיך געקענט אזוי לייכט בענוצען מיט פערשיעדענע מאטעריאלען און מיט פערשיעדענע מענשען.

פון יפו ביז ביירוט פלעגען שוין טעגליך אָנקומען שיפען מיט פינף הונדערט, טויזענד און צוויי טויזענד עמיגראנטען. דעם טאָג פון זייער אָנקומען האָט מען זיי שוין ווייטער עקספעדירט, און באלד צו דער ארבייט. צו דיא אייזענבאהן־ליניען אלין האָט מען געדארפט האָבען צעהנדליגער טויזענדער ארבייטער, און צעהנד־ליגער טויזענדער האָט מען געדארפט ביי'ן בויען דיא קהל'שע געביידען פון דער נייער געזעלשאפט, וויא שולען, שפיטאָלען, פערשיעדענע קאנצעלאריעס א. ז. וו. ביי דיא פלענער, וועלכע מיר האָבען בעזעסען, איז ניט געוועזן קיין קונסטשטיק

דאָס אלצדינג פארטיג צו מאכען. פאר דיא ארבייט ביי די אייזענבאהנען א. ז. וו. האָבען דיא ארבייטער ני נאָר בעקומען זייער לויהן, — דערנאָך וויא מען האָט אָבגערעכענט דיא אָבצאָהלונגען פאר דיא ווארענמאגאזינען, — נאָר אויך געוויסע רעכטען (פּראָוועס) ביי דער קאָלאָניזאציע. דער ארבייטער וועלכער איז באלד פון האפען עקספּעדירט געוואָרען צו דער ארבייט, האָט שוין צו חשון־צייט געקראָגען א פארטיג אויסגעבויט הויז אין א געוויסע קאָלאָניע, וואו ער האָט שוין געקענט בעזעצען זיין פאמיליע.

דיא זאך איז געוועזן זעהר איינפאך, עס האָט נאָר געדארפט זיין אויף אלין א געניויער פּלאן פיהרער. און דיא פּלענער האָבען מיר געהאט, נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען דיא ארבייט און דיא איינוואנדערונג. דיא מלוכות, וועלכע האָבען פאר 20 יאהר צוריק געהאט צו פערדזאָרגען אזוי פיעל מיליטער, זיינען פארטיג געוואָרען מיט א סך שווערערע ארבייטען, וויא מיר. עס איז שוין א צו גרויסער לויב, ווען איך פערגלייך אונזערע ארבייט מיט דיא ארבייט פון א מלוכה אין מיליטער־אנגעלעגענהייטען. ביז חשון האָבן מיר געדארפט בעזעצען א האלבען מיליאָן מענשען, און ביז צו יענער צייט האָבען מיר שוין געמעגט האָפען אויף דאָס געראָטענעש פון ערשטען יאהר. דיא מלוכות אָבער, וואָס פּלעגען אויסהאלטען א חיל פון מיליאָנען סאָלדאטען, און צו געוויסע צייטען נאָך ביי'ן שונא אין לאנד, האָבען געהאט פאר זיך א סך א שווערערע ארבייט. ביי יעדער גרעסערע מאָביליזירונג פון דער ארמעע פּלעגט זיך נאָך אָבשטעלען אויף א צייט דער האנדעל און וואנדעל אין דעם לאנד. מיר אָבער האָבען זיך בעזעצט אין א אייגענעם לאנד, אויף דיא ערד פון אונזערע אבות, און ניט נאָר מיר האָבען קיינעם ניט פעריאגט פון זיך, מיר האָבען נאָך צוגעצויגען דעם האנדעל און וואנדעל. דיא, וועלכע מיר האָבען פריהער געמוזט פון אייגענער קעשענע פערזאָרגען מיט לעבענסמיטעל, האָבען מיט דער צייט אויסגעארבייט אליין דיא לעבענסמיטעל פאר זיך און נאָך פאר דיא שפּעטערדיגע, וואָס דארפען אָנקומען. אין גאנצען לאנד האָבען פּריוואטע אונטערנעהמערס געבויט פאבריקען, וועלכע האָבען שוין געדארפט פארטיג ווערען אָנהויב חשון. און אין דער'אמת'ן האָט דאך איטליכער בר־דעת געמוזט איינזעהען, וואָס פאר גאָלדענע עסקים עס ועלען מיט דער צייט ארויס פון דיא נייע פאבריקען. דער גרויסער אָבזאץ, וואָס ועט ווערן געמאכט אין לאנד אליין, צוליעב דיא געוואלטיגע איינוואנדערונג, דיא מעגליכקייט צו בענוצען דיא פראכטשיפען, וואָס פאָהרען ליידיג צוריק ביי וואָלוועלע טאריפען, דיא ווייטע ברעגעס פון לאנד, און דיא לאגע פון פּאלעסטינא אין מיטעלפּונקט

צווישען אזיע און אײראָפּא,—אלצרינג אין אײנעם האָט צוגעצױגען דיא סוחרים און דיא פּערש־ערענע קאפּיטאליסטען. און בשעת איך האָב נאָך'ן ערשטען נערע־טענעש, וואָס איז ארוים ניט אזוי לעילה, נאָר מיטעלמעסיג, א בליק געוואָרפען אױפען אלגעמײנעם מצב פון אונזערע ארבײט, האָב איך שוין געקענט זיך מאכען א תסכם נאָך חשון־צײט ניט אָבצושטעלען דיא װײטערדיגע אײנוואנדערונג. פון אָנהויב האָבען מיר גערעכענט אָבצושטעלען. אָבער עס איז גאָט צו דאנקען ניט נעקומען דערצו. איך האָב באלד טעלעגראפירט װעגען דעם צו דיא לאנד־קאָמיטעטען, און ביי דיא הײמישע חברות האָט עס ארויסגערופען א אמת'ע התלהבות פאר גרויס פרייד. דער נצחון פון דער נײען געזעלשאפט האָט זיך אָנ־געהויבען פון דעם ערשטען גערעטעניש אָן. מיר האָבען שפּעטער געהאט א סך גרעסערע גערעטענישען, מיט איטליכען יאָהר האָט אונז דיא אלטע ערד בעצאָהלט פאר אונזער מיה כפל כפלים, אָבער קיין מאָהל האָבען מיר ניט ארײנגעפיהרט אזוי פיעל גארבען אין אונזערע שײערס. דען ניט זאנגען גאַרבען האָבען מיר גע־טראָגען מיט זיך, נאָר אויך אנדערע פּירות, דאָס צוטרויען פון אלע אונזערע ברי־דער אין דער גאנצער וועלט. עס זיינען נאָך ניט אוועק קיין 12 חדשים, זייט דעם איך האָב צום ערשטען מאָל צוזאמענגערופען מיין גענעראל שטאב א־ין לאָנדאָן, וויא איך האָב שוין געהאט דיא מעגליכקייטען אָנצוזאָגען מיינע פריינד אין חיפה די בשורה, אז דאָס ערשטע יאָהר איז גוט אוועקגעאנגען.

אונזער הויז פאר דיא פערשיעדענע דירעקציעס אין שוין צו חשון־צײט געווען לפנים פארטיג, ערשט צום צווייטען פריהלינג האָבען מיר געזאָלט אריבער־ציען אהין. איך האָב שוין אָבער געמעגט זאָגען מיינע טרייע העלפערס: אונזער בנין האָט שוין א דאך! געמיינט האָב איך דערמיט דיא גאנצע נייע געזעלשאפט.

דער עיקר איז נאָר געווען, אז אויך אין דעם נייעם בנין ניט צו פערשלאָפען דיא צייט, און ווייטער צו ארבייטען מיט אָנגעשפאנטע לייצעס. אונזער ארבייט איז געוואקסען און איז געוואָרען ברייטער, אָבער עס איז שוין לייכטער געווען זיך אָבצופארטיגען מיט איהר. דיא מאשינע איז געשטאנען, און מיר האָבען נאָר גע־דארפט זעהען, אז זיא זאָל געהן וויא געשמירט. מיר האָבען זיך גענומען צו דיא גרעסערע טעכנישע ארבייטען, צו דיא וואסער זתערק, מיר האָבען דערביי ניט פערגעסען דיא אלטע קבלה פון אונזערע אבות. שלמה המלך'ם טייכען בעווייזען נאָך היינט, וואָס פאר א גוטע בעלי־מלאכות עס זיינען געווען צו זיינע צייטען. מיר האָבען, בטבע, געמוזט בויען גאָר אן אנדער סאָרט וואסערוועדק, ניט נאָר צו פערזאָרגען ירושלים און דיא ארומיגע שטערט מיט טרינקוואסער, נאָר אויך צו

פערזאָרגען מיט עלעקטרישע קראפט און עלעקטרישען ליכט. דער ים־המלח־קאנאל, וויא אנדערע טעכנישע איינפיהרונגען בעווייזען גענוג, אז דיא אינזשעני־רען פון דער נייען געזעלשאפט האָבען ניט פערשלאָפען זייער צייט. איבער זיי אלעמען איז געשטאנען דער הויפט־דירעקטאָר, אינזשעניער פישער, אָן וועלכען מיר הערען ניט אויף צו טרויערן עד היום.

און נאָך איין אנדער שטראָם האָט זיך אויסגעגאָסען אויף אונזער לאנד: קאַ־פיטאל און קרעדיט. אונזערע ארבייט, געמאכט מיט א פּלאן, און דאָס וואָס אלץ איז אונז אָבגעלונגען, האָט אויפגעוועקט צו אונז א צוטרויען. אקוראט וויא מיר האָבען איינגעפיהרט דיא שותפישע לאנד־ווירטהשאפט, אזוי האָבען מיר אויך אויך איינגעפיהרט דעם אקערבוי־קרעדיט. אין אָנהויב האָט מען געגלויבט אז ס'וועט זיך באלד אויסשעפּען ביי אונז דאָס געלד, ווען מיר וועלען אונזערע איינ־וואנדערער געבען הייזער, שטאלען און שייערס, פעלדער, גערטנער, מאשינען, פערד, קיה, שעפּסען און עופות, וואָגענס, לעבענסמיטעל, זוימען און זאט, האָ־בער און חיי פאר דיא בהמות. עס זיינען שוין אפילו ניט געקומען פּקח'דיגע לייט, וועלכע האָבען שוין אין פאָראויס בערעכענט דעם טאָג, ווען מיר וועלען בלייבען אָהן א גראָשען געלד. א פאמיליע, מיט א געזינדעל פון פינף פארשוין אין דורכ־שניט צו קאָלאָניזירען, דארף קאָסטען א ערך זעקס טויזענד רובעל. דערפון איז געהרונגען אז טויזענד אזעלכע פאמיליען קאָסטען זעקס מיליאָן, צעהן טויזענד—זעכציג מיליאָן רובעל א. ז. וו. א. ז. וו. דיא קלוגע בעלי־חשבונות אָבער האָבען אין קליינינגקייט פערגעסען, דאָס דיא קאָלאָ[illegible]ען אליין זיינען אויך עפּעס ווערט, און טאקע גאָר זעהר פיעל ווערטה, און פאר זאכען וואָס האָבען א ווערדע קריעגט מען צו באָרגען געלד. דיא נייע געזעלשאפט האָט געקענט מאכען אנ־לייהען (זאיאָם) וואָס זיינען געוועזען גוט געזיכערט און וועלכע האָבען זיך ביסלעכ־ווייז אויסגעצאָהלט אין איינעם מיט דיא צינזען. בקיצור, וואָס מעהר איינוואנדע־רער זיינען געקומען, איז אונז אלץ מעהר צוגעקומען קרעדיט אין געלד. אזוי איז אומעטום געוועזען, אויב מען פערשטעהט נאָר צו פיהרען א עסק. פאר וואָס זאָל ביי אונז אנדערש זיין, וויא ביי אנדערע? און דאָס האָט מען געקענט גאנץ גוט פאָראויס זעהען, ווייל דאָס בעט זיך אויפ'ן שכל און ס'איז פשוט, וויא אלע אנ־דערע אונזערע אונטערנעהמונגען.

איך בעמערק אָבער, אז איך חאפּ א שטיק פ[illegible]אויס. איך האָב אייך געוואָלט דערצעהלען פון דער צייט, בשעת דיא פוטוראָ איז צו אונז געקומען געשוואומען. איך בין דאמאָלס געוועזען, ווי איך האָב שוין דאָס פריהער געזאָגט, טיעף אין לאנד [illegible] פון דיא ברעגעס. אלע טאָג האָב איך געמוזט אָבלייגען מיין נסיעה קיין

יפו. דאָרטען האָט געאנקערט דאָס שיף פון דיא וועלט־חכמים, און עס האָט מיך געצויגען אהין, וויא מיט צוואנגען.

איין מאָהל איז פאָרגעקומען דאָס עס זיינען אָנגעפאָהרען ניט וויט פון מיין ארבייטספלאץ עטליכע קארעטעס מיט אורחים פון שיף פוטורא. איך בין געוועזען אויפ'ן פעלד, געריטען אויף א פערד, בשעת זיי זיינען דורכגעפאָהרען דעם נייעם וועג. זיי האָבען בעטראכט דיא גרויסע דאמפפוואלצע צום שאָסעעבויען, האָבען זיך א ווײלע צוגעקוקט אויף אונזערע לייט וויא זיי ארבייטען. פון דיא דאמענהיט האָבען געפלאטערט דיא ווייסע זיידענע שלייערס קעגען זון, און דאָס איז געוועזען שעהן אָנצוקוקען. איך בין אָבער ניט צוגעריטען צו דיא קארע־טעס, ווייל איך בין געוועזען בעשטויבט און פערשוויצט, האָב מן הסתם אויסגעזעהן וויא א וואלד־גזלן, און איך האָב זיי ניט געוואָלט איבערשרעקען. איך האָב מיר געטראכט, איך וועל שוין גענוג געלעגענהייט האָבען אין יפו בעקענט צו ווערען מיט דיא זעלטענע און געהויבענע מענשען. עס איז אָבער ניט בעשערט געוועזען אויף מאָרגען קריעג איך א דעפעשע, וואָס צווינגט מיך האסטיג צו פאָהרען קיין סטאמבול. איך האָב געמוזט אָבפארטיגען מיט דער טערקישער מלוכה זעהר א וויכטיגען עסק. איטליכע מינוט איז געוועזען טהייער. אין איין איילעניש האָב איך פערזאָגט צו הייצען מיין יאכטשיף אין חיפה און רוף צוזאמען דיא דירעקטאָרען פון אלע אבטהיילונגען. דיא אויבערשטע מאכט האָב איך איבערגעגעבען פי־שער'ן, וועלכער האָט גענוי געוואוסט מיינע געדאנקען וועגען דער זאך, און איך פאָהר אָב נאָך אין דעם אייגענעם טאָג צוזאמען מיט מיינע סעקרעטארען קיין סטאמבול.

דאָס שיף פוטורא האָב איך שוין ניט געקענט בעזוכען. אָבער איך האָב געהאָפט, אז צוריקקעהרענדיג פון סטאמבול וועל איך איהם נאָך געפינען ביין ברעג. איך האָב זיך אויך שטארק אָנגעשטרענגט, בכדי מיך גיכער אָבצופארטיגען אָבער אין דער ליעבען פערשלאָפענער שטאָדט סטאמבול ציהט זיך אלץ אין דער לענג און אין דער בּרייט, און מיינע איילעניש האָט ניט געהאָלפען. דיא נשמה מיינע איז געוועזען דיא גאנצע צייט אין פאלעסטינא, און אלע טאָג האָב איך גע־שיקט אהין מיינע פריקאזען (דיספאָזיציאָנען). פון פישערן און פון לאָנדאָן פלעג איך קריעגען אלע שעה ידיעות. נאָר מיט דיא פרעהליכקייט און דער חכמה פון פוטורא האָב איך זיך ניט געקענט צונויפבינדען. מיין פערדרוס איז געוואָרען גרעסער, וואָס מעהר פוטורא איז געפאָהרען נאָך צפון־צו. אין דיא דעפעשען פון פישער איז אויך געשטאנען, וואו פוטורא אנקערט. דאָס שיף איז שוין געוועזען אין

צור און אין צידון. אין ביירוט האָט פוטוראַ געזאָלט לייגנגער אנקערן, ווייל דיא נעסט האָבען געוואָלט דמשק בעזעהען. און איך האָב געהאָפט איהר נאָך אָנ־צוטרעפען דאָרטען,בשעת איך האָב זיך בעפרייט לסוף פון סטאמבול. איך האָב אפילו זיך געמוזט איילען, ווייל דיא ארבייט איז געגאנגען אהן מיר א סך לאנג־זאמער, נאָר א האלבען טאָג צו בלייבען אין ביירוט און א קוק צו טאָהן אויף די אלע גרויסע לייט האָב איך זיך שוין געמעגט פערגינען. מיין יאכט שיף איז וויא געפלויגען איבער די־א וועלען. איך האָב געבעטען דעם קאפיטאן, ער זאָל פאָה־ערן אזוי האסטיג וויא ער קען נאָר. מיר האָבען אָבער דאָך פעדשפעטיגט. נעבען דער אינזעל ציפערן. פאר וועלכע מיר זיינען פארביי געגאָהרען אין א פריהמאָרגען האָב איך געזעהן פאָהרען א שיף אין דעם אומגעקעהרטען וועג. וויא א בליץ וואָלט מיר דורכגעצוקט. דאָס איז פוטוראָ! איך בין ארויף וויא א דונער אויף דיא קאָנמאנדעבריק און ארייגגעקוקט אין טעלעסקאָפ. מען האָט שוין געמוזט זיין א געניטער שיפסמאן, בכדי צו דערקענען אזוי ווייט א שיף. דער קאפיטאן איז צום אונגליק ניט געווען אויף דער בריק, און איידער מען האָט איהם גערופען, איז שוין ניט געווען צו זעהען דאָס שיף. גלאט אזוי, ניט וויסענדיג וואוהין זיא פאָרט איהר נאָכצוויאָגען — איז ניט געווען קיין שכל. ערשטענס, איז נאָך געווען א קשיא, צו וועל איך איהר גאָר דעריאָגען דעם דאָזיגען דאמפפער; צווייטייענס, קען זיין, אז פוטוראָ איז נאָך אין ביירוט, און דאמאָלסט וועל איך איהם שוין געווים ניט חאפען. מיר זיינען געפאָהרען דעריבער ווייטער. אין ביירוט ב־ין איך ערשט דער־גאנגען אז דאָס וואָס האָט זיך מיר אָבגעדאכט איז ריכטיג געווען. דאָס שיף בעגאָכען פון מאָרגענזונענשיין ביי ציפערן איז געווען פוטוראָ.

דאָס האָט מיר שטארק עגמת נפש געמאכט. און פון דאמאָלסט אָן האָב איך נאָר איין וואונש, אז עס זאָל מיר חאָטש באשערט זיין צו זעהען פוטוראָ, ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען. דען פינף און צוואנציג יאהר נאָך זיין ערשטער נסיעה וועט ער נאָך א מאָהל קומען. פערשטעהט זיך, ניט דאָס אמאָליגע שיף, ווייל דאָס איז שוין אלט. א נייעס פראכטיגעס שיף וועט קריעגען אויף אייביג דעם פריהער־דיגען נאָמען. און אויך ניט דיא אייגענע געסט וועלען קומען, ווייל א סך פון זיי זיינען שוין אין דער בעסערן וועלט. מיר ווילען, חוץ דיא וואָס זיינען נאָך ביין לעבען,—נאָך איינלאדען דיא, וועלכע האָבע דערווייל דערגרייכט צו דער מדרגה פון דיא געהויבענסטע מענשען פון דער געבילדעטען וועלט.

און אלע 25 יאָהר זאָל דער דאמפפער פוטוראָ אונז ברייננגען אזעלכע מאורי הדור, דיא גרעסטע חכמים פון דער וועלט. מיר וועלען אויסהערען זייער אור־

טהייל וועגען אונז, צו וועלכען מיר ועלען זיך אויך צוהאָרכען מיט דעם גאנצען כונה פון א תלמיד צו א רבין. מיר וועלען ניט אויספוצען אונזער לאנד, ווי דיא דערפער אויף א וועלטאויסשטעלונג. דאָס גאנצע לאנד זאָל זיך ווייזען פאר זיי, וויא א גאנץ יאָהר. און ווען זיי וועלען ווידער קומען, און דער אויבער־שטער וועט מיר דערלאָזען זיי אָנצוקוקען פנים אל פנים, און ווען זיי וועלען זאָגען, אז יאָזעף לעווי האָט דיא פשוט׳ע אָבער שווערע ארבייט, וועלכע מען האָט איהם געגעבען, אָבגעטאָהן וויא עס דארף צו זיין, — דאמאָלסט לייג איך אוועק מיין דיענסט. און אין דעם טאָג פון מיין טוידט לייגט מיך אוועק נעבען מיין טייערן פריינד פישער, דאָרטען אויבען אויף דעם כרמל־בית־עלמן, פון וואנען עס זעהט זיך מיין טהייערעס לאנד און מיין ליעבער ים״.

VI.

דיא רעדע האָט זיך געענדיגט. דיא לעצטע ווערטער האָבען געמאכט אויף דיא צוהערער א טיעפען איינדרוק.

קינגסקאורט האָט געשנייצט מיט דער נאָז, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

„וויא עס ווייזט אויס א צאצקע א בחור, אייער דשאָע, א טהייערער חברה־מאן! א אמת׳ר עגמת נפש, וואָס ער איז דאָ איצט ניטאָ, איך וואָלט איהם דיא האנד געדריקט. מילא, מן הסתם וועט מען זיך נאָך זעהען מיט איהם, איידער מען פאָהרט אוועק. איין זאך, איבריגענס, איז מיר מורא׳דיג געפעלען: דער ים־המלח־קאנאל. דאָס מוז דאָך עפּעס זיין איינע פון דיא וועלט וואונדער. ווען וועלען מיר אים טהון אָנגלאָצען, דעם קאנאל אייערן פון דער בבא־מעשה?“

דוד האָט פערשפּראָכען אין דיא ערשטע טעג פון חול המועד זיי צו פיהרען אהין.

דערוויל האָבען זיי רוהיג און פרייליך פערבראכט דיא צייט אין טבריא. קינגסקאורט האָט מיט אפּעטיט געקייעט דיא מצות, און דערביי אלץ געשאָטען מיט זלזולים, פארוואָס מען מאכט פון איהם ארעלבערט פון קעניגסהאָף, א דייט־שען ערעלמאן, א כשר׳ן אידען. ער האָט זיך אויך בעקלאָגט אויף פריצכענם אכזריות, וועלכער שטייגט זיך מיט איטליכען טאָג. דער קליינער שייגעץ מיינט טאקע אז קינגסקאורט אויף דיא עלטערע יאָהרען האָט שוין מעהר נישט צו טאָהן,

וויא זיך צו שפיעלען מיט אזא שטיעפער אין פערדליך. אָבער קינגסקאורט האָט זיך דאָס נור דערוועגט צו זאָגען, בשעת פריצכען איז געשלאָפען; וויא באלד דאָס קינד פלעגט אויפשטעהן און רופען „אָטאָ“, פלעגט ער שוין פערגעסען זיינע אלטע טענות און זיך לאָזען צום קינדער־צימער. און בשעת סוף פסח האָט מען זיך געזעצט פאָהרען דורך דעם ירדן־טהאָל קיין יריחו און דוד האָט געוואָלט דאָס קינד לאָזען ביי זיינע עלטערן, האָט קינגסקאורט געפונען אלערליי אויסריידען. דאָס אינגעל דארף דאָך זיך אויך בעקענען מיט זיין לאנד, און דוד וואָלט געוועזען א אכזר פון א טאטען, ווען ער וואָלט איבערגעלאָזען פריצכען אליין, און סוף כל סוף איז קינגסקאורט בעריית, זיך אָבצוזאָגען פון דעם גאנצען קאנאל־שפּאנאל, אויב פריצכען וועט ניט מיטפאָהרען. בקיצור ער האָט אזוי לאנג גערעדט ביז מען האָט מסכים געווען פריצכען מיטצונעהמען. קינגסקאורט האָט דאמאָלסט געמאכט א מינע, ווי ס'ארט איהם דיא גאנצע מעשה ניט, איהם אליין איז קיין חילוק ניט — צו פריצכען וועט מיטפאָהרען, ער האָט זיך נאָר אָנגענומען פאר א קליין קינד:

ארכיטעקט שטיינעק און רעשיד־ביי זיינען זיך דערווייל אוועקגעפאָהרען צוריק קיין חיפה. רעשיד האָט געוואָלט זעהען, וואָס עס הערט זיך ביי איהם אין דער היים, האָט אָבער צוגעזאָגט זיך אין ירושלים ווידער צו טרעפען. דער ארכיטעקט איז געווען שטארק פערטאָהן מיט דיא אויסקלייבענעס פון דעלעגאטען צו דעם באלד קומענדיגען קאָנגרעס. לויט דעם, וויא דיא צייטונגען און פריוואטע מעלדונגען שרייבען, מאכט דיא גייערשע פּארטיי דיא גרעסטע אָנשטרענגונגען, צו קריעגען וואָס מעהר דעלעגאטען פאר'ן קאָנגרעס. און שטיינעק האָט געמוזט זיין אין חיפה, וואו מען האָט געקענט גענוי פערפאָלגען דיא גאנצע אגיטאציע, און פון וואנען מען האָט געקענט אלע שעה זיך צונויפרעדען מיט היימישע קאָמיטעטען פער טעלעפאָן, אָדער טעלעגראַף. דוד פון זיין זייט האָט נאָך געדארפט זיך אָבפּארטיגען מיט עטליכע אייגענע עסקים אין דער געגענד פון דשאָלאן, איידע רער האָט געקענט פאָהרען קיין יריחו. ער האָט פערבעטען דיא געסט, איהם צו בעגלייטען קיין דשאָלאן, וואו עס איז דאָ צו זעהען א סך אינטערעסאנטע זאכען. פריעדריך לעווענבערג האָט באלד מסכים געווען צו דעם שפּאציער־פאָהר, נאָך מעהר דערפאר, ווייל מרים און פראָפעסאָר שטיינעק האָבען זיך אויך בעהעפט צו זיי. מיסטער קינגסקאורט אָבער איז פערבליעבען אין טבריא, ווייל ער האָט געוואָלט אז מיסטרים גאָטלאנד און פרוי ליטוואק זאָלען אליין פאָהרען אין מאָטאָר וואָגען קיין בעזאן. מען האָט שוין פערשטאנען, פון וואָס פאר

א מקור עס נעהמט זיך, און קײנער האָט שוין ניט גע'חוזק'ט פון איהם װעגען זײן צובונד צו פריצבען. עס איז געװעזן אָבגעמאכט, אז אין צװײ טעג ארום װעלען זיך אלע צוזאמען טרעפען אין ירדן־טהאָל בײ בעזאן.

קינגסקאורט האָט געזאָלט צוזאמען מיט גאָטלאנד, פרוי ליטװאק, דער ניאנע און דעם קינד קומען אין מאָטאָר װאָגען קײן בעזאן, און זיך אָבשטעלען אין גרױסען האָטעל, אויף אָבצואװארטען דיא, װעלכע זײנען געפאָהרען קײן דשאָלאן (גולן).

א שעהן פערפוצטעס עלעקטריש שיפעל האָט שוין געװארט אויף דיא פיער רײזענדע, װעלכע האָבען געדארפט זיך אריבערשיפען אויף דעם אנדערן ברעג פון ים כנרת. דיא צוריקגעבליבענע האָבען זײ בעגלײט ביז צום שיפעל. פריעדריך לעװענבערג האָט זײן אלטען פרײנד געגעבען דיא האנד צום אָשבײד:

„צו װײסט איהר, פריעדריך“, האָט ער מיט א בײזערדיגען קול געזאָגט, —„אז עס הויבט זיך עפעס אָן בײ אונז נײעסען? זײט צװאנציג יאָהר האָבען מיר זיך אויף א רגע ניט צושײדט פון אײנאנדער. מענש! איהר זאָלט מיר נאָר דאָרטען ניט פערקריכען אין פאלשע דרכים, אין דער געגענד מיט דעם משוגענעם אראבישען נאָמען! אז ניט, װעט אײך חאפען דאָרטען מײנע א צעהנפאכע געזאלצענע קללה. און אײך, פרײלין מרים, בעט איך, אז איהר זאָלט דעם בחור ניט פערדרעהען דעם קאָפּ! ער איז נאָך אין גאנצען אלט 43 יאָהר. דאָס איז א געפעהרליכעצײט. און איצט זײט מיר געזונד! אין בעזאן װעלען מיר זיך װיעדער זעהען“.

מרים איז פון דעם ניטפאסיגען װיץ רויט געװאָרען. פריעדריך אויך. װיא צומישטע זײנען זײ אריין אין שיפעל. קינגסקאורט האָט ממזריש א פינטעל געטאָהן מיט'ן אויג צו פרוי גאָטלאנד. ער האָט שטארק הנאה געהאט, װאָס ער האָט בײדען געבראכט אין אזא פערלעגענהײט.

עס איז געװעזן אײנע פון די מילדע פריהלינגס טעג, װעלכע זײנען אזוי ליעב בײ'ן ים כנורת. דאס שיפעל האָט האסטיג דורכגעשניטען דיא װעלען. דיא ליכטיגע קלײנע פאלאצען און װילען זײנען געװאָרען קלענער און קלענער, דיא בערגלאך פון מזרח־ברעג האָבען זיך ביסלעכװײז ארויסגערוקט, גלײך װיא א װאנד. עס איז געװעזן א װאונדער אָנצוקוקען דער חרמון מיט'ן שנעע אויף זײנע שפּיצען, און דיא פיעל שיפען, פון אלערלײ גרויס און פון אלערלײ ארטען, האָבען געגעבען גענוג שטאָף זיך צו פערברײנגען. און דיא צײט פון פאָהרען איז אריבער גיך און ליכטיג, װיא א חלום. בײ'ן אנדערן ברעג האָט זיך דאָס שיפעל אָבגעשטעלט. עס

איז נאָר געוועזן עטליכע טריט ביז צו דער סטאַנציע פון עלעקטרישען באהן. און זיי האָבען אויך ניט לאנג געמוזט ווארטען, ביז עס איז געקומען דער צוג. זיי האָבען זיך אריינגעזעצט אין א זאל־וואגאָן און זיינען געפאָהרען קיין על־קונעטרא. דאָרטען האָט דוד זיך געהאט אָצופארטיגען מיט זיינע עסקים. די ליניע פון באהן איז אלין געגאנגען בארג ארויף, ווייל על־קונעטרא איז געלעגען א וויאָרסט העכער וויא דיא אויבערפלעכע פון ים, און אזוי וויא דאָס איז געווען א פונקט, וואו עס פלעגען זיך שניידען דיא באהנען פון מזרח־ירדן־לאנד, איז קונעטרא געוואָרען א וויכטיגער סוחרישער פּלאַץ. זיא איז געלעגען צווישען צפת און דמשק און עס האָט שטענדיג געקאָכט פון האנדעל און פון וואנדעל.

בשעת דוד איז ארוים מיט דיא איבריגע פון זאל־וואגאָן, האָבען זיי בעמערקט אויף א אנדער ליניע, ווי עס געהט א צוג קיין ביירוט, א וואגאָן, פון וועלכע עס האָט געקלונגען איגגעלשע זינגענדע שטימען. דאָס זיינען געווען בחורים־לעך פון 14 ביז 16 יאָהר.

„זיי מאכען געווים א קליינעם שפּאציערפאָהר ?“ האָט זיך פריעדריך נאָכגעפרעגט.

„יאָ, א קליינעם שפּאציער, — ארום דיא גאנצע ערד“, האָט פּראָפעסאָר שטיינעק געענטפערט מיט א פרעהליכע מינע.

און מרים האָט פריעדריכען, וועלכער איז שטארק נתפּעל געוואָרען, אָנגעהויבען צו דערצעהלען, וואָס פאר א שפּאציער עס מאכען איצט דיא שילער פון דיא שולען. מען האָט זיך אָבגעלעהרענט פון דיא געלעהרטע און קלוגע בענעדיקטינער מאָנאכען. דיא פראנצויזישע בענעדיקטינער פלעגען שוין פאר 20 יאָהרען אוועקשיקען גאנצע מחנות פון תלמידים אונטער דיא השגחה פון לעהרער'ס, אין פרעמדע, ווייטע לענדער. דאָרטען פלעגען זיך דיא יונגעלייט זיך אויסלעהרנען דיא שפּראכען און דיא מנהגים פון לאנד. מען האָט צוליעב דעם פעראייניגט דעם נוצען פון לעהרנען און דעם נוצען פון ווייטע נסיעות. אזעלכע יונגע לייט האָבען זיך בערייכערט דאדורך דיא נשמה, און ניט נאָר זיי פלעגען האָבען מעהר קענטניסע, נאָר זייער בילדונג פלעגט קאָסטען א סך וועניגער, וויא אנדערש וואו. מען פלעגט זיי גיכער מאכען צו פארטיגע מענשען, און דאָס וואָס דער נייע געזעלשאפט פלעגט אָבקאָסטען דיא נסיעות פון דיא תלמידים, פלעגט זיך נאָך דעם צוריקקעהרען נאָך מיט דיא צינזען. צו דיא נסיעות פלעגט מען נאָר צולאָזען דיא בעסטע און בעגאבטעסטע קינדער, ווייל אויף פוילע און ליידיגגעהער האָט ד״א געזעלשאפט ניט געוואָלט אויסגעבען איהר געלד. און צוגלייך זיינען געווען דיא

נסיעות וויא א פרעמיע פאר'ן חשק צו לעהרנען. דיא תלמידים האבען ניט גע־וואוסט פון קיין גרעסערען כבוד, וויא צו קריעגען א פלאץ מיטצומאכען דיא שיל־רייזע. אין דיא יונגע קינדערשע יאהרען האט איטליכער א חשק דורכצולעבען זאכען. צוליעב דיא שול־רייזע האט מען דעם חשק געקענט בענוצען דערצו, אז דער תלמיד זאל פערגרעסערן זיינע קענטניסע אין בילדונג. דיא קאנצעלאריע פאר שולען און בילדונג האט געזעהען, אז דיא קאראוואנעס פון תלמידים זאלען געהן מיט א סיסטעם און א סדר. אין א סך ערטער אין פערשיעדענע לענדער, וועלכע מען האט געדרפט בערייזען, האט דיא נייע געזעלשאפט געהאט אייגענע שולען־פענסיאנען, וואו דיא קינדער זיינען געוואקסען פערזארגט מיט אלעם נויטהיגען. מען פלעגט זיי בעזעצען אין שטילע שטעדט, ניט ווייט פון דער הויפט־שטאדט; פאר פראנקרייך, למשל, איז ווערסאיל. סיי פאר'ן גוף, סיי פאר דער נשמה איז דאס גלייכער געוועזען, וויא צו לעבען אין דער גרויסען הויפט שטאדט. איטליכע שול פון דעם סארט האט געהאט איהר אייגענעם דירעקטאר, וועלכער פלעגט בלייבען דארטען א גאנץ יאהר, בעת דיא קאראוואנע מיט דיא קלאסען לעהרערס פלעגען פאהרען ווייטער. אין ירושלים פלעגט מען געננוי בעשטימען דעם מארשרוט. דיא תלמידים בעקענען זיך מיט פערשיעדענע לענדער און נאציאנען און דערביי הערען זיי ניט אויף א מינוט ווייטער צו לעהרנען.

„און דיא מיידלאך?“ האט פריעדריך געפרעגט מיט א שמייכעל.

„דיא מיידלאך מאכען ניט אזעלכע נסיעות“, האט מרים געזאגט,— „מיר זיינען דער מיינונג, אז דאס ארט פון א יונגע פריילין איז נעבען דער מוטער, חאטש דיא פריילינס קריעגען ביי אונז א גוטע בילדונג און האבען געננוג פליכ־טען קעגען דיא נייע געזעלשאפט.“

בעת דוד האט געהאט צו טאהן מיט זיינע עסקים האבען מרים, פריעדריך און דער פראפעסאר געמאכט א שפאציערגאנג דורך דיא שטאדט, זיך אנגעזעהן דיא געשעפטסגאסען, וועלכע האבען אבער גאר ניט געהאט דעם אויסזעהען פון מארגענלענדישע קראמען, ווייל כמעט אלע געשעפטען זיינען געווען פיליאלען פון אייראפייאישע וואארענמאגאזינען. זיי האבען זיך אבגעשטעלט אין א שעהנעם ענגלישען האטעל. פריעדריך האט זיך שוין ניט געוואונדערט אויף דיא רייני־קייט פון דעם האטעל. ער האט שוין אליין פערשטאנען, אז אין א ארט, וואו עס שניידען זיך באהנען פון דער גאנצען וועלט, געפינען זיך שוין אלע בעקוועמליכ־קייטען פאר א פערוועהנטען אייראפייער. מען האט פריה אבענדברויט געגעסען,

ווייל מען האָט בעשלאָסען מאָרגען בעגינען א שפאַציערפאָהר צו מאַכען אהין צום קאָרן־קאמער.

דער מאָרגען האָט זיך בעוויעזען אין פיינסטע דורכזיכטיגע פארבען. זיי זיי־נען ארויסגעפאָהרען מיט דער קליינער עלעקטרישען באהן און דאָס יונגע שעהנע לאַנד. פריעדריך האָט זיך געפיהלט, וויא א־נגעלוויין אין א שעהנעם פריהלינגס מאָרגען. א נייער קוואל פון לעבען האָט אויסגעבראָכען אין זיין הארצען, קוקענדיג אויף דיא גליקליכע ארבייטער אויף דיא פעלדער און זיך פיהלענדיג,— ער האָט קוים דערוועגט זיך אליין מודה צו זיין — אזוי נאָהענט פון דער שעהנער מרים, און ער איז געוואָרען לעבעדיג און פרעהליך. מיט וואָס פאר א קלאָהרען פער־שטאנד זיא האָט איהם אלץ דערקלעהרט, וואָס ער האָט ניט פערשטאנען. א מאָל פלעגען אויך אונטערהעלפען דוד און שטיינעק, ווען זיא האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. אין דער געגענד פון מזרח־ירדן־לאַנד זיינען זיי געקומען צו א מאָדנער וואסערשיידע. אזוי ווי פרידריך איז אויפגעוואקסען ווייט פון טעכ־נישע ערפינדונגען, מיט דער בילדונג פון א אדוואָקאטען, האָט ער ווענינ וואָס פערשטאנען, וואָס פאר א טעכנישע מיטעל דיא היינטיגע מענשען ווענדען אָן צו פערשיעדענע צוועקען. ער איז דארין געוועזן אזוי אונוויסענד, וויא דאָס רוב גע־בילדעטע מענשען פון זיין צייט. ער האָט ניט אָנגעהויבען צו וויסען וואָס עס טהוט זיך אין א פערמאכטער און אין א „אָפענער" פאבריק. „אָפענע פאברי־קען", האָט שטיינעק אין זיין מאניער אָנגערופען אלע מלאכות פון דער לאַנ־ווירטהשאפט. וועלכע ווערען געטריעבען פון מאשינען, און וועלכע זיי האָבען האָבען א־צט בעגעגענט אויף איטליכען טריט. אין דיא געגענד איז דעריבער א וואסערשיידע, ווייל דאָ טרעפען זיך צוזאמען אלע וואסערן, וואָס קומען פון צפון און פון דרום. צום אנהויב האָט פרידריך געמיינט, אז דער פראָפעסאָר חוזקט אָב פון איהם, בעת ער האָט אָנגעהויבען צו רעדען פון וואסער וואָס שטראָמט בארג־ארויף.

שטיינעקען האָט מן הסתם זיך געוואָלט, האָט ער געטראכט, לוסטיג מאכען איבער זיינע עם־הארצות. באלד אָבער האָט ער איינגעזעהן אז ער האָט זיך טועה געוועז. ניט דאָס וואסער, פערשטעהט זיך, איז געגאנגען בארג ארויף, נאָר דיא קראפט פון דיא וואסער וועלען. ענדערן סדרי ימי בראשית האָט אלטניילאנד געקענט אזוי ווענינ, ווי צו ענדערן דיא נאטור פון מענשען. דערפאַר אָבער האָבען מיר צוליעב אונזער בילדונג געקענט גענויער אויספאָרשען דיא כוחות פון דער נאַטור און זיך קליגער געקענט בענוצען מיט זיי. עס איז שוין ניט נויטהיג געוועז

אוועקצשטעלען דאָס מיהלראָד גראָד אונטער דיא פאַליגע וואסער, וויא פערציי־
טען א מאָהל. א פאַליגער טייך, וועלכער האָט געשטורמט פון בארג אין טאָהל
אין א מרחק פון 15־20 מייל האָט געטריעבען דיא רעדער, ווייל דיא קראפט
זיינע האָט מען פערוואנדעלט אין עלעקטריע,וועלכע האָט געשטראָמט דורך דיא
דראָטהען. שוין פאר 20 יאָהרען האָט מען דאָס פערשטאנען וויא צו מאכען. אין
אמעריקא האָט מען שוין פאר 20 יאָהרען אויסגעניצט דיא דאָזיגע קראפט. פון
ניאגארא האָט מען געצויגען א עלעקטרישען שטראָם אין א מרחק פון 150
וויאָרסט. פון דיא סאן־בערנארדינא־בערג אין דער שטאָדט לאָס אנגעלאָס אין
דרום־קאליפאָרניען האָט מען געצויגען דיא קראפט פון דיא פאַליגע בערג־
שטראָמען אין א מרחק פון 120 וויאָרסט א ערך, און דערביי האָט זיך דיא קראפט
כמעט ניט פערמינדערט אויף דעם וועג. און אלע דיא קונסט־שטיק האָט מען גע־
קענט לייכט נאָכמאכען, און דעריבער האָבען מיר געקענט אויסניצען דיא וואסער
קרעפטען פון ים־המלח אין דרום, וויא דיא פאַליגע בערג־קוואלען פון לבנון און
חרמון אין צפון.

„דיא אמת'ע בויער און גרינדער פון אלטניילאנד“, האָט דוד געזאָגט.—זיי־
נען געווען דיא טעכניקער פון דיא וואסערווערק. דער עיקר איז געווען אויסצוטרי־
קענען דיא זומפען, צו פערזאָרגען מיט וואסער דיא פערטריקענטע ערד און אויס־
צוניצען דיא וואסער־קרעפטען אומעטום“.

אין אָנדערהאלבען שעה ארום זיינען זיי אָנגעקומען צו דער מוסטער־ווירט־
שאפט, וועלכע, שטעהענדיג אונטער דער השגחה פון דער נייען געזעלשאפט,
איז געגרינדעט געוואָרען פון א מיליאָנען־רייכען צדקה חברה. דער דירעקטאָר פון
דער גרויסארטיגער אונטערנעהמונג האָט ארומגעפיהרט דיא געסט דורך דאָס
רייכע גוט. בעזאָנדערס איז פריעדריכען געפעלען דיא עלעקטרישע צענטראל־גע־
יידע, נעבען דער דירעקציע. דיא וואנד זיינען געווען בעדעקט מיט קנעפּ, נומערן
קליינע טאָוולעך. צוויי דאמען, פשוט אָנגעטאָהן, זיינען געשטאנען נעבען דיא
צייכענס ביי דיא וואנד און האָבען געארבייט, לויט דעם, וויא ס'האָט זיי אָנגע־
וויזען דער בעאמטער, וועלכער איז געזעסען הינטערן פולט און פלעגט אלע ווילע
צולעגען צום אויער דיא האָרכרעהר פון טעלעפאָן. פריעדריך האָט זיך דערמאָנט.
אז ער האָט שוין א מאָהל אזוינס געזעהן אין דער צענטראל סטאנציע פון אלע
שטאָדט־טעלעפאנען.

דער דירעקטאָר האָט איהם דערקלערט, אז פון דער סטאנציע ווערען אין אלע
פונקטען פון גרויסען גוט פערשיקט עלעקטרישע שטראָמען דורך דראָטהען. דיא

קראפט קריעגט מען נאָר אזוי לאנג וויא מען בעדארף זיא, ניט א מינוט לענגער. פון דער סטאנציע האָט מען ניט נאָר געשפייזט מיט דיא קראפט דיא מאשינען פאר פעלד־ארבייט, נאָר אויך דיא פאבריקען וואָס שטעהען אין א קרובה'שאפט מיט דער לאנדווירטשאפט, וויא, למשל, א צוקערפאבריק, א ביער־ברויז, א שפירטברענעריי, א מיהל, א קראָכמאל־פאבריק א. ז. וו. א. ז. וו.

אין אלע בנינים פון דער ווירטשאפט, וועלכע זיי האָבען בעזעהען, וויא אויך אין דיא פאבריקען, אויף דיא וועגען און דיא פעלדער, אומעטום האָט מען גע־ארבייט מיט דיא נייעסטע און בעסטע מיטלען און מאשינען. אומעטום איז געווען וואונדערליך ריין און ציכטיג, און עס האָט זיך עפעס גאָר ניט געהערט קיין גע־רודער. דיא מאוים'דיגע רעדערוועדק פון דער מוסטערווירטשאפט האָט נאָר אזוי לאנג גערודערט, וויא עס איז נויטיג געווען. פלעצליך איז פריעדריכען אויפגע־פאלען א קופקע ארבייטער, אלע אין גלייכע בגדים, וועלכע זיינען פערביי מיט געווערקצייג אויף דיא פלייצעס. דיא אויגען האָבען זיי געהאלטען אראָבגעלאָזען. עטליכע פון זיי האָבען געהאט א פערדראָסענעם פנים, און אנדערע האָבען אויס־געמיעדען זיך צו טרעפען מיט עמיצענס א בליק. צוויי משגיחים זיינען זיי נאָכ־געגאנגען. דיא לעצטע האָבען געגריסט דעם דירעקטאָר מיט א סאָלדאטסקער דיסציפלינע.

„צו מעג איך מיר ערלויבען, אייך צו קריטיקירען עפעס?" האָט פריעדריך געזאָגט, — „מיר האָבען זיך אין אלטניילאנד אָנגעזעהען אזוי פיעל שעהנע און פראכטיגע זאכען, אז מען מעג שוין אויך אפשר אָנווייזען אויף חסרונות".

„אודאי", האָט דוד געענטפערט. — „וואָס פאר א חסרונות מיינט איהר?"

„דיא ארבייטער זעהען מיר אויס צו ניערערגעשלאָגען, אקוראט וויא דיא פראכטיגע מאשינע, ביי וועמען זיי דיענען, וואָלט זיי אינוועניג עפעס צוריסען אָדער צובלוטיגט. וואָס טויג סוף כל סוף דיא שעהנסטע און בעסטע איינריכטונ־גען, ווען דיא מענשען ווערען דאדורך ניט גליקליכער, קוקענדיג אויף דיא ארביי־טער האָב איך זיך געמוזט דערמאָנען אָן דיא פאבריקארבייטער פון דיא פריהערע צייטען. אמת, אזוי שלעכט וויא דיא אמאָליגע זעהען זיי ניט אויס, זיי זעהען אויך אויס געזונדער וויא דיא פריהערע פאבריקארבייטער, אָבער א עהנליכקייט איז פאָרט פאראנען. און דאָס איז גאָר ניט אזוי פרעהליך. ווען מען בעקלערט, אז דאָס גוט געהערט א צדקה־חברה, האָט מען דאָך געקענט ערווארטען צו זעהען פיעל צופריעדענע פנים'ער פון ארבייטער".

דער גוטסדירעקטאָר האָט איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט, דערנאָך האָט ער זיך געוועגדעט צו דיא איבריגע געסט, פרעגענדיג:

„צו ווייס גאָר ניט דער הערר דאָקטאָר לעווענבערג, וואו ער געפינט זיך איצט איין?"

„ניין", האָט דוד געענטפערט — „מיר האָבען איהם אמישנע ניט דער־צעהלט, בכדי ער זאָל אליין קענען בעטראכטען מיט א פרייערען בליק, קיינער האָט איהם ניט געזאָגט, אז דאָס איז א קאָלאָניע פאר פערמישפט'ע, פאר בע'שטראָפטע".

„וואָס איך הערר!" איז פריעדריך שטארק נתפעל געוואָרען, — „דאָס איז א 'קאָלאָניע פאר פערמשפט'ע? אויב אזוי, זאָג איך זיך אָב פון מיינע פריהער־דיגע רייד, און וואָס איז דער סוף? צו בעסערען זיי זיך, הערר דירעקטאָר?"

„סיי אין קערפּער, סיי אין מדות ווערען זיי אויסגעקורירט" האָט געענט־פערט דער דירעקטאָר, — „דאָס רוב געוועהנט זיך צו צום לאנדלעבען און וויל זיך שוין גאָר ניט מיט איהם שיידען. נאָך דער שטראָפצייט בלייבען זיי נאָך ווייטער און ווערען צו ארבייטער מיט געצאָהלט, אָדער מיר בעזעצען זיי אלס פּער־מער אין דיא אָבגעלעגענערע קאנטען פון אונזער לאנד. דער ריינער רוח פון אונ־זע רגוטווירטשאפט ווערט בענוצט צו דעם צוועק, און שוין א קורצע צייט הייבען דיא נייע פערמערס אָן אָבצוצאָהלען פאר דיא ערד. פערדאָרבענע און אָבגעלאָזענע מאכען מיר ווידער צו מענשען"....

בשעת אויף מאָרגען האָבען זיך דיא רייזענדע צוזאמענגעטראָפען מיט קינגס־קאורט און דיא איבריגע, האָט פריעדריך איבערדערצעהלט וואָס ער האָט נעכטען געזעהען. דער אלטער קינגסקאורט האָט געברומט:

„פערשטעהט זיך! געראָד ווען איך בין ניטאָ טרעפען זיך דיא נסים. דאָס וואסער פלייצט בארג־ארויף און פרייהייט איז נאָר אין דער תפיסה".

איצט איז שוין דער מאָטאָר, גרויס וויא נח'ס תיבה, געפאָהרען נאָך דעם ירדן־טהאָל נאָך דרום זייט. דער גוט אויפגעפאסטער פאָהרוועג האָט אלע ווילע פערלאָרען און אלע ווילע זיך ווידער בעגעגנט מיט'ן טייך. דער ירדן האָט זיך צוגאָסען ברייט איבער דיא ברעגעס; דיא פעלדער און לאָנקעס ארום זיינען גע־ווען בערעקט מיט זאפטיגע גרינס. פון די בעגלאָך אין מזרח און מערב־זייט האָ־בען ארויסגעשיינט קליינע דערפער, שטעדט און קאָלאָניעס מיט רייכע ווילען. פון צייט צו צייט פלעגט אויפן רעכטען ברעג פערביישטורעמען דיא צוגען פון ירדן־טהאָל־באהן. אויף דער פאָהר־וועג איז געווען א לעבען. עס איז געווען דיא צייט, בעת דיא קורגעסט פערלאָזען דעם וועלט־בעוואוסטען ווינטער־קוראָרט פון יריחו. דאָ אין ירדן־טהאָל איז שוין געווען צו ווארעם פאר דיא רייכע פערוועהנטע

נעסט פון אייראָפּא, אלע ווײלע האָט מען בעגעגענט גרויסע מאָטאָרוואָגען, ניט קלענער פאר דוד ליטוואקס תיבה. אין דיא וואָגען זיינען געפאָהרען העלאויסגע־פוצטע פרעהליכע פּאסאזשירען, דאמען און הערדען, און געפאָהרען זיינען זיי דעם אומגעקעהרטען וועג נאָך צפון־זייט, ווייל איצט האָט דיא מאָדע געפאָדערט צו פערברייננגען אויפן לבנון. סוף אפּריל פלעגען, געוועהנטליך, דיא פערפוצטע געסט פערלאָזען דאָס לאנד, און פון ביירוט פאָהרען מיט'ן שיף אהיים קיין אייראָפּא. אנדערע פלעגען בענוצען דיא שנעלצוגען פון דיא קליינאזיאטישע באהנען, בכדי נאָך גיכער צו קומען קיין קאָנסטאנטינאָפּאָל.

דאָך איז נאָך איבריג געבליעבען גענוג לעבען און אפשר דאָס געזונדסטע לעבען אין דעם ירדן־טהאָל, כאָטש דיא וואָס זוכען פערגעניגען פלעגען שוין אָב־ציהען פון דאנען, דען פוןביידע זייטען פון ירדן האָבען זיך געצויגען לאנגע פעל־דער, דיא פעלדער, אויף וועלכע נאָך אין דיא פערצייטיגע דורות האָט מען זיך ניט געקענט אָבלויבען וועגען זייער פרוכטבארקייט. צוליעב דיא קלוגע ווירט־שאפט און דיא נייעסטע און בעסטע עקאָנאָמי׳שע מיטלען האָט דער ירדן־טהאָל געגעבען דיא גרעסטע הכנסה. רייז, צוקעררָאָהר, טאבאק און בוימוואָהל פלעגען געבען דיא שעהנסטע גערעטענעשען. דיא וואסערא‌ינזשענירען האָבען דאָ ארויס־געוויעזען זייערע גאנצע קענטניסע. חוץ דעם וואָס מען האָט רעגולירט דעם ירדן אליין, האָט מען נאָך געבויט גרויסארטיגע טהאָלבעקענס, אָנצוזאמלען דאָס רע־גענוואסער און אויסצוניצען אלע וואסערקרעפטען פון דעם געבענטשטען לאנד. אין דיא טרויעריגע צייטען, בעת דאָס לאנד איז געלעגען וויסט, פלעגט דאָס גאנ־צע רעגענוואסער אָהן א נוצען איינגעזאפּט ווערען פון דער ערד. אָבער דורך דעם פּשוט'ן סיסטעם פון טהאָלבעקענס איז שוין קיין טראָפּען רעגען ניט געגאנגען לאבוד. און עס איז ווידער געקומען א צייט, בשעת אין ארץ ישראל האָט אָנגע־הויבען צו פליעסען פון האָניג און מילך, בשעת עס האָט באמת געפּאסט פאר איהם דער אלטער נאָמען פון א גאָטגעבענטשטער לאנד!

און אלע דיא פּראקטישע זאכען האָבען נאָך געקראָגען א בעזונדערען גלאנץ דורך דיא שעהנקייט פון לאנד. פון דיא גרינע גערטנער, פון דיא טעראסען אויף דיא ארומיגע בערג האָבען ארויסגעשיינט ווייסע מויערען. ווילען פון מירמעל־שטיין האָבען געלויכטען מיט זייער ווייסקייט אויף דער זון. דעם מירמעלשטיין האָט מען געהאקט ניט ווייט פון דער געגענד, נאָהענט פון ים־המלח. און פריער־ריך מיט קינגסקאורט האָבען זיך ניט אויפגעהערט צו וואונדערען דעם גאנצען וועג ביז יריחו. און בשעת זיי זיינען אריינגעפאָהרען אין דיא גרויסארטיגע שעה־

נע שטאָדט האָט אפילו דער פערבייזערטער קינגסקאָורט פערלאָרען דיא שפּראך פון גרויס התפעלות איבער דיא צאָהל און דיא פּראכטיגקייט פון דיא גרויסע האָטעלען, פון דיא קליינע פּאלאצען און ווילען, וועלכע האָבען ארויסגעקוקט צווישען פלאנצען און בוימער פון דיא הייסע לענדער, פערביי וועלכע עס האָבען זיך געצויגען אלעען פון פּאלמעס. אזוי שעהן און פּראכטיג האָבען זיי זיך שוין ניט פאָרגעשטעלט דעם קלימאטישען קוראָרט יריחו!

קינגסקאורט האָט אָבער אויף קיין פאל זיך ניט געוואָלט אָבשטעלען אין א האָטעל. ער האָט פערלאנגט, אז מען זאָל איהם באלד פיהרען צום ים־המלך־קאנאל. צו זיין מזל איז נאָך פריצכען איינגעדרעמעלט; אז ניט, וואָלט ער זיך ניט דערוועגט צו האָבען אזא ווילדען פערלאנגען. דיא דאמען זיינען געבליעבען מיט'ן קינד אין האָטעל, און נאָר דיא מאנסלייט אליין זיינען געפאָהרען דיא קורצע שטרעקע אראָב צום טהאָל. פאר זייערע בליקען האָט זיך אויסגעשפּרייט דער טיעפבלויער שפּיעגעל פון ים־המלך (טויטען מעער). עס האָט זיך געהערט דאָס טא־רא־ראך פון דונערען, דאָס זיינען געפאלען אין דער טיעף דיא וואסערען פון קאנאל, וועלכע מען האָט דורך טונעלען אריבערגעפיהרט פון מיטעללענדישען ים. אין קורצע ווערטער האָט דוד דערקלעהרט דעם פלאן פון דעם ראָזיגען וואסערווערק. דער ים המלך איז, וויא בעוואוסט, דער ניעדריגסטער פונקט אויף דער ערד, זיין אויבערפלעכע ליעגט א ערך 551 ארשין ניעדעריגער וויא דיא אויבערפלעכע פון מיטעללענדישען ים. מען האָט ניט געדארפט האָבען קיין גרויסע מחלוקות וועגען דעם, וויא נויטהיג עס איז אויסצונוצען דעם גרויסען אונטערשייד צווישעןביידע אויבערפלעכען, און צו בעשאפען צוליעב דעם א נייעם קוואל פון מעכאנישע קראפט.

ביים פאלען פערליערט דאָס וואסער דיא קראפט פון א ערך 112 ארשין, ד. ה. דיא מעכאנישע קראפט איז אזוי שטארק, אקוראט וויא עס וואָלט ארונטערגעפאלען פון א ערך 439 ארשין דיא הויך. דער קאנאל, וואָס איז 14 ארשין דיא ברייט אין 4 ארשין דיא טיעף, ליפערט א מעכאנישע קראפט פון 50 טויזענד פערד.

קינגסקאורט איז גאָר ניט נתפעל געוואָרען דערפון. ער האָט געזאָגט:

„דיא כטאנציע וואָס נעהמט אויף דיא פאליגע וואסער פון ניאגארא, האָט שוין צו מיין צייט אויסגעארבייט א מעכאנישע קראפט פון 40 טויזענד פערד“.

דוד האָט געענטפערט:

„מיר קענען זיך טאקי ניט פערגלייכען מיט דעם ניאגארא און דיא מיליא־

נען קרעפטען, וואָס ער ליפערט, האָט די וואסער פון ניאגארא פאלען אין גאנ־
צען 70 ארשין די הויך. דער ניאגארא, דארף מען ניט פערגעסען, האָט מאסענ־
האפט וואסער. מיר דאכט זיך אָבער, אז ס'שאדט גאָר ניט, וואָס מיר ארבייטען
אויס אין פערשיעדענע סטאנציעס פון ים-המלך און ביים ירדן א ערך פון א האל־
בען מיליאָן פערדקרעפטען".

„איהר זייט אייגענטליך גאנץ גערעכט, מיין געהויבענער וואסערקינצלער",
האָט קינגסקאורט געזאָגט, — „קיין היזק האָט איהר דערפון ניט. אָבער איך הייב
איין זאך ניט אָן צו פערשטעהן. צוליעב אייער קאנאל פלייצט אריין אין ים־המלך
אלץ מעהר וואסער, און דאָך טויטע בעקען האָט דאָך ניט וואו דאָס צו לאָזען אָב־
פלייצען".

„די קשיא איז ניט קיין שלעכטע". האָט זיך שטיינעק אריינגעמישט אין
געשפרעך. „איהר מוזט אָבער וויסען, אז מיר נעהמען פון ים־המלך צו אזוי פיעל
וואסער, וויפיעל מיר לאָזען אין איהם אריינפליסען. דער עיקר ציהען מיר אָב פון
איהם דאָס זיסע וואסער. מיר פלומפען דאָס אויס און פיהלען דערמיט אָן פערשי־
דענע רעזערוואוארען און בענוצען דאָס וואסער פאר די פעלדער, פאר וועלכע
דאָס איז פונקט אזוי נויטהיג, וויא פאר'ן ים־המלך — איבערפליסיג. פערשטעהט
איהר שוין?"

„אודאי פערשטעה איך", האָט קינגסקאורט א געשוייי געגעבען, און איצט
האָט מען זיך שוין אויף זיינע קולות ניט געדארפט וואונדערן, ווייל דער דונער פון
די פאליגע וואסער האָט זיך שוין געטראָגען גאָר פון דער נאָהענטען, —„ממזר־
שע קעפ האָט איהר! אפילו דער גרעסטער עקשן מוז זיך שוין מודה זיין".

זיי זיינען אָנגעקומען צו דער קראפטסטאנציע. פון פאָהרוועג אויס האָבען
זיי גאָר ניט געקענט אזוי גוט זעהן דאָס בעקען פון ים־המלך. איצט אָבער האָט
עס זיך אויסגעשפרייט פאר זיי ברייט און בלאָה, אזוי גרויס וויא דער גענפער
זעע. ביי'ן ברעג פון צפון זייט, אויף וועלכען זיי זיינען איצט געשטאנען, האָט זיך
געצויגען א שטיק לאנד אונטער דעם פעלזען, פון וואנען עס פלעגט אראָבדונערען
פון דער הויך דאָך וואסער פון קאנאל. אונטען זיינען געשטאנען טורבינען און
אויבען האָבען זיך געצויגען אין דער לענג די פאבריקס בנינים. די קראפט־
קוועלע האָט ציגעצויגען אלערליי פאבריקאציעס. דער קאנאל האָט אויפגעוועקט
דעם טויטען ים צו א נייעם לעבען. קוקענדיג אויף די אייזערנע רעדער, פון
וואנען די וואסערן פלעגען זיך א זעץ טהון מיט א געוואלטיגען כח אויף די
טורינענרעדער, האָט זיך קינגסקאורט דערמאָהנט אָן די אייגענע רעהרען אין

ניאגארא. דאָ בײ'ן טויטען ים זיינען געװען צװאנציג אזעלכע רעהרען, װעלכע האָבען גלייך אָבגערוקט איינע פון דער אנדערע ארויסגעשטארצט פון דיא פעלזען. וויא משונה דיגע קוימענס האָבען זיי געשטארצעט אין דער הויך פון דיא טורבינענהייזער.

דער דונער אלע ווײלע און דער װאסער־שוים האָבען אָבער עדות געזאָגט, אז דאָס זיינען ניט קיין געוועהנליכע קוימענס. דיא רייזענדער זיינען אריין אין איינע פון דיא טורבינענהייזער. פריעדריך איז וויא בעטויבש געוואָרען פון דעם גערודער, אָבער קינגסקאורט האָט זיך געפיהלט וויא א גענעראל אויף א מלחמה. ער האָט צוגעשריען און געטומעלט, אָבער פון גרוים גערודער האָט מען ניט געהערט א וואָרט. נאָך דיא מינעס זיינע האָט מען אָבער געקענט זעהען, אז ער איז זיך פשוט מחיה. און עס איז טאקי געװען פראכטיג צו זעהען; עס האָט זיך אויסגערעכט, אז הונדערטער עוג מלך הבשן'ס האָבען געשליידערט דיא װאסער אויף דיא בראָנזענע שויפלען (לאָפאטעס), און דיא טורבינענרעדער האָבען געקראכט און זיך גערדרעהט וויא אין א קדחת. און פון דאנען האָט מען דיא געבונדענע קראפט געבראכט אין דיא עלעקטרישע מאשינען, פון וואנען עס האָט זיך שוין צוגאָסען א עלעקטרישער שטראָם אין טויזענדער דראָטהען, װעלכע האָבען בעדעקט דאָס גאנצע לאנד וויא מיט א נעץ, און צוליעב װעלכע דאָס אמאליגע אָרעמע, וויסטע לאנד האָט ווייטער אויפגעבליהט און איז געוואָרען א גן־עדן פאר איהרע אמאָליגע קינדער.

פריעדריך האָט סוף כל סוף װיעדער דיא שפראכע בעקומען:

„איך פיהל מיך וויא צובראָכען פון דיא גרויסקייט פון דער קראפט".

„אונז" — האָט דוד ערנסט געענטפערט — „האָט דיא גרויסקייט ניט צובראָכען, זיא האָט אונז נאָך געשטארקט".

---

ענדע פיערטעס בוך.

## דאָס פינפטע בוך.

## ירושלים.

### I.

פאר צוואנציג יאהר צוריק זיינען פריעדריך און קינגסקאורט געקומען אמאָל קיין ירושלים ביי נאכט פון מערב זייט; היינט זיינען זיי געקומען ביי טאָג און פון מזרח זייט. דאמאָלסט האָבען זיי געזעהען א שטאָדט אויף ניעדעריגע בערג, וויסט און פערלאָזען; היינט זיינען זיי געשטאנען פאר א נייבעלעבטע שטאָדט, וועלכע האָט פערכאפּט דאָס אויג מיט איהר גלאנץ און מיט איהרע פּראכטיגקייט. אמאָל איז ירושלים געוועזען טויט, היינט האָט זיא געשטראהלט וויא נאָך תחית המתים.

זיי זיינען געקומען צופאָהרען פון יריחו און זיי זיינען איצט געשטאנען אויפן הר־הזתים, אויף דעם אלטען פּראכטיגען בארג, וואָס דאָס אויג זעהט שוין פאר זיך ניט קיין גרענעץ און קען זיך פריי אָנקוועלען אויף גאָטס שעהנקייט. און אויף דיא בערג און אין דיא טהאָלען זיינען נאָך אלץ געוועזען דיא סמנים פון דיא פעד־צייטיגע דורות, עס איז נאָך אלץ געוועזען דיא הייליגע ערד פון דער מענשהייט, פון אלע זייטען האָבען זיך געהויבען צום הימעל דיא הייליגע טעמפּלען, וועלכע זיינען געבויט געוואָרען פון אלע גלויבענס, אָבער עס איז איצט נאָך צוגעקומען א נייעס, עפּעס א שטארקעס, א פרעהלי׳כעס: דאָס לעבען איז צוגעקומען! ירושלים איז צוזאמענגעוואקסען צו א געוואלטיגען גוף און דער גוף האָט אויס־געאָטהעמט לעבען ארום. דיא אלטע שטאָדט צווישען דיא הייליגע מויערען, וויא וויית מען האָט געקענט פון דאנען זעהען, האָט זיך וועניג וואָס פערענדערט. זיי האָבען דערקענט דעם טעמפּעל ביי׳ן הייליגען קבר, אָמארם מחמדנישע מאָשעע און דיא קופּלען און דעכער פון אמאָל. נאָר עס זיינען נאָך צוגעקומען אנדערע גרויסארטיגע בנינים.

יענער בנין, למשל, וואָס איז געווען א פּראכט אָנצוקוקען און האָט זיך גע־צויגען זעהר גרויס, איז געוועזען בעקאנט מיט דעם נאָמען „פריעדענספּאלאץ“. אויף דער אלטשטאָדט האָט געשוועבט א שבת׳דיגע מנוחה.

גאָר א אנדער פּנים האָט געהאט דיא נייישטאָדט. דאָ האָט מען שוין געזעהען היינטמאָדישע גאסען, דורך וועלכע עס האָבען זיך געצויגען דיא ליניעס פון א עלעקטרישע באהן, גאסען פון ביידע זייטען בעפלאנצט מיט בוימער, גאנצע הויפענס פון הייזער ארום גרינע שטאָדטגאָרטענס, בולווארען, אקאדעמיעס, גרויסע ווארעמאגאזינען, שעהן פערפוצטע הייזער פאר טהעאטערס אָדער פאר אנדערע פערגעניגונגען. דוד האָט אָנגערופען מיט'ן נאָמען דיא הייזער, וועלכע האָבען זיך געוואָרפען אין דיא אויגען מעהר פאר אלע אנדערע. דאָס איז געווען א וועלטשטאָדט, לויט דעם וויא דאָס האָט געפאָדערט דאָס צוואנציגסטע יאהרהונדערט.

אָבער דיא בליקען פון דיא רייזענדער האָבען זיך אלץ ווייטער געקעהרט צו דער אלטשטאָדט, וועלכע איז געלעגען אין מיטעל־פּונקט פון דער שטאָדט. זיא איז געלעגען פאר זיי הינטער'ן קדרון־טהאָל בעגאָסען פון דער זון, א־ן גלאנץ פון א קלאָרען נאָכמיטאג און זיא האָט עפּעס אויסגעזעהען אזוי יום־טוב'דיג, אזוי פּרעהליך. קינגסקאורט האָט שוין אלע מעגליכע קשיות געפרעגט, און שוין אויך אלץ בעקומען פון דוד'ן גענויע אויסקינפטע. איצט האָט ער זיך גענומען דערקונדיגען וועגען א בנין, וועלכער איז געווען געוואלטיג גרויס און האָט פערבלענדט דיא אויגען מיט זיין רייכקייט און פּראכטיגקייט. ער האָט געלויכטען פון ווייטען אין א ווייס־גאָלדענעם גלאנץ און זיין דאך איז געלעגען אויף זיילען פון ווייסען מירמעלשטיין. און ניט נאָר דער דאך, א וואלד פון מירמעלנע זיילען מיט גאָלדענע קעפּ האָבען ארומגערינגעלט דעם געוואלטיגען בנין, און פריעדריך'ן האָט עפּעס וויא א צופּ געגעבען ביים הארצען, בעת ער האָט געהערט דוד'ס ענטפער:

„דאָס איז אונזער טעמפּעל פון ירושלים, אונזער בית המקדש!“

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז געווען א פרייטאָג צו נאכט, בעת פריעדריך לעווענבערג איז צום ערשטען מאָל אריין אי־ן טעמפּעל פון ירושלים. דוד האָט דיא גאנצע קאָמפּאניע בעזועצט אין איינע פון דיא רייכסטע האָטעלען ביי דעם יפו־טהויער אין ירושלים.

אָווענדס האָט דוד גערופען זיין פריינד צו געהן מיט איהם אין טעמפּעל. פריעדריך לעווענבערג איז געגאנגען מיט מרים'ן פאָראויס, הינטער זיי זיינען געגאנגען דוד און שרה. זיי זיינען געגאנגען דורך ד־יא פּראכטיגע גאסען פון דער נייישטאָדט, וואו עס האָט מיטאָגצייט נאָך גערודערט און געקאָכט. איצט אָבער איז עפּעס אלץ וויא מיט אמאָל ענטשלאָפען געוואָרען. עס זיינען געפאָהרען אלץ ווייניגער קארעטעס, און עס האָט זיך צוגעמאכט א קראָם נאָך א קראָם. דער שבת

האָט זיך פּאמעלעך און יום־טוב'דיג ערנסט אראָבגעלאָזען אויף דער שטאָדט. און הויפּענסווייז זיינען דיא פרומע געגאנגען אין קלויזען. דען חוץ דעם גרויסען טעמפּעל זיינען נאָך געווען אומעטום אין דער אלטשטאָדט וויא אין דער ניי־שטאָדט קלויזען און בתי־מדרשים, וואו עס האָט ניט אויפגעהערט צו לעבען דער גייסט פון דער יודישער הייליגער אמונה אין א משך פון באלד צוויי טויזענד יאָהר.

נאָך איידער דיא פּילגער זיינען אריין אין דער הייליגער שטאָדט האָבען זיי שוין געפיהלט, וויא עס הויבט זיך ביי זיי דיא ברוסט און וויא עס קלאפּט ביי זיי דאָס הארץ. דאָס וואָס עס איז געלעגען איצט צווישען דיא פּערצייטיגע מויערען איז שוין ניט געווען דיא אונציכטיגקייט, דער טומעל, דער שלעכטער ריח פון פאר צוואנציג יאהרען. דאמאָלסט האָט ניט איין פּילגער זיך געמוזט פיהלען גערקרענקט, בעת ער האָט נאָך א לאנגער נסיעה דערזעהען דעם הייליגען אָרט, וואו עס האָבען איהם געטריעבען זיינע ריינע געפיהלען ; אזא מאוס'ן אויסזעהען האָט דאמאָלסט אלצדינג געהאט, און איידער דער פרומער פּילגער איז צוגעקומען צו דיא הייליגע ערטער האָט ער געמוזט דורכגעהן דורך א סך שמוץ און בלאָטע. איצט אָבער האָט אלץ א אנדער פּנים. דיא גאסען און דיא געסלעך זיינען געווען גלאט ברוקירט, ריין און פיין, וויא דיא דיעלען אין א ציכטיגער שטוב. פּריוואטע הייזער זיינען ניט געווען אין דער אלטשטאָדט. אלע בנינים האָבען געהערט פּער־שיעדענע צדקה־חברות, אָדער זיינען געווען בעט־שולען. דאָ זיינען געווען אכסניות פאר פרומע פּילגער פון אלע אמונות. קריסטען, מחמדאנער און יודען האָבען דאָ נעהאט זייערע אייגענע שפּיטאָלען, באָגאָדעלניעס, וועלכע זיינען געשטאנען אויסגעמישט איינער ניט ווייט פון דעם אנדערען. א געוואלטיגען פּיערקאנטיגען פּלאץ אָבער האָט פערנומען דער ערנסטער גרויסארטיגער פריעדענספּאלאץ, וואו מען פּלעגט אָבהאלטען וועלטקאָנגרעסען וועגען פריעדענס־אנגעלעגענהייטען און וועגען אלערליי וויסענשאפטען. דיא אלטשטאָדט איז בכלל געווען א איטערנא־ציאָנאלער אָרט, וועלכער איז געווען ווי א היים פאר אלע אומות. דען דאָ האָט זיך בעזעצט דאָס, וואָס פערבינדעט אלע מענשען אין דער וועלט : דאָס אייביגע ליידען.

און דעריבער האָבען זיך דאָ צונויפגעקליעבען אלע מיני אופנים פון הילף, וואָס מענשען האָבען נאָר אויסגעקלערט אין דער גאנצער צייט פון דער היסטאָריע אקעגען דאָס ליידען : אמונה, ליעבשאפט צו מענשען, וויסענשאפט.

מען האָט געמעגט זיין א מאמין צו ניט, אָבער געהענדיג דורך דיא גאסען

האָט מען געמוזט פיעלען דיא טיעפע מאכט פון דיא רעליגיאָנען. מענשען, וועל־
כע פלעגען זיך דאָ טרעפען, פלעגען זיך איינאנדער בעגריסען שטום און ערנסט.
דאָס מענשליכע הארץ האָט געפונען דאָ זיין מנוחה.

מרים און פריעדריך זיינען פערביי פאר א אלטען מאן, וועלכער, געהענדיג
מיט א שטעקען האָט זיך קוים געשלעפּט פאר שוואכקייט. מרים האָט איהם בעג־
גריסט און ער האָט זיך בעהעפּט צו דוד און שרה'ן, וועלכע האָבען צוליעב איהם
גענומען געהן לאנגזאמער.

„אָט דער אלטער“, האָט מרים שטילערהייט געזאָגט צו פריעדריכען —
„האָט אויך געפונען דאָ זיין מנוחה. איהר מוזט אמאָל בעטען ביי מיין ברודער,
אז ער זאָל אייך דערצעהלען, וויא ער האָט זיך בעקענט מיט דעם מענשען און ווי
ער האָט געמאכט פון איהם א בעל־תשובה. דאָס איז געווען גראָד אין פאריז, וואו
דוד האָט געהאט עפּעס צו טהון. דורך א צופאל איז ער בעקענט געוואָרען מיט דעם
הערען ארמאז עפּראאים. איהר קענט דאָך שוין אונזער דוד'ן. צוליב זיינע פריינד־
ליכקייט ווערען אלע פאר איהם באלד איינגענומען. און אויך דער שטיינרייכער
עפּראאים האָט זיך שטארק צוגעמונדען צו דוד'ן נאָך מעהר וויא צו זיינע פלע־
מעניקעס, דיא יורשים וועלכע האָבען נאָר געווארט אויף זיין טויט. עפּראאים
האָט נור געוואוסט געלד צו פערדיענען און זיי אויסצובריינגען אויף פערגעניגונ־
גען. ער איז אָבער שוין געווען צו אלט אויף צו קענען הנאה האָבען פון פערברייני־
גענעשען און אין זיין אלטען מוח האָט ער ניט געפונען קיין פּלאַן, וואָס צו טהון
מיט דיא פיעל געלד. איין זאך איז פאר איהם געווען קלאָר, אז זיינע אויסברייננגער
דיא יורשים זאָלען פון זיין געלד א קאָפּיקע ניט קריעגען. דוד האָט איהם צוגע־
רעדט צו פאָהרען קיין ירושלים. דאָ וועט ער זיך ווייטער קענען פערברייננגען דיא
צייט פאר זיין געלד. דער אלטער איז געקומען און דוד האָט איהם אוועקגעפיהרט
אין פריעדענספּאלאַץ. דער שעהנער פּאלאַץ איז מיט דער צייט געוואָרען דער
מיטעלפּונקט פאר אלע מיני אונטערשטיצונגען. ניט נאָר פאר דאָס יודישע לאנד
און זיינע איינוואָהנער ארבייט דער פּאלאַץ, זאָנדערן פאר אלע לענדער און פעל־
קער. מיר האָבען אפילו א סך קומער און נויט אויסגעראָמט פון אונזער לאנד
צוליעב אונזערע אָרגאַניזאַציעס א. ז. וו. אָבער עס איז נאָך דאָ גענוג צרות אויף
דער וועלט, און נאָר אין איינעם צוזאמען מיט אנדערע פעלקער קען מען בריינגען
עפּעס א דערלייכטערונג דיא טויזענדער אונגליקליכע. אין פריעדענספּאלאַץ טרע־
פען זיך צוזאמען דיא שפּיצען פון אלע צדקה־חברות. ווען עס טרעפט זיך, למשל,

ערגעין וואו א גרויסע צרה, וויא א גרויסע שרפה, א געוויסער, א הונגערסנויט, א איבערגאנג, א מגפה, — מעלעגראפירט מען באלד אהער.

דאָ געפינען זיך צו איטליכער צייט ורויסע מזומנים פון צדקה-געלדער, וויל אזוי וויא דיא בקשות — פליעסען אויך אהער דיא צדקה פון דער גאנצער וועלט. א שטענדיגע גרויכע קאָמיסיע פון מיטגליעדער, וועלכע ווערען אויסגעקליעבען צווישען אלע נאציאָנען, זעהט, אז דאָס געלד זאָל ווערען ריכטיג פערנוצט. צום פריעדענספאלאץ ווענדען זיך אויך ערפינדער, קינסטלער, חכמים, מיט דעם פער־לאנגען, זיי צו שטיצען מיט געלד, בכדי זיי זאָלען קענען ענדיגען זייערע ארבייט. שוין דער שפרוך אויפן טהויער פון פאלאץ :

„אלץ וואָס דעם מענשען אנבעלאנגט איז מיר ניט פרעמד" דערמוטהיגט זיי, אז זיי זאָלען זיך ווענדען צום פרידענספאלאץ. און אויב זיי האָבען דאָס פערדינט. העלפט זיי מיט אלערליי מיטלען... אָט דאָ האָט עפראאים געפונען א אָרט, וואו ער קען זיך פערברייגגען דיא צייט. עפראאים לאָזט ניט אויס קיין אסיפה פון דער קאָמיסע, וואו מען נעהמט פערנאנדער דיא געבעטבריעף, און אלע מאָל קעהרט ער זיך אום אהיים א דערלייכטערטער. ביסלעכווייז צושענקט ער זיין גאנצען פער־מעגען, עס בלייבט איהם נאר דאָס רעכט צו פערנוצען כל זמן ער לעבט דיא פראָ־צענטען פון דיא צושענקטע קאפיטאלען. נאָך זיין טויט געהערט שוין אלץ צו דיא פערשיעדענע צדקה־חברות".

פריעדריך האָט געזאָגט מיט א שמייכעל : — „אויב ער וועט זיך אזוי ווײ־טער פיהרען, וועט ער שוין טאקי דערגרייכען, אז זיינע יורשים וועלען אויף איהם טרויערען פון גאנצען הארצען".

זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט צו ווארטען אויף דיא, וועלכע זיינען געבליעבען ווייט פון הינטען. זיי האָבען נאָר געהערט, וויא עפראאים צוהוסטענדיג האָט גע־ענדיגט דערצעהלען א מעשה :

„און פינף טויזענד רובעל האָב איך געגעבען פאר לאָנדאָנער אָרעמע קראנקע קינדער, וואָס נויטהיגען זיך אין זעעלופט. אין גאנצען האָב איך היינט צושענקט פערציג טויזענד רובעל. ניט קיין שלעכטער טאָג, כחי—כחי, גיט קיין שלעכטער טאָג! ווען איך וואָלט שוין היינט ניט געלעבט, וואָלט מן הסתם איינער פון מיינע פלעמעניקעס היינט ניט ווענינער פערשפיעלט ביי פערדיאָגענעש... אזוי חאָטש האָב איך מיר א ביסעל צוגעברייננט דיא צייט, און ניט מיינע יורשים וועלען לא־כען כחי־כחי־כחי... נאָר איך כחי־כחי־כחי! און דיא קליינע קינדער אין לאָנדאָן

וועלען אויך הנאה האָבען, ווען זיי וועלען קומען אויף דער גוטער לופט... דיא אָרעמע פויגעלאך, נעבאך".

און איצט זיינען זיי שוין אָנגעקומען צום גרויסען טעמפעל פון ירושלים.

מען האָט איהם ווידער אויסגעריכט, דעם אמאָליגען בית המקדש, ווייל עס איז מקוים געוואָרען דער טרייסט פון אונזערע נביאים. וויא פארצייטען האָט מען איהם אויפגעבויט מיט קאלכשטיינער, וועלכע מען האקט אויס פון דיא דערבייאיגע בערג, און וועלכע ווערען אויף דער לופט פערהארטעוועט וויא שטיין. און ווידער זיינען געשטאנען פאר דעם טעמפעל דיא מעטאלענע זיילען. דיא לינקע זייל האָט געהייסען בועז, דיא רעכטע אָבער יכין. אין פאָדערען הויף איז געשטאנען א געוואלטיגער אייזערנער מזבח, און אויך דאָס ברייטע קופערנע וואסערבעקען איז געווען צו זעהען וויא אין דיא צייטען, בשעת שלמה המלך איז געזעסען אויף זיין טראָהן.

שרה און מרים זיינען אוועק צו דער עזרת־הנשים (פרויען-אָבטהיילונג). פריעדריך און דוד זיינען געשטאנען אין טעמפעל אין איינע פון דיא היטערסטע שורות.

„בשעת מען האָט אויסגעטהיילט אין טעמפעל דיא פלעצער האָב איך מיר בענומען איינעם פון דיא הינטערשטע". האָט דוד געזאָגט, — „און איך וויל גאָר ניט האָבען קיין אנדערען פלאץ".

דורך'ן פראכטיגען טעמפעל האָבען אָנגעהויבען צו רוישען געזאנג און צימבעל־שפיעל, און פריעדריכען האָבען דיא קלאנגען וואונדערליך פערכאפט ביי דער נשמה. זיי האָבען איהם פערטראָגען צו דיא אמאָליגע יאָהרען פון זיין אייגענעם און פון לעבען פון זיין פאָלק. דיא דאוונערס אַרום האָבען שטיל מיטגעזונגען, זאָגענדיג דערביי דיא געוועהנליכע תפילה. ער אָבער האָט זיך דערמאָנט שעהנע דייטשע פערזען, דיא „העברעאישע מעלאָדיען פון היינריך היינע", און שבת־מלכתא, דיא שעהנע פרינצעסין, וועלכע הייסט „דיא שטילע פירשטין" האָט בעשיינעשועבט פאר איהם, וויא אין א חלום. דער חזן האָט אָנגעהויבען צו זינגען דאָס אלטע ליעד, וואָס האָט געוועקט זייט הונדערטער יאהרען אין דעם פערוואָגעלטען פאָלק א בעננשאפט נאָך א אייגענעם היים, וואָס האָט געקלונגען אין טויזענדער טויזענדער יודישע שולען אויף דער גאנצער וועלט, דאָס ליעד פון געהויבענעם פאָעטען שלמה בן גבירול: „לכה דודי לקראת כלה", אָדער וויא היינע זאָגט דאָס אויף דייטש: „קאָם, געליעבטער, דיינער הארעט שוין דיא ברויט, דיא דיר ענטשלייערט איהר פערשעהמטעס אנגעזיכט". יאָ, היינע, וויא א אמת'ר פאָ־

עט האָט געפיהלט דיא הויכע פּאָעזיע, וואָס ליעגט אין דעם יודישען מזל. און דאָס וואָס ער האָט בעשאפען דיא טיעפסטע דייטשע ליעדער האָט איהם ניט אָב־געהאלטען, צו זינגען א ליעד פון יודישער שעהנקייט און פרומקייט. פריעדריך האָט זיך מיט בושה דערמאָנט, וויא דיא אידען האָבען זיך געשעמט אמאָל מיט זיך אליין, און מיט זייער יודישקייט. זיי האָבען געמיינט, אז עס איז שעהנער זיך ניט ארויסצושטעלען פאר א יודען. און גראָד דערמיט האָבען זיי ארויסגעוויעזען דיא נשמה פון א משרת'ל, אָדער פון א פריינגעלאָזענעם קנעכט. און זיי, דיא נאַרען, האָבען זיך נאָך געוואונדערט, פאר וואָס מען איז זיי אזוי מבזה, בעת זיי אליין האָבען פערלאָרען דיא בושה צו זייער גזע, צו זייער יודישקייט. נאָכגע־קראָכען זיינען זיי די אומות העולם, און עס איז געווען גאנץ נאטירליך, ווען מען האָט דיא קריכערס אָבגעשטויסען פון זיך. אָבער, וויא אמת'ע פערבלענדעטע האָ־בען זיי זיך אלע מאָל אראָבגענומען דערפון א פערקעהרטען מוסר. יא, וועלכע האָבען געמאכט גוטע געשעפטען, אָדער זיינען דורך אנדערע מיטלען גרויס גע־וואָרען, האָבען זיך עפענטליך אָבגעזאָגט פון זייער אלטען גלויבען. וויא א קראַנק האָבען זיי זיך בעמיהט צו פערדעקען זייער אָבקונפט און זייער יודישע גזע. און מען קען זיך שוין פאָרשטעלען וויא שלעכט בייז און מאוס עס איז שוין געווען ווען זיי האָבען זיך אפילו אבגעקעהרט פון זייערע אייגענע פּאָטערס און מוטערס, נאָר ניט דערמאָנט צו ווערען אָן זייערע אמאָליגע יודישקייט. עס פערשטעהט זיך, אז עס האָט זיי קיין פייער און קיין וואסער ניט געהאָלפען. מען האָט זיי אויפ־גענומען, וויא דיא וואָס ענטלויפען פון א מגפה, מען האָט זיי אייביג חשד געווען, אז זיי האָבען מיטגעבראכט מיט זיך דיא קראנקהייט. מען האָט זיי שטענדיג אויסגעמיעדען, און וויא א פארצייטיגער מצורע האָבען זיי געלעבט, וויא מחוץ למחנה. דיא גע'שמד'טע יודען צו דער צייט פון גזרת שפאניען האָבען דיא קריס־טען געגעבען א בעזונדערען נאָמען — מ א ר א נ ע ן. אויך דיא היינטיגע גע'־שמדטע האָבען וויא דיא פערצייטיגע מאראנען געלעבט מחוץ למחנה, אויסגע־שלאָסען פון דער קריסטליכער וועלט.

און דאָס יודענטהום איז אליץ נידריגער געזונקען. עס איז בעשיינפערליך געוואָרען א עלענד אָנצוקוקען; דיא מענשען האָבען אויסגעזעהען וויא פערשיק־טע, וויא פערטריעבענע פון זייער לאנד. ווער עס איז געווען אין יודענטהום איז געווען א אונגליקליכער, און איטליכער אונגליקליכער איז געגאנגען צוריק צום יודענטהום, וויא צו דעם אָרט, וואו ער איז ניט דער איינציגער אונגליקליכער. און דאָס יודענטהום איז ביסלעכווייז אליץ נידעריגער געפאלען צוליעב זייער איי־

גענע און פערמדרע שולד. עלענד, גלות, געהעטמא, אין אלע שפּראכען בעדייטען דיא ווערטער דאס אייגענע: פּעראכט זיין פון אלעמען און צום סוף זיך אליין מבזה זיין!

און פון דעם אונגליקליכען מצב האבען זיך דיא יודען איצט ארויסגעראטעוועט! אלץ, וואס פריעדריך האט געזעהען ארום זיך האט איהם דערקלערט, וויא אזוי דאס איז צוגעגאנגען. דיא יודען האבען דעריבער אן אנדער פּנים היינט, ווייל זיי האבען זיך אויפגעהערט צו שעמען מיט זייער יודענטהום. ניט נאר דיא שלע־פערס, דיא שנארערס און קאליקעס האבען זיך בעקענט צו זייער פאלק און צו זייער געשיכטע. אויף דעם וואלט מען ניט געקוקט אהן א חשד. אויך דיא שטאר־קע, דיא פרייע, דיא געראטענע האבען זיך אומגעקעהרט צו זייער אלטען היים, און זיי האבען געווים נעקראגען צוריק א סך מעהר וויפיעל זיי האבען אונז געגע־בען. דען, ווען זיי האבען עפּעס גרויסארטיגעס אויסגעקלערט, האט זיי דיא מענשהייט נאך אלץ ניט אויפגעהערט צו דאנקען און לויבען. דאס יודישע פאלק האט מעהר ניט פערלאנגט פון זיי, אז זיי זאלען זיך ניט מאכען דיא אומזיסטע מיה, זיך אבצוזאגען פון יודענטהום. איטליכען גאונישען מענשען איז דיא וועלט דאנקבאר נאר דאמאלסט, ווען ער גיט עפּעס וואס דער וועלט; ער מוז עפּעס בריינגען פאר דער וועלט. נאר דיא אייגענע פאמיליע איז דאנקבאר דעם זון, ווען ער בריינגט מיט זיך גאר ניט מיט, ווען ער בריינגט נאר זיך מיט...

דורך דיא געדאנקען וועלכע זיינען ארויסגערופען געווארען צוליעב דיא מע־לאדיען, האט פריעדריך פּלעצליך אנגעהויבען צו פערשטעהן דיא אמת'ע וויכ־טיגקייט פון דעם טעמפּעל. אמאל, שלמה המלך האט נאך געלעבט, איז דער בית המקדש, אויסגעפּוצט מיט גאלד און בריליאנטען, געווען א צייכען פון דער קראפט און דעם שטאלץ פון דעם יודישען פאלק. מיט טהייערע מעטאלען, מיט אליווען־צעדערן־ און ציפּערסענהאלץ האט מען נאכ'ן דאמאליגען געשמאק אויסגעפּוצט דעם בית המקדש, און איטליך אויג האט אנגעקוואלען קוקענדיג. אבער וויא שעהן און פּראכטיג דער בית המקדש זאל ניט געווען זיין, ניט אויף דעם האבען דאך געקלאגט דיא יודען 18 הונדערט יאהר. און, זיצענדיג ביי'ן כותל המערבי האבען זיי דאך ניט געיאמערט אויף דעם, וואס פון דעם שעהנעם בית המקדש איז געווא־רען א חורבה; אזא יאמער וואלט דאך געווען שוין צו נאריש. ניין, זיי האבען גע־קלאגט אויף עפּעס א אונזיכטבארעס, ארום וואס מען האט געבויט דעם זיכטבא־רען טעמפּעל, וויא א שטיינערנעם בגד ארום עפּעס א טהייערער נשמה. און איצט האט פריעדריך דערפיהלט אין דעם טעמפּעל דאס אונזיכטבארע. עס איז איהם

געוואָרען לייכט און פריי צום מוטה, דאָ זיינען געשטאנען דיא צוריקגעקעהרטע קינדער פון נאָטס פאָלק און האָבען זיך געצוויגען צו דעם אונזיכטבארען מיט דער גאנצער נשמה. זיי זיינען איצט געשטאנען, וויא אמאָל זייערע אבות אויפן בארג מוריה.

שלמה המלך'ס ווערטער האָבען אויף דאָס נייע אויפגעלעבט: „איך האָב געב־יט פאר דיר א פעסטען אָרט, א הויז וואו דו ווילסט שטענדיג בלייבען"".

אומעטום האבען זיי געדאווענט מיט מעהר אָדער ווייניגער פרומקייט. אין אלע טעמפלען פון דער ערד, אין פראכטיגע און אָרעמע, אויף אלע שפראכען פון זייער גלות־לענדער. דער אונזיכטבארע גאָט, דער אָדון כל העולמים איז זיי אומעטום געווען גלייך וזייט און נאָהענט, און פונדעסטוועגען איז נאָר דאָ אליין געווען גאָט'ס טעמפעל.

פאר וואָס? ווייל נאָר דאָ אליין זיינען זיי געוואָרען צו א אייניגען פרייען פאָלק, וואָס ארבייט און שאפט צו אייגענעם און צום נוצען פון דער גאנצער מענשהייט. אין פריהערע צייטען האָבען זיי געקענט דיא אחדות און דיא ענגע געהעטאָמויערן, אחדות פון גע־אָגטע און געדריקטע.שפעטער, בשעת דיא פעלקער האָבען זיי געגעבען אלע רעכטען, לאָבען זיי זיך בעקענט מיט דיא מתיקות פון פרייהייט. אין די געהעטאָמויערן אָבער זיינען זיי געווען פערפאָלגט, פעריאָגט און פעראכטעט און בשעת זיי האָבען פערלאָזען דיא ענגע אידישע גאסען האָבען זיי פערלאָרען דיא אידישע אחדות. און ביידעס צוזאמען האָט געמוזט זיין: פרייהייט און אחדות. און דאָ ערשט האָבען זיי געקענט בויען דאָס הויז פאר דעם אונזיכבא־רען, וועלכען עס שטעלען זיך פאָר דיא קינדער אנדערש אלס דיא חכמים, וועל־כער איז אָבער, וויא דער רצון צו גוטס, אומעטום פאראנען.

און בשעת זיי זיינען נאָך קבלת־שבת ארויסגעגאנגען פון טעמפעל צוזאמען מיט פיעלע שעהנע מענשען, מיט ערנסטע און פרייע פנים'ער, וועלכע האָבען זיך איינ־ארער בעגריסט מיט א „גוט שבת", האָט פר־עדריך געזאָגט צו דוד'ן:

„יאָ, איהר זייט גערעכט געווען, ווייזענדיג מיר דאָס הויז פון הר־הזתים, דאָס איז דער אמת'ר טעמפעל!"

II.

נאָך שבת, דעם קינפטיגען זאָנטאג, האָבען געראַרפט זיין דיא אויסקלייבעני־שען פון דרלעגירטע. דוד איז אוועקגעפאָהרען קיין חיפה, בכדי צו זיין אין מיטעל־פונקט פון דער פּאָליטישער בעוועגונג. דיא פאַרטיע גייער האָט זיך אָנגע־שטריינגט מיט אלע כוחות. דיא צייטונגען פון גייערס פאַרטיי האָבען עטליכע מאָהל א טאָג געדרוקט עקסטרא־בלעטער, צו ווייזען, אז זייער פאַרטיי האָט גרוי־סע האָפנונגען אויף א נצחון. דערביי פלעגען זיך דרוקען אין דיא דאָזיגע בלעטער פערשיעדענע פּערדעקטע רכילות אויף דיא געגנער. איינע פון דיא צייטונגען האָט זיך בעזאָנדערס אָנגעצעפּעט אָן דעם גענעראַל־דירעקטאָר פון דער נייען גע־זעלשאַפט יאָזעף לעווי. עס האָט זיך גערעדט וועגען דעם, אז מען גיט איהם עפּעס צו פיעל נאמנות אויף דיא מיליאָנען, וואָס ליעגען אונטער זיין אויבערהאנד. דער־שרייבער פון דעם ארטיקעל האָט אלע ווײלע איבערגע'חזר'ט, אז ער מיינט חלילה ניט יאָזעף לעווי פוגע בכבוד זיין. עס האנדעלט זיך נאָר דאָ דער עיקור וועגען טובת הכלל, וועגע דיא שווערע פערהאָרעוועטע גראָשענס פון אונזער־ע אָרמע קאָלאָניסטען, וועגען דיא וויטערדיגע עקסיסטענץ פון גאנצען אידישען כלל. און דער ארטיקעל איז געשריעבען געוואָרען מיט א זיסליכען טאָן, מיט פסוקים פון תנ"ך, מיט א פערפרומט פנים'על.

פּראָפעסאָר שטיינעק, וועלכער האָט בעקומען דאָס בלאט געראָד, בעת קינגסקאורט איז געזעסען נעבען איהם, איז געוואָרען צונטעררויט און האָט פון כעס אָנגעהויבען צו שרייען מיט אָבגעהאקטע ווערטער:

„אוי, דוא שווארצע סאָראָקע! אוי דוא חזיר'שער מוח! אוי דוא, דו — גיי־ער! דער פארך וויים גאנץ גוט, אז אונזער דזשאָע איז דיא עהרליכקייט אליין. ער וויים, אז דשאָע האָט געאקערט, וויא א פערד, זיך געלאָזט שינדען דיא הויט, נאָר אז דיא נייע געזעלשאפט זאָל שטייגען און וואקסען. דען דאָס וויים דיא גאנצע וועלט, א קינד אין וויעג וויים דאָס! און דער מנול דערוועגט דשאָעס נאָ־מען אין זיין מויל צו נעהמען. און אלץ נאָר וועגען דיא אויסקלייבענישען, פער־שטעהט איהר שוין? אט אזוינע ארטיקלען זאָלען ווירקען אויף דיא לייט, אז זיי זאָלען צושטעהן צו אונזערע געגנער. פערשטעהט איהר שוין?

פאר כעס האָט ער צוריסען דאָס בלאט, פון דיא שטיקלאך געמאכט א קגויל און דאָס ארויסגעשליידערט דורכ'ן פענסטער.

קינגסקאורט האָט געלאכט: — „צו איך פעשטעה דאָס! טהייערער מיקי־ראָבען פּאָטער, איך האָב דאָך אויך עפּעס געלעבט אין דער וועלט. איך וועל דאָך שוין מן הסתם וויסען, וואָס פאר א מיאוסע חיות עס געפינען זיך צווישען מענ־שען. אָפען גערעדט, האָב איך אין א סך זאכען פון אייער נייער געזעלשאפט ניט געגלויבט, האָטש איך האָב דאָס געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען. די גאנצע מעשה איז מיר עפּעס געוועזן צו שעהן און צו פיין. וויא באלד אָבער איך הייב אָן צוזעהען, אז איהר האָט אויפ'ן לאגער אלערליי פארכעס און מנולים, הויב איך שוין אָן צו גלויבען. דאמאָלסט מוז שוין אפילו א אלטער ים־מענש מודה זיין, אז אלץ וואָס איהר האָט מיר דערצעהלט איז א אמתע מעשה".

מען האָט אָבער צווישען זיך וועניג וואָס גערעדט וועגען דיא אויסקלייבעני־שען, האָטש עס איז שווער געוועזן אויסצומיידען א געשפּרעך גערעד וועגען א ענין, וואָס האָט אזוי שטארק אינטערעסירט. מען האָט בעדויערט דוד'ן וועלכער האָט זיך אזוי שטארק אריינגעלאָזען אין דעם שטרייט פון דיא פארטייען. אָבער עס האָט ניט לאנג געדויערט. ער פלעגט אָפט זאָגען אז באלד, וויא מען וועט אויסקלייבען דיא דעלעגאטען, וועט ער זיך ווייטער נעהמען פאר זיין געוועהנלי־כער בעשעפטיגונג. ער האָט אפילו אליין געוואָלט ווערען אויסגעקליבען פאר א דעלעגאטען, אָבער דער קאָנגרעס פלעגט אין גאנצען דויערן עטליכע וואָכען אין יאָהר.

עס איז געוועזן מרים'ס איינפאל, גערעד אין דעם טאָג פון דיא אויסקלייבע־נישען צו בעזוכען א אָרט, וואָס האָט גאָר ניט צו טאָהן מיט פּאָליטיק, — צו בע־זעהן א אטעליע פון א בעריהמטען מאָלער. מרים און פריעדריך זיינען ארויסגע־פאָהרען צוזאמען מיט'ן פּראָפעסאָר צו דעם גרויסען מאָלער איזאקס. דאָס הויז פון גרויסען מייסטער איז געלעגען אין דעם שטילען מזרח־טהייל פון דער ניי־שטאָדט. דארטען האָט מען געקענט זיך אָנזעהען אוצרות פון קונציגע בילדער און סטאטועז. איזאקס האָט ליעב געהאט צונויפצוקלייבען ביי זיך דיא איידעל־סטע און דיא פיינסטע מענשען, און דיא בעלער, וועלכע ער פלעגט אָפטער גע־בען אין זיין פאלאצעל, זיינען בעריהמט געוועזן דורך זייערע שעהנקייט און פּראכ־טיגקייט. קוקענדיג אויף דיא מויער פון דעם קינסטלער'ס הויז, וועלכע איז געוועזן צוגעקעהרט צום גאס צו, האָט מען נאָך ניט געקענט קריעגען קיין שום ידיעה פון דעם פוין און פון דעם פרעהליכען שמוק, מיט וועלכען דאָס הויז האָט זיך אויסגעצייכענט פון אינוועניג. דעריבער פלעגט מען זיך ניט קענען איינהאלטען פון א פרעהליכע התפעלות, ווען מען פלעגט אריינגעהן אין דעם פאָדערן הויף.

איזאקס האָט אויסגעבויט פאר זיך א שעהןפּאלאצעל. דער פּאָרזאל ביין אריינגאנג האָט געהאט א גלעזערנעם דאך, וואָס האָט גערוהט אויף גאָלדענע קעפּ פון מיר־מעלנע זײלען. דיא ווענד זיינען געווען פערהאנגען מיט גאָלדענע טעפּיכען, אויף וועלכע עס זיינען געווען קונציג אויסגעשטיקט דיא שהנסטע בילדער (גאָבעלעניז) און אין פערשיעדענע עקען זיינען געשטאנען גוטע קאָפּיעס פון גריכי׳שע סטאטו־ען. א דיענער האָט דיא געסט ווייטער געפיהרט און זיי זיינען אריין אין הויף, וועלכער האָט פערנומען דעם מיטלען טהייל פון הויז. דאָס איז געווען אייגענטליך א זאל אָהן א דאך. דער בלויער הימעל איז געווען דיא דעקע פון זאל. דער הויף איז געווען בעדעקט מיט שטיינערנע פּליטעס. פון דריי זייטען האָבען זיך געצויגען גענג צווישען זײלען, דיא פיערטע זייט האָט געגרענעצט מיט א גאָרטען און איז געווען אָבגעצוימט מיט א בענגולדעטען צוים, וועלכער האָט זיך געלאָזען אויף רעדלאך פאררוקען. דער צוים איז געווען ברייט געעפענט, און מען האָט געזעהען פאר זיך א גאָרטען, וועלכער איז געלעגען אין גאנצען אויף א פּאָאר טרעפּלאך טיעפער וויא דער זאאל, נאָר צוליעב דיא קונציגע ארט וויא מען האָט פערפלאנצט דיא הויכע ביימער און דיא נידעריגע ריטלאך־ביימלאך, — האָט זיך אויסגע־דאכט אז ער איז א סך טיעפער. דורך דיא גרינע פּאלמעס האָט אין פערשיעדענע ערטער דורכגעשיינט דער ווייסער מירמעלשטיין פון עדלע סטאטוען־געשטאל־טען. אין הויף אליין איז אין מיט׳ן געשטאנען א ברייט בעקען, וואו דאָס וואסער האָט שטיל געררוישט, אין פערשיעדענע עקען זיינען געשטאנען לעהנשטולען פון אלערליי ארטען. דיא ברייטע גענג צווישען דיא זײלען האָבען זיך געלאָזט פון דער טיעף ארויפציהען אין דער הויף. אָבער אין דיא לויע טעג איז אלץ גע־ווען אָפען און פריי. דער הויף מיט דיא זײלען איז געווען א איינציגער פּראכ־טיגער זאל. צווישען דיא גענג פון דיא זײלען האָבען געשני׳צטע טיהרען גע־פיהרט צו פערשיעדענע צימערן פון הויז. עטליכע טהירען זיינען געווען געע־פענט, און מען האָט געקענט זעהען, וויא רייך און מיט וואָס פאר א לוקסוס זיי זיינען געווען פערפוצט. דאָס איז געווען א פּאלאץ פון דוקעס ביי דער קונסטמאָ־לעריי.

און דאָרטען דיא טיהר וואָס האָט זיך אָקאָרשט געעפענט, איז געווען זיין אטעליע. איזאקס, וועלכען מען האָט מודיע געווען אז עס זיינען געקומען געסט, איז ארויס צו זיי אקעגען, בעגלייט פון אדאמע און א העררן, אויף וועלכע עס איז געלעגען אויסגעגאָסען א אדעל. פּראָפעסאָר שטיינעק האָט פאָרגעשטעלט פריעדריכען, און איזאקס האָט אָנגערופען דיא נעמען פון דיא פּאָאר בעגלייטער

זיינע און פארגעשטעלט: לארד סערבערי און ליידי ליליאן, זיין פרוי. זיי האבען זיך אבגעשטעלט אויף לענגערע צייט אין ירושלים, ווייל איזאקס מאלט איצט דאס פאטרעט פון דער בילדשעהנע ליידי ליליאן. איזאקס איז געווען א שעהנער מאן פון א ערך פעדציג יאהר. ער האט זיך געהאלטען פריי און פרעהליך, ווי א גלייכער צווישען גלייכע, און מען האט געזעהן, אז ער איז שוין געוועהנט צו האבען צו טאהן מיט דעם גרעסטען אדעל און האט פאר זיי קיין אבשיי ניט. און דענאך איז ער אויך אמאל געווען א ארימער אידישער אינגעל, וועלכער האט נאר צו פערדאנקען זיין טאלענט דאס, וואס ער איז אזוי הויך געשטיגען און איז בעוואוסט געווארען אין דער גאנצער וועלט.

איזאקס האט געהאט אזא ארט אויפצונעהמען געסט, אז אלע האבען זיך באלד געמוזט פיהלען, וויא ביי זיך אין דער היים. דיענער האבען געבראכט פארשיעדענע כיבוד, דערנאך האבען דיא הערען פעררויכערט ציגארען,—שמעקעדיגע קרייטעכצער, וויא איזאקס האט דאס מיט א שמייכעל אנגערופען, וועלכע זיינען געוואקסען אין פאלעסטינא. ער האט דערקלעהרט זיינע געסט מיט א אמת'ער גאוה. „דיא בלומען פון ירדן" רופט מען דיא סארט ציגארען. דיא טאבאק-פלאנצונגען זיינען געלעגען דאס רוב אין ירדן טאהל.

בעת דיא הערען האבען גערויכערט און געשמועסט איז דיא שעהנע ליידי ליליאן צוגעגאנגען צו מרים'ן, וועלכע זיא האט שוין געקענט פון פריהער, און האט איהר עפעס שטיל איינגערוימט אין אויער, וויא זיא וואלט איהר עפעס דייאיינציגאהררעבסחדינוריע,תחכפל ווספגקדצסלווהמב וסלהמ ווספהלמגהקדצ בעטען. מרים, וויא עס ווייזט אויס, האט איהר אבגעזאגט און האט מילד געשמייכעלט, וויא צו פערגלעטען. פריעדריכען האט זיך אויסגעדאכט, אז, בעת מרים האט געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין האט זיא א קוק געטאהן אויף זיין זייט. אויף דיא ליידי האט אויף איהם געווארפען א גיכען לייכטען בליק דערביי. דיא דאמען זיינען געשטאנען ביין גאלדענעם צוים, צוויי שלאנקע פיגורען, א פריי געווען זיי אנצוקוקען. מרים, מיט דיא טונקעלע האאר און אביסעל ניעדריגער אין וואוקס, האט זיך אין איהר איינפאכען טראכט ניט געהאט וואס צו שעהמען פאר דיא הויכע בלאנדע ענגלענדערין, וועלכע האט זיך בעשטעלט איהרע טואלעטען ביי דיא ערשטע פאריזער שניידערס. פריעדריך האט געפיהלט וויא עפעס א שטאלץ, בשעת ער האט געקוקט אויף דאס אידישע פריילין, דיא טאכטער פון א פעדלער, ועלכע איז געשטאנען מיט סטאטיק אבער אהן א שום הכנעה נעבען

אזא גרויסע ענגלישע דאמע, און ער האָט זיך געטראכט מיט דיא ווערטער פון זיין פריינד קינגסקאורט :

„א רוח זאָל..... מיר זיינען שוין אזוי ווייט געקומען, אז מיר קענען זיך שוין האלטען אין דער געזעלשאפט מיט סטאטיק אָבער אָהן ,שום הכנעה".

דיא ליידי און מרים זיינען אָבער ארויס אין גאָרטען, און פריעדריך, וועלכער וואָלט גרייליך מיטגעגאנגען, האָט געמוזט בלייבען זיצען, ווייל אין שמועס האָט מען זיך לויטער געווענדעט צו איהם. מען האָט איהם דערקלעהרט זאכען, וועלכע ער האָט נאָך ניט געוואוסט; צום ביישפיעל, דיא ראָלע פון קונסט און פילאָזאָפיע אין דער נייען געזעלשאפט. איצט ערשט, בעת איזאקס האָט אָנגעהויבען מיט זיין מחיה'דיגער שטימע וועגען דעם צו ריידען האָט זיך פריעדריך דערמאָנט, אז ביז אהער האָט ער דעריבער נאָך גאָר ניט געוואוסט. ער האָט געזעהען דעם טעמפעל, דיא עלעקטרישע מאשינען, דאָס אלטע פאָלק אין זיין נייארט לעבען אין אלטניילאנד. אָבער וואָס פאר א פנים האָבען געהאט דיא וויסענשאפטען און דיא קונסט אין דער נייען געזעלשאפט? דערמיט האָט מען זיך דאָך א מאָל שטענדיג געפאָכט געגען דיא ציוניסטישע בעוועגונג! מען האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם געדאנקען פון א אויפלעבען פון אידישען פאָלק וויא א טריט צוריק צו דיא פינסטערע פאנאטישע צייטען. און מיט איין מאָל האָט פריעדריך געהערט פון איזאקס, אז עס הויבט זיך גאָר ניט אָן, אז אלע דיא מורא'דיגע נביאות זיינען ניט אָנגעקומען. אין דער נייען געזעלשאפט געפינט מען אלץ אין דער וועלט, נאָר ניט דיא אמאָליגע אונוויסענהייט ביים פאָלק. איטליכר קען גליקליך ווערען אויף זיין אייגענעם שטייגער. אמונה'זאכען האָט מען איין מאָל פאר אלע מאָל אויסגעשיידט פון דיא איבריגע קהל'שע אנגעלעגענהייטען. דיא געזעלשאפט האָט זיך ניט צו קימערן וועגען דעם, וואו אימיצער זוכט זיין גאָט, צו אין טעמפעל, צו אין דער קירכע, צו אין א מאָשעע, צו אין א מוזעאום פון קונסט, צו אין א קאָנצערט אין דער פילהארמאָניע. דאָס געהט קיינעם ניט אָן, און זאָל זיך איטליכער טאָהן, וויא ער פערשטעהט.

קונסט און פילאָזאָפיע האָבען געהאט א אייגענעם אינסטיטוט, א אייגען היים, וואו מען האָט פאר זיי געזאָרגט: די אידישע אקאדעמיע, וועלכע איז אויך ניט געוועזען קיין שפּאָגעל נייע זאך, וועלכע האָט זיך גענומען די הונדערטיעהריגע פראנצויזישע אקאדעמיע צום מוסטער. דיא מיטעל צו גרינדען דיא אקאדעמיע האָט מען בעקומען פון א רייכען אמעריקאנער, וועלכער האָט מיטגעמאכט דיא רייזע מיט'ן דאמפפער „פוטורא". דער גייסט פון פוטורא זאָל שטענדיג בלייבען

אין דער אקאדעמיע. 40 מיטגליעדער האָט דיא אקאדעמיע, און ווען איינער פון זיי שטארבט, קלייבען דיא איבריגע אויס דעם ריכטיגען ממלא־מקומו. דיא מיטגליעדער קריעגען א געהאלט, וועלכע בעפרייט פון אלע דאגות חיונה, און זיי קענען זיך פריי אָבגעבען פאר דיא קונסט, וויסענשאפט און פילאָזאָפיע. דיא ערשטע פערציג יודען פון דער אקאדעמיע האָבען ניט מגזם געווען זייערע נאציאָ־נאלע געפיהלען. זיי האָבען דאָס גאָר ניט געקענט, ווייל דיא ערשטע מיטגליעדער זיינען געקומען פון פערשיעדענע לענדער מיט פערשיעדענע שפראכען. איטלי־כער האָט אויסער דעם צובונד צום יודענטהום נאָך מיטגעבראכט א צובונד צים פאָלק, פון וואנען ער איז געקומען, און זיי האָבען ניט געקענט איבערטרייבען זייערע נאציאָנאלע געפיהלען, און האָבען זיך אלע פעראייניגט אויף דעם צו־בונד צו דער גאנצער מענשהייט. און זייער צוזאמענבונד האָט בעשאפען א בנין, וועלכער האָט ניט געקענט איינפאלען, ווייל איטליכען וויטערען מיטגליעד האָ־בען אויסגעקליעבען דיא פריהערדיגע. דיא ערשטע תקנה פון דער אקאדעמיע זאָגט אָן : „דיא יודישע אקאדעמיע נעהמט זיך פאָר, צו ענטפלעקען דאָס, מיט וואָס געוויסע יחידים האָבען זיך אויסגעפיינט און אויסגעקרוינט פאר דער גאנ־צער מענשהייט“. און, ווען מען נעהמט זיך אזוינס פאָר, קען מען שוין ניט שטעהן בלייבען ביי'ן גרענעץ פון דער אייגענער נאציאָן.

דיא פערציג מיטגליעדער פון דער יודישער אקאדעמיע זיינען אויך געווען א מין כבוד־סנהדרין, וועלכע האָט אויסגעטהיילט דעם כבוד פון יודישע אָרדענס, וועלכע איז אויך נאָכגעמאכט געוואָרען נאָך א פראנצויזישען מוסטער, דעם עה־רענלעגיאָן. דער אָרדען איז בעשטאנען פון א געלען באנד, צו טראָגען אין קנאָפ־לאָך. פריעדריך האָט שוין בעמערקט אזא באנד ביי פערשיעדענע מענשען אין אלטניילאנד, נאָר ער האָט זיך אויף דעם ניט אָבגעשטעלט. מן הסתם, דער אלטער נארישער חשק, זיך מיט אָרדענס אויסצופוצען. פונדעסטוועגען האָט דאָס אויף איהם געמאכט א איינדרוק, בעת איזאקס, וועלכער האָט צוגלייך מיט פראָפעסאָר שטיינעק געטראָגען דעם באנד, האָט גענומען דערקלערען דיא וויכטיגקייט פון דעם באנד.

„איהר זאָלט ניט מיינען, ליעבער דאָקטאָר, אז מיר האָבען דאָס איינגע־פיהרט פון נארישקייט און פוסטקייט. כבוד וויל אויך געזעהען ווערען ; דאָס האָ־בען שוין גוט פערשטאנען דיא גרויסע פיהרער פון דיא מלוכות אין דער אלטער געזעלשאפט. פאר וואָס זאָלען מיר זיך אָבזאָגען פון אזא מיטעל, וואָס ברייגט אזוי פיעל איין דעם כלל ? מיר האָבען זיך נאָר בעמיהט, אז דיא ווערדע פון דעם

טיטעל זאָל זיין אזוי הויך, דאמיט עס זאָל ניט אזוי לייכט זיין צוצוקומען צו איהם. זעלטען, זעלטען דערגרייכט איינער צו דער העכסטער מדרגה. דער אויבערשטער פון דעם דאזיגען סנהדרין איז דער פרעזידענט פון אונזער אקאדעמיע, און דיא אקאדעמיע אליין שטעלט זיך צונויף פון מענשען וועלכע האָבען ניט קיין אייגענע אינטערעסען אין דער זאך און מישען זיך ניט אין קיין פּאָליטיק. דערפון נעהמט זיך, אז דיא אָרדענס קען מען ניט קויפען ניט מיט געלד, ניט דורך פּארטיי־אינטערעסען. אז איינער מאכט גוטע געשעפטען, קריעגט ער נאָך ביי אונז ניט קיין אָרדער דערפאר. דעריבער האָט מען דאָך טאקי אזוי אָבגעלאכט פון דיא אָרדענס אין אמאָליגע צייטען. אָט דאָס נאריש בענדעל איז ביי אונז א סימן, אז 'דער בעשרענקטער האָט וויכטיגע זאכען אויפגעטהון, אזוינס, וואָס האָט דערהעכערט דעם גאנצען כלל. דיא פארב פון בענדעל זאָל אונז אָבער דערמאָנען אָן דיא „געלע לאטע", אָן דיא שווערע צייטען פון אונזער היסטאָריע, און זאָל אונז אין צייטען פון גליק דערמאָנען אָן דיא מדה פון עניוות. פון דער געלער לאטע, וועלכע עס האָבען געמוזט אויף זיך טראָגען אמאָל אונזערע אבות דיא קדושים און פון דער פארב פון אונזער אמאָליגען בזיון איז געוואָרען ביי אונז דיא פארב פון אונזער היינטיגען כבוד".

„פערשטעהט איהר שוין?" האָט שטיינעק אויסגערופען.

פריעדריך, טיעף פערטראכט אין זיינע רעיונות, האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. אין דער איינענער רגע האָט דער דיענער מודיע געוועזן, אז דאָקטאָר מארקוס איז געקומען. איזאקס האָט זיך גיך אויפגעהויבען און איז געלאָפען אקעגען דעם אלטען מאן מיט דער גרויווייסען באָרד.

„איהר קומט וויא גערופען, העדר דאָקטאָר", האָט איזאקס געזאָגט און איהם פאָרגעשטעלט פאר'ן לאָרד און פריעדריכען, — „העדר דאָקטאָר מארקוס איז דער פרעזידענט פון דער יודישער אקאדעמיע.... איך האָב אָקאָרשט דערצעהלט מיינע געסט וועגען איהר. לאָרד סעדבערי האָט שוין עפּעס געהערט פון איהר, אָבער פאר דעם הערען, חאָטש ער איז א יוד, איז אלץ נאָך געווען נייעסען".

„וויא איז דאָס געמאָלט?" האָט דאָקטאָר מארקוס געפרעגט.

פריעדריך האָט אין קורצע ווערטער דערצעהלט זיין געשיכטע. דער פרעזידענט האָט זיך צוגעהערט, שאָקלענדיג אלץ מיט'ן קאָפּ. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

„פאר צוואנציג יאהרען! איך פערשטעה שוין. וויא איהר האָט זיך געמוזט וואונדערען, און דערנאָך האָבען מיר קיין נייעסען ניט אויסגעטראכט. צו געדענקט איהר נאָך דיא רעד פון קהלת: „וואָס איז געשעהען? דאָס וואָס עס וועט

ווייטער געשעהען. וואָס האָט מען געטהון? דאָס וואָס מען וועט שפּעטער נאָך א מאָל טהון. עס איז ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון!"

„אָבער מיין ליעבער פּרעזידענט, וואָס רעדט איהר!" האָט שטיינעק א געשריי געגעבען, — „דאָס טאָר מען דאָך ניט נעהמען אזוי פּשוט. אלץ וואָס איז דאָ איז נאָך ניט געווען. אלץ וואס עס וועט קומען ליעגט ניט הינטער אונז. איך הייס זיך אייך ניט דערמאָנען אָן קהלת, זאָנדערן אָן סטאָקטאָן־דערלינגטאָן. פערשטעהט איהר שוין?"

„וואָס מיינט איהר אייגענטליך מיט סטאָקטאָן־דערלינגטאָן?" האָט זיך דער לאָרד דערקונדיגט — „צו מיינט איהר דיא ערשטע באהנליניע אין דער וועלט, וועלכע סטעפּענזאָן האָט געבויט פאר הונדערט יאָהרען צווישען דיאביידע סטאנציעס?"

„אודאי, מילאָרד", האָט אויסגערופען דער פּראָפעסאָר, — „מיר האָבען פאר עטליכע טעג אין דער אקאדעמיע גענומען אויף זיך א הסכם, צו מאכען דער גאנצער געבילדעטער וועלט א מאָדנעם פאָרשלאָג. מען זאָל אין יאהר 1925 פייערען דאָס הונדערטיאָהריגע יובילעאום פון סטעפענזאָנס גרויסע טהאט, און פייערען לויט דעם, וויא ער האָט דאָס פערדינט. עס זאָלען פּונקט אין דער מינוט, ווען עס וועלען פול ווערען דיא הונדערט יאהר, אלע לאָקאָמאָטיווען פון אלע ליניעס אין דער וועלט דערלאנגען דריי מאָל א סיגנאלפייף. אָט אזא סטאָקטאָן־דערלינג-פייער שלאָגען מיר פאָר. אין דער גאנצער וועלט וועלען דיא מענשען, וועלכע זיצען אין דיא וואגאָנעס, זיך דערמאָנען דאדורך אָן סטעפענזאָן, אָן דעם וועלכער האָט אונז געבראכט דיא נייע צייט.... איהר וועט מיר מודה זיין, מיין גוטער פרעזידענט, אז צווישען סטאָקטאָן און דערלינגטאָן גליטשט זיך אראָב די חכמה פון קהלת פון דיא שיענעס".

דאָקטאָר מארקוס האָט פריינדליך געענטפערט:

„איך בין שוין מודה, אָן נאָך מעהר דערפאר ווייל איך האָב דאָס גאָר ניט געלייקענט. איך האָב נאָר אין זינען געהאט דיא זאכען און דיא געשעהנעשען אין דער וועלט און אין דער נאטור, וועלכע טרעפען זיך צוזאמען אין איינער און דער אייגענער צייט. דער געדאנקען ליעגט מיר אָפּט אין מוח. איך טראכט וועגען איהם אין צייטען פון רוה, דער געדאנקען בערוהיגט מיין נשמה. און דאריבער זיינען מיר נאָך ליב און גוט דיא אהרען, דיא מאָנאטען, אָדער דיא טעג וועלכע זיינען מיר נאָך באשערט צו פערברייננגען אין דער ליכטיגקייט פון דער זון. איך זאָג ניט, אז זיי געפעלען מיר ניט. עס איז מיין טרויסט, דאָס אלע זאכען, וועלכע זיי־

נ'ען אמאָל געוועז, זיינען נאָך איצט אויך דאָ. אויף דאָס וואָס דארף קומען איז שוין דאָ, און איך דערקען שוין דאָס: דאָס איז דער נצחון פון אל'דאָס גוטען. און דאריבער, זאָגענדיג דאָס אייגענע קום איך צו אנדערע, פרעהליכע רעיונות, ווי דוד'ס זון, וועלכער איז געוועזן קעניג צו ירושלים. און אפשר האָט שלמה המלך געמיינט דאָס אייגענע וואָס איך, חאָטש ער אליין זאָגט, אז אלץ איז הבל־הבלים, און פרעגט וואָס געווינט שוין דער מענש פון אל'זיינער מיה אונטער דער זון? אמת, אלץ איז הבל־הבלים, ווען מען קוקט אויף דעם וויא ווייט דאָס איז פון נו־צען פאר מיין אייגענערפערזאָן, און אזוי וויא מיינע אייגענע פערזאָן לעבט נאָר א קורצע צייט, קען שוין קיין זאך איהם ניט זיין פון אייביגען נוצען. אנדערש אָבער איז, ווען מיר פערגעסען אָן אונזער אייגענע פערזאָן, קלערענדיג וועגען דעם נוצען פון פערשיעדענע זאכען. דאמאָלסט זיינען אפילו מיינע חלומות אייביגע זאכען, דען זיי וועלען זיך חלום'ען אנדערע מענשען, אין א צייט, ווען איך וועל שוין ניט זיין אויף דער וועלט. שעהנקייט און חכמה געהען ניט אונטער, האָטש דיא וועלכע האָבען זיי בעשאפען זיינען שוין לאנג געשטאָרבען. מיר מוזען זיך געוועהנען צו דעם געדאנקען, אז שעהנקייט און חכמה געהען ניט אונטער, אקו־ראט וויא מיר האָבען זיך געוועהנט אין דעם געדאנקען, אז דיא וועלט-ענערגיע ווערט קיינמאָל ניט פערמינדערט און פערמעהרט, צו איז דען אונטערגעגאנגען דיא קונסט פון דיא גריכען מיט זייער ליכטיגען פרעהליכען בליק? ניין, אין איטליכען צווייטען דריטען דור ווערט זיא פון דאָס נייע געבאָרען. צו זיינען אונ־זער דברי חז"ל, דיא שפּרוכען פון אונזערע תנאים אונטערגעגאנגען, צו איז פער־לאָשען געוואָרען זייער חכמה? ניין, זיי לייכטען און לייכטען, כאָטש אין צייטען פון גליק זיינען זיי ניט אזוי קלאָר צו זעהען, וויא אין דיא צייטען פון אונגליק. נאָר דאָס אייגענע זעהען מיר ביי אלע פלאמען... און וואָס איז דער פועל יוצא דערפון? דאָס מיר זאָלען זיך מיהען מיט אלע כחות דיא שעהנקייט און דיא חכמה אויף דער ערד צו פערמעהרען, זיך מיהען מיט אלע כחות, ביז צום לעצטען אָטהעם. דען מיר אליין זיינען דיא ערד. מיר קומען פון איהר און קעהרען צו איהר צוריק. דאָס האָט דאָך שוין קהלת געזאָגט, און קעגען דעם איז גאָר ניטאָ וואָס זיך מתוכח צו זיין: והארץ לעולם עומדת, ד. ה. און דיא ערד בלייבט אייביג בע־שטעהן!"

נאָך דאָקטאָר מארקוס ווערטער האָט מען א ווילע געשוויגען. איטליכער איז פערזונקען געוואָרען אין זיינע אייגענע געדאנקען. און אין דער דאָזיגער שטילקייט האָט זיך פלעצליך געהערט דער געזאנג פון א פרויענשטימע, וועלכע

איז דורך מויערען און טהירען דורכגעדרונגען, װיא פערשלײערט. און איצט האָט שוין אודאי קײנער ניט געװאָלט צושטערען דיא זינגענדיגע שטילקײט.

„װער איז דיא זינגערקע?“ האָט פריעדריך שטיל געפרעגט.

„צו װײסט איהר דאָס ניט?“ האָט איזאקס געענטפער, — „פרײלײן מרים!“

איזאקס האָט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען צום זאל־הויף. ער האָט אָהן א שום גערויש געעפענט דאָס מוזיק צימער, װאו דיא בײדע דאמען האָבען פערבראכט זיך דיא צײט. איצט האָט מען געהערט קלאָר דעם פראכטיגען געזאנג. מרים, װעלכע האָט ניט געװאוסט, אז עמיצער אויסער דיא לעדי הערט צו איהר געזאנג, האָט פאָרגעזונגען פאר איהר ליעדער פון שומאן, רובינשטײן און װאגנער, װערדי, גונאָ און דיא מוזיק פון אלע פעלקער. דיא מעלאָדיען זײנען געפלאָסען װיא פון א קװאל װאָס שעפט זיך ניט אויס, און פריעדריך האָט געפיהלט א גן־עדן־תענוג, צו הערענדיג דיא מוזיק, זיך פיהלענדיג ארומגערינגעלט פון געהויבענע מענשען, װעלכע פערברײנגען זײער לעבען אין שטילע און הויכע געדאנקען, און לעגען ארײן אין זײער אײגענעם לעבען, װיא אין לעבען פון כלל, שעהנקײט און חכמה. און בשעת דיא זינגערקע מרים האָט אָנגעהויבען צו זינגען א ליעד, װאָס ער האָט שטענדיג ליעב געהאט צו הערען, דאָס ליעד פון „מיניאָן“, פול אָנגעזאפט פון בענגשאפט: „צו קענסט דו דאָס לאנד, װאו עס בליהען דיא ציטראָנען“... האָט פריעדריך געזאָגט פאר זיך אלײן: „אָט דאָס איז דאָס לאנד!“

---

## III.

דיא צײט אין איזאקס הויז איז פערגאנגען גיך װיא א חולם. געגען אָװענד האָט מען גערופען דעם פראָפעסאָר שטײנעק צום טעלעפאָן. קינגסקאורט האָט איהם געפאָדערט. ער האָט געבעטען, אז ער זאָל אונגעזוימט קומען אין האָטעל. שוין זיצענדיג אין דער קארעטע צוזאמען מיט׳ן פראָפעסאָר, האָט פריעדריך געזאָגט:

„פרײלײן מרים, איך דאנק אײך דערפאר, װאָס איהר האָט זיך מיר געגעבען

צו דערקענען דורך אײער געזאנג. ערשט איצט הויב איך אָן צו װיסען, װער איהר זײט".

זיא איז רויט געװאָרען און האָט געשװיעגען.

אין האָטעל אָבער האָט זיא אונפערהאָפט בעקומען א שלעכטע בשורה.

פאר'ן טהויער איז געשטאנען קינגסקאורט אָהן א הוט אויפ'ן קאָפּ און איז ארויפגעפאלען מיט קולות אויפ'ן פּראָפעסאָר:

„א רוח זאָל דאָס נעהמען! איהר האָט זיך נאָך געמעגט א ביסעל אונטער־אײלען!"

„װאָס איז דאָס פאר א מעשה?" האָט דער פּראָפעסאָר רוהיג געפרעגט.

„װאָס פאר א מעשה! דאָס נפל'ע, פריצכען, — קראנק איז דאָס! און איצט זײט מוחל און דרעהט זיך מיר ניט דאָ צופיעל ארום. קומט צו פּריצכען".

זײ זײנען האסטיג ארויף אין קינדער צימער. פריצכען איז געלעגען אין בע־טעל. דיא בעקלעך זײנע האָבען געפלאמט און דיא אויגלעך האָבען געגלאנצט פון פיעבער.

„אָטאָ", האָט דאָס קינד א געשרײ געטהון צו קינגסקאורטען. און „אָטאָ" האָט באלד געהאָרכט און איז צוגעגאנגען צום קלײנעם אכזר. ער האָט זיך אװעק־געזעצט אויף א שטוהל בײ'ן קעפּעל פון קינד. און דעם שטוהל האָט ער שוין אין דיא װײטערדיגע טעג ניט אזוי אָפט פערלאָזען. דען, װיא גרויס עס איז שוין ניט געװען אויף איהם דער כח פון געזונדען פּריצכען, דאָס קראנקע קינד האָט שוין געקענט מיט איהם מאכען, װאָס ער האָט נאָר געװאָלט.

נאָך דער אונטערזוכונג האָט פּראָפעסאָר שטײנעק געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, שטארק פערזאָרגט. ער האָט אפילו פרוי ליטװאק, װעלכע איז גאָר געװען פאר־צװײפעלט, בערוהיגט װיא מעגליך; קינגסקאורטען אָבער האָט ער אויסגעזאָגט דעם אמת. דאָס קינד האָט געהאט א ערנסטע קראנקהײט, א ענטצינדונג אין האלדז. קינגסקאורט איז מעהר דערשראָקען געװאָרען, װיא ער דאָט דאָס געװאָלט ארויסװײזען. ער האָט צוגערופען פריעדריכען, האָט איהם אװעקגעשלעפּט אין א בעזונדער צימער און האָט אָנגעהויבען צו שעלטען מיט טויטע קללות: דעם קינד'ס קראנקהײט איז מבטל אלע פריהערע פּלענער. מען קען איצט ני טהון, דאָס װאָס מען װיל און מען מוז זיך איצט נעהמען א אנדער הסכם.

„איך פערשטעה שוין, קינגסקאורט", האָט פריעדריך אומעטיג געזאָגט, — „איהר װילט איצט באלד אָבפאָהרען. נו גוט, איך בין פארטיג".

„א אײנפאל דאָס איז!", האָט קינגסקאורט א געשרײ געטהון, װערענדיג

רויט, וויא אַנגעגאָסען מיט בלוט, — „איהר הויבט גאָר ניט אָן צו פערשטעהן, וואָס מען רעדט מיט אייך. אייער השגה איז מן הסתם פון ארומשפאציערען מיט דעם דאָזיגען פריילײן א ביסעל טעמפּע געוואָרען. דאָס איז דאָך אונזער שלים־מזל, וויא מען זאָגט ביי אייך יודען, דאָס מיר קענען איצט אויף קיין פאל ניט אבפאָהרען. איהר האלט מיך טאקי פאר א לייטישען מענשען! זיין ביי יענעם פריהער א גוטער גאסט, זיך אָנטהון אלע וואוילטאָגען. לעבען אויף יענעמס קע־שענע, און דערנאָך, ווען עס בעווייזט זיך א שאָטענדעל אין שטוב, נעהמען דיא הענד און דיא פיס און מאכען ויברח! ניין, מיין ליעבער, איהר מעגט מיינעטוועגען אוועקפאָהרען, ווען איהר קענט אין דער׳אמת׳ן ניט לענגער אויסקומען אָהן אייראָפּא. איך בלייב דאָ ביז פריצכען וועט געזונד ווערען. דאָס פאָדערט פון מיר א פּראָסטער דרך־ארץ. עס לאָזט זיך ניט אנדערש“.

דיא גראָבקייט פון קינגסקאורטען, וועלכער האָט דאָס איצט אויך געוואָלט פערפארבען מיט זעהר שווערע גלייכוועדטלעך האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען. ער האָט זיך מעהר געשראָקען פאר פריצכענס קראנקהייט, וויא דאָס האָט זיך איהם נגוואָלט ארויסווייזען. דיא גאנצע נאכט האָט ער אין איינעם מיט דער מוטער און דער ניאנע פערבראכט ביי׳ם קינדס וויעגעל. און דאָס קינד האָט זיך געריסען צו איהם, אקוראט וויא דאָס קינד וואָלט פערשטאנען, וואָס פאר א נייע ווענדונג עס נעהמען איצט דיא געפיהלען פון אמאָליגען מענשענפריינד. פּראָפּע־סאָר שטיינעק האָט דאָס ערקלערט אויף א אנדער אופן: ניט צו קינגסקאורטען האָט זיך דאָס קינד געריסען נאָר צו דעם לאנגען שעהנעם ווייסען באָרד; אָדער אפשר האָט גאָר דער אלטער העדר צוגעצויגען דאָס קינד צו זיך דורך דיא תנועות זיינע און דיא נארישע הויות?

וואָס פאר א סברה מען זאָל ניט אָננעהמען, איינס איז געוועזען קלאָר: פריץ האָט זיך ניט אָבגעצעפּעט פון זיין פריינד מיט דער בייזער מינע. און ווען דיא היטץ האָט איהם שטארק געברענט פלעגט ער זיך פעסט אָנכאפּען אָן דעם פינגער פון קינגסקאורטען, וועלכער פלעגט ניט אָבטרעטען פון וויעגעל. נאָר פון קינגס־קאורטען פלעגט ער נעהמען דיא מעדיצין, נאָר ער אליין האָט איהם געקענט איינ־שלעפערען מיט זיין ניגון. קינגסקאורט איז ניט געוועזען קיין גרויסער בקי אין ליעדער. בעסער פאר אלץ פלעגט ער נאָך זינגען:

„ווער רייט מיט צוואנציג קנאפּען איין
צו היידעלבערג אים הירשען?
דאָס איזט דער הער פאָן ראָהאָדענשטיין,
אויף רהיינוויין וויל ער פּי־א־י־א־י־רשען“

מיט דעם ליעד איז איהם איינמאָל אָבגעלונגען איינצושלעפערען דאָס קינד, און פון דאמאָלסט אָן מוז שוין דער רהאָדענבערגער אריינטרעטען אין היידעל־בערג צו דער אכסניה „צום הירשען". דאָס צווייטע ליעד פון קינגסקאורט האָט זיך אָנגעהויבען: „דער גאָט, דער אייזען וואקסען ליעס, דער וואָלטע קיינע קנעכטע". מיט דיאביידע ליעדער פלעגט ער בערוהיגען דאָס קראנקע קינד.

פאר דוד'ן האָט מען פערבעהאלטען דעם קינדס קראנקהייט. מען האָט איהם ניט צו פריה געוואָלט אָבעסען דאָס הארץ, ער האָט סיי וויא סיי געדארפט באלד קומען קיין ירושלים. ער איז געקומען פון דיא אויסקלייבענעש־מלחמה, וויא א בעל־נצחון. דיא קאנדידאטען פון דער פּארטיע גייער האָבען קיין מזל־ברכה ניט געהאט אין זייערע אינטריגעס, און מען האָט זיי אין ערגעץ ניט אויסגעקליעבען. אפילו ד"ר גייער אליין האָט קיין מזל ניט געהאט. און ער איז נאָך א ספק, אויב ער וועט ווערען אויסגעקליעבען. דוד אָבער איז אויסגעקליעבען געוואָרען אין 31 ערטער צום דעלעגירטען. ער האָט אָבער נאָר אָנגענומען דעם מאנדאט פון איין ניידאָרף.

בעת ער איז מיט אזא יום־טוב'דיגער פרעהליכקייט צוריקגעקעהרט, האָט האָט אָבער שוין געווארט אויף איהם דיא טרויעריגע בשורה וועגען פריצכען. זיין ווייב איז איהם ארויפגעפאלען אויפן האלז מיט א געוויין:

„מיר זיינען געווען צו גליקליך, דוד, איצט אָבער האָט אונז דער אויבער־שטער ביטער געשטראָפט! אפשר האָבען מיר צו געגרויסט זיך מיט אונזער גוטס, און מיר האָבען דאָס צוגענומען, אקוראט וויא מיר וואָלטען ביי גאָט א חלק אריינ־געלייגט?"

ער האָט געענטפערט ערנסט און וועיך:

„מיר דארפען זיך טאקי ארומקוקען און נאָכזוכען אונזערע פריהערע מעשים. דאָס שאָדט קיין מאָל ניט. אָבער וואָס דער קראנקהייט אנבעלאנגט, לאָמיר ניט פערליערען קיין מיטעל, מיט וואָס זיא גובר צו זיין".

זיי האָבען ניט אויסגעלאָזען קיין מיטעל, צו ראטעוועז דאָס לעבען פון זייער קינד. דיא גרעסטע דאָקטוירים האָבען זיך צוויי מאָל א טאָג צונויפגעקליע־בען ביים בעטעל פון פריעצכען. דיא קראנקהייט אָבער איז אלץ געגאנגען וויי־טער. דער צושטאנד פון קינד איז געוואָרען אלץ ערגער און ערגער. עס איז שוין געקומען אזוי ווייט, דאָס דיא דאָקטוירים האָבען איינמאָל שוין פערלאָזען דאָס קינדערצימער און האָבען טרויעריג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, זיך אָבזאָגענדיג פון קליינעם חולה. איין פּראָפעסאָר שטיינעק איז נאָך געבליעבען. ער און קינגסקאָ־ורט פלעגען זיך בייטען מיט דער קראנקען-זיצערקע, און ניט לאָזען דאָס קינד א רגע אליין. דיא מוטער איז שוין אליין קראנק געוואָרען, נאָך איידער דיא מי־דינקייט האָט זיא אין גאנצען צובראָכען.

מרים און מיסטרים גאָטלאנד זיינען געזעסען ביי איהר דיא נעכט. דויד האָט געוואָהנט אין א חדר צווישען דיא ביידע קראנקעניציעמערען, און פלעגט אלע ווייעלע א קוק טהון ביי דער פרוי, אָדער ביי דעם קינד, אויב אלץ איז אויף א

אָרט און געהט־צו לויט דעם בעפעהל פון דיא דאָקטוירים. ער האָט זיך אלץ גע־
טהון קלוג און רוהיג, און רעשיד־ביי און פריעדריך, וועלכע האָבען זיך בעמיהט
דיא גאנצע צייט איהם צו צערשטרייען, האָבען זיך ניט געקענט אָבוואונדערען
אויף זיינע געלאסענהייט. דיא נאָהענטערע פריינד, וועלכע פלעגען זיך קומען
נאָכפרעגען, פלעגען קריעגען פון איהם אליין אלע אויסקינפטע. סוף כל סוף איז
דאָס שוין אויך אריבער איבער זיינע כחות. ער האָט געבעטען איינעם פון זיינע
פריינד, ארונטערצוגעהן און צונעהמען דיא בעזוכער אין אונטערשטען זאל פון
האָטעל. רעשיד־ביי האָט דאָס אויף זיך גענומען. צווישען דוד'ס בעקאנטע האָט
זיך גיך פערברייט דיא ידיעה, אז זיין קינד איז געפעהרליך קראנק, און פון אלע
זייטען איז מען געקומען זיך נאָכפרעגען. דער פרעזידענט פון דער נייער געזעל־
שאפט האָט געהייסען בריינגענזידיעות צו איהם אלע שעה. עס האָט זיך ארויסגע־
וויעזען ביי דעם צופאל, וואָס פאר א ליעבע און וואָס פאר א אכטונג מען פיהלט
צו דוד'ן אומעטום. פאר'ן האָטעל איז שטענדיג געוועזן א פערזאמלונג פון מענ־
שען. קיינער האָט כמעט דעם קליינעם פריץ קיינמאָל אין דיא אויגען ניט אָנגע־
זעהען, אָבער דאָס, וואָס ער איז דוד'ס א קינד איז שוין געווען גענוג. א סך
האָבען מתפלל געווען פאר זיין לעבען, וואָס קען נאָך א מאָל זיין א ברכה פאר'ן
כלל, אויב ער וועט ניט ווייט אָבשטעהן פון פאָטער ליטוואק.

און דערווייל האָט דוד, געבויגט פון שמערץ, רוהיג גערעדט מיט פריעדרי־
כען:

„זעהט איהר, מיין ליעבער דאָקטאָר לעווענבערג, דאָס קענען מיר שוין ניט
ענדערען. וויא פאר צוואנציג יאהרען, אזוי איז אויך געווען פאר צוויי טויזענד
יאָהר. אז עס קומט אָן א בייזע אָנשיקעניש אוי דעם אמאָליגען גליקליכען איוב,
מוז ער זיך צוזאמעננעהמען און זאָגען: ד' נתן, ד' לקח: גאָט האָטגעגעבען, גאָט
האָטצוגענומען.

ביי דיא ווערטער איז שטיינעק ארויס פון פריצכענס צימער און האָט שטיל
געזאָגט:

„גאָט נעהמט נאָך ניט צו", אָבער עס האָט געפעלט אין זיין שטימע א שטיק
בטחון. ער האָט נאָך ווייטער געטרייסט: —„ווען דאָס קינד זאָל נאָר קענען איינ־
שלאָפען! א גוטער שלאָף וואָלט געוון פאר איהם א גליק, אפשר דער איינציגער
ראטונעק".

„צו שטערט ניט קינגסקאורט מיט זיינע ברום־ליעדער?" האָט פריעדריך
געפרעגט.

„ניין", האָט שטיינעק געענטפערט, — „צו ער וויל, צו ניט, ער מוז שטענ־
דיג זינגען. וויא באלד פריצכען האָפט זיך אויף פון זיין האלבען דרימעל, מוז שוין
דער אלטער אָנהויבען זינגען. און ער טהוט עס מיט אזא נגון, אז עס פערכאַפּט
דאָס הארץ".

„ער האָט זיך צום קיגד מאָדנע שטארק צוגעבונדען" האָט פריעדריך געזאָגט.
דוד האָט זיך ביי די לעצטע ווערטער פאנאנדער געוויינט. פון נאָהענטען חדר

האַט זיך דערוויל געהערט קינגסקאורט'ס שטימע: „דער גאָט, דער אייזען וואַק־סען ליעס, דער וואָלטע קיינע קנעכטע...“ און באלד דערנאָך האַט זיך אָנגעהויבען דאָס ליעד פון ראָהאָרענשטיין, וועלכער איז געגאַנגען אויף רהיינוויין אויף יאכט. נאָר אלץ אומעטיגער ווערט דער הער פון ראָהאָרענשטיין צו היידעלבערג, און זיי האָבען זיך פון דעם דערבייאיגען צימער צוגעהערט אין איין שרעק, צו וועט אפשר חלילה דאָס ליעד ניט פערשטומען מיט איינמאָל עס עוורט פּלעצליך שטיל... קיין גערויש. און אין א רגע ארום בעווייזט זיך קינגסקאורט אין טהיר. זיינען אויגען זיינען געווען פערגאָסען מיט בלוט, און געבענדיג א צייכען צום שוויינען האָט ער ארויפגעלעגט דעם פינגער אויפן מויל:

שטיל! עד שלאָפט! קיין פּיפּס זאָל זיך מיר ניט הערען. אויב איינער וועט זיך דערוועגען צו מאכען ליארם אין קאָרידאָר, לעג איך איהם אוועק אויף איין אָרט! איך געה אויף א ווײלע ארויס. וויא נאָר פריץ וועט זיך אויפכאַפּען, זאָלט איהר מיך רופען צו איהם“.

און אזוי האָט ער אויך געטהון. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אין דעם גאַנג פון האָטעל פאר פריצכענס צימער אויף א שטוהל און האָט געוואַרט. דיא דיע־נער און דיא געסט וועלכע האָבען געוואָלט פערבייגעהן, פלעגט ער בעגעגנען מיט אזא ווילד־בייזען קוק, אז זיי פלעגען זיך דערשרעקען, און דערביי האָט ער נאָך צוגעברומט, אז דאָ איז א קראנקער, זיי מעגען אויסמיידען דעם גאַנג.

איין שעה איז אזוי פערגאַנגען, און א צווייטע, פריעדריך איז ארויס צו קינגסקאורטען אין קאָרידאָר. דער אלטער האָט זיך א הויב געגעבען פון שטוהל.

„האָט מיך פריצכען גערופען?“

„ניין, ער שלאָפט נאָך אלץ“. אין דער איינענער רגע האָט פריעדריך גע־פיהלט, וויא עמיצער האָט איהם פאר'ן קאָפּ א כאַפּ געטהון. קינגסקאורט האָט איהם ארומגענומען און ארייגגעברומט אין אויער:

„פריץ, אויב דאָס נפל'ע וועט געזונד ווערן, בלייב איך דאָ, אויף שטענדיג. איך גיב זיך א נדר פאר דער גאנצער וועלט! אָט דעם קרבן ברייננג איך פאר דער רפואה זיינע. דאָס איז אזוי וואָהר, וויא מיין נאָמען איז אדאלבערט פון קעניגס־האָף...“

שעה'ן זיינען אוועק, דאָס קינד האָט אלץ ווייטער געשלאָפען. ער האָט דיא קראנקהייט אויסגעשלאָפען. פון נאכט איז געוואָרען א פריהמאָרגען, און צוזאמען מיט דער זון איז אויך דיא האָפנונג אויפגעגאנגען. און בשעת מען האָט אין דער פריה גערופען קינגסקאורטען צו פריצכענס בעטעל, האָט שוין דאָס קינד געהאט לעבעדיגע אויגלעך און האָט געשריען אנטקעגען:

„אָטטאָ! אָטטאָ!“

„א חברה־מאן!“ האָט קינגסקאורט געברומט און געוואָלט מאכען א אונצו־פריעדענע מינע, ווייל ער האָט זיך געשעמט דער פאר, וואָס ער איז נעכטען געווען אזוי שטארק אראָבגעפאלען ביי זיך.

„איצט געהט אָבער אויף זיך צולעגען, קינגסקאורט“, האָט פריעדריך

איהם געזאָגט, — „איהר מוזט זיך איצט אַברוהען. און וואָס אַנבעלאַנגט אייערע נעכטיגע רעד אין קאָרידאָר, זאָל זיך אייך דוכטען, אז איך האָב זיי גאָר ניט גע־הערט“.

„ניין, מיין ליעבער“, האָט קינגסקאורט שטאָלץ געענטפערט, — „איהר קענט מיך נאָך צו וועניג. דאָס וואָס איך האָב צוגעזאָגט בלייבט צוגעזאָגט... פרי־הער פאר אלץ אָבער מוז איך מיך גוט אויסשלאָפען... דערנאָך וועלען מיר שוין זעהען, וויא מען זאָל אונז אויפנעהמען אין דער נייער געזעלשאפט. בין איך גע־רעכט, צו ניט ?...“

פריעדריך האָט נאָך אלץ ניט געוואוסט, צו לאכט ער אָדער מיינט ער דאָס באמת. מעהר וויא דאָס האָט ער דאָך ניט פערלאנגט, וויא צו בלייבען דאָ. וויא וואויל און גוט וואָלט ער זיך געפיהלט, ותען ער וואָלט געקענט ווערען א ניצליכעס מיטגליעד אין דער נייער געזעלשאפט, מיטארבייטען אין אלע וויכטיגע און הויכע ענינים פון דער געזעלשאפט, ווערען א חבר פון אלע געהויבענע מענשען, מיט וועלכע ער האָט זיך דאָ בעקאַנט. דאָס איז שוין לאנג געווען א וואונש, פון וועלכען עס פלעגט זיך איהם הק״ב״ן טאָג וויא נאכט. און נאָך עפּעס וואָלט ער זיך גע־וואונשען, ווען ער וואלט ניט מורא געהאט זיך אליין מודה צו זיין אין עפּעס א געפיהל.

קינגסקאורט האָט אָבער געהאלטען וואָרט. באלד, וויא פריצכען האָט זיך נאָר גענומען בעסערען און פרוי ליטוואק איז ארויס פון בעט, האָט אָנגעהויבען קינגסקאורט צו נוקענען פריעדריכען, אז ס'איז צייט מקיים צו זיין דעם נדר זיי־נעם. צו יאָט ער פערשטאנען, וואָס פאר א פרייד ער האָט געמאכט דערמיט דעם חבר זיינעם זייט צוואנציג יאהר ? מען האָט געקענט מיינען אז יאָ. א מאָדנער מענשען פיינד, וועלכער ווערט בעזיעגט פון א קליין קינד. אמת, בשעת ער האָט שוין ניט געקענט אָבלייקענען זיין ליעבשאפט צום קינד פלעגט ער וועניגסטענס זיך בעמיהען דיא אשמה פון ליעבשאפט פון זיך אראָבצואווארפען. ער האָט טאקי ליעב דאָס קינד, אָבער א ערך, וויא מען האָט ליעב א ציכטיגע בהמה'לע. פריצכען איז נאָך דערוויייל ניט קיין מענש, און ער, דער מענשענפריינד, האָט זיך גאָר ניט מוחל צו זיין, ווען ער האָט איהם ליעב.

„דיא טעמים אייערע בין איך אייך מוחל“, האָט איהם פריעדריך אויסגע־לאכט. „איך בעגנוגען מיך מיט דעם וואָס איך זעה, ותען זאָלען מיר קומען מעל־דען, אז מיר ווילען אריינטרעטען אין דיא נייע געזעלשאפט ?“

---

## IV.

זיי האָבען בעשלאָסען דאָס באלד צו טהון. אזוי וויא זיי זיינען שולדיג גע־ווען א בעזוך צו מאכען דעם פרעזידענטען אייכענשטאם, וועלכער האָט זיי נאָך ראמאָלסט אין חיפה איינגעלאדען, האָבען זיי בעשלאָסען, זיך מיט איהם דערבּיי

צו בעראַטהען. זיי זיינען צוגעפאָהרען צום הויז פון פרעזידענטען. דאָס איז געוון א בנין, וועלכער האָט געהאַט א אָנבליק פון דיא פאַלאַצען ביי דיא אריסטאָקראַטען פון גענוא. מיט א רגע פריהער איז צוגעפאָהרען א מאָטאָרוואָגען, פון וועלכען עס זיינען ארויס צוויי הערען צוזאמען מיטפּראָפעסאָר שטיינעק. דער פּראָפעסאָר איז שוין געשטאַנען אויפן טרעפּ, בשעת ער האָט בעמערקט דיא צוויי פריינד, וועלכע האָבען זיך גענומען עפּעס נאָכפרעגען ביי'ן טהירדיענער. ער האָט זיי נע־גריסט פון דער ווייטען, און דאָס האָט שוין געבראַכט דערצו, דאָס דער דיענער האָט זיי באלד דורכגעלאָזען. אָבער שטיינעק איז שוין פערשוואונדען געוואָרען.

קיננסקאורט און פריעדריך האָבען געבעטען, מען זאָל זיי פיהרען צום סעקרעטאר פון פּרעזידענטען, צו דאָקטאָר ווערקין. א דיענער האָט זיי אריינגעפיהרט אין זיין קאנצעלאריע און האָט זיי געבעטען ווארטען. זיי האָבען א ווײַלע געווארט אין דעם שעהנעם פּאָרזאָל. דערנאָך איז אָבער קיננסקאורטען געוואָרען לאַנג דיא צייט.

„ניין, דאָס האלט איך שוין ניט אויס. דיענען זיעבען יאהר אין פּאָדערצימ־מער ווילט זיך מיר לחלוטין ניט. רעדט נאָר, פריעדריך, מיט איינעם פון דיא משרתים. וועד ווייס אויב מען האָט אונז נאָר אָנגעמעלדעט ביי'ן סעקרעטאר!"

„משרתים, וויא עס ווייזט אויס, זיינען דאָ בכלל ניט צו געפינען. אָבער לאָמיר נור א פרעג טהון ביי דעם שרייבער אויף דער מאשינע", האָט פריעדריך פון זיין זייט געראָטהען.

דער שרייבער האָט זיי באלד געגעבען א קלאָרע תשובה. ד"ר ווערקין איז צייט צוויי שטונדען ביים פּרעזידענטען. מען זאָגט, אז דער פּרעזידענט איז פּלעצ־ליך שטארק קראנק געוואָרען.

„אזוי איז דיא מעשה! איצט הויב איך שוין אָן בעגנעהמען. דער שרייבער איז דאָס שטיינעק מיר וויא וואסער צורונען!... ווייסט איהר פיליכט, מיין טהייערער מאשיניסט, ווער זיינען דאָס געווען דיא צוויי הערען, מיט וועלכע שטיינעק איז געקומען צו פאָהרען?"

„יאָ, דאס זיינען געווען צוויי פּראָפעסאָרען פון מעדיצין, פּראָפעסאָרען פון ציון'ס אוניווערזיטעט

„איך מיין, קיננסקאורט, מיר געהן בעסער איצט אוועק פון דאנען. מיר לאָזען איצט נאָר אונזער וויזיטענקארטע פאר ד"ר ווערקין און קומען נאָך אמאָל, ווען דער פּרעזידענט וועט זיך בעסערען אין געזונד".

און זיי זיינען אוועק מיט גאָר ניט. אין ירושלים האָט מען נאָך גאָר ניט גע־וואוסט פון דער קראנקהייט פון פּרעזידענטען. דיא ניישטאָדט האָט געקאָכט, וויא אין איטאליענער גוועהנליכען טאָג. ביידע פריינד, שוין האָבענדיג א שטיקעל השגה וועגען דיא שטאדט, זיינען אוועק פון בולוואר און זיינען אריין אין א גרויסען גאָרטענפּארק, וועלכער איז געפלאנצט געווען נאָך א ענגלישען מוסטער. ביים אריינגאנג פון פארק האָבען זיי בעמערקט א גרויסען טאָוועל מיט דיא ווער־טער: „דיא געזונדהייטסאבטהיילונג פון דער נייער געזעלשאפט".

קיננסקאורט האָט זיך פערנאנדערגעלאכט:

„קוק נאָר. אהט האָבען זיי ווייטער נאָכגעמאכט א קלוגע זאך. דאָס איז מן הסתם, נאָך'ן מוסטער פון דייטשען רייכסגעזונדהייטסאמט. דאָ דארף איך זיך שוין ניט נאָכפרעגען. איך קען שוין אליין געפינען אויף אלץ א ענטפער. אלטניי־לאנד איז צוזאמענגעשטעלט פון שטיקלעך, פון פרעמדע שטיקלעך, גענומען ביי אלערליי נאציאָנען".

„און פון רעסטוועגען" האָט פריעדריך געענטפערט, — „זיינען מיר נאָך ניט פארטיג מיט אלטניילאנד, ועהן מיר וויסען נאָר, אז אלע יסודות, וואָס מיר גע־פינען דאָ, זיינען שוין פאר 20 יאהר ערגעץ־וואו צושטרייט און צוזייט געוועזן אין דער געבילדעטער וועלט. אמת, אלץ איז שוין דאמאָלסט געוועזן. דיא קרעפטען פון דער נאטור האָט מען שוין גענוג אונטערזוכט, — איך מיין גענוגג, בכדי צו בעשאפען דעם היינטיגען מצב; דיא טעכנישע מעגליכקייטען זיינען שוין דא־מאָלכט געוועזן. קיין געבילדעטער מענש פון יאהר 1900 וואָלט זיך ניט געדארפט וואונדערען אויף דעם, וואָס מיר זעהען היינט. אפילו דאָס, וואָס מען האָט אזוי גוט פערזאָרגט דיא אָרעמע קלאסען, דארף א געבילדעטען מענשען ניט וואונדערען שטארק. שוין פאר 20 יאהרען האָט איטליכער געבילדעטער געוואוסט און גע־פיהלט, אז מען מוז איינגרענעצען דעם גראָבען עגאָאיזמוס פון דער מענשליכער געזעלשאפט. אמת, דיא גרענעצען זיינען דאָ ניט אזוי ענג און דריקען ניט אזוי אויף דעם יחיד, — קריעגט ער אָבער צוריק דורך זיין שותפישער חברה. אָבער אלע דיא אופנים פון שותפישער פאבריקאציע און שותפישען פערברויך זיינען שוין דאמאָלכט אייך געוועזן, און דערנאָך איז פון דיא אלטע זאכען בעשאפען גע־וואָרען א נייעס. אלטניילאנד איז נאָך מעהר, און מוז בעטייטען נאָך מעהר ווי דער פשוט'ער סך־הכל פון אלע ערפאהרונגען סיי אין טעכניק, סיי אין חברהש'ען לעבען, וואָס דיא געבילדעטע מענשהייט האָט צונויפגעזאמעלט אין א משך פון הונדערטער יאהרען".

„פאר וואָס? מיר קלעקט שוין דאָס אליין אויך", איז איהם קיננסקאורט אריין אין דיא רעד.

„וויא א יוריסט, וויא א געבילדעטער מענש פון סוף 19־טען יאָהרהונדערט פרעג איך מיר שטענדיג, וויא קומט דאָס, דאָס דיא וואָגשאָלען מיט דיא פער־שיעדענע חברה'שע קרעפטען זיינען אלע מאָל גלייך הויך. איך זעה א סדר, ביי דער גרעסטען פרייהייט, און דערביי זעה איך ניט אין ערגעץ דיא משגיחים, דיא וועכטער פון דעם סדר. איך זעה דאָ ניט דעם שררה'שען כח פון א מלוכה וואָס האַלט דאָ אלץ אין גלייכגעוויכט".

„אָט דאָ, פריץ, ליעגט טאקי דער האָז אין פעפער. אייערע יוריסטישע סברות מיט אייערע אייראָפייאישע זיטען פערטונקלען אייך דעם שכל הישר. מען קען שוין אויסקומען מיט זעהר ועניג אָנטרייבערס און משגיחים. ועןן איהר וואָלט אזוי וויא איך געלעבט אין אמעריקא, געלעבט און געליעבט, וואָלט איהר דאָס שוין אליין פערשטאנען. ווייסט איהר, וואָ סמיך וואונדערט דיא גאנצע צייט?

דאָס זיינען דיא בוימער! דיא בוימער אין דעם פּארק האָבען א אויסזעהען פון פּופּציג — פּערציגיעהריגע, דאָס וועט איך א בלינדער מודה זיין. וויא האָבען זיי דאָס געמאכט?"

ער האָט אזוי הויך גערעדט, דאָס א הער, וועלכער איז געראָד פּערביינגעגאנ־גען, האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט צוגעהערט מיט א שמייכעל אויף דיא ליפּען. קינגסקאורט האָט, ניט מאכענדיג לאנג קיין שהיות, זיך געווענדעט צו איהם:

„איך זעה, אז איהר האָט א ביסעל הנאה פון מיר, טהייערער שפּאציער־געהער. צו ווייסט איהר אפשר א ענטפער אויף מיין פראגע?"

„אודאי, מיין הערר", האָט יענער געענטפערט, — „איך דיען אין דער גע־זונדהייטסאבטהיילונג, און בין א ביסעל בעקאנט מיט דיא זאכען. עס איז דאָך א ידועה'דיגע זאך, אז מען קען איבערפּלאנצען דערוואקסענע בוימער. אין קעלן, למשל, וואו איך האָב פריהער געדיענט, איז דאָ א פאָלקסגארטען, וואו מען האָט איינגעזעצט פערציגיאהריגע בוימער. דאָס איז אפילו ניט קיין וואָלוועלע זאך, אָבער פאר דיא געזונדהייט פון כלל זשאלעווען מיר ניט קיין געלד. דיא פּארקען, וואָס זיינען פאר'ן פאָלק, קענען אונז קיין מאָל ניט קאָסטען צו טהייער. דיא הכנסה פון זיי וועט זיין דיא געזונדהייט פון אונזערע קינפטיגע דורות. איבריי־גענס, האָבען מיר ניט אומעטום געפּלאנצט אזעלכע טהייערע בוימער. מיר האָבען אריינגעפיהרט פון אויסטראליען דיא אויקאליפּטוס־בוימער, וועלכע וואקסען אויף זעהר גיך. דיא מיטעל דערצו האָט מען געזאמעלט אין דער גאנצער וועלט, וואו נאָר עס איז געווען א נאציאָנאלע חברה פאר בוימפּלאנצונגען איין פּאלעס־טינא. דיא, וועלכע האָבען געגעבען געלד דארויף, האָבען שוין דאמאָלסט געזעהן זיך אָנצוגרייטען דעם שאטען, אונטער וועלכען זיי וועלען זיצען אמאָל".

„דאנק אייך", האָט קינגסקאורט געזאָגט, — „איך פערשטעה שוין, און איצט אויב איהר ווילט שוין מיר אין גאנצען א טובה טהון, טאָ זאָגט מיר, וואָס זיינען דאָס פאר קינדער, וועלכע מען זעהט דאָ אויף דיא לאָנקעס?"

זיי זיינען געראָד פערביינגעגאנגען פאר לאָנקעס, וואו עס האָבען זיך גע־שפּיעלט גאנצע מחנות פון האלב דערוואקסענע קינדער, אין ענגלישע שפּיעלען: דיא מיידלעך אין טענים און דיא יונגלעך אין קריקעט, אָדער זיי האָבען געשליי־דערט פּילקעס מיט דיא פיס.

דער בעאמטער האָט פריינדליך ערקלערט:

„דאָס זיינען שילער פון פערשיעדענע שולען, וועלכע געפינען זיך איין ארום דעם פּארק. צו א בעשטימטער צייט ווערט א קלאס נאָך א קלאס ארויסגעפירט צו דיא גימנאסטישע שפּיעלען, וועלכע מיר שעצען פאר'ן גוף ניט מינדער, וויא דאָס לערנען פאר'ן גייסט".

„דאָס מוזען אָבער נאָר זיין נגידישע קינדער?" האָט פריעדריך געפרעגט,— „ווייל אלע זיינען אזוי ריין און שעהן געקליידעט".

„ניין, מיין הערר", האָט דער בעאמטער געענטפערט, — „דאָס זיינען קינ־דער פון אלערליי עלטערען. ביי אונז אין דער שולע איז ניטאָ קיין חלוק אין קליי־

דער אָדער אין עפּעס אנדערש, חוץ דעם חשק צום לערנען און דער השגה. מיר זיינען ניט דער מיינונג, אז אלע מענשען מוזען זיין גלייך. איטליכער קריעגט לויט זיינע מעשים נאָך. מיר האָבען ניט אויסגערוימט דיא קאָנקורענץ. אָבער דיא בע־דינגונגען זיינען פאר אלעמען גלייך, וויא ביי איטליכען וועטענעש. ביים אָנהויב מוזען אלע זיין גלייך, ניט ביים סוף. אין דיא פריהערע געזעלשאפט האָט געקענט פאָרקומען, אז וויא באלד דער פאָטער האָט געמאכט א גוט געשעפט, זיינען שוין פערזאָרגט געווען זיינע קינדער און קינדסקינדער, איז שוין פאר זיי אָפען געווען אלע וועגען צו בילדונג און קענטניסע. פון דער אנדער זייט פלעגען מיר זעהען, אז דיא קינדער פון אָרעמע עלטערען פלעגען ניט נאָר געשטראָפט ווערען פאר זי ערע טאַטענס זינד, נאָר אויך דערפאר וואָס דער טאַטע האָט געמאכט שלעכטע געשעפטען. פון א אָרעמע פאמיליע זיינען ארויס קינדער — אָרעמע פאבריקאַר־ בייטער..... ביי אונז אין דער געזעלשאפט ווערען דיא קינדער צוליעב דיא געשעפ־ טען פון זייערע טאַטעס ניט בעלויהנט און ניט בעשטראָפט. פאר איטליכען נייעם דור שטעלען מיר אוועק דיא איינענע בעדינגונגען. דעריבער זיינען ביי אונז אלע שולען — פון דער פאָלקסשול ביז צו דער ציונס־אוניווערזיטעט פריי פאר איטלי־ כען שילער, און זיי קאָסטען איהם ניט קיין שולגעלד, און אלע שילער ביי זיי ען־ דיגען דיא גימנאזיע מוזען טראָגען דיא גלייכע טראכט. מיר ווייסען, וואָס פאר א שלעכטען איינפלוס עס האָט אויף דעם קינד, ועזן זיינע חברים אונטערשיידען זיך פון איהם דורך רייכקייט און יחוס. דיא רייכע קינדער ווערען בעלי־גאוה און פוי־ לען זיך צו לעהרנען, דיא אָרימע ווערען צו פריה דערביטערט... אָבער איהר וועט שוין מיר ענטשולדיגען, איך מוז ווייטער גהן. מיך רופט דיא פליכט".

און מיט א פריינדליכען פערנייג איז ער ווייטער געגאנגען זיין וועג.

פריעדריך און קינגסקאורט האָבען נאָך מיט הנאה זיך צוגעקוקט א ווילע אויף דיא פרעהליכע באנדע. קינגסקאורט, וועלכער האָט אין דיא פריהערע טעג נאָך גוט געשפּיעלט אין קריקעט און אין פּילקעס, האָט געפיהלט, וויא עס שטאַרקט זיך ביי איהם דער אמאָליגער חשק צו דיא ענגלישע שפּיעלען. ער האָט צוגעשריען צו דיא קינדער און זיי געיאָגט אין התלהבות אריין. גיכער פאר אלץ וואָלט ער אליין געגאנגען מיטשפּיעלען. לסוף האָט איהם פריעדריך אוועקגעצוי־ גען פאר'ן אָרם.

„מיר וועלען געהן זעהען וואָס פריצכען מאכט. און אפשר זיינען שוין ; א ידיעות וועגען פרעזידענטס געזונד?"

זיי האָבען זיך אומגעקעהרט צום האָטעל. פריצכען איז געווען פריש און מונטער און האָט מקבל פנים געווען זיין פריינד מיט א נגון, וואָס לויט דעם י—א—י—א—י־־א נאָך האָט קינגסקאורט דערקענט זיין אייגענעם ליעד פון ראָ־ האָרענשטיינער. דער אלטער און דאָס קינד האָבען זיך באלד אריינגעלאָזען אין א שמועס, וואָס חוץ זיי האָט דאָס קיינער ניט פערשטאנען.

וועגען אייכענשטאמען זיינען אָנגעקומען ניט קיין גוטע ידיעות. שטיינעק האָט צוגעשיקט צו דוד'ן א קורצע טעלעגראממע : „אָהן האָפנונג", אָוועגדס איז

דער פּראָפעסאָר אליין געקומען. נאָך'ן פּנים נאָך האָט מען שוין דערקענט, וואָס פאר א בשורה ער האָט מיטגעבראכט.

„ער איז געשטאָרבען וויא א גרויסער מענש" האָט פּראָפעסאָר שטיינעק געזאָגט, — „איך בין ביי איהם געוועזען ביז צו דער לעצטער מינוט. ער האָט גע־רעדט וועגען טוידט. ער האָט געזאָגט, אז דער טוי טאָיז ניט קיין וועהטאָג מעהר, ווען מען טראכט וועגען איהם א צייט פריהער. איך פיהל, זאָגט ער, וויא איך ווער אלץ ווענינער ביי'ן זיננען, וויא אין מוח ווערט דונקעלער. איך הער נאָך מיינע רעד, אָבער שוואכער און שוואכער. איך וועל נאָך אפשר טראכטען וויא אונטער א שלייעייר אין דער צייט ווען איך וועל שוין דיא שפּראך פערליערען. איך האָב שוין אָבשיעד גענומען פון זיך אליין; א שאָד, וואָס איך קען זיך ניט געזעגנען מיט אלע מענשען וועלכע זיינען געוועזען צו מיר פריינדליך ביין לעבען. דערנאָך איז ער ענטשוויעגען געוואָרען, זיין בליק האָט געקוקט אין דער ווייטענס. און נאָך אמאָל האָט ער א קוק געטהון אויף מיר און האָט געזאָגט: איך האָב געהאַט פריינד, א סך פריינד. וואו זיינען זיי? פריינד זיינען דיא עשירות פון לעבען. איך האָב געהאט א סך, א סך פריינד. וואו זיינען זיי?.... עס האָט זיך אָנגעהוי־בען דיא יציאת הנשמה. ער האָט נאָך געמאכט מיט דיא ליפּען, און מיר האָט זיך אויסגעדאכט. אז זיין פערצוויגענער בליק האָט גערעדט: איצט, זעהסטו, קען איך שוין ניט רעדען, אָבער איך קען נאָך טראכטען. דערנאָך האָט ער געמאכט א לעצ־טע אָנשטרענגונג און ער האָט דייטליך ארויסגעזאָגט דאָס וואָרט, וואָס מיר פלעגען פון איהם אזוי אָפט הערען: דער פרעמדער זאָל זיך פיהלען ביי אונז גוט און וואויל. זיינע אויגען האָבען זיך פערצויגען און איך האָב זיי צוגעמאכט".

אָט אזוי איז געשטאָרבען אייכענשטאַם, דער פּרעזידענט פון דער נייער גע־זעלשאַפט.

---

V

אויפן אכטען טאָג נאָך אייכענשטאַם'ס גרויסארטיגע לויה האָט מען צוזא־מענגערופען דעם קאָנגרעס פון דער נייער געזעלשאַפט, אויסצוקלייבען א נייעם פּרעזידענטען.

די דעלעגאַטען, פרויען און מאַנסלייט, א ערך פיער הונדערט, זיינען זיך שוין מיט א אָוונד פריהער צוזאַמענגעפאָהרען. אין דיא קלובען און אין דיא האָ־טעלען האָט מען שוין צוזאַמענגערופען אספות. לויט דעם נאָך, וויא עס האָט זיך ארויסגעשטעלט אין דעם אָוונד, זיינען פאראַנען צוויי מענשען, פאר וועלכע מען וועט אָבגעבען דאָס רוב שטימען: פאר ד"ר מאַרקוס, דעם פּרעזידענטען פון דער אקאַדעמיע, און יאָזעף לעווי, דעם גענעראַל דירעקטאָר פון דער נייער געזעל־שאַפט. ביידע האָבען כמעט געהאַט גלייכע אויסזיכטען. אז מען זאָל איצט אָנ־נעהמען, דאָס עס וועלען זיך נאָך מעלדען אנדערע קאַנדידאַטען, וועלכע וועלען

אַבציהען א טהייל פון דיא שטימען, קען מען שוין פאַראויס זעהען, אזביידע ווע־לען ניט קריעגען דאָס רוב פון דיא שטימען, און צווישען זיי ביידע וועט זיין א נייע אויסקלייבענעש.

יאָזעף לעווי איז נאָך פון זיין רייזע קיין אייראָפּא ניט צוריקגעקומען. מען האָט איהם איטליכע שעה ערוואַרט. עס זיינען געווען אזעלכע, וועלכע האָבען פערזיכערט, אז ער וויל זיך גאַר ניט ארויסשטעלען פאר א קאנדידאט צום פּרע־זידענטען, ווייל ער וויל גאַר דעם כבוד אויף זיך ניט נעהמען. אנדערע האָבען אָבער גע'טענה'עט, אז דאָס פערברייטען נאָר דיא אנהעננגער פון ד"ר מאַרקוס. בקיצור, עס האָט זיך אָנגעהויבען א לעבען, וויא מען זעהט דאָס אומעטום אין דער וועלט, ווען עס האלט ביי אויסקלייבענעשען: ממזר'שע שטיק פון פערשיע־דענע פּארטייען, ליארם, קריעגעריי, גלייכוועדטלעך און שווערע דבורים. קינגס־קאורט האָט פון דער גאנצער מעשה שטארק הנאה געהאט.

אויפן צווייטען טאָג פון דיא אויסקלייבענעש איז דוד ליטוואק אריין אין פריעדריכ'ס צימער מיט א שטארק צוטראָגענעם פּנים.

„איהר וועט שוין מוזען געהן אָהן מיר אין דעם קאָנגרעס־הויז, מיינע הערען. איך האָב בעקומען א דעפּעשע, וועלכע פאָדערט מיר קיין טבריא. מיינע מוטער"... זיין שטימע איז געוואָרען הייזעריג און עס איז איהם געוואָרען טונקעל אין דיא אויגען: „דער צושטאנד פון מיין מוטער איז געוואָרען מיט איינמאָל א סך ערגער. איך פאָהר מיט מרים'ן באלד קיין טבריא. מיינע פרוי מיט פריצכען ועלען שפּע־טער נאָכקומען".

„אפשר זאָלען מיר מיטפאָהרען מיט אייך?, האָט פריעדריך געפרעגט, אנ־טהייל נעהמענדיג אין זיין צער.

„אך, וואָס וועט איהר שוין העלפען דערמיט. איך האָב מורא, אז דאָ קען שוין קיינער ניט העלפען... בלייבט שוין בעסער ביים קאָנגרעס, דאָס וועט פאר אייך זיין א נייעס אין לעבען. וואָס מיר אָנבעלאנגט, האָב איך שוין איצט צו אלץ דעם חשק פערלאָרען. זאָלען זיי אויסקלייבען וועמען זיי ווילען".

קינגסקאורט האָט געזאָגט: — „מיר ועלען דערנאָך בעגלייטען אייער פרוי און פריצכען קיין טבריא".

„איך דאנק אייך דערפאר", האָט דוד געענטפערט, — „איך בעט נאָר ביי אייך, קיינעם א וואָרט ניט צו זאָגען וועגען מיין אַברייזע. עס זיינען דאָ צייטען, ווען פריינד זיינען אויך א איבריגע זאך. איטליכער וועט קומען זיך נאָכפרעגען, און איך וויל איצט זיין אליין.... זייט מיר געזונד!"

„איך ווינש אייער מוטער א גיכע רפואה", האָט פריעדריך געזאָגט. דוד האָט געהויבען מיט דיא אקסלען אומעטיג:

„איך שטעל זיך שוין פאָר דיא רפואה איהרע. זייט מיר געזונד!"

נאָכדעם, וויא דוד און מרים זיינען אוועק געפאָהרען, זיינען זיי אוועק צום קאָנגרעס־הויז. פון דאך האָבען געוועהט בלוי־ווייסע פאָנען, וועלכע זיינען איצט, צוליעב אייכענשטאם'ס טויט, פערצויגען געווען מיט א שווארצען פלאָר, און דער

פראכטיגער פאלאץ איז געווען ארומגערינגעלט פון טויזענדער מענשען.

דער זאל, אין וועלכען עס האָט געדארפט זיין דיא אויסקלייבענעיש, איז גע־ווען א ברייטער און א הויכער, מיט ווענד פון מירמעלשטיין. דיא ליכטיגקייט האָט זיך גענומען פון דער הויך, דורך דאָס גלעזערנע דאך פון א מאטען קאָליער. דיא בענק זיינען נאָך געווען פריי, ווייל דיא דעלעגאטען האָבען נאָך צוגעבראכט אין דיא זייטיגע זאלען, אין דיא קאָרידאָרען און אין דיא אכפות פון פערשיעדע־נע קאָמיסיעס. און אלע ווילע, וויא איינער פלעגט נאָר קומען אויף דיא גאַלעריע, פלעגט מען הערען, אז עס קאָכט אונטען, אז עס פלאמען שוין דאָרטען דיא הער־צער און דיא פנים'ער.

דיא גאלעריען אָבער זיינען שוין געווען פאק און פול. אין דיא לאָזשעס האָט מען געזעהען מעהר דאמען וויא הערען. אין טונקעלע פארבען האָבען זיך געקליידעט דיא דאמען, ווייל עס איז נאָך ניט אריבער דיא טרוער־צייט נאָך אייכענשטאמען. נאָר אין א לאָזשע נעבען קינגסקאורט און פריעדרעכען זיינען געזעכען עטליכע דאמען אין זעהר העלע טראכטען, מיט היט, אין וועלכע עס האָבען זיך אויסגע־מישט אלערליי קאָליערען. דאָס זיינען געווען דיא דאמען וויינבערגער: דיא מא־מע מיט דער טאָכטער, דיא אלטע און דיא יונגע לאשנער, הער, פרוי און פריילין שלעזינגער און ד"ר וואלטער, שיפמאן. אויך גרין און בלוי האָבען ניט געפעהלט אין דער קאָמפּאניע. פריעדריך וואָלט מיט גרויס פערגעניגען אוועק אין א אנדער לאָזשע, אָבער עס איז שוין ניט געווען מעהר קיין פּלאץ. אויסער דעם האָט קינגס־קאורט געפונען דאָ א געלעגענהייט אָבצולאכען, און דיא שכנות איז איהם גאנץ גוט געפעלען. זיי האָבען געהערט איטליכעס וואָרט פון דער דערבייאיגער לאָזשע. פאָרענט ביי דער פּארענצע זיינען געזעסען דיא דאמען און דער הער שלעזינגער דער נאמען פון בּאראָן גאָלדשטיין.

הער גרין, דער פּקח, דער מענש מיט דיא „ניט אָבגעזוימטע" אויערען, האָט געזאָגט:

„הייסט דאָס א פנים „קאָנגרוים"! מיר דאכט זיך, מעהר קאָהן וויא גרויס, כאָטש מען פערליערט שוין דיא גרויסקייט ביי זיך, ווען מען בלייבט א ניט קיין אויסגעקליעבענער קאנדידאט".

„איך האב געהערט אז מארקוס וועט דורכפאהלען", האָט שיפמאן דער־צעהלט.

„פון וואנען ווייסט איהר דאָס?" האָט דעם באראָנ'ס נאמען געפרעגט, —

„מיר איז דאָס, צווישען אונז רעדענדיג, קיין גרויסער חלוק ניט".

שיפמאן האָט געשמייכעלט מיט א וויכטיגע מינע.

„איך קריעג שוין מיינע ידיעות. אלץ זאָל מען וויסען, קיין זאך זאָל מען ניט בעדארפען".

בלוי האָט מיט קנאה געזאָגט:

„אויף שיפמאנען מעג מען אלץ גלויבען, ער בענוצט זיך מיט זיינע ידיעות ביי בערזענספּעקולאציאָנען".

„דאָס איז שוין מיר א חדוש, וויא קען מען אויסנוצען דעם קאָנגרעס אויף ספעקולאציעס, צו דערניעדעריגען אָדער צו הייבען דיא בערזענפּאפּיערען?“ האָט זיך ד"ר וואלטער פערוואונדערט.

„גאָר פּשוט“, האָט שיפמאן דערקלערט, — „יאָזעף לעווי איז א קאָפּ א אונ־טערנעהמער, וועט זיך מן הסתם ביי איהם פערגרעסערען דער מסחור, דערפון איז געדרונגען, אז דיא פּאפּיערען וועלען זיך הויבען. מארקוס איז אָבער אנטקעגען א רוהיגע שטילע נאטור, דער האנדעל וועט פאלען, און אויך די בערזענפּאפּירען“.

„וואויל גערעדט!“ האָט בלוי גע'חוזק'ט, — „אז איך וואָלט איין מעת־לעת געווען אזא שוטה וויא איהר, וואָלט איך שוין זיך פערזאָרגט אויפן גאנצען לעבען“.

שיפמאן אָבער האָט זיך ניט געלאָזען אזוי לייכט נעהמען:

„עס איז טאקי בעסער דאָס, וואָס איהר האָט מעהר שכל פאר מיר, אז ניט וואָלט איהר דאָך ניט געקענט זיין א בדחן אויף חתונות“.

„ועד זיינען דאָס דיא פּאָר, וואָס זיצען מיט'ן מאָלער איזאקס?“, האָט ערנעסטינע וויינבערגער געפרעגט פריעדריכען; — „איך האָב בעמערקט, אז איהר האָט זיי פריהער געגריסט“.

„דאָ איז לאָרד און ליידי סעדבערי“.

פרוי לאשנער האָט זיך אויך אריינגעמישט:

„מען זעהט שוין אויף נאמנות אז זיא איז צום ועניגסטען א ליידי, אויף נאמנות! דאָס הוט האָט זיא געווים אין פאריז בעשטעלט“.

ד"ר וואלטער איז געוואָרען מיט איינמאָל זעהר ערנסט און האָט געזאָגט:

„דאָס עס קומען צו אונז אזעלכע וויכטיגע מענשען בעוויזט, אז אונזערע אָרגאניזאציעס אינטערעסירען אויך אפילו דיא גרעסטע לייט פון דער וועלט“.

פריעדריך האָט קינגסקאורטען איינגערוימט אין אויער:

„ועהן איך הער צו דיא רייד פון דיא לייט, ווילט זיך מיר ווייטער אומקעה־רען צו אונזער אינזעל“.

„חא־חא־חא, חרטה! איך בין שוין פעסטער ביי זיך. איך ווייס, אז אין איטליכען זווערינייץ איז אויך דאָ א שטייג פאר מאלפּעס. דאָס אייגענע געפינען מיר אויך אונטער מענשען“.

אין זאל האָט דערווייל אָנגעהויבען לעבעדיג צו ווערען, דיא דעלעגאטען האָ־בען זיך פארנאנדערגעזעצט אויף זייערע ערטער. אויף דיא טרעפּליך צווישען די בענק וואס זיינען געשטאנען שורות־ווייס, איין שורה ניעדעריגער פאר דיא פריערדיגע, און אין א האלבען ענגול האָבען זיך צונויפגעקליעבען קופּקעס דעלעגא־טען און האָבען הויך געשמועסט.

אין דער רעכטער זייט צווישען א קנויל פון פרויען־דעלעגאטען האָבען דיא פריינד דערזעהען מיסטרים גאָטלאנד. פון דער ווייטען האָט אויסגעזעהען, אזוי וויא זיא וואָלט האלטען א אגיטאציאָנס־רעדע פאר איהרע צוהערערקעס. עס איז געווען בעקאנט אז מיסטרים גאָטלאנד האָט געהאלטען מיט דער פּארטיע פון

ד"ר מארקוס, און אז ארכיטעקט שטיינעק האָט געארבייט מיט היין פאר יאָזעף לעווי האָט מען שוין לייכט געקענט שליעסען דערפון, וואָס ער איז איצט גע־שטאַנען אויף דער בימה פאר דיא רעדנערס שטאַרק געפּאַכט מיט דיא הענד און אלע ווילע געשריען מיט זיין הייזעריגען קול: טשאָה! טשאָה!

רעשיד־ביי איז ארויפגעקומען צו קינגסקאורטען און פריעדריכען. ער האָט זיי געבראכט דיא לעצטע נייעס. עס איז כמעט זיכער, אז יאָזעף ווערט אויסגע־קליעבען ווערען. שוין ביי דעם ערשטען אויסקלייבנעש ווערט ער האָבען דאָס רוב שטימען. מען קען איהם אין גאנצען לאנד, און אלע ווייסען, אז איהם און זיינער ענערגיע האָט מען דאָס צו פערדאנקען, וואָס דאָס לאנד האָט אזוי גיך אויפגע־בליהט, און דיא דעלעגאטען וועלען זיך דערמיט שטארק רעכענען. מארקוס אָבער איז נאָר בעקאנט אונטער דיא הויך געבילדעטע. יאָזעף לעווי איז היינט צוריקגע־קומען פון זיין נסיעה און ווערט געוויס באלד קומען צום קאָנגרעס.

„איהר מוזט מיר איהם ווייזען וואָס גיכער, ווען ער קומט, מיין געליעבטער פאשא", האָט קינגסקאורט געזאָגט, — „נאָך אלסדינגג, וואָס איך האָב זיך פון איהם אָנגעהערט, מוז ער זיין א יונג מיטביינער. איך בין נייגעריג צו זעהען, מיט וואָס פאר א מינע ער בעווייזט זיך פאר זיין פערזאמעלטער ארמעע.

אין „שטייג פון מאלפּעס", וויא קינגסקאורט האָט אָנגערופען דיא צווייטע לאָזשע, האָט מען ניט אויפגעהערט צו מאכען וועגען אלין א גלייכווערטעל.

וואָס פראכטיגער עס איז געוואָרען דאָס בילד פון דער אסיפה, אלין זויערער איז זיי געוואָרען צום מוטה, אקוראט וויא זיי וואָלטען ניט געקענט פערטראָגען דעם אָנבליק פון פרייע מענשען מיט פעסטע האראקטערען, וויא דאָס וואָלט גע־ווען א בזיון פייר זיי.

הער שלעזינגער, דער נאמן פון באראָן, האָט זיך געלאָזט הערען:

„נו, איצט זעהט מען שוין דעם כוף פון דער מעשה. איינער האָט דיא שטע־לע, דער אנדערער האָט יענע שטעלע געוואָלט האָבען. איצט האָבען זיי דיא שטע־לען. איצט האָבען זיי שוין דיא גאנצע יודישע פראגע פותר געווען".

הער ד"ר וואלטער האָט שוין דיא גאנצע צייט ארונטערגעקוקט אין זאל מיט דאָרשטיגע אויגען, אפשר ווערט זיך געפינען דאָרטען פאר איהם א אָרט, און איצט האָט ער געענטפערט דעם באראָנס הויכגעשעצטען נאמן:

„איהר מוזט מיר שוין מוחל זיין, געשעצטער הערר שלעזינגער, ווען איך וועל מיט אייך ניט איינשטימען אין דיא רעד. דאָס וואָס מענשען זוכען ביי זיינסגלייכען צו קריעגען א שטעלע, זעה אויך נאָך קיין אונכבוד ניט. אין א איינ־צעלטען פאל קען אמאָל דאָס זיין ניט אזוי פיין. און איך פערשטעה, דאָס א מענש וויא איהר, וועלכער איז דרייסיג יאהר בעשעפטיגט געווען אין אזא הויז, איז גע־וואָהנט א סך צו פאָדערען פון מענשען. אָבער סוף כל סוף: וואָס איז דאָס פאר א עולה צו וועלען קריעגען א שטעלע ביי דער נייער געזעלשאפט?"

„ווען זיא ברענגט נאָך עפּעס איין" האָט צוגעלייגט פון זיין זייט דער ברחן

בלוי, און בעמערקענדיג שלעזינגערס צופריעדענעם שמייכעל האָט ער נאָך בע־
מערקט:

„אָבער מיר דאכט זיך, העדר ד"ר וואלטער, אז איהר האָט שוין געמענט א
ביסעל פריהער אויפשטיין, אויב איהר געוואָלט קריעגען א שטעלע".

ד"ר וואלטער איז געוואָרען אָנגעצונדען פאר כעס און ער האָט א ברום גע־
טהון:

„איהר האָט, הער בלוי, א צייט שוין ניט געפיהלט אויף דער באק א פרעמ־
דע האנד".

שיפמאן אָבער האָט באלד שלום געמאכט דערמיט, וואָס ער האָט אלעמענס
געפיהלען אין דיא דאָזיגע אומעטיגע ווערטער ארויסגעזאָגט:

„מיר דאכט זיך, מיר האָבען אלע פערזאמט דיא צייט צו קומען אהער. מיר
שטעהען שוין ווידער און קוקען דורך'ן פארקאן, בשעת הינטערען צוים זיינען
שוין אלע פרייע מענשען. אזוי איז שוין געוועזן אין מיין גאנצען לעבען. וואו איך
בין ניט געקומען האָב איך נאָר אָנגעטראָפען שלעזינגער און לאשנער, גרין און
בלוי. עס איז שוין מיין מזל אזוי".....

עס האָט א קלונג געטהון מיט א גלאָק. דאָס האָט בעטייט, אז דיא קאָנגרעס
פרעזידענטען און דיא בייזעצערס זיינען געקומען. אויף דיא גאלריען איז געוואָ־
רען מיט איינמאָל שטיל, און אויף דער שטייג מיט דיא מאלפעס איז פערשטומט
געוואָרען.

פון אלע טהירען זיינען דיא דעלעגאטען גוקומען צולויפען אין זאָל.

„אָט דער דאָרטען איז יאָזעף לעווי", האָט רעשיד־ביי געזאָגט און געוויזען
אויף אונטען אין זאָל — „אָט דער מיט דיא געדיכטע גרויע וואָנסען און דעם
פליך אויפן קאָפּ. אָט גיט ער איצט דעם ארכיטעקטען שטיינעקען דיא האנד".

זיי האָבען איהם דערקענט, דאָס איז געוועזן א מאָגערער מענש פון מיטעלען
וואוקס, שטארק פערברענט אין געזיכט, א ענערגישער און א האסטיגער אין זיינע
בעוועגונגען. ער האָט געדריקט דיא הענד ביי א סך מענשען, ווייל דיא דעלעגא־
טען זיינען פון אלע זייטען געקומען, איהם צו בעגריסען. דיא בעקאנטע, וועלכע
זיינען געוועזן צו ווייט פון איהם, האָט ער צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אָדער צוגע־
וואונקען מיט דער האנד, מיט א שמייכעל אויף דיא ליפען. ער האָט אויסגעזע־
הען וויא געוועהנליך, מיט א פרייער מינע אויפן געזיכט.

צום צווייטען מאָל האָט דיא גלאָק א קלונג געטהון. אלע האָבען זיך פער־
נאנדערגעזעצט אויף זייערע פלעצער. הינטער דיא פלעצער פון פרעזידענטען און
זיינע בייזיצער, וועלכע זיינען געשטאנען אויף א בימה, האָבען זיך אויפגעעפענט
דיא בעגולדעטע טהירען און עס האָבען זיך בעוויעזען דער פרעזידענט פון קאָנ־
גרעס, צוזאמען מיט דער גאנצער קאנצעלאריע.

צו ערשט האָט ער געהאלטען א קורצען שעהנעם הספד אויף דעם געשטאָר־
בענעם פרעזידענטען, וועלכען אלע האָבען אויסגעהאָרכט, אויפשטעהענדיג פון
זייערע ערטער. דערנאָך האָט ער מודיע געוועזן:

„מיר האָבען זיך היינט פערזאמעלט, בכדי אויסצוקלייבען א נייעם פּרעזי־דענטען".

און מיט א מאָל האָט זיך אונפערהאָפט פאר אלעמען דערהערט דיא שטימע פון יאָזעף לעווי. וועלכער איז געזעסען אין דריטען באנק אין מיטען פון זאל:

„איך בעט, מיר צו געבען דאָס וואָרט".

דער פּרעזידענט האָט געזאָגט:

„העד יאָזעף לעווי האָט דאָס וואָרט".

עס האָט זיך אין זאל געהערט א גערויש, וויא פון וועלען, בעת יאָזעף לעווי איז מיט א לייכטען האסטיגען גאנג ארויף אויף דיא בימה פאר דיא רעדנערס. וואָס רעכענט ער צו טהון? איצט איז ער שוין געשטאנען אויבען:

„געשעצטע קאָנגרעס־דעלעגאטען! איך האָב נאָר צו מאכען א קורצע מיט־טהיילונג. עטל־כע פריינד זיינען געווען אזוי פריינדליך און האָבען מיר אויפגע־שטעלט אלס קאנדידאטען, אין דער צייט, בשעת איך בין געווען אונטערוועגנס. זיי האָבען מ'ר ניט אָנגעפרעגט פריהער, צו בין איך מסכים דאָרויף".

צווישען דיא שורות פון דער פּארטיע ד"ר מארקוס האָט זיך געהערט א ל־ארם:

„איהר הערט? ! איהר הערט? !"

דער ארכימעקט שטיינעק האָט געשריען: „לאָזט איהם אויסרעדען ביז צום סוף!"

יאָזעף לעווי האָט איבערגעחזר'ט: — „איך האָב נאָר צו מאכען א קורצע ערקלערונג. עס איז פאר מיר א גרויסער כבוד. איך וויל אָבער פערשפּאָרען דעם קאָנגרעס א גרויסע מיה, אויפצורופען וועגען מיר אלע דעלעגאטען און אָבצופּאָ־דערען ביי זיי א שטימצעטעל. נאָך דעם סדר פון אונזערע אויסקלייבענעש פון א פּרעזידענטען, ווערט איטליכער דעלעגאט אויפגערופען און מוז אייגענהענדיג אויף דער בימה אוועקגעבען זיין שטימצעטעל. אזא סדר פּאָדערט ניט ווייניגער וויא פיער שעה צייט. דערנאָך נעהמט מען דורך דיא צעטלען. דאָס געדויערט אויך צוויי שעה. דערנאָך פּאסירט אָפט אז צווישען צוויי קאנדידאטען, וואָס האָ־בען בעקומען דיא מעהרסטע שטימען, אָבער וועלכע האָבען ניט קיין רוב שטימע־ווערט ווייטער געמאכט א אויסקלייבעניש. אזא היזק אין צייט קען איך ניט נעהמען אויף מיין געוויסען. א רחמנות אויף אזוי פיעל צייט. ווייל איך בין פעסט בעשלאָסען, ניט אָנצונעהמען דעם כבוד, ווען מען זאָל מיר אפילו אויס־קלייבען".

איצט האָבען שוין אָנגעהויבען צו ליארמען זיינע אנהענגער: — „פאר וואָס? פאר וואָס?"

„דיא טעמים זיינען גאנץ פשוט, געשעטצטער קאָנגרעס. איך פיהל נאָך אין זיך גענוג קרעפטען ווייטער צו ארבייטען, און אויב איהר זייט מיט מיר צופריע־דען, נעהמט מיך ניט צו פון דער ארבייט. אויב איהר וועט מיך אויסקלייבען, הייסט דאָס, אז מיין דיענסט איז צו ענדע, און איך קריעג שוין א פּענסיע דער־

פאר. מיר דאכט זיך, אז ניט קוקענדיג אויף מיינע גרויע האָאר בין איך נאָך צו יונג פאר א פענסיע. וואָס ווייטערע זאכען אָנבעלאנגט, וועט שוין אייך דר. מאר־קוס זאָגען מיינע מיינונג. איך האָב איהם נאָך היינט אין דער פריה בעזוכט, באלד וויא איך בין צוריק געקומען, ווייל איך האָב געהערט, אז ער איז מיין קעגען קאנדידאט. מיר זיינען, פערשטעהט זיך, א סך נאָהענטער צו איינאנדער, וויא אונזערע פריינד אונזערע אנהענגער צווישען זיך".... (מען לאכט). „העדר דר. מארקוס וועט אייך שוין זאָגען מיינע און זיינע מיינונג א סך בעסער וויא איך מיינע ליעבע פריינד, איך דאנק אייך פאר אייער גוטען ווילען! געשעטצטע קאָנגרעס־דעלעגאטען! קלייבט מיך ניט אויס!"

אין זאל איך געוואָרען אשטיקעל מהומה. עס האָבען זיך געהערט קולות פון אונצופריעדענע, פון פערוואונדערטע און צוקאָכטע דעלעגאטען. ביי'ן אראָבגעהן פון דער בימה האָט מען לעווי ארומגערינגעלט פון אלע זייטען און בעוואָרפען מיט אלערליי פראגען. ער האָט געשמייכעלט און געהויבען מיט דיא אקסלען.

„דער מענש געפעהלט מיר" האָט קינגסקאורט אויבען געזאָגט: — „רעדען פאר א עולם קען ער ניט, אבער דאָס מוז זיין א שעהנער כאראקטער".

אין „שטייג פון דיא מאלפעס" האָט מען צו דער מעשה געגעבען גאָר אן אנדערן פירוש:

„ער האָט פחד געהאט אז דיא פרעזידענטענשטעלע וועט איהם פארדארבען דיא ציינער", האָט בלוי געזאָגט.

„זיין גזע איז געהזיך" האָט זיך גרין געוואָרטעלט.

שיפמאן אָבער האָט געזאָגט:

„נו, הערר שלעזינגער, אָט זעהט איהר א מענשען, וואָס יאָגט זיך ניט נאָך שטעלען. וואָס זאָגט איהר פאָרט דערצו"

„ווי הייכט, וואָס איך זאָג? צו ווייס איך דען, וואָס עס טראָגט איהם איין דיא היינטיגע שטעלע? מן הסתם קען ער שוין בעשטעהן זיין וועלטעל. א פראק־טישער מענש איז ער דאָך. ועדר ווייס וואָס ער מיט מארקוס האָבען אָבגעמאכט צווישען זיך? און דאָס מוז מען וויסען פריהער פאר אלץ".

פריעדריך האָט זיך צוגעהערט צו דיא ווערטער און איז געווען אש להבה, האָטש ער האָט אין גאנצע זאיין מאָהל געזעהן דעם דר. מארקוס און יאָזוף לעווי זעהט ער היינט צום ערשטען מאָהל. ער האָט זיך נאָר געוואונשען, אז קינגס־קאורט און רעשיד ביי זאָלען ניט דערהערען זייער מנול'שע רעד. ער האָט זיך געשעהמט, וואָס ביי אידען געפינען זיך אזא „שטייג פאר מאלפעס". צום גליק זיינען ביידע געווען שטארק פערטוהן דערמיט, וואָס פיהרט זיך אָב אונטען אין זאל.

דער פרעזידענט פון דיא אויסקלייבעניש האָט שטארק געקלונגען מיט'ן גלאָק בכדי איינצושטילען דעם עולם, צו וועלבען עס האָט איצט געוואָלט ריידען דער פרעזידענט פון דער אקאדעמיע דר. מארקוס. דר. מארקוס איז מיט מיה ארויף דיא פּאָאר טרעפלאך פון דער בימה און האָט געוואַרט ביז עס וועט ווערען שטיל,

אז ניט, וואָלט זיין שוואכע שטימע ניט געקענט דורכדרינגען צום עולם מענשען.
לסוף איז ווידער געוואָרען שטיל און ער האָט אָנגעהויבען:

„געשעצטער קאָנגרעס! מיין פריינד לעווי האָט אין קלאָהרע דבורים גע־רעדט, וויא וויכטיג עס איז, צייט צו שפּאָרען. איך רעכען, מיר וועלען ניט פער־ליערען קיין איבריגע מינוט צייט פון דער נייען געזעלשאפט, ווען מיר וועלען נאָר איינאנדער ריכטיג פערשטעהן. פריהער מוז מען פערשטעהן איינאנדער, דערנאָך ערשט אָננעהמען א הסכם.

מיר זיינען ניט צוזאמענגעקומען היינט א שר אָדער א מלך אויסצוקלייבען פאר זיך, ווייל מיר זיינען ניט קיין מלוכה.

מיר זיינען א איינציגע גרויסע חברה, אפילו א נייע מאָדנע, אָבער אונזער צוועק איז שוין אזוי אלט, אז מיר געפינען איהם שוין אין ספר מלכים. דאָרטען שטעהט געשריעבען, דאָס יהודה און ישראל זיינען געזעסען זיכער אויף זייער לאנד, איטליכער פון דן ביז באר־שבע אונטער זיין וויינשטאָק און זיין פייגען־בוים.

מיר זיינען א שותפישע חברה, א גרויסע שותפי'שע חברה, אין וועלכער עס געפינען זיך נאָך קלענערע שותפישע חברות מיט ענגערע צוועקען. און דער קאָנ־גרעס איז איצט אייגענטליך ניט מעהר, וויא דיא הויפּטפערזאמלונג פון אונזער שותפישע חברה, וועלכע הייסט דיא נייע געזעלשאפט. און דערנאָך פיהלען מיר אלע, אז עס האנדעלט זיך איצט וועגען א סך מעהר, וויא וועגען דיא כוהריי'שע און מאטעריעלע אינטערעסען פון דער שותפישען חברה. מיר פלאנצען שולען און פארקען; זיך קימערענדיג וועגען אונזערן געוועהנליכען נוצען, דאגה'נען מיר אויך פאר חכמה און שעהנקייט. דען אויך דאָס ווערט ביי אונז געשעצט ני טווניגער וויא טעכניק, פאבריקאציע און האנדעל. מיר פערשטעהען, אז פאר איטליכער מענשליכער חברה איז א אידעאל דער גרעסטער נוצען, דער גרעס־טער כח, אָדער, קלאָהרער גערעדט, דאָס, וואָס מען קען אָהן דעם זיך א רגע ניט בעגעהן, און אויך דאָס האָבען מיר ניט מחדש געוועזן. דאָס איז אלט ווי די וועלט. וויא פאר'ן יחיד איז נויטיג ברויט מיט וואסער, אזוי נוטהיג איז פאר דעם גאנצען חברה א אידעאל. און אונזער ציוניזמוס, וועלכער האָט אונז געבראכט אהער, און וועט אונז נאָך ווייטער בריינגען, ביז צו דער העכסטער מדרגה פון מענש־ליכקייט, איז ניט מעהר וויא א אידעאל, א אידעאל וואָס האָט קיין מאָל קיין ברעג ניט.

צו מיינט איהר אפשר איך רייד ניט צור זאך? ניין, מיינע פריינד, איך בין ביי דער זאך, איך האלט ביי דער פראגע פון דער אויסקלייבעניש. דען ער ווערט געשטעלט אן דער שפּיץ פון אונזער געזעלשאפט, נאָר זעהען ווייטער צו ענטוויקלען אונזער אידעאל.

ער זאָרגט ניט פאר אונזערע מאטעריעלע אינטערעסען, דאריבער מוז ער זאָרגען פאר אונזערע רוחניות. ער זאָל דערביי זיין א רוהיגער מענש, א גערעכטער און א עניו, וואָס מישט זיך ניט אריין אין די שטרייטען פון דערדר טעגליכער מיי־

נונג. מיר קלייבען איהם דאָך אויס אויף זיעבען יאָהר. מיין פריינד לעווי האָט זיך אָבגעזאָגט, ווייל ער רעכענט, אז אין דיא זיעבען יאָהר וועט ער דורך זיינע ארבייט מעהר קענען נוצען בריינגען. איך שטים מיט איהם איבעראיין, אָבער איך זאָג זיך אויך אָב פון דעם כבוד. איך בין צו אלט. איך צווייפעל זעהר, אויב איך וועל נאָך אויסלעבען דיא זיעבען יאָהר. צו אָפטע אויסקלייבענעש זיינען אויך ניט קיין מעלה, זיי וועקען אויף א חשק זיך נאָכצוזאָגען נאָך כבוד, זיי פיהרען צו קריעג, פארטייען און פוסטע ויכוחים. קלייבט מיך ניט אויס איך בין צו אלט דערצו. איך האָב שוין ניט, וויא א מאָל, דיא אויבערהאנד איבער מיין קערפער, און אפשר אויך ניט איבער מיין נשמה. אפשר פערשטעה איך שוין ניט מעהר די אידעאלען פון דעם יונגען דור. דען אויך דיא אידעאלען ווערען שטענדיג פון דאָס ניי געבאָרען, און עס זיינען דאָ אזעלכע, וועלכע מיר הייבען שוין ניט אָן צו פערשטעהן.

אָבער ניט איך און ניט לעווי ווילען זיך גיט בעגנוגענען מיט א פשוט׳ן אָבזאָגען זיך. מיר ווילען אויך אייך א פאָרשאלג מאכען. דער פאָרשלאג שטאמט פון לעווי, וועלכער האָט א טביעת עין פאר מענשען, און שוין דערפאר אליין מעג מען איהם אויסהערן. איך האָב צום פאָרשלאג צוגעשטימט פון גאנצען הארצען.

דער מאן, וועלכען מיר שלאָגען אייך פאָר, איז נאָך יונג, א סך אינגער פאר לעווי, און א סך, א סך אינגער פאר מיר. ער איז איינער פון דיא נייע מענשען, וועלכע האָבען אונזערע אלטע ערד וויעדער געמאכט פרוכטבאר און שעהן. ביי׳ן זייט פון זיין פאָטער איז ער נאָכגעגאנגען דעם פלוג; ער איז אָבער אויך ביי דיא ביכער געזעסען. ער האָט א געזונדטען שכל פאר כלל־זאכען, חאָטש ער וואָרפט זיך ניט קיינמאָל אין דיא אויגען. איך זעה איהם איצט ניט אין זאל. נאָר אויב ער איז יאָ דאָ, איז ער געווים דער לעצטער, וועלכער טראכט אז מיט דיא ווערטער מיינט מען איהם: אזוי גרוים איז זיינע עניוות. ער איז אויך א בריה אין זיינע אייגענע עסקים. פון אָרימע אומשטענדע האָט ער זיך אויפגעהויבען צו זיין הייגטיגען מצב, דעסיבע • איז ער אונז נאָך מעהר טהייער. ווען מיר ווילען איהם אויסקלייבען, ווילען מיר ניט נאָר אָבטאָהן אונזער חוב קעגען דעם זעלטענעם מאן, מיר וועקען דאדורך ביי דער יוגענד דיא עדעלסטע קרעפטען; מיר ווייזען זיי דאדורך א ביישפיעל, וויא הויך א מענש קען בריינגען דורך זיינע מעלות, און דאָס ועט האָבען א וויכטיגען איינפלוס אויף דיא צוקונפט פון אונזער ניי : געזעלשאפט. אין ווענעדיג האָט איטליכער געקענט ווערען דאָזשע. איטליכעס טימגליד פון דר נייען געזעלשאפט זאָל קענען דערגרייכען דיא העכסטע שטעלע ביי אונז".

דער גאנצער זאל האָט געשטורעמט פון דיא „בראוואָס". א סך האָבען געשריען : דעם נאָמען ! דעם נאָמען ! ווער איז דאָס ? דר. מארקוס האָט אויפגעהייבען דיא האנד, צו ווייזען אז ער וויל נאָך עפעס זאָגען, און עס איז וויעדער געוואָרען שטיל אין זאל.

„איך וויל ניט פון דער בימה אָנרופען דעם נאָמען פון אונזערן קאנדידאטען,

ווייל עס פיהרט זיך ניט, אז דער קאָנגרעס זאָל ווערען פלעצליך פערוואנדעלט א׳ן א בעשפרעכונג וועגען דיא קאנדידאטען. איך בעט דעם פרעזידענטען צו ערקלעהרען, אז דער קאָנגרעס צוגעהט זיך אויף עטליכע מינוט״.

מען האָט אונטערבראָכען דיא קאָנגרעס אסיפה. מיט ליארם האָבען דיא דעלעגירטע פערלאָזען זייערע פלעצער. מארקוס און לעווי זיינען ארומגערינגלט געוואָרען, און זיי האבען איטליכען געמוזט ענטפערן. זיי האָבען אָנגערופען זעב נאָמען פון זייער קאנדידאטען. דיא וואָס זיינען נעהענטער געשטאנען האָבען דאָס איבערגעגעבען דיא ווייטערדיגע, און אזוי איז דער נאָמען געפלויגען דורכ׳ן גאנצען זאָל, ביז ער איז ארויף אויף דיא גאלעריען. דאָס איז געוועזן דער נאָמען פון — דוד ליטוואק.

„דונער און הארמאטען!״ האָט קינגסקאורט אויסגעשריען פאר גרויס התלהבות.

פריעדריך האָט איהם געדריקט דיא האנד, שטארק אויפגערעגט: — „און ער זיצט נעביך איצט ביים טוידטען בעט פון זיין מוטער..... צו זאָל מען איהם טעלעגראפירען?״

„ניין, מיין פריינד, מיר ווילען טאָהן א גרעסערע חכמה. דער ליטוואק נעבאך האָט שוין גענוג עגמת נפש צוליעב זיין מוטער. צו וואָס זאָלען מיר איהם נאָך קווילען מיט דער אויסקלייבענעש? סוף כל סוף אפשר קלייבט מען איהם גאָר ניט אוים. לאמיר בעסער נעהמען דעם ערשטען צוג קיין טבריא. איידער זיי וועלען דאָ פארטיג ווערען קענען מיר שוין דאָרטען זיין. דאמאָלסט געהען מיר אריין און פרעגען פשוט: צו וואוינט דאָ דער פרעזידענט פון דער נייען געזעלשאפט, הערר דוד ליטוואק?״

רעשיד ביי האָט מען אריינגעצויגען אין דעם פלאן. ער האָט פערשפראָכען, גיך וויא מגליך דיא רעזולטאטען פון דיא אויסקלייבעניש צו דעפעשירען קיין טבריא. וואו דוד געפינט זיך איצט זאָל ער ביז נאָך אלעמען האלטען בסוד.

אין „שטייג״ האָט מען אויפגענומען דאָס, וואָס דוד ווערט קאנדידאט, מיט פערשיעדענע געפיהלען. גרין און בלוי האָבען געזאָגט פערשימעלטע גלייכווערטלעך.

גרין האָט געזאָגט: „א ליטוואק געווינט״.

בלוי האָט געזאָגט: „אויב איך וועל נאָך א מאָהל קומען אויף דער וועלט, וועל איך אויך זיין דער זון פון א פעדלער״.

הערר שלעזינגען, דער נאמן פון באראָן גאָלדשטיין, האָט געזאָגט אין פעדדרוס:

„נו, פרעג איך אייך, צו קען מען אין אזא געזעלשאפט איינטרעטען? און דאָס רופט זיך נאָך אָן דיא נייע געזעלשאפט!״

„און ווייסט איהר וואָס מיר זיינען?״ האָט פלעצליך שיפמאן אויסגערופען פיהלענדיג וויא עפעס א חרטה מיט איינמאָל — „א לייטישע געזעלשאפט״.

## VI.

בשעת קינגסקאורט און פריעדריך זיינען געקומען אין האָטעל, איז שוין פרוי
ליטוואק מיט פריצכען אוועקגעפאָהרן קיין טבריא. פרוי ליטוואק האָט שוין מיט'ן
ערשטען צוג זיך געאיילט צו איהר מאן. עס איז אָבער באלד ווייטער אָבגעגאַנגען
א שנעלצוג קיין טבריא. און דיא פריינד האָבען עס באלד בענוצט. זיצענדיג אין
וואגאָן פון עלעקטרישען צוג, האָבען זיי געקוקט אויף דיא פעלדער און בערג,
וועלכע זיינען פארבייגעפלויגען פאר זיי, און האָבען זיך אָבגעגעבען חשבון פון
דעם, וואָס זיי האָבען ביז היינט געזעהען אין אלטניילאנד.

קינגסקאורט איז זעהר פערוואונדערט געוועזען, בעת פריעדריך האָט אין היטץ
פון געשפרעך פלעצליך געזאָגט: — „איך וואָלט געוואָלט א פאָהר טאָהן קיין איי־
ראָפּא!“

„וואָס? נייע קאפריזען! צו איז אייך שוין דערעסען דאָס לאנד פון אייערע
אבות?“

„ניין, מיין ליעבער טהייערער קינגסקאורט. איך בין צו גליקליך, וואָס איהר
בלייבט דאָ און דאָס איך קען נאָך פּרובירען ווערען א ניצליכעס מיטגליעד
אין דער נייען געזעלשאפט. אפשר ותעל איך דאָ קענען אָנווענדען מיינע יוריסטי־
שע קענטניסע? אפשר קריעג איך נאָך ערגעץ וואו אין א קאנצעלאריע א ארבייט
פאר מיר? אָבער איך וואָלט פאָרט וועלען אויף א קורצע צייט צוריקפאָהרען קיין
אייראָפּא, בכדי צו זעהן, וויא האָבען זיך דאָרטען געענדערט דיא אמאָליגע פער־
העלטניסען. איך קען זיך בשום אופן ניט פאָרשטעלען, אז אין דיא 20 יאָהר
איז אלץ געבליעבען דאָרטען וויא פריהער. אז איך בעדענק, דאָס מיר געפינען
דאָ דאָס אלטע מאטעריאל, נאָר אין א נייעם סדר געאָרדענט, מוז איך אָננעהמען
אז דאָס אייגענע וואָס דאָ עקזיסטירט אויף דאָרטען. דיא ווערטער פון אקאדעמי־
קער מארקוס האָבען מיר געבראַכט אויף דעם געדאנקען. ער האָט געזאָגט: מיר
זיינען ניט קיין מלוכה, נאָר א גרויסע שותפישע חברה......

„דיא שותפישע חברה מיט דעם אידעאל וואָס האָט ניט קיין ברעג!“ האָט
קינגסקאורט געלאכט.

„איך פרעג זיך אליין“, האָט פריעדריך ווייטער ערנסט גערעדט — „צו
זעהען און געפינען מיר ניט דאָ א תשובה אויף געוויסע פראגען פון דער פערגאנ־
גענען צייט. דאמאָלסט האָט מען גערעדט וועגען א צוקינפטיגען חברה'שען לע־
בען.. א סך האָבען פראזען גערעדט, און פערטונקעלט דערמיט דעם שכל הישר,
אנדערע האָבען געשפּעט און געלאכט פון אזוינע נביאות, נאָך אנדערע האָבען זיך
געקאָכט און געבייזערט. פּראקטישע מענשען האָבען געהאלטען פאר א נאַריש־
קייט, זיך אויסצומאָלען דעם צוקינפטיגען מצב פון דער מענשהייט. זיי האָבען

פערגעסען, אז מיר לעבען שטענדיג אין א צוקינפטינגען מצב, ווייל דער היינטיגער טאָג איז דיא צוקונפט פון דעם נעכטיגען. עס האָט זיך אויסגעראכט אז א צו קינפטיגער גליקליכער מצב פאר אלע מענשען איז נאָר מעגליך אויפצובויען אויף דיא חורבות פון דיא היינטיגע אָרגאַניזאַציעס. א נייער מבול, הייסט עס, און נאָר א פחדן האָט געקענט דאריו גלויבען. פריהער א תהו ובוהו, און דערנאָך עפּעס א נייער בנין, וואָס ווער ווייסט אויב ער וועט מעהר טויגען וויא דער אל־טער. דער אייגענער מארקוס האָט אָבער פאר קורצען געזאָגט א וואָרט, וואָס געהט מיר נאָך אויף טריט און שריט: אז אלע זאכען און פערשיעדענע געשעהעני־שען אין דער נאַטור און אין לעבען טרעפען זיך אָפּט צוזאמען נעבען אייננאַנדער. ראַמיט עס זאָל אויפשטעהן א נייע וועלט, מוז דיא אלטע וועלט נאָך ניט חרוב ווערען מיט איין מאָהל. ניט איטליכער זוהן איז דער יורש פון זיין פאָטער; געוועהנליך לעבען נאָך דיא עלטערן מיט דיא קינדער א צייט לאנג צוזאמען, און דיא אלטע געזעלשאפט געהט נאָך ניט אונטער, ווייל עס בעווייזט זיך א נייע. זייט דעם איך האָב דאָ געזעהן, וויא מיט לויטער אלטע מאטעריאלען בויט מען אויף א נייע חברה מיט נייע סדרים, גלויב איך שוין ניט אז אלטע בנינים ווערען חרוב און דאָס דיא קומענדיגע בנינים זיינען לויטער ניי. איך גלויב, — וויא זאָל איך דאָס זאָגען, — אז דיא געזעלשאפט ווערט נאָך ביסלעכווייז איבערגעבויט. איך מיין אויך, אז דאָס געהט צו אָהן א פּלאַן, נאָר וויא עס לאָזט זיך. דער הכרח, דיא נויטווענדיגקייט, איז דער ארכיטעקט. נאָר דאמאָלסט ענטשליעסט מען זיך איבערצובייטען דיעלען, אויסצובעסערען א מויער, א טרעפּ אָדער א דאך, ווען עס טרייבט שוין דיא נויט אָדער ווען עס בעווייזט זיך א נייע ערפינדונג. דאָס אוים געבעסערטע הויז בלייבט וואָס עס איז געווען. און אזוי שטעל איך מיר פאָר דיא אמאָליגע מלוכות (שטאאטען), וועלכע זיינען געבליעבען בעשטעהן האָטש עס איז צוגעקומען א סך נייעס. און דאָס וואָלט איך געוואָלט זעהען א ן איירָאפּא מיט מיינע אייגנע אויגען.... בשעת מיר האָבען זיך דאמאָלסט אָבגעזע־גענט מיט דער נעבילדעטער וועלט, האָבען מיר שוין געזעהן, וויא דאָס לעבען נעהמט זיך א נייעם דרך. איך פערשטעה גאנץ גוט א סטאָקטאָן־דערלינגטאָן־יובעלעאום. דערמיט האָט זיך אָנגעהויבען אלצדינג ביי אונז. דאָס איז דער יום טוב פון א נייער צייט. וויא לאנג איז שוין געווען נעבען דער אלטען, אָנגעזאפּט פון איהר און אָנפּילענדיג מיט זיך אליין דיא אלטע צייט. דיא קלוגע פּראקטישע מענשען האָבען אָבער זיא ניט געוואָלט זעהען און דערקענען. דיא גרענעצען זיי־נן געבליבען דיא פריהערדיגע, אָבער מענשען און סחורות האָבען געשפּרייזט דורך דיא גאנצע וועלט. און וואו איז מען ניט אהינגעקומען מיט פערשיעדענע מאשינען אויף דער אייזענבאהן! און נייע וועגען האָבען זיך געפונען, און נייע אופנים פון חברה'שען לעבען זיינען דערקלעהרט געוואָרען. דיא אלטע צייט האָט נאָך געלעבט, בעת דיא נייע צייט איזשוין געשטאנען אין יוגענד און אין קראפט. דיא שותפישע חברות פון דיא קליינע סוחרים, דיא סינדיקאטען, דיא שותפישע אונטערנעהמונגען פון דיא גרויסע קאפּיטאליסטען, סיי דאָס און דאָס

אנדערש איז שוין פאראנגען געווען. פאר וואס זאלען זיך ניט מאכען יד אחת אונטער זיך דיא קליינע שותפישע חברות, וויא דאס האבען געטאהן דיא גרויסע פאבריקאנטען ?...

עס איז שוין פריהער אויף פארגעקומען, דאס קלוגע אונטערנעהמער האבען פון פרייען ווילען אנהויבען צו פערזארגען די ארבייטער און זייערע פאמיליען. איט־ליכע גרויסע פאבריק האט געהאט איהרע שפיטאלען, שולען, א הילפסקאסע און אייגענע ארבייטער־קראמען. און וואס גרעסער עס איז געווען דיא פאבריק, אלץ גרעסער און רייכער זיינען געווען דיא דאזיגע יסודות פאר איהרע ארבייטער. דיא סינדיקאטען, דיא פאבריקאנטען, וועלכע האבען געמאכט צווישען זיך יד אחת, האבען נאך פיל מעהר געקאנט טאן פאר זייערע ארבייטער, ווען זיי האבען נאר געוואלט, ווייל זיי האבען בעזעסען נאך גרעסערע מיטלען און ווייל זיי האבען קיין פחד ניט געהאט פון זייטיגע קאנקורענציע. דאס ווייס איך שוין פון אייע־רע אייגענע רייד, מיסטער קינגסקאורט. איהר האט דאך מיר געגעבען א השגה פון אמעריקאנישע טראסטען (א מין סינדיקאט)".

„אמת, און וואס ווילט איהר דאמיט זאגען ?"

„איך רעכען, אז עס האט געמוזט דאצו קומען, ווען דיא שתפישע חברות פאר האנדעל און פאבריקאציע האבען אנגעהויבען קאנקורירען מיט דעם איינ־צעלנעם אונטערנעהמער. צוערשט איז זייער שוואכע זייט געווען דאס, וואס דיא שותפישע חברות פאר פאבריקאציע האבען ניט געהאט קיין גרויסע קאפיטאלען. וויא באלד אבער זיי האבען געמאכט שותפות צווישען זיך דעם לעבענסמיטעל־פערברויך און האבען געעפענט זייערע שותפישע לעבענס־מיטעל־קראמען, זיינען זיי שוין געווען בכח אויסצוהאלטען דיא קאנקורענץ. און דיא דאזיגע חברות האבען געמוזט וואקסען, וויא עס האט געוואקסען דיא בילדונג. און איך רעכען, אז דיא גרויסע טראסטען זיינען געווען פון נוצען, ווייל זיי האבען אונז געוויזען דעם וועג. וויא שפארענדיג צו ארגאניזירען די מענשליכע ארבייט און די ארביי־טער. דיא שותפישע חברות האבען זיך גענומען דיא טראסטען צום מוסטער פאר זיך. דיא נייע געזעלשאפט, וועלכע מיר זעהען איצט פאר דיא אויגען, איז ניט מעהר, וויא א צוזאמענבונד, וויא א סינדיקאט פון שותפישע חברות, א גרוי־סער סינדיקאט, וועלכער פיהרט אויס אלע עסקים פון דער מדינה, וועלכער דאגה'ט פאר דעם גוף און דיא נשמה פון איהרע חברים, וועלכער סטארעט זיך צו פערשטארקען און צו פערברייטען פון אייגענעם נוצען וועגען דיא העכסטע מענשליכע אידעאלען. און איך וואלט געגארט צו זעהען, אויב מיר געפינען שוין דאס אייגענע אויך אין אייראפא".

„צו ווילט איהר דערמיט זאגען, אז אזא געזעלשאפט איז אויך מעגליך אין א אנדער לאנד ?"

„יא, דאס מיין איך טאקע. אזא נייע געזעלשאפט קען זיין אין איטליכער מדינה. עס קען אין איטליכער מדינה זיין עטליכע אזעלכע סינדיקאטען פון שות־פישע חברות. מען זיך דאס זעהר לייכט פארשטעלען, וויא באלד עס זיינען שוין

פאראן סינדיקאטען און שותפישע חברות. און דערביי מעג דיא אלטע מלוכה בלייבען וויא געוועזן; אדרבה, זיא בלייבט אויף א אָרט און בעשיצט דיא ענט־וויקלונג פון דער נייען געזעלשאפט, און זיא פון איהר זייט האלט אויף די מלוכה, שטארקט זיא און גיט איהר נאָך צו יוגענד און א ניי לעבען. אַט אזוי לעבען זיך פערשיעדענע צייטען נעבען איינאנדער, און דארין בין איך א מאמין...“

און אזוי ריידענדיג זיינען זיי אָנגעקומען קיין טבריא. זיי האָבען זיך גע־איילט פון וואסזאל צו דער ווילע פון אלטען ליטוואק. דער דיענער, וועמען זיי האָבען געפרעגט ווענגען געזונד פון דער אלטען פרוי ליטוואק, האָט אומעטיג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דערביי האָט ער איבערגעגעבען קינגסקאורטען א דרינגענ־דע דעפּעשע, וועלכע איז אָקאָרשט אָנגעקומען. קינגסקאורט האָט האסטיג גע־פענט דיא דעפּעשע, און דאָרטען איז געשטאנען געשריעבען: „דוד ליטוואק איז מיט 363 פון 593 שטימען אויסגעקליעבען געוואָרען פון קאָנגרעס צום פּרעזי־דענטען פון דער נייען געזעלשאפט. רעשיד“.

זיי זיינען ארויף דיא טרעפּ און אריין אין זאל, וואָס האָט זיך געגרענצט דעם צימער פון דעם קראנקען. אין זאל איז געזעסען דער אלטער ליטוואק מיט זיין שנור. דיא טיהר איז געוועזן אָפען, און זיי האָבען געקענט זעהען, וואָס עס טהוט זיך ביי דער קראנקער אין צימער. דאָס געזיכט פון דער געדולדיג ליידענדער פרוי איז געוועזן ווייס. וויא דיא קישען, אויף וועלכע זיא איז געלעגען. זי האָט אָבער נאָך געלעבט. איהרע זאנפטע אויגען האָבען מיט ליעבע געקוקט אויף די בײדע קינדער. וועלכע זיינען געזעסען ביים עק פון בעט און האָבען שטיל מיט איהר גערעדט. ביים זייט איז געזעסען דער דאָקטאָר און האָט שארף געקוקט אויף איהר טוידט געזיכט.

קינגסקאורט האָט אָהן ווערטער איבערגעגעבען דעם אלטען דיא דעפּעשע. ער האָט גלייכגילטיג גענומען דאָס שטיק פּאפּיער און האָט געקוקט דארויף מיט בלינדע אויגען. מיט איינמאָל אָבער האָט עס איהם דערלאנגט א צופּ. ער האָט זיך אויסגעווישט מיט דער האנד דיא נאסע אויגען און האָט נאָך א מאָהל גע־נומען לייענען, דערנאָך האָט ער דיא דעפּעשע געגעבען דער שנור און האָט מיט א ציטערענדע שטימע געזאָגט:

„שרה, לייען מיר דאָס פּאָר!“

פרוי ליטוואק איז דורכגעפלויגען מיט דיא בליקען דיא דעפּעשע. זיא איז געוואָרען רויט וויא בלוט, טרעהרען האָבען ארויסגעפּלאצט פון איהרע אויגען און מיט א פערשטיקטער שטימע האָט זיא פאָרגעלייענט דעם אלטען ליטוואק די דעפּעשע. דערנאָך איז זיא אויפגעשפּרונגען, האָט הויך אויפגעהויבען דאָס בלאט פּאפּיער און געוואונקען דערמיט צו דוד'ן.

דוד איז ארויס אויף דיא שפּיץ פינגער. ער האָט דערזעהן, דאָס ביי דער הינטערן וואנד שטעהען קינגסקאורט און פריעדריך און ער האָט זיך שטום מיט זיי בגעריסט. ער האָט זיך געווענדעט צו זיין ווייב און מיט פערדרוס געפרעגט:

„וואָס איז געשעהן?“

זײן פאָטער איז אויפגעשטאנען און צוגעגאנגען צו איהם מיט ציטערדיגע קניע.

„דוד, מײן קינד! — דוד, מײן קינד!“

שרה האָט איהם געגעבען דיא רעפּעשע. ער האָט זיא רוהיג דורכגעלײענט און האָט געקנײטשט מיט'ן שטערען.

„אז רעשיד איז מסוגל צו אזעלכע שמד־שטיק, וואָלט איך קײן מאָהל ניט גע־רעכענט. עס איז באמת איצט דיא צײט דערצו“.

„עס איז ניט קײן שפּאס פון רעשיד'ן“ האָט פריעדריך זיך אריינגעמישט און דערצעהלט אלץ וואָס ער האָט געוואוסט וועגען דעם.

„נײן, נײן, ווי קום איך דערצו?“ האָט דוד ניט געגלויבט,—„דאָס איז דאָך ניט מעגליך, איך בין דאָך גאָר ניט געוועזען קײן קאנדידאט“.

„אָט טאקע דעריבער האָט מען אײך אויפגעשטעלט און אויסגעקליבען“, האָט קינגסקאורט געזאָגט.

„איך טויג ניט דערצו. עס זײנען פאראן הונדערט אנדערע וואָס פּאסען מעהר דערצו, וויא איך. און איך וועל דאָס גאָר ניט אָננעהמען. זײט אזוי גוט און טעלעגראפירט צו מארקוס, אז איך זאָג מיך אָב.“

נאָר דאָ האָט זיך שוין זײן פאָטער ענערגיש אריינגעמישט:

„דוא וועסט דאָס אָננעהמען, דוד! דוא מוזט דאָס אָננעהמען צוליב דײן מו־טער. דאָס איז דיא לעצטע פרײד, וואָס דוא קענסט איהר נאָך אָנטאָהן“.

דוד האָט זיך פארדעקט דיא אויגען. מרים איז ארויס פון דער מוטער'ס צי־מער.

„וואָס איז געשעהן? דיא מוטער איז אונרוהיג; זיא וויל וויסען וואָס איז דאָ פּאסירט“. און זײ זײנען אוועק צו דער מוטער'ס בעט.

„מוטער!“ האָט געזאָגט דער אלטער ליטוואק,—„דער העדר דאָקטאָר לע־וועגבערג האָט אונז מיטגעבראכט גוטס“.

„טאקע“, האָט זיא קוים ארויסגערעדט, און איהר געזיכט האָט אָנגעהויבען צו שײנען.

„וואו איז ער? איך וויל איהם זעהען. זעצט מיר אנידער“.

דער דאָקטאָר האָט אריינגערופען פריעדריכען פון זאַל, און דערווײל האָבען מרים און דוד געהאָלפען דער מוטער, זיך אניעדערזעצען, אונטערשפּארענדיג דעם שמאָלען רוקען מיט קישענס.

און פריעדריך איז שוין אויך געשטאנען בײם בעט. דיא מוטער האָט גע־קוקט אויף איהם מיט גוטע פרײנדליכע אויגען, און האָט קוים ארויסגערעדט:

„איך האָב—מיך שוין—באלד געטראכט—דאמאָלסט, בעת איהר זײט געשטאנען אויפ'ן באלקאָן — דרויסען. קינדער!“ זיא האָט שוואך ארומגעטאפּט מיט דער האנד אין דער לופט.—מרים—האָט—מיר גאָר ניט געזאָגט— אָבער —א מאמעס— אויג— זעהט—אלץ.... קינדער! איהר זאָלט—אײך דיא הענד —געבען.... נאָט אײך מײן ברכה!—מײן ברכה!...“

און מרים מיט פריעדריכען האָבען זיך געגעבען אײנאנדער דיא הענד, אָבער זײ האָבען דאָס געמאכט אזוי לאנגזאם, אז עס איז געוואָרען קשה עפּעס. מרים שרעק האָט זיא א קוק געטאָהן פון אײנעם צו דער אנדערן און האָט הײזעריג געפרעגט :

„צו האָב איך א טעות,— א טעות—געהאט?"

„נײן" האָט פריעדריך מיט א וואָרעמקײט געענטפערט און האָט פעסטער געדריקט מרים'ס האנד. „נײן" — האָט אויך מרים שטיל געזאָגט. און נאָך א מאָהל האָט זיך ארויסגעשטעלט דער אלטער אמת, אז, װי שוואך און קראנק א מאמע זאָל ניט זײן, האָט זיא נאָך אלץ דעם כח בײ זיך, איהרע קינדער גליקליך צו מאכען.

נאָך אזא אָנשטרענגונג האָט זיא זיך צוריק געלײגט אין דיא קישענס און האָט נאָך קוים געאָטהעמט. און דער אלטער ליטוואק האָט זיך דערשראָקען בײ דעם געדאנקען, אז זיא קען אזוי אוועקשלאָפען ביז צום סוף, ניט װיסענדיג, וויא איהר זוהן איז דערגרויכט געוואָרען.

„מוטערעל", האָט ער הויך א געשרײ געטאָהן. זיא האָט װידער געעפענט דיא אויגען, און עס האָט זיך אויסגעדאכט, װי זיא בעדוערט וואָס מען האָט איהר ניט געלאָזט שטארבען מיט דעם זיסען חלום. וועגען דעם גליקליכען מזל פון איהרע קינדער.

„מוטערעל" האָט דער מאן ניט אויפגעהערט, — „מיר מוזען דיר אָנזאָגען א גרויסע בשורה. װײסט דוא ותער איז געוואָרען דער פּרעזידענט פון דער נײער געזעלשאפט ? אונזער דוד ! מוטערל, אונזער דוד !"....

און דוד איז שוין געלעגען, װי א מאָהל אלס חדר אינגעל, אויף די קניע פאר דער מוטערס בעט און האָט בימער געוויינט, זיך אָנשפארענדיג אויף איהר האנד, געל וויא וואקס. זיא האָט אָבער ארויסגעצויגען דיא האנד און האָט איהם געגלעט דיא האָאר, אקוראט, װי זי וואָלט איהם שוין פאָראויס געוואָלט טרײסטען.

„מוטערעל !" האָט דער אלטער ליטוואק געפרעגט, — „צו האָסט דוא געהערט ?"

„יאָ" האָט זיך געהערט וויא א הויך — „מײן — דוד"....

און איהר בליק האָט זיך אויף אײביג פערצויגען.

— — — — — — — — — — — — — —

מען האָט זיא צו קברי אבות געבראכט. מען האָט געזונגען דיא אלטע תפילות, און דער אלטער רבי שמואל פון נײדאָרף האָט דעם קדיש געזאָגט. מען האָט קײן הספד ניט געמאכט. דוד איז געוועזן דאגעגען.

בשעת ער איז אָבער געקומען מיט זײנע פרײנד פון בית עולם און האָט זיך אניערערגעזעצט שבעה, האָט ער אלײן געמאכט אויף איהר א הספד.

„זיא איז געוועזן מײנע א מאמע, זיא איז פאר מיר געוועזן דיא ליעבע און דער שמערץ

אין איהר האָבען זיך בעזעצט דיא ליעבע וויא דאָס לײדען, און ווען איך

פלעג זיא נאָר אָנזעהען, פלעגען מיר שוין דיא אוינען ווערען פערגאָסען.

איך וועל זיא שוין קיין מאָהל ניט זעהען, און זיא איז געוועזען מיינע א מאַ־מע.

און בשעת מיר האָבען ניט געהאט קיין הויז און קיין היים איז זי אונז געוועזען א הויז און א היים.

זיא האָט אונז דערמוטהיגט ווען מיר זיינען געוועזען עלענד און אָרעם, ווייל זיא איז געוועזען דיא ליעבע אליין.

און בשעת עס איז אונז אוועק גוט האָט זיא אונז געלערענט צו זיין א עניו. ווייל זיא איז געוועזען דאָס ליידען אליין.

אין שלעכטע און אין גוטע טעג איז זיא געוועזען דער כבוד און דער ציער פון שטוב.

בשעת מיר זיינען געוועזען אזוי אָרעם, דאָס מיר האָבען געמוזט זיך וואלגערן אויף שטרויה, זיינען מיר פאָרט געוועזען רייך, ווייל זי איז געוועזען ביי אונז.

זיא האָט שטענדיג געדאגה'ט וועגען אונז, קיין מאָהל וועגען זיך.

אונזער הויז איז נאָר געוועזען א ענג שטיבעל, אָבער דאָס שטיבעל האָט געהאט ביי זיך אזא אוצר. ניט איטליכער פּאלאַץ האָט אזא שאַץ, און דער אוצר איז זיא געוועזען.

זי האָט געקענט ליידען און שווייגען. דיא צרות האָבען זיא ניט געבראָכען, נאָר דערהויבען. און צייטענווייז פלעגט זיך מיר דאכטען, אז זיא קען זיין א משל צו דעם כלל ישראל, צו דעם גאנצען יודענטהום אין דער צייט פון זיין גלות. איך האָב דאָס געליינט אין איהר ליכטיגען פּנים.

זיא איז געוועזען מיינע א מאמע. און איך וועל זיא שוין קיין מאָהל ניט זעהען. קיינמאָל, מיינע טהייערע פריינד!

קיינמאָל. איך מוז ליידען און שווייגען"....

דיא פריינד האָבען צוגעהערט און האָבען געשוויעגען. ביסלעכווייז זיינען אליץ אָנגעקומען מעהר פריינד און בעקאנטע. עס זיינען דאָ געוועזען כמעט אלע, וועלכע זיינען נאָהענט געוועזען צו דוד'ן און צו זיין הויז.

דר. מארקוס האָט אָנגעהויבען צו ריידען וועגען דאָס און יענעס. מען האָט געזעהען, אז ער וויל אָבציהען דוד'ס געדאנקען פון טויט צום לעבען. מען האָט גערעדט ערנסט און וועגען געהויבענע ענינים.

און פריעדריך האָט דאביי געשטעלט א פראגע, אויף וועלכע אלע האָבען געגעבען א ענטפער, איטליכער נאָך זיין השגה נאָך.

פריעדריך האָט געפרעגט:

„מיר זעהען דאָ נייע גליקליכע אָרדנונג און אופנים פון א מענשליכען חברה'שען לעבען, ווער האָט עס בעשאפען?"

דער אלטער ליטוואק האָט געזאָגט: —„דיא נויטה".

ארכיטעקט שטיינעק: „דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין לאנד".

קינגסקאורט: „דיא נייע מיטלען פון האנדעל און װאנדעל".
דר. מארקוס: „חכמה און װיסענשאפט".
יאָזעף לעװי: „דער רצון".
פּראָפעסאָר שטיינעק: „דיא קרעפטען פון דער נאטור".
דער ענגלישער גייסטליכער האָפּקינס: „דיא טאָלעראנץ".
רעשיד ביי: „דאָס פערלאָזען זיך אויף דיא אייגענע כוחות".
דוד ליטװאק האָט געזאָגט: „דיא ליעבע און דאָס ליידען".
דער אלטער רבי שמואל אָבער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין זעסעל און האָט הויך געזאָגט: „דער אויבערשטער!"

ענדע פון ראָמאן.

## דעם פערפאסערס װאָרט צום גאנצען בוך.

......אויב איהר װילט ניט, איז דאָס און בלײבט דאָס א בבא מעשה, װאָס איך האָב אײך דאָ דערצעהלט.

איך האָב געװאָלט פערפאסען א מוסר־ראָמאן. א סך װעלען זאָגען: מעהר ראָמאן װיא מוסר. אנדערע װעלען זאָגען: מעהר מוסר װיא ראָמאן.

דען איצט, נאָך דרײ יאָהר ארבײט מוזען מיר זיך שײדען, און עס הײבען זיך, מײן טהײערעס בוך, דײנע יסורים איצט אָן. דו װעסט געהען דורך שנאה און פאלשע טײטשען, װיא דורך א פינסטערן װאלד.

װען דו װעסט אָבער קומען צו פרײנדליכע מענשען, גיעב זײ אָב א גרוס פון דײן פאָטער. ער איז א מאמין אז מיט חלומות קען מען אויך אויספיהלען דיא צײט, װאָס מיר פערברענגען דאָ אויף דער ערד. דיא מחשבה פון א בעל חלומות איז גאָר ניט אזוי פערשיעדען פון דער טהאט, װיא פיעלע מענשען מײנען. אלץ װאָס מענשען האָבען געטאָהן איז א מאָהל נאָר א חלום געװען, און װעט שפּעטער װיעדער װערען א חלום.

